JOSHUA CHINITZ

# "AHRKE DER LITVAK"

# (Ahrke The Lithuanian Jew)

**Novel**



New York — 1973

ALEF FARLAG

1520 York ave

~~105 East 88th~~ St., New York, N. Y. 10028

*Printed in U.S.A.*

מיין פרוי שפרהן

און מיינע טעכטער יהודיתן און שפרינצען

# אינהאַלט

## ערשטער טייל:

זייט



## צווייטער טייל:

זייט



## דריטער טייל:





# פֿאָרוואָרט

ווען כ׳האָב ביי זיך געהאַט באַשטימט צו פֿאַרעפֿנטלעכן מיין ערשטן כתב־יד אין געדרוקטן וואָרט, האָט אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ גרויסער יידישער קולטור־אינסטיטוציע אין ניו־יאָרק מיר רעקאָמענדירט דעם באַוואוסטן שרייבער ל. טרייסטער — ער זאָל דאָס פֿריער ליינען.

פֿריינד טרייסטער האָט דאָס געטאָן — און זיין מיינונג איז געווען, אַז דער כתב־יד איז אינטערעסאַנט און וויכטיק.

פֿון פֿריינד טרייסטער האָבן איך געקראָגן אַ סך הילף — און אַ דאַנק זיין מי איז מקוים געוואָרן מיין לאַנג פֿאַרטייעטער באַגער, אַז מיין אַרבעט „אַהרקע דער ליטוואַק" זאָל אַרויס אין בוכפֿאָרעם.

י. כ.



# 1.

# אַהרקעס ייחוס־אבות

אַהרקעס זיידע און באָבע, פון זיין מוטערס צד, זענען געווען די דאַווידעס, אָדער ווי מ'האָט זיי מיט דרך־ארץ גערופן „בית־דוד". די דאַווידעס, אַ גרויסע משפחה, מיט גרויס חשיבות און השפּעה, זענען פאַרוואָרצלט געווען אין דעם שטעטל לונין, וואָס אויף רוסיש האָט עס געהייסן: לעניןָ.

דער הויפּט פון דער אָנגעזעענער משפחה איז געווען אַהרקעס זיידע, דוד. ער איז געווען אַ סוחר פון טרוקענע שוואָמען, פון אַלערליי פעל, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט ביי קצבים, און דערצו האָט ער אויך געהאַט אַ שניט־קראָם. צוויי מאָל אַ יאָר איז ער געפאָרן קיין פינסק איינצוקויפן שניט־סחורה. דאָס איז געווען פאַר פסח און סוכות, ווען בכבודיקע לייט לאָזן זיך נייען, לכבוד יום־טוב, נייע מלבושים, דער עיקר פאַר קינדער. זיין גאַנצער מיסחר איז אָנגעגאַנגען אויף קרעדיט, מיט אונטערגעשריבענע וועקסלען. אַז די צייט פון צאָלן האָט זיך אָנגערוקט, איז ער אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל צו קריגן אַ גמילות־חסד. ער האָט אַלע מאָל געצאָלט אין צייט, כדי נישט גורם זיין ביי קיינעם קיין חשש אין זיין ערלעכקייט און איבערהויפּט נישט שעדיקן זיין גוטן נאָמען ביי באַיאַרסקין, דעם שניט־הורטאָווניק אין פינסק.

זיין ווייב שפרינצע, אַהרקעס באָבע, איז געווען גוט צו גאָט און לייט. צווישן אַנדערע מעשים־טובים האָט זי אויף זיך אויך גענומען אַ חוב צו העלפן יידישע קינדער מקיים זיין די מיצווה פון ציצית. ביי איר אין קאָמאָד זענען געלעגן פיל בינטלעך כשרע ציצית, גרייט אַריינצופלעכטן זיי, אויפן אָרט פון די פסולע, אין יעדן איינעמס אַרבע־כנפות. אַלע חדר־יינגלעך אין שטעטל האָבן געוואוסט, אַז ביי שפרינצען, דוד קרעמערס ווייב, קריגט מען ציצית אומזיסט. אויך האָט זי שטאַרק אין זינען געהאַט צו דערפרישן דאָס האַרץ ביי קראַנקע

מיט עפּעס גוטס. אין אַ ספּעציעלער שפּייז־שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין פירהויז, וואו די זון איז נישט צוגעקומען, האָט זי געהאַלטן איינגעמאַכטס. גערופן האָט מען דאָס סאָק. זי אַליין האָט זיך נישט פאַרגונען דאָס צו פאַרזוכן. היתכן?

— כ'האָב עס אויסגעפּרעגלט פאַר מ'זאָל עס נישט דאַרפן...

— האָט זי אָפּט געענטפערט. — פאַר קראַנקע, נישט דאָ געדאַכט. מאַלע וואָס ס'מאַכט זיך...

דוד, איר מאַן, שטאַרק פרום, האָט אָפּט גענומען אַ קאָפּעטשקע דערפון — נישט חלילה איבער דעם וואָס דער גלוסט צום דערקוויקנדיקן סאָק האָט גענאָגט אונטער זיין האַרץ־לעפּעלע. דאָס, אפשר אויך. דער עיקר אָבער — צוליב אַ העכערן ענין. ער האָט עס גענומען כדי צו מאַכן דעריבער אַ ברכה. דאָס איז געווען איינע פון די הונדערט ברכות, וואָס ער האָט יעדן טאָג געמאַכט איבער אַלערליי שפּייזן און געטראַנקען, אריינרעכענענדיק, פאַרשטייט זיך, די ברכות פון דאַוונען און בענטשן.

געוואוינט האָבן אַהרקעס זיידע און באָבע אין זייער אייגן הויז, אָן אַלטס. די פענסטער זענען געווען נידעריק, כמעט אויף דער ערד. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון צוויי חדרים מיט אַ קאַמער און אַ פירהויז. דאָס הויזגעזינד איז אָבער געווען גרויס. דער זיידע און די באָבע האָבן געבראַכט אויף דער וועלט זעקס טעכטער און אַ בן־יחיד.

דעם זיידן דודס פאַרדינסטן זענען געווען זייער מאַגערע — אַ באַוויז, כל זמן די טעכטער זענען געווען יונג האָבן זיי אַלע געהאַט איין פּאָר שיך. און דאָס, מיינסטנס פאַר דער עלטערער, דעם כלה־מיידל. די אַנדערע זענען געזעסן אין הויז באָרוועסע. פונדעסטוועגן האָבן זיי אַלע חתונה געהאַט מיט שיינע מאַנסבילן, וואָס זענען אויך געווען למדנים.

דאָס פאַרקנסן אַ טאָכטער האָט אָבער נישט געמיינט, אַז אין הויז איז געוואָרן גערוימער. נאָך דער חתונה איז די טאָכטער מיט איר מאַן געבליבן וואוינען אין הויז. דער זיידע דוד האָט צוגעזאָגט 300 רובל נדן און צוויי־דריי יאָר קעסט. אויפן סמך פון דעם האָט דער איידעם געדאַרפט אויסטרעטן זיין אייגענעם וועג צו קאָנען מפרנס זיין ווייב און קינדער.

אַחוץ די הויזגעזינדן האָבן דאָרט אָפט איבערגענעכטיקט צוויי יידן פון דעם נאָנטן שטעטל סטאַראָבין. זיי זענען געווען סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיטן זיידן דוד. איינער איז געשלאָפן אויפן טיש, און דער צווייטער אויף אַ לאַנגער באַנק. אויך האָט מען זיך אַן עצה געגעבן, ווען ס׳איז אַריינגעפאַלן אַ דריטער גאַסט. ס׳איז קיינמאָל נישט געווען קיין דוחק אויף בעלנים איבערצושלאָפן אַ נאַכט בחינם און נאָך קריגן אַ צולאַג — אַן אומזיסטע גלעזעלע טיי.

פון אָט דער משפחה דאַווידעס, אָדער בית־דוד, האָט אָפּגע־שטאַמט אַהרקעס מוטער. זי איז געווען איינע פון דעם זיידן דודס זעקס געשטאַלטנע, געראָטענע טעכטער. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אויסערגעוויינלעך שיינעם מאַן, דערצו אַ גרויסער בן־תורה. זיין נאָמען איז געווען — אברהם איטשע.

אַנדערש ווי די אַנדערע איידעמס. איז ער, אברהם איטשע, לאַנג נישט געווען אויף קעסט. ער איז געווען אַ מענטש מיט כאַראַק־טער, מיט האָנער. ער האָט זיך גיך געשטעלט אויף אייגענע פיס, געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך. אויך ער האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַ היפּש הויזגעזינד. איינס פון זיינע קינדער, וואָס זיין ווייב רבקה האָט אים געבוירן, איז געווען — אַהרקע.

## 2.

## אַליין אָנגעהויבן גיין אין חדר

אָנגעהויבן גיין אין חדר האָט אַהרקע אויף אַ טשעקאַוון אופן. מ׳קאָן זאָגן, שלא כדרך הטבע.

נישט זיין טאַטע און נישט זיין מאַמע האָט געוואוסט, אַז ער איז שוין אין חדר, ביז ער אַליין איז געקומען זיי אָנזאָגן די שימחה. ס׳הייסט, זיי האָבן אים נישט געדאַרפט „פירן" אין חדר אריין. זיי האָבן נישט געדאַרפט מאַכן קיין טאַראַראַם פון זיין חדר גיין. ס׳איז געשען אינגאַנצן אומגעריכט און — פּלוצעם.

ס׳איז געווען אין אַ פרימאָרגן נאָך פּסח. דאָס שטעטעלע לוֹלין, איז ווי אַ זייגקינד געווען איינגעבעט אין ווארעמקייט און איינגע־ליוליעט אין רואיקייט. שאַ, שטיל. אין יוצא ואין בא. מיט אַ היפּש

רעפטל ברויט, דיק באַשמירט מיט פּוטער, וואָס זיין מוטער האָט אים געהאַט געגעבן כדי צו פאַרמאַכן אים דאָס מויל, איז ער דער אומרו־איקער און שרייענדיקער בחורעץ, אַהרקע, ווי זיין שטייגער איז געווען יעדן טאָג, געלאָפן צו זיין חבר איטשע.

איטשע און אַהרקע זענען געווען ווי צוויי זשרעבאַקעס פון איין מוטער. אומעטום און אַלע מאָל זענען זיי געווען צוזאַמען. איטשע איז געווען דער פּלאַנירער. ער האָט אַלעמאָל אָנגעהויבן דעם טאָג מיט עפּעס אַ נײַ שטיפעריי. דערצו איז ער געווען אַ מאַדים אויף דורכפירן זיינע שטוקעס קונציק און גלאַטיק. און אַהרקע איז געווען זיין „שני למלך”, אַזוי צו זאָגן.

ביים גאַניק פון זיין חבר איטשעס הויז האָט אַהרקע אָנגעטראָפן באַשען, איטשעס עלטערע שוועסטער. זי איז געווען אַ חנעוודיק מיידל. זי איז דאָרטן אַרומגעגאַנגען מיט אַ בעזעם אין האַנט און האָט צונויפגעשאַרט דאָס מיסט. אַ פאַרסאָפּעטער האָט אַהרקע זי אַ פרעג געטאָן:

— באַשע, וואו איז איטשע?

באַשע האָט אויפגעהערט טאָן איר אַרבעט און געקוקט אויף אַהרקען מיט חידוש:

— וואָס הייסט, וואו איז איטשע? ער איז שוין אין חדר.

— אין חדר? — איז אַהרקע נישתומם געוואָרן.

— יאָ, — האָט באַשע געענטפערט מיט אַ שמייכעלע. — נישט אַזאַ אַרומלויפער ווי דו...

— ביי וועמען? האָט אַהרקע געפרעגט.

— ביי הערשעלע דעם מלמד.

— וואו איז הערשעלע דעם מלמדס חדר?

— ביי שמחה דעם בעדער אין שטוב.

אַ קינאה האָט זיך אָנגעצונדן אין אַהרקען. ס׳טייטש, איטשע איז שוין אין חדר און ער, אַהרקע, נישט? בליצשנעל איז ער אַוועק־געלאָפן צו שמחה דעם בעדערס שטוב. די שטוב, וואו שמחה דער בעדער האָט געוואוינט, האָט הערשעלע דער מלמד געהאַט ביי אים אָפּגעדונגען פאַר זיין חדר.

אַהרקע איז שטיין געבליבן ביים חדר, וואָס איז אַרויס צו דער גאַס, אַריינגעקוקט דורך דער אָפענער טיר און געזען — זיין חבר איטשע

זיצט סאַמע אויבנאָן ביים טיש. טרערן האָבן אים, אַהרקען, גענומען שטיקן. ער איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

הערשעלע, דער דרדקי מלמד, האָט אים באַמערקט און אַ רוף געטאָן צו זיך:

— קום אריין, יינגעלע...

אַהרקע האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן.

דערזען אים ביים טיש, האָט הערשעלע אָנגענומען אַהרקען ביי אַ האַנט, אַוועקגעזעצט אים לעבן זיך, געוויזן ווי אַן אַלף זעט אויס און געפרעגט צי ער וויל גיין אין חדר.

גיך, אָן ספקות, האָט אַהרקע געענטפערט:

— יאָ, איך וויל.

און מיט דעם איינציקן, קורצן ענטפער איז אַהרקע געוואָרן אַ תלמיד ביי הערשעלען.

עטלעכע שעה שפּעטער, אַז אַהרקע איז געקומען אַהיים און האָט דערציילט דעם פאָטער פון זיין אויפטו, האָט זיך דעם פאָטערס הדרת-פּנים צעשמייכלט, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צום ווייב:

— כ'האָב גערעכנט אים האַלטן אין הויז נאָך אַ זמן. ערשט שיקן אים נאָך סוכות. נאָר וויבאַלד ער האָט שוין אָנגעהויבן, טאָ זאָל ער שוין גיין מיט מזל.

ווי אַ מתנה לכבוד זיין אָנהויבן גיין אין חדר, האָט אַהרקע געקראָגן פון זיין פאָטער אַ לאַנגע צוקערקע, איינגעוויקלט אין קאָלירט פּאַפּיר מיט צעשוירענע עקן. די „בערדעלעך" האָט מען זיי גערופן.

פאַר אַהרקען איז דאָס געווען דאָס צווייטע צוקערל וואָס זיין מויל האָט פאַרזוכט. אין יענע צייטן, ביי אים אין שטעטל, איז זיסוואַרג, און בכלל נאַשערייען, געווען אַ יקר-המציאות. נישט ער, אַהרקע, און נישט די אַנדערע קינדער פון הויזגעזינד האָבן דאָס געהאַט צו פיל און אַוודאי נישט צו אָפט. סיידן ווען זיין פעטער איטשע, דער וואַלד-סוחר, איז אַראָפּגעקומען צו זיי אין הויז פון באָברויסק. דעמאָלט האָט ער פון אַ לאַנגער בלעכענער פּושקע אויסגעטיילט גאַנצע הויפנס קיילעכיקע קאָנפעקטן מיט פּאַסיקלעך. אַזאַ יום-טוב איז אָבער געשען בלויז אַ מאָל אין אַ שמיטה. מחוץ אַזאַ פאַל איז פאַר אַהרקען, און די

אַנדערע הויז־קינדער, געווען דיינו צו צמאַטשקען אַ שטיקל האַרטן צוקער.

## 3.

## די אַטמאָספערע אין חדר

אַט אַזוי האָט אַהרקע מיט זיין אייגענעם ווילן, צוליב זיין חבר איטשע, אַרויפגעצוואונגען אויף זיך דעם עול פון לערנען, ווען ער איז געווען בלויז עטוואָס עלטער פון פיר יאָר.

צו זאָגן קמץ אלף — אָ, קמץ בית — באָ, דאָס האָט געקלונגען פאַר אַהרקען ווי אַ שפּיל, אָבער נישט אויף לאַנג.

ווען די נייקייט האָט זיך אויסגעוועפּט, האָט אַהרקע דערפילט ווי ער וואָלט געווען אין אַ שפּאַן, וואָס ס׳איז שווער פון אים אַרויס־צוקריכן. שמחה דעם בעדערס הויז, וואו דאָס חדר האָט זיך געפונען, איז געווען ווי מיט גוואַלד אַריינגעשטופּט צווישן אַ שורה הייזער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צוגעטוליעט איינע צו די אַנדערע. אַרום איז נישט געווען קיין ברעקל פרייע ערד, וואו די תלמידים־קינדער זאָלן זיך קאָנען אַ שפּיל טאָן, אַ לויף טאָן. דאָס חדר איז געווען קליין און מיט ווייניק ליכט. אַ טייל תלמידים האָבן זיך געוואַלגערט אויפן דיל און געוואַרט אויף אַ רוף פון רבין צו קומען צום טיש זאָגן דעם אלף־בית. אַ מרה שחורה איז געווען אויסגעגאָסן אויף די קינדער, אפילו אויפן רבין.

גערופן האָט מען דעם רבין פאַרצויגן, „הערשעלע״, ווייל ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש, אַ ליבהאָבער פון קינדער. ער האָט נישט געשלאָגן, נישט געשריען. ער איז געווען שטיל ווי אַ טויב, אַ זעלטנקייט צווישן די מלמדים אין שטעטל. ווייזט אויס, אַז ער האָט געהאַט גרויס מיטלייד מיט די תלמידים, וואָס זיי דאַרפן זיך אָנליידן ביי אים אין דעם קליינעם, טונקעלן שטיבל, וואָס מ׳רופט חדר. וואָרעם עטלעכע וואָכן פאַר שבועות האָט הערשעלע איינגעפּאַקט אַלץ און זיך אַריבערגעקליבן צו אַסנען דער אלמנה.

ביי אַהרקען אין שטעטל זענען געווען אַ סך אלמנות. דאָך האָט מען קיין איינע פון זיי נישט גערופן „די אלמנה״. פאַרוואָס האָט אַסנע אָבער יאָ געטראָגן דעם נאָמען? איין סברה איז געווען, אַז קיינער האָט נישט געדענקט ווען זי איז דאָס נישט געווען. זי איז מסתמא געוואָרן

אַן אַלמנה זייער יונג. די צווייטע סברה איז געווען, ווייל איר אויסגעצויגן טרויעריק פּנים האָט שטענדיק אויף זיך געטראָגן די אַלמנהשאַפט.

אַסנעס הויז איז געשטאַנען אין עק שטעטל. פון די פענסטער האָט מען געזען דעם ברייטן פּלאַץ לעבן קלויסטער, וואו יינגלעך האָבן געשפּילט אין פּילקע. פון דאָרטן האָט די זון אַריינגעשיינט גלייך אין דעם חדר אַריין און גערופן די תלמידים אין גאַס אַריין, אַרויס צום שליאַך, צו דער גרעבליע, וואָס פירט צו דער גרויסער בריק, אויך צום גרינעם באַרג, וואָס הינטער דעם סמאַליאַרנעס זאַוואָד, אויך צו די פעלדער און וועלדער. איין טאָג איז דאָס האַרץ ביי אַהרקען פאַרשטשעמעט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן וויינען. אין יענעם עלטער איז אַהרקע געווען גרינג אויף טרערן. וואָס נאָר עפּעס, האָט זיך באַלד גענומען גיסן פון זיינע אויגן, ווי פון אַן אויפגעריסענער דאַמבע.

ווייזט אויס, אַז הערשעלע האָט פאַרשטאַנען וואָס אַהרקען קוועטשט.

— פאַרוואָס וויינסטו, אַהרקע? — האָט ער ליבלעך געפרעגט.

— איך ווייס נישט... — האָט אַהרקע געזאָגט.

— נו, גיי זיך שפּילן.

אַסנעס הויז האָט געהאַט אַ לאַנגן הויף, וואו מ׳האָט זיך געקאָנט גענוג אָנלויפן. אחוץ דעם האָט עס אויך געהאַט אַ צוגעבויטע סוכה, אויף סלופּעס. זי איז געווען הויך גענוג פאַר קינדער אַרונטער־צוקריכן אונטער איר. נו, איז גראָד אונטער דער סוכה האָבן די יינגלעך זיך אַריינגעשטופּט און פאַרבראַכט אַ היפּשע צייט פון טאָג.

די חברה יונגוואַרג איז באַשטאַנען פון צוויי כיתות. איין כיתה איז געזעסן ביים טיש מיטן רבין. און די צווייטע האָט זיך געפונען אונטער דער סוכה. זי האָט זיך געשפּילט, געפירט מחלוקת און געמאַכט געשעפטן. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ בייטעניש מיט אַלדאָס גוטס, אַריינגערעכנט עסנוואַרג. למשל, האָט איינער געהאַט יאַגדעס מיט ברויט, און אַ צווייטער סמעטענע מיט ברויט, האָט מען זיך געביטן מיט אַ ביס. אָפט איז געווען אַ דינגעניש וועגן דער גרויס פונעם ביס. איינער האָט געהיט דעם צווייטן, ער זאָל, חלילה, נישט איינשלינגען זיין גאַנץ פאַרמעגן. קנעפּלעך, טשוועקלעך, ליידיקע קעסטעלעך פון פּאַפּיראָסן, אָדער שוועבעלעך, קאָלירטע שטיקלעך גלאָז, אָדער ליימענע קייקעלעך,

אַלע די זאַכן זענען געווען גאַנגבאַרע סחורות פאַר האַנדל און בייטעניש. דאָס איז געווען די קינדערס שפּיל און צייט־פאַרטרייב.

ביסלעכווייז האָט זיך אַהרקע צוגעוואוינט צום חדר, צו די תלמידים. און דעם רבין הערשעלע האָט ער באמת ליב געהאַט. דאָס לערנען איז אים אָנגעקומען זייער גרינג. ער האָט שוין צונויפגעלייגט גאַנצע ווערטער. פּלוצעם האָט זיך דאָס אַלץ אָבער איבערגעריסן. איבער אַ נישט בטעמטער געשיכטע האָט ער געמוזט פאַרלאָזן הערשעלען נאָך איידער דער זמן האָט זיך פאַרענדיקט.

## .4
## קלמן דער תקיף

געשען איז אָט וואָס:

אין שטעטל איז אָנגעקומען אַ נייער אוראַדניק. זיין נאָמען איז געווען אָווטשיניקאָוו. דער דאָזיקער פּאָליצייאישער מושל האָט זיך אַריינגעקליבן אין אַ זייער שיין הויז, וואָס דער באַלעבאָס דערפון איז געווען אליקום דער גראָבער. גערופן האָט מען אים מיט אַזאַ נאָמען, ווייל ער האָט געהאַט אַ גרויסן בויך. דער דאָזיקער אליקום דער גראָבער האָט געהאַט אַן איינקל, קלמן אַלטערס, וואָס האָט געלערנט מיט אַהרקען אין דער זעלבער כיתה, כאָטש ער איז געווען אַ ביסל עלטער.

נו, צוליב אָט דעם וואָס ביים זיידן אין הויז וואוינט דער אוראַדניק, איז קלמן געוואָרן אַ גאַנצער יחסן און תקיף. ער האָט גענומען סטראַשען די יינגלעך, אַז ווער ס׳וועט אים נישט געבן דאָס וואָס ער פאָדערט, וועט גיין זיצן אין אָסטראָג. אין שטעטל האָט מען דעם אָסטראָג גערופן „כאָלאָדנע”. דאָס איז געווען אַ קליין פינצטער שטיבל אין הויף פון וואָלאָסט. מערסטנס איז דאָס שטיבל געווען ליידיק. געפערלעכע פאַרברעכערס האָט מען אַוועקגעשיקט אין דער אויעזדנער טורמע פון מאָזיר.

קלמן איז געווען פעאיק אויסצומאָלן זיך שרעק־בילדער, וואָס האָבן אַהרקען און די אַנדערע חדר־יינגלעך געמאַכט ציטערן. וועדליג ער האָט יעדן פאַרזיכערט איז זיין וואָרט ביים זיידן געווען אַ געבאָט. ער דאַרף נישט מער ווי אַ זאָג טאָן דעם זיידן אַזוי און אַזוי — און דער

זיידע אליקום איז דאָך פאָני־בראַט מיטן אוראַדניק — איז גלייך ווערסטו אַריינגעזעצט אין דער „כאָלאָדנע", גאַט ווייסט אויף ווי לאַנג. אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף אַהרקען און די אַנדערע יינגלעך. פון שרעק פאַר אים האָבן די יינגלעך געטאָן וואָס נאָר ער האָט באַגערט. פרייטיקדיקע פּיראָזשקעס, למשל, זענען געווען קלמנס ליבלינגס. ער האָט פאַרזוכט סיי די וואָס מיט יאַגדעס און סיי די וואָס מיט קעז. ער איז געווען פריי צו נעמען אַ בים פון יעדן איינעם אָן שאלות און מענות.

אַהרקעס מאַמע האָט נישט געבאַקן קיין פּיראָזשקעס. זי איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט הויז־אַרבעט, מיט דער קראָם, מיט דער אכסניה, מיט די אָנגעפאַרענע אורחים, פאַר וועמען זי האָט געקאָכט מאַלצייטן. על כן, אַז אַהרקע איז געקומען אין חדר אָן פּיראָזשקעס, האָט קלמן אַרויפגעלייגט אויף אים אַ ספּעציעלן אָפּצאָל, אַ מין שטייער. ער האָט געוואוסט, אַז ביי אַהרקעס עלטערן אין קראָם געפינען זיך שאַכטלעך פּאַפּיראָסן מיט שפּיגעלעך אויפן צודעק־פּאַפּיר. האָט ער באַפוילן, אַהרקע זאָל אים יעדן טאָג ברענגען אַזאַ שאַכטל. דאָס איז געווען אַ ביטערע גזירה. אַהרקע האָט פּרובירט זיך איינבעטן ביי אים, ער זאָל נעמען אַלץ וואָס געפינט זיך אין זיינע, אַהרקעס, קעשענעס, זיין גאַנץ האָב־און־גוטס, אַבי פּטור ווערן פון דעם שווערן יאָך — צו שלעפּן בגניבה שאַכטלעך פּאַפּיראָסן פון דער קראָם. קלמן האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט: נאָר די פּאַפּיראָסן מיט די שפּיגעלעך גיב אים. קיין אַנדערע זאַך וויל ער נישט. כאָטש דאָס איז פאַר אַהרקען געווען פריקרע צו טאָן, דאָך האָט ער געמוזט פאָלגן. ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט. ער האָט דאָך געציטערט אימת־מוות פאַרן אוראַדניק און דער „כאָלאָדנע".

די שאַכטלעך פּאַפּיראָסן זענען געווען באַהאַלטן אין אַן אַלטן טשעמאָדאַן אונטערן בעט פון אַהרקעס עלטערנס שלאָפחדר. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל קיין דערלויבעניש צו פאַרקויפן טאַבאַק האָבן זיינע עלטערן נישט געהאַט. און צו האַלטן די שאַכטלעך אויף די פּאָליצעס אין קראָם האָט געקאָנט ברענגען גרויסע צרות.

פאַר אַהרקען איז דאָס געווען אַ מעלה. פון אונטערן בעט איז געווען גרינגער אַרויסצוקריגן זיי. און טאַקע אַלע אינדערפרי האָט קלמן תקיף געקראָגן פון אַהרקען אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן מיט אַ שפּיגעלע.

איבער עפּעס אַ סיבה איז אָבער אַהרקע אין איינעם אַן אינדערפרי געקומען אין חדר אָן פּאַפּיראָסן. קלמן איז געוואָרן אש להבה. ער האָט זיך מיט גרוים צאָרן געבייזערט. אָט, אָט גייט ער צום זיידן, און דער זיידע וועט גיין צום אוראַדניק, און ער, אַהרקע, וועט גלייך אַוועק־געשלעפּט ווערן צו דער פינצטערער „כאָלאָדנע". כדי צו באַווייזן אַז ער מיינט טאַקע וואָס ער זאָגט, האָט ער תיכף ומיד גענומען לויפן צום זיידנס הויז.

אַהרקע, מיט טרערן אין די אויגן, איז אים נאָכגעלאָפן און געבעטן, ער זאָל זיך אָפּשטעלן. ער האָט געוויינט און פאַרזיכערט צו ברענגען פון קראָם אַ סך אַנדערע זאַכן, ווי פּעקלעך מאַכאָרקע, פלוימען, ראָזשינקעס און נייע קנעפּלעך, אַבי ער זאָל נישט לויפן צו זיידן.

קלמנס גרימצאָרן האָט זיך אָבער נישט איינגעשטילט. ער וויל נישט אַנדערש ווי נאָר „זיינע" פּאַפּיראָסן מיט די שפּיגעלעך. פאַר זיין זיידנס הויז האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט און מיט אַ מינע פון אַ בעל־טובה, גלייכצייטיק שטרענג, געזאָגט:

— די־מינוט זאָלסטו לויפן אַהיים און ברענגען וואָס מיר קומט.

קלמנס שווערער דרוק האָט געווירקט. דעמאָלט האָט אַהרקע נאָך נישט געוואוסט פון דעם פּסוק, סוף גנב לתליה. מיט זיין קינדערשן אינסטינקט האָט ער אָבער דערפילט, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. ביי טאָג איז ער געווען צערודערט. און ביי נאַכט האָבן אים שלעכטע חלומות געמוטשעט. אָט זעט ער קלמן, אָט אליקום, אָט דעם אוראַדניק אָוואָטשיניקאָוו, אָט דעם אָסטראָג און די מאַזירער טורמע. אַלץ איז געווען צונויפגעמישט אין אַ קנויל, נישט פונאַנדערצוטיילן. אַזוי איז אַנגעגאַנגען אַ שטיקל צייט, ביז איינעם אַן אינדערפרי.

מיטאַמאָל איז ביי אַהרקען אין הויז געוואָרן אַ מהומה:

— סטייטש? דער פּוזשיצער פּריץ איז געקומען, ער וויל קויפן די פּאַפּיראָסן מיט די שפּיגעלעך, און זיי זענען נעלם געוואָרן!

— געבליבן נאָר איין שאַכטל...

— וואוהין זענען זיי פאַרשוואונדן?

ביז איצט האָט מען זיך נישט געכאַפּט, ווייל קיין אָפּטע קונים אויף אַזעלכע טייערע אַרטיקלען האָבן זיך נישט געיאַוועט. דער טאַטע און די מאַמע זענען אַרומגעגאַנגען צערודערטע:

— אַזאַ שאָדן...

— גלאַט אַוועקגעקומען ווי אין וואַסער אַריין.

מ׳האָט געזוכט, געפאָרשט — ביז אַהרקעס עלטערע שוועסטער, איטקע, וואָס איז געווען דערוואַקסן גענוג צו פאַרשטיין די גרויס פון דעם שאָדן, איז אַרויס מיט לשון:

— עטלעכע מאָל האָב איך געזען אַהרקען אַרויסשפּרינגען דורכן פענסטער פון שלאָפחדר, וואו די פּאַפּיראָסן זענען געווען באַהאַלטן... אפשר האָט עס אַ שטיקל שייכות...

נו, דער פאָטער האָט אים, אַהרקען, גענומען אויפן צימבל — און דאָס בחורל האָט זיך תיכּף מודה געווען.

מיט צער און צאָרן האָט דער פאָטער גלייך דורכגעפירט דעם פּסק־דין. ער האָט צעעפנט טיר און פענסטער, אויסגעצויגן אַהרקען אויף אַ לאַנגער הילצערנער באַנק, מיט זיינע מייטקעס אַרונטער־געצויגן, און אים געשמיסן לפני כל עם ועדה.

אין יענע צייטן האָט מען קינדער נישט באַהאַנדלט מיט זיידענע הענטשקעס. שמייסן אַ קינד איז נישט געווען קיין נאָווינע. דאָס מאָל איז עס אָבער געווען צו שטאַרק, צו פיל בפרהסיא, און דערצו פאַר אַ זינד וואָס אַהרקע האָט אָפּגעטאָן אומגערן.

בכלל האָט דער פאָטער אים, אַהרקען, און די אַנדערע קינדער זיינע, אפילו מיט אַ פינגער נישט אָנגערירט. ער האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו דעם. זיינס אַ קוק, אַ וואָרט איז געווען גענוג צו האַלטן אים אין צאָם. און אַ צאָם איז אויך נישט נייטיק געווען, ווייל דער אינסטינקט האָט אים, אַהרקען, אונטערגעזאָגט צו פאָלגן. אָבער דער פאָטער, וואָס מענטשן האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד פאַר זיין ערלעכקייט, האָט מיט זיין האַרבער שטראָף געוואָלט אויף לעולם ועד אַריינקלאַפּן אין אַהרקעס קאָפּ דעם געטלעכן געבאָט: לא תגנוב.

ווען דער פאָטער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן שמייסן, האָט די מוטער גענומען אַהרקען צו קלמנס עלטערנס הויז. זי האָט גערעכנט, אפשר וועט זי קאָנען עפּעס אָפּראַטעווען. דאַרט האָט די מוטער געהאַט אַ שטאַרקן איבערדרייד מיט קלמנס מוטער, מינע רחל.

פון אונטער אַ בעט האָט מינע רחל אַרויסגעשלעפּט אַ קאַסטן, אָנגעפילט מיט ליידיקע שאַכטלעך, און אָן די שפּיגעלעך.

— וואו זענען די פּאַפּיראָסן? — האָט אַהרקעס מוטער געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט, — האָט מינע רחל געענטפערט.

אהרקעס מוטער האָט אויסגעליידיקט איר ביטער הארץ צו מינע רחל און איז אוועק מיטן זון אָן אַ גוטן טאָג.

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ווי דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקאָכט מיט דער גניבה. און אַ היפּשע צייט האָט מען אהרקען גערופן: „געשמיסענער טאָכעס״. אָבער דעם זעלבן טאָג פון דעם פּסק־דין האָט אהרקע אויפגעהערט גיין צו הערשעלען דעם מלמד אין חדר. און פון קלמן דעם תקיף האָט ער געווייכט ווי פון אַ צרעת.

## 5.

# רישעות און מילדקייט אין איין מענטש

נאָך סוכות איז אהרקע אָנגעקומען לערנען צו חיים־בערל דעם שמש. דאָס חדר איז געווען קליין און פינצטער. די פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען צום פּלויט פון סאָניע ציקליקס סאַד. דער רבי איז געווען אַ בייזער, פּונקט דער היפּוך פון דעם ליבן הערשעלע.

אים, אהרקען, האָט חיים־בערל גראָד נישט אַרויסגעוויזן קיין בייזקייט. ס׳איז אָבער אויף אים אָנגעפאַלן אַ שרעק, ווען ער האָט געזען ווי דער רבי שלאָגט אַנדערע תלמידים. איבערהויפּט האָט דאָס יינגל מענדל, פון דעם דאָרף אילנע, אַריינגעכאַפּט קלעפּ, אַ סך קלעפּ, שווערע, ווי פון אַ גזלן. איין מאָל האָט דער רבי אים אַזאַ שטאַרקן זעץ געטאָן, אַז בלוט האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון זיין נאָז.

אהרקע האָט זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָרעם מענדל איז געווען דעם רבינס אַ פּלימעניק. על־פּי שכל האָט דאָס געדאַרפט זיין אַ מעלה. ווי ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן איז עס נישט געווען קיין סגולה קעגן קלעפּ. פאַרקערט, ס׳איז געווען באַקוועמער, אַ סך אַ קלענערע ריזיקע צו שלאָגן אָן אייגענעם. דער קלאַפּ בלייבט אין דער משפּחה. אַ מאַמע פון אַ פרעמדן תלמיד קאָן אָבער אַ מאָל קומען און מאַכן סקאַנדאַלן אין חדר.

ביי חיים־בערלען האָט אהרקע אָנגעהויבן לערנען חומש. דער רבי האָט דאָס גוט פאַרטייטשט, ממש אין מויל אַריינגעלייגט. אברהם, יצחק, יעקב, שרה, רבקה, רחל, לאה, יעקבס קינדער, משה רבינו און

זיין ברודער אהרן — יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען האָבן אין אַהרקען אַנגעצונדן אַ העליש פייער פון ליבשאַפט צו זיי. טרערן זענען געראַנען פון זיינע אויגן ווען עמעצן פון זיי איז געטאָן געוואָרן שלעכטס, און זיין פרייד איז געווען גרויס, ווען זיי איז געווען גוט. אַהרקע האָט זיך גאַרנישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט זיי. מכירת-יוסף האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט. און די געשטאַלט פון משה רבינו האָט אַלע מאָל געשוועבט פאַר זיינע אויגן.

אין די ווינטערדיקע אָוונטן, פאַר חנוכה, האָט חיים-בערל דער שמש דערציילט די תלמידים מעשיות וועגן יהודה המכבים גבורות. דעמאָלט האָט דער רבי אויסגעקוקט זייער מילד. ער איז געווען צוגעלאָזט, נאָנט. מ'האָט אים גאָרנישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם ייד וואָס קאַטעוועט אָן רחמנות. ס'איז געווען שווער צו באַנעמען ווי אַזוי דאָס פּאַרט זיך, רישעות און מילדקייט אין איין מענטש.

אַהיים זענען די תלמידים געגאַנגען שפּעט אין אָוונט. ס'איז געווען פינצטער, און די יינגלעך האָבן געטאַפּטשעט איבער די בלאָטיקע, און אָפּט פאַרשנייטע, גאַסן. אַ סך בחורימלעך האָבן געהאַט קאַלירטע פּאַפּירענע לאַמטערנעס מיט אַ פּיצל ליכט אַריינגעשטעקט אינעווייניק. אַהרקע האָט געהאַט אַ באַהאַלטענעם באַגער אויך צו פאַרמאָגן אַ קאַלירטע לאַמטערנע, ספּעציעל אַ רויטע. נאָר מאַלע וואָס ער האָט געוואָלט. ווער האָט דאָס געקימערט? און אָן אַ לאַמטערנע קאָן מען נישט אויסקומען? אין די אויגן פון די דערוואַקסענע מענטשן איז דאָס געווען אַ נאַרישקייט צו וועלן אַזאַ זאַך. דער עיקר האָט מען געלייגט גרויס געוויכט אויף לערנען, דאַוונען און צו זיין גוט צו גאָט און צו לייט. טייל מאָל האָט דער „אַלטער" חבר איטשע וואָס איז אויך געגאַנגען אין זעלבן חדר, געלאָזט אַהרקען האַלטן די לאַמטערנע, איז דאָס שוין ביי אַהרקען אויסגעקומען ווי ער איז אַ גלייכער שותף צו אים. דאָס האַרץ האָט ביי אים געטיאַכקעט פון פרייד.

ביי חיים-בערל דעם שמש האָט אַהרקע געלערנט פיר זמנים. ווען ער איז אַוועק פון אים, איז ער שוין געווען גוט באַהאַוונט אין די מעשים טובים פון יהושע בן נון, דוד המלך און זיין זון שלמה. אים, דעם רבין, האָט ער געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען פאַר איינפלאַנצן אין אים, אַהרקען, אַ היסע ליבשאַפט צום יידישן שטאַם, אָנהייבנדיק פון אברהם ביז שלמה המלך. ער האָט געפילט, אַז דער רבי אַליין איז

אויך פאַרליבט אין זיי, דערפאַר האָט ער מיט גרויס מי און טאַלאַנט דאָס איינגעוואָרצלט אין די תלמידים, וואָס זענען געווען גרייט דאָס אויפצונעמען אין זיך.

## 6.

# אַ פרעמדע באַשעפטיקונג

פון חיים־בערל דעם שמש איז אַהרקע אַריבער צום פעטער חיים־בערל, דעם פאָטערס שוואָגער.

ווייזט אויס, אַז צו האָבן אַ פעטער פאַר אַ מלמד איז נישט קיין מעלה. אויף אַהרקען איז איבערגעגאַנגען מענדלס דאָליע.

דער פעטער חיים־בערל האָט געשלאָגן מכות־רצח. איבערהויפּט אים, אַהרקען, און אַ צווייטן פּלימעניק, אליהו־ניסן. אַז ס'איז באַשערט, זאָגט מען, איז פאַרפאַלן. כדי צו קריגן קלעפּ האָט אליהו־ניסן, ווייזט אויס, געדאַרפט קומען אַזש פון סטאַראָבין, אַכט מייל פון אַהרקעס שטעטל.

אָט דער חיים־בערל איז געווען אַ פאַלנער עם־הארץ, און דערצו אַ פוילער. ווי אַזוי אַזאַ ייד איז געקומען צו מלמדות איז געווען שווער צו דערגיין. ער איז געשטאַנען ביים אויוון, געהאָלפן דער מומע שרה־רישע באַקן בייגל און פון דאָרט פאַרטייטשט אַ פּסוק פון תנ"ך, וואָס ער אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען. אַז די קינדער האָבן נישט געקאָנט כאַפּן דעם תמצית, איז ער אַ פלי געטאָן פון אויוון, אַ ריס זיך געגעבן צום טיש, געכאַפּט אַ ספר און מיט דעם געזעצט איבער אַ קינדס קעפּל, אַזוי, אַז דאָס קעפּל האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער וואַנט.

די מומע שרה־רישע האָט געוואָלדעוועט, ער זאָל צוריקגיין צו די בייגל און לאָזן די קינדער צו רו.

איינמאָל האָט ער אַהרקעס ברודער, אליהון, וואָס האָט אויך געלערנט אין זעלבן חדר, אַזוי שטאַרק אַ טשיפּע געטאָן אין דער באַק, אַז די הויט האָט זיך געעפנט און בלוט האָט זיך באַוויזן. דאָס האָט אַהרקעס מוטער שוין נישט געקאָנט פאַרשווייגן. זי האָט געלאָזט אַלע אירע מלאכות און איז געקומען צו לויפן אין חדר מיט אַ געשריי:

— וואָס האָט איר געטאָן צו מיין קינד?

— כ'האָב אים נאָר אַ קניפּעלע געטאָן אין בעקל, — האָט חיים-בערל געליגנערעוועט מיט אַ תירוץ.

אויסגעלערנט האָט אַהרקע ביים פעטער גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט. ער האָט אַפילו פאַרגעסן וואָס ער האָט געוואוסט פון פריער. און פיינט געקראָגן האָט ער דעם פעטער בתכלית השינאה. ביי אים האָט אַהרקע אָנגעהויבן לערנען גמרא, בבא מציעא, מיט „שנים אוחזין בטלית". יאָר-איין, יאָר-אויס האָט חיים-בערל געלערנט די זעלבע מסכתא. משמעות, מיט אַנדערע טיילן איז ער נישט באַקאַנט געווען. צוליב אָט דער מסכתא האָט אַהרקע גענוג קלעפּ אַריינגעכאַפּט, כאָטש ער איז געווען אַ גוטער תלמיד. זיין גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזט צו אַהרקען, צום שעיר לעזאזל, ווייל די אַנדערע קינדער האָט ער מורא געהאַט צו טשעפּען.

צוויי זמנים האָט זיך אַהרקע אָפּגעמוטשעט ביים פעטער חיים-בערל. אויפן דריטן האָט ער רעוואָלטירט — מער נישט געוואָלט גיין צום אַכזר. דער פאָטער זיינער האָט פּרובירט אים איינרעדן:

— פּאַרט אַ שוואָגער... מ'מוז אים צושאַרן פּרנסה...

ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. אַהרקע האָט דעם פעטערס פּנים נישט געוואָלט אָנקוקן. אליהו-ניסן איז נאָך מיט אַ זמן פריער געהאַט אַנטלאָפן אַהיים קיין סטאַראָבין. און אין אַ קורצער צייט אַרום איז דאָס גאַנצע חדר צערונען געוואָרן. קיינער האָט נישט געוואָלט אַריינשמעקן צו אים.

חיים-בערל איז געבליבן אָן אַ קנעלונג, און נאָכדעם האָט ער זיך פאַרנומען בלויז מיט באַקן בייגל. דאָס איז געווען אַ באַשעפטיקונג וואָס ער האָט זיך אין איר זייער גוט אַריינגעפּאַסט.

וואָס האָט גורם געווען, אַז מלמדים-שלעגערס זאָלן אַזוי שאַלטעווען מיט אַזאַ חוצפּה און רציחה איבער קליינוואַרג? ס'קאָן זיין, אַז די נערוון ביי זיי זענען געווען צעשרויפט פון גרויסער האָרעוואַניע און דחקות. ס'קאָן אויך זיין דערפאַר וואָס זיי זענען געווען פּראָסטאַקעס. זיי האָבן נישט געהאַט קיין ידיעות אין פּעדאַגאָגישע מעטאָדן. ס'קאָן אויך זיין דערפאַר וואָס די מערסטע עלטערן האָבן דאָס שלאָגן אָפּגעפּטרט מיט אַ שפּאַסיק ווערטל: אַ קלאַפּ שאַט נישט. זיי האָבן געדענקט, אַז מיט אַזאַ אויפפירן זיך דערציט מען אַ דיסציפּלינירטן דור, אַ דור וואָס וועט פאָלגן טאַטע-מאַמע און האָבן

דרך־ארץ פאַר עלטערע מענטשן און זיין גוט און פרום. ס׳קאָן אויך זיין דערפאַר וואָס די מלמדים־שלעגערס האָבן זיך געפּילט ווי אַפּוטרופּסים איבער די קינדער. אַ פאַקט, אויב זיי זענען געווען אין ספק מיט געוויסע עלטערן, האָבן זיי יענע קינדער נישט אָנגערירט. למשל, אַהרקעס חבר, איטשע. זיינע עלטערן וואָלטן נישט דערלויבט קיין איזדיעקעווען זיך איבער זייער קינד.

## 7.
## שטייגנדיק אין התמדה

נאָכן „בונט" האָט דער פאָטער אָפּגעגעבן אַהרקען אויף לערנען צו אַברהמל אריהם. זיין הויז איז געשטאַנען אויפן ברעג פון דער אָזערע. דאָס חדר איז געווען ליכטיק און ציכטיק. און דער מלמד אַברהמל אריהם איז געווען אי אַ גוטער מענטש און אי אַ האָרעפּאַשניק.

פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט האָט ער שווער געקנעלט מיט זיינע תלמידים. אַפילו יינגלעך מיט פאַרשטאָפּטע קעפּלעך האָבן געמוזט עפּעס אריינגעמען אין זיך. ער האָט מיט גרויס עקשנות געהאַלטן אין איין איבערחזרן און איבערזאָגן נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, ביז עס האָט זיך עפּעס צוגעקלעפּט — צו וועמען מער און צו וועמען ווייניקער.

געווען איז אַברהמל אריהם אַ שטאַרקער רייכערער. ער האָט איינגעוויקלט טיטון אין דינינקן ביבולע־פּאַפּיר און נאָכדעם געפּופּט און געצויגן, ביז זיינע פינגער האָבן זיך אָפּגעברִיט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביי די קינדער — און דער רבי האָט מיטגעלאַכט. ער איז געווען זייער אַ גוטמוטיקער מענטש, וואָס יעדער האָט אים דערפאַר באמת ליב געהאַט. אַ קרומע מינע האָט מען נישט געזען אויף זיין פּנים.

ביי אַברהמל אריהם האָט אַהרקע גרויס פאַרשריט געמאַכט אין גמרא. די תלמידי־חכמים, ר׳ הלל, ר׳ שמאי, אביי, רבא, זענען געוואָרן אַהרקעס ליבלינגס. אַזוי ווי לעבעדיקע האָט ער זיי געזען. הלל און רבא זענען אין זיין דימיון געווען הויכע און דאַרע, מיט שפּיציקלאַנגע שוואַרצע בערד. שמאי און אביי זענען געווען נידעריקע, מיט ברייטע געלע בערד.

די מוטער האָט שטאַרק געהאַלטן פון אהרקעס לערנען. איינמאָל איז אהרקע אַראָפּגעגאַנגען צו דער אָזערע, וואו זיין מוטער און די מומע שרה־רישע, דעם בייגל־בעקערס ווייב, זענען געשטאַנען איינגעבויגענע איבער זייער וועש, וואָס זיי האָבן געוואַשן לעבן דער קליינער בריק. זיי האָבן געוואַשן און גערעדט. געקומען איז אהרקע צו העלפן דער מוטער אַהיימטראָגן די אויסגעוואַשענע און אויסגעדרייטע שטיקלעך וועש. ווי די מומע שרה־רישע האָט אים דערזען, האָט זי גיך אַ זאָג געטאָן צו זיין מוטער:

— ריווע, בעסער שווייג... דיין אהרקע קומט.

— אָ, ער ווייסט אַלץ, — האָט די מוטער זיך איבערגענומען מיטן זון און געענטפערט. — נישטאָ וואָס צו באַהאַלטן פון אים.

— פון וואַנען ווייסט ער דאָס?

— פון די גמרות, מיין טייערינקע... ער לערנט אַ סך וועגן ווייבערשע זאַכן...

די מוטער האָט, נעבעך, געמאַכט אַ טעות. אהרקע האָט טאַקע געלערנט סדר נשים, אָבער ער האָט וויניק געוואוסט, טאַקע נישט פאַרשטאַנען דעם זין, דעם תמצית. דער רבי האָט מער נישט ווי פאַרטייטשט די ווערטער פון דער גמרא. דאָס האָט אָבער נישט געמיינט, אַז ער, אהרקע, און די יונגע קינדער האָבן געהאַט אַ ידיעה וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. למשל, אַ מאַן קומט צום בית־דין מיט אַ טענה: ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ בתולה, און צום סוף — פתח פתוח מצאתי. דער רבי האָט פאַרטייטשט וואָרט ביי וואָרט: פתח — אַ טיר, פתוח — אָן אָפענע, מצאתי — האָב איך געפונען. און די יינגלעך? פרעגט זיי בחרם. וואָס טיר, וועלן טיר. אַבי זיי ווייסן דעם טייטש פון די ווערטער. זיי פרעגן נישט קיין שאלות. צו וואָס? דער גאַנצער ענין גייט זיי נישט אָן.

ווען אהרקע איז אַלט געוואָרן צען יאָר איז ער אָנגעקומען לערנען צום פעטער משה. טאַקע אויך אַ פעטער, אָבער פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. ער האָט נישט געוואוסט פון אויפהייבן אַ האַנט אויף זיינס אַ תלמיד. אויב ער האָט אַ מאָל אין אַ שמיטה יאָ געגעבן אַ קליין פעטשל איבערן בעקל, ווען דער תלמיד האָט דאָס פאַרדינט, איז ער דערנאָך געקומען אונטערשטעלן זיין אייגענע באַק: זאָל דאָס יינגל געבן צוריק — און אויס ברוגז.

דעם פעטער משהס חדר איז שוין געווען דאָס העכסטע וואָס מ׳האָט געקאָנט דערגרייכן אין אהרקעס שטעטל. דער פעטער איז געווען אַ מענטש פון אויסערגעוויינלעכן שניט, וואָס אהרקע האָט אים אָפּט גענומען פאַר אַ מוסטער פאַר זיך. ער איז נישט געווען סתם „אַ מלמד״. שכר־לימוד האָט ביי אים קיין ראָלע נישט געשפּילט. זיין ווייב, ס׳הייסט אהרקעס מומע באַשע, האָט זיך מיט דעם פאַרנומען. ער האָט געלערנט לשם מיצווה. פון קיין צורת־מטבעה האָט ער נישט געוואוסט. מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס ער האָט געדאַרפט. אַ גלעזעלע טיי און טיטון זענען געווען זיין עולם הזה. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען פאַרנומען מיטן חדר. נישט גלאַט פאַרנומען, ס׳איז אים פּשוט געגאַנגען אין לעבן, אַז די תלמידים זאָלן אין זיך איינזאַפּן דאָס לערנען.

אַ בקי אין ש״ס, האָט דער פעטער משה אָנגעהויבן זיינע אייגענע שיעורים פיר אַזייגער פאַרטאָג, נאָכדעם געלערנט מיט די תלמידים ביז שפּעט אין אָוונט. און נאָכן פאַרטיק ווערן מיטן חדר ווידער געלערנט פאַר זיך. זיין לעבן איז באַשטאַנען פון תורה, פון לערנען און לערנען אָן אַ סוף. ווען ער איז געפאָרן מבקר־חולה זיין דעם פאָטער זיינעם אין באָברויסק, האָט ער מיטגענומען די נייטיקע ספרים און געלערנט פאָרנדיק אויפן וואָגן צו דער באַן און נאָכדעם אין דער באַן גופא. אַ סך ספרים האָט ער געקענט אויף אויסווייניק. שבת האָט ער זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט. ווי מיט אַ דיקער וואַנט האָט ער זיך אָפּגעצאַמט פון אַלץ און אַלעמען. אַ גאַנצע וואָך האָט ער נישט גערעדט קיין דברי־חול, אָבער שבת האָט ער אינגאַנצן געשוויגן, לגמרי נישט גערעדט. ער האָט נאָר געדאַוונט און געלערנט מיט אַ ברענענדיקער התמדה, ווי ער וואָלט נישט־גוטע פאַריאָגט פון זיך.

נאָכן דאַוונען האָט ער מיט אַן עולם געלערנט אַ פּרק משניות. ער איז געווען דער לעצטער צו פאַרלאָזן די שול און מיט גיך־גיכע טריט, ווי געטראָגן אויף פּאַרע, האָט ער זיך געיאָגט אַהיים, זאָגנדיק דערביי אַלערליי פּסוקים.

די גבאים פון שול האָבן אים געהאַט פאַרגעלייגט אַ שטאָט ביי דער מיזרח־וואַנט, וואו אַלע רייכע באַלעבאַטים זענען געזעסן צוזאַמען מיטן רב. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד און איז געבליבן אין זיין ווינקל, לעבן גרויסן טיש, נישט ווייט פון דער טיר, וואו אַלע אָרעמעלייט זענען געזעסן.

אין די יום־טוב טעג איז אַהרקעס פרייד גאָרנישט געווען אָפּ־צושאַצן, ווען זיין מאַמע האָט אים געשיקט פאַרבעטן דעם פעטער משה אַהיים אויף קידוש מיט פאַרבייסן אַ שטיקל געפילטע פיש. אַהרקע איז נאָכדעם געזעסן ביים טיש און האָט זיך איינגעקוקט אין דעם פעטער ווי ער עסט די פיש, ווי ער פאַסמאַקעוועט זיך, ווי ער קרעכצט פון הנאה. און וואָס איז דער וואונדער, באשר ער האָט זיך געקוויקט מיט דעם? קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט אַהרקעס מוטער אין צוגרייטן אַלערליי מאכלים. זי איז געווען אַ מומחהנטע! און אַהרקע האָט געהאַט דערפון אַן עונג רוחני.

אָפט זענען מענטשן פון שטעטל געקומען צום פעטער משה מיט שאלות. דאָס איז געשען, ווען דער רב איז געווען אוועק פון דער היים. און די מענטשן האָבן נישט געהאַט גענוג שבחים פאַר זיין מי און זוכן אין די ספרים, און ווידער זוכן, ביז ער האָט דן געווען לכף זכות, אָדער געמאַכט כשר.

און צו זיין עניוות איז גאָר קיין שיעור נישט געווען. טייל מאָל האָט אַ יישובניק אים געבראַכט אַ הון, אַ מתנה אויף שבת, אָדער יום־טוב. דעמאָלט האָט זיך דעם פעטער משהס הדרת־פנים צע־שמייכלט, וואָס מענטשן פאַרגעסן נישט אָן אים, אָבער ער האָט מיט אמתער עניוות אויסגעשריען:

— גוואַלד, פאַרוואָס קומט עס מיר? פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ כבוד, אַזאַ עולם־הזה? ס'איז צו גוט! צו גוט!

אוודאי האָט די מומע באַשע געהאַט טענות צו אים, פאַרוואָס ער איז אַזוי אויסגעטאָן פון דער וועלט. אפילו פאַר אים, אַהרקען, האָט זי זיך באַקלאָגט אויפן מאַן. און נישט נאָר וועגן דעם. זי האָט זיך אפילו באַקלאָגט אויף אים וואָס ער פאַרזעט זי ווי אַן אישה:

— נישט קיין קינד, נישט קיין רינד... — האָט זי מיט צער גערעדט. — נאָר ספרים און ספרים...

אַמאָל, נאָך זייער חתונה, האָבן זיי געעפנט אַ קרעמל. איז וואָס־זשע האָט געטראָפן? ס'איז אים נישט געווען קיין נפקא־מינא צי איינער באַצאָלט, אָדער נישט. צאָלט מען, איז מהיכי־תיתי. אם־לאו נישט, איז מילא. ער וועט דאָך אַן אָרעמאַן נישט אָפּזאָגן מעל אויף שבת נאָר דערפאַר וואָס יענער האָט נישט קיין מזומן, מיט וואָס צו קויפן! בקיצור, ער איז געווען אַ קרעמער ביז וואַנען ער איז געבליבן מיט ליידיקע פאָליצעס.

און וואָס האָט ער פון זיין מלמדות? ס'אַרט אים נישט צי אַ יינגל ברענגט שכר־לימוד, אָדער נישט. פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן שוין נישט געצאָלט דעם צווייטן זמן. אָבער עס רירט אים ווי די וואַנט.

— נו, איז וואָס דאָס אומגליק? — טענהט ער. — אַבי זיי לערנען.

אונטער דער השפעה פון אָט דעם פעטער משה האָט זיך ביי אהרקען נאָך מער צעפלאַקערט זיין התמדה צום לערנען.

## .8

## דער תענוג פון פרומקייט

צוזאַמען מיט אהרקען איז אין חדר געווען נאָך אַ מתמיד, יעקב־איסר, אַ זון פון שמעון־אליהו דעם סופר, פון סטאַראָבין. ביידע האָבן זיך געסטאַרעט איבערצויאָגן איינער דעם אַנדערן, ווי זיי וואָלטן געווען קאָנקורענטן. און אַזוי זיך יאָגנדיק האָבן זיי דערווייל געלערנט נאָך אַ בלאַט און נאָך אַ בלאַט. אפילו שבתים, ווען אַלע זייערע חברים זענען, גלייך נאָכן טשאָלענט, געווען פאַרנומען מיט אַלערליי שפּילערייען, זענען זיי ביידע געזעסן אין שול איבער גמרות.

אַזאַ עקשנותדיק לערנען האָט מען גערופן „זוברעווען”. אהרקע האָט אַזוי לאַנג געזוברעוועט איבער דער גמרא קדושין ביז ער האָט זי אײַנגעאַנצן זיך אַרײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ. ער האָט זי טאַקע געקענט אויף אויסווייניק פון אָנהויב ביז צום סוף, נישט צו פאַרפעלן קיין וואָרט.

איינמאָל איז אין דער שול, וואו אהרקע האָט געלערנט אין זיין פרייער צייט, אַרײַנגעקומען אברהמקע דעם חזנס, אַ גרויסער שטיפער און קליינער למדן. קוקנדיק אויף אהרקען מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אהרקע, פאַרוואָס גייסטו נישט שפּילן אין באַלעם, אָנשטאָט קוועטשן די באַנק? הער אויף צו זיין אַ באַנק־קוועטשער!

— איך האָב ליב צו לערנען, — האָט אהרקע אים געענטפערט.

— טאָ ווייז כאָטש וואָס דו קענסט...

— למשל, וואָס?

— איך וועל אויסקלייבן צוויי בלעטער גמרא מיט גרויסע בייכער, און דו פאַרמאַך די גמרא און זאָג... פאַרפעל נישט קיין איינציק וואָרט, דעמאָלט קריגסטו פון מיר אַ פערטל כּאַלוואַ...

— מסכּים, — איז געווען אַהרקעס ענטפער.

אַבּרהמקע האָט אויסגעזוכט צוויי בלעטער וואָס שפּרייטן זיך אויס כּמעט אין דער גאַנצער ברייט פון דער גמרא, אָט אַזעלכע ווי ער האָט געמיינט זאָגנדיק „גרויסע בייכער".

אָן שוועריקייטן האָט אַהרקע געוואונען דעם געוועט.

אין דער זעלבער צייט זענען יידן אַריינגעקומען אין שול דאַווענען מנחה. זיי האָבן אַרומגערינגלט אַהרקען מיט באַוואונדערונג. ביי זיי איז דאָס געווען פּלאי־פּלאים. אַ ייִנגל פון עלף יאָר זאָל קאָנען באַווייזן אַזאַ קונץ?! די יידן האָבן דאָס אָנגערופן „קונץ", אָבער ביי אַהרקען איז דאָס געווען אַ לייכטע זאַך, אָן וועלכער־ס'איז אָנשטרענגונג, אַזוי ווי מען אָטעמט לופט.

נח דער שניידער און חיים דער שוסטער זענען אַזוי נתפּעל געוואָרן פון אָט דעם געשעעניש, אַז ווען אַהרקעס טאַטע איז אַריין אין שול זענען זיי צוגעלאָפן צו אים און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איבערגעגעבן וואָס פאַר אָן עילוי זיין זון איז. דעם פאָטערס פּנים האָט זיך אָנגעכמורעט. ער האָט אויסגעזען כּמעט ווי ער וואָלט געווען אין כּעס. בשעת מעשה האָט אַהרקע נישט פאַרשטאַנען, למאי דער פאָטער זאָגט אים נישט עפּעס אַ גוט וואָרט, אָנשטאָט זיך גאָר ברוגזן. שפּעטער, אין דער היים, האָט ער אָבער אויסגעפונען דעם סוד. דער פאָטער האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע, דעריבער האָט ער פיינט געהאַט הערן צו פיל שבחים וועגן דעם זון.

נאָך שבת, אַז אַהרקע האָט פון אַבּרהמקען פאַרלאַנגט די צו־געזאָגטע כּאַלוואַ, האָט ער זיך אינגאַנצן אַרויסגעדרייט דערפון.

דעמאָלט איז כּאַלוואַ אין שטעטל געווען אַ טייערער ביסן. דער אַבּרהמקע האָט, נעבעך, נישט געהאַט קיין געלט דאָס צו קויפן. עס איז פון אַהרקעס זייט לכתחילה געווען אַ נאַרישקייט צו נעמען ערנסט זיין צוזאָג.

אין יענער צייט האָט אַהרקעס פרומקייט דערגרייכט די העכס־טע מדרגה. ער האָט געפילט גאָט אויף טריט און שריט. ביים דאַוו־נען, זאָגנדיק ברוך אתה, האָט ער ממש גערעדט צום רבש"ע. ער האָט

געשפּירט, אַז דער באַשעפער איז לעבן אים. ווען עמעצער פון זיין משפחה איז קראַנק געוואָרן, איז ער געלאָפן אין שול אַריין זאָגן תהילים, בעטן גאָט, ער זאָל שיקן אַ רפואה שלמה. שבת, נאָך שלש־סעודות, ווען ער האָט באַגעגנט פּויערים מיט גראָבאַייזנס פאָרן פון זייערע פעלדער, האָט אַהרקע געקוקט אויף זיי מיט רחמנות און זיך געוואונדערט פאַרוואָס גאָט לאָזט זיי לעבן אויף דער וועלט, פאַרוואָס ער באַשטראָפט זיי נישט. ער האָט בכלל נישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך. ווי קאָן מען גאָר מחלל שבת זיין? ער האָט זייער שטאַרק געדאגהט וועגן די גוֹיים וואָס זיי פּטרן זייער לעבן אויף גאָרנישט. ער איז פּשוט געווען פאַרליבט אין דעם נחת־רוח פון שבת. ס'איז אים גוט געווען וואָס ער איז אַ ייד און וואָס ער פאַרמאָגט אַזאַ הייליקייט ווי ס'איז שבת, און אַזאַ זאַך ווי עונג־שבת. טשיקאַווע, נאָך ווי אַ גאָר פּיצל קינד האָט ער זיך שוין געזאָרגט וועגן דעם שבת. איינמאָל האָט ער געפרעגט חיימען, דעם פעטער אריהס זונדל, וואָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים:

— וועט אַלעמאָל זיין שבת?

ער האָט מורא געהאַט, טאָמער איז דאָס נאָר אַ צייטווייליקע דערשיינונג. חיים האָט אים פאַרזיכערט, אַז שבת איז אַן אייביקע זאַך. ס'וועט נישט פאַרשווינדן.

מילא, וועגן די ימים־נוראימדיקע טעג איז דאָך שוין אָפּגערעדט. די הויט האָט אויף אהרקען געברענט פון אָנהויב אלול אָן. דאָס שופר־בלאָזן, דאָס קלאַפּן אין טיר און פענסטער, וועקנדיק יידן פאַרטאָג צו סליחות, דאָס אַלץ איז געווען אַן אָנזאָג, אַז דער יום־הדין דערנענטערט זיך. אַהרקע האָט געדאַוונט און געלערנט מיט אַ גרעסערער כוונה. ער האָט קיין איין מאָל נישט פאַרפעלט גיין צו סליחות צוזאַמען מיט זיין טאַטען. ס'איז געווען עפּעס סודותדיקס אין בעטן צום רבש"ע נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען, ווען די גאַנצע וועלט שלאָפט.

ראש־השנה, בעת שופר־בלאָזן, זענען די הייזער און די גאַסן געווען ליידיק. אַלע יידישע נפשות, פון קליין ביז גרויס, האָבן זיך געפונען אין די צוויי שולן, די אַלטע און די נייע. קיינער האָט נישט פאַרפעלט הערן דאָס געהילך פון די הייליקסטע קלאַנגען פון שופר. אהרקעס פאָטער, וואָס איז געווען בעל־מוסף, איז געשטאַנען אויף דער בימה און מיט אַ ציטערדיקער שטימע אויסגערופן: תקיעה,

שברים, תרועה... אַן אימה האָט אהרקען אַרומגענומען. די הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן. אַט, אַט, און עפּעס וועט געשען. אַ בת־קול וועט אָנזאָגן יידן גוטע בשורות. דאָס ראש־השנה מאַלצייט איז געווען אַ בייזאַך. גלייך נאָך דעם איז מען צוריק אַוועק אין שול זאָגן תהילים.

אהרקע האָט זיך נישט באַנוגנט מיט אַ קאַפּיטל, אָדער צוויי. ער האָט אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים. דערנאָך איז ער אַוועק מיט דער גאַנצער עדה צו תשליך ביים טייך. ער האָט איבערגעקערט די קעשע־נעס, אַריינגעשאָקלט גלייך אין וואַסער אַריין. אוים עבירות!

ערב יום־כיפּור איז געווען אַ יום־טוב אָן אַ נאָמען, אָבער איינער פון די בעסטע, מיט אַ סך האָוועניש און דערוואַרטונגען. קודם כל איז געווען אַ מיצווה צו עסן. און מ'האָט טאַקע אַריינגעלייגט... עוף, זופּ מיט קרעפּלעך, חלה, צימעס. די דערוואַקסענע לייט, מענער און פרויען, זענען געווען פאַרנומען מיט אַרומלויפן צו איבערבעטן זיך מיט קרובים און באַקאַנטע, אויב זיי זענען געווען ברוגז אַ גאַנץ יאָר. יעדער האָט זיך מיט פאָרכט געגרייט צום יום־הדין. יינגלעך האָבן געהאָלפן אַריינשלעפּן געגנוג פרישן היי אויסצושפּרייטן דאָס איבערן דיל פון שול.

אהרקע האָט זיך באַמיט ס'זאָל זיין אַ סך היי ביי דער מיזרח־וואַנט, וואו זיין פאָטער און זיידע האָבן געהאַט שטעט.

אַ שטיק פאַר מנחה זענען אויף טישלעך, לעבן דער שול־טיר, געווען אויסגעשטעלט טעלערלעך, וואו יידן האָבן אַריינגעוואָרפן קו־פּערנע און זילבערנע מטבעות פאַרן שמש, חזן, און גלאַט צדקה פאַר אָרעמעלייט. אחרון אחרון חביב: אַריינגעקומען אין שול, האָט זיך יעדער ייד אַוועקגעלייגט מיטן פּנים אַראָפּ — און דער שמש, מיט אַ קאַנטשיק אין האַנט, האָט געשלאָגן מלקות.

אהרקע האָט זיך צוגעקוקט צו דעם מיט גרוים קינאה, והלמאי ער איז נישט מחויב דאָס צו טאָן. דערפאַר אָבער האָט ער אָנגעהויבן פאַסטן לפנים־משורת־הדין, איידער ער איז בר־מיצווה געוואָרן. דער טראַדיציאָנעלער כל־נדרי ניגון האָט אים ממש באַגוועלטיקט. ער וואָלט נישט מיד געוואָרן הערן און הערן דאָס באַצויבערנדיק געזאַנג, ווען ס'וואָלט זיך אַפילו געצויגן אָן אַ סוף. נעילה־צייט האָט ער גע־שוועבט אין די הימלען. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען אַ היפּש גרויסע וואָג מיט צוויי גרויסע שאָלן. אויף איין שאָל האָט מען

ארויפגעלייגט פעק מיט עבירות, און אויף דער צווייטער — מיצוות. און ביי דער זייט זענען אויף א טיש געלעגן גוואלדאוונע גרויסע ביכער פאר: מי יחיה ומי ימות. מוצאי יום־כיפור האט אהרקע זיך געפילט מיד, אויסגעמאטערט, אבער געלייטערט און צופרידן וואס ער האט יוצא געווען ווי א ייד, געטאן אלץ וועדליג גאט געבאטן. א באלוינונג זענען געווען שמיני־עצרת און שימחת־תורה — די פריי־לעכסטע טעג פון א גאנץ יאר. די פרייד פון אויפגערופן ווערן צו דער תורה מיט כל הנערים אונטער איין טלית איז פאר אהרקען געווען אין־לשער.

אהרקע און קליינווארג האבן מיט גרוים הנאה זיך צוגעקוקט ווי זייערע טאטעס שיכורן, טאנצן און זינגען אפילו אין די גאסן. גאנצע געזעמלען גייען פון הויז צו הויז הוליענדיק. מאנסבילן שלעפן ארוים טעפ מיט געקעכץ פון די אויוונס און גיסן פלעשער בראנפן אין די פעטע קישקעס, אין די געקאכטע פליישן און צימעסן. די ווייבערשע פנימער זענען פארפלאמט. זיי זענען מפקיר זייערע צוגע־גרייטע מאלצייטן. זאלן די מאנסלייט טאן וואס זייערע הערצער גלוסטן. ס'איז ליהודים! וואו גלות, ווען גלות?! אראפ מיט אלע יאכן פון די רוקנס! אוים דאגת־פרנסה! מ'הוליעט — און פארטיק און עסק.

אנטאן, דער שיכור פון א גאנץ יאר, האט זיך אויך געפריידט מיט שמיני־עצרת און שימחת־תורה.

— כאטש איין מאל א יאר זע איך יידן אויסקוקן ווי אלע מענטשן... — האט ער געזאגט.

צו עלף יאר איז אהרקע שוין געווען א סטאטעטשנער ייד, וואס האט געווארט אויף משיחן טאג־איין, טאג־אוים. ער האט גע־גלייבט באמונה שלמה, אז אט, אט קומט ער. ער איז געווען אזוי פארטיפט אין רעיונות וועגן משיחן, אז איין מאל אין א חלום האט ער געזען זיין אנקומען מיט אלע קליפערלעך. ס'איז געווען בעת ער האט זיך געפונען צו גאסט ביי זיין באבען שרה־העניע אין סטאראבין. דארטן, אין דעם פיטשינקן ציכטיקן שטיבעלע, אויף א סאפקע, וואו ער האט איינגעדרעמלט נאך א פרייטיק־צונאכטיקער סעודה, האט ער געזען: אן אויסטערלישע, גרויסע, באגילדעטע שטול רוקט זיך פא־וואליע אראפ פון די הויכע הימלען דורך די געדיכטע וואלקנס אלץ

נענטער און נענטער צו דער ערד. בסוד־סודות, שווער באַדעקט, עפּעס פאַרכטיקס געפינט זיך אויף דער שטול. גאַנס גייסט שוועבט אין דער לופטן. מלאכים שוועבן אַרום און אַרום. צווישן זיי — אַהרקעס גוטע פריינד, מיכאל און גבריאל. אונטער די וואָלקנס פליט דער האַר־ציקער אליהו הנביא. ער בלאָזט שופר און רופט מיט אַ שטאַרק קול: „יידן, אַרויס פון גלות! גיכער, גיכער!" אויף דער ערד איז אַ הו־האַ, אַ גרויס געפילדער. מאַנסבילן, ווייבער און קינדער לויפן אַרום צע־טומלטע, ווי אין אַ קאַראַהאַד. מ'ווייסט נישט ווי און וואָס אָנהייבן טאָן. זיינע, אַהרקעס, עלטערנס הויז איז פוסט. די מוטער, אַ פאַר־לוירענע, דרייט זיך אַרום איינע אַליין אין קיך. זי קוקט אויף די קופּערנע פאַנען מיט די געפילטע פיש, אויף די גרויסע טעפּ מיט פלייש, וואָס אויפן ברענענדיקן אויוון, און שרייט: „וואו ביסטו אברהם איטשע? פאַרוואָס זאָגסטו נישט וואָס צו טאָן?" אַהרקע האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויגן, געקוקט אין דער ווייטקייט. ער האָט געזוכט משיחן, וואָס דאַרף אָנקומען רייטנדיק אויף אַ ווייס אייזעלע. ער זוכט און זוכט — און זעט אים נישט. טרערן האָבן אים אָנגעהויבן שטיקן — און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

די באָבע שרה־העניע איז געשטאַנען איבער אים איינגעבויגן. אַז ער האָט איר דערציילט זיין חלום, האָט זי געזאָגט, אַז אונטער דער שיין פון די שבתדיקע ליכט האָט זי אויף זיין פּנים געזען פרייד, געמישט מיט שרעק. גאָלדע און אסתּר, זיין פאָטערס שוועסטערס, וואָס זענען געווען דערביי, האָבן שאָקלענדיק מיט די קעפּ צוגעשטימט מיט זיין באָבען.

## 9.
# דאָס אייגנטימלעכע פון שטעטל

אַהרקעס שטעטעלע לולין איז געלעגן אין פּאָלעסיע, 17 וויאָרסט פון דער באַן־סטאַנציע מיקאַשעוויטש, אויפן וועג צו פּינסק און מאָזיר. אויף צוויי ברעגן האָט דאָס שטעטעלע געהאַט בריקן — צוויי חן־פּינטעלעך. איין בריק איז געווען אַ קליינע. זי איז געלעגן איבער דער אָזערע. די צווייטע בריק איז געווען אַ גרויסע. זי האָט צונויפגעבונדן לולין מיט עטלעכע נישט וויכטיקע דערפער און מיט די שטעטלעך טורעוו און קאַזשאַן־האָראָדאָק.

אין אַהרקעס אויגן האָט די גרויסע בריק אויסגעזען ווי עפּעס אַ יום־טובדיקע זאַך. זומער, שבת נאָכן טשאָלנט, איז אַהרקע און אַ כאַפּטע יינגלעך אַוועק איבער דער גרויסער בריק, איבער דער גרעבליע, און פון דאָרטן אין וואַלד אַריין, צום גרינעם באַרג, וואָס מיט פאַרשמעקנדיקע הויכע סאָסנעס, נישט ווייט פון סמאָליאַרנעם זאַוואָד.

נאָך שלש־סעודות האָבן יידן שפּאַצירט הין און צוריק איבער דער בריק, געמיטלעך געשמועסט אין גייסט פון עונג־שבת. אויך האָבן זיי צווישן זיך געשושקעט, אַז אין די שיינע זומערדיקע נעכט שפּילט מען זיך דאָרט אין ליבע. זיי האָבן אפילו אָנגערופן נעמען פון עטלעכע שניידער־יונגען און דינסט־מיידלעך, וואָס האָבן זיך גאַנצע נעכט אַרומגעשלעפּט איבער דער בריק.

די גרויסע בריק איז געלעגן איבער דעם טייך סלוטש. צווישן דער בריק און דעם שטעטל איז געווען אַ שטיקל מחיצה. דאָרטן איז געשטאַנען דער הויכער קלויסטער מיט זיינע לאַנגע שפּיצן, און אויך דעם גלחס הויז מיט זיין גרויסן גאָרטן.

דער טייך סלוטש איז געווען אַ קוואַל פון פּרנסה און פאַרגעניגן. פּריוויטיק בייטאָג, אין די הייסע זומער־טעג, האָט די גאַנצע עדה יידן, יונג און אַלט, זיך אַ לאָז געטאָן צום טייך. אַ היפּש ביסל אָפּגערוקט פון דער בריק האָבן זיך געבאָדן די ווייבער. און אויף דער אַנדערער זייט בריק האָבן זיך געבאָדן די מענער. ביידע מינים זענען געווען אָדם־נאַקעט.

אין שטעטל זענען געווען אַ סך גוטע שווימערס. זיי האָבן געקאָנט אַריבערשווימען די גאַנצע ברייט פון טייך אַהין און צוריק

היפּשע עטלעכע מאָל. אָפּט האָט געטראָפן ווי איינער פון יענער חברה האָט באַוויזן אַ קונץ. ער איז אַוועקגעשוואומען אויף יענער זייט בריק, אַרונטערגעלאָזט זיך אונטערן וואַסער, נאָנט צו די ווייבער, און אַ כאַפּ געטאָן עמעצנס אַ פוס. קולות און גוואַלדן האָבן אים פאַריאָגט צוריק צו די מאַנסלייט.

אָפּט האָט מען באַמערקט ווי דער גלח האָט פון זיינע פענסטער אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַקטיוו גלייך צו די נאַקעטע ווייבער.

דאָס גרעסטע וואונדער איז געווען דער פעטער משה. געווינ־לעך אַ יושב־אוהל, האָט ער באַוויזן אַ קונץ צו שווימען זיצנדיק אויפן וואַסער. מענטשן האָבן זיך געחידושט, פון וואַנען ס׳נעמט זיך צו אים אָט די קענטשאַפט. באָדן זיך אין טייך איז ער דאָך געגאַנגען בלויז אין די הייסע זומערדיקע פרייטיקס! און דאָס, אויך נישט אַלע מאָל. דאָס רוב איז ער געגאַנגען אין מיקווה פון דעם מרחץ.

אַהרקע און אַ חברה יינגלעך האָבן געמאַכט פייערן אויפן ברעג פון טייך און זענען געלאָפן פון וואַסער צום פייער און פון פייער צום וואַסער. אָנשטאָט זיך אָפּווישן מיט האַנטעכער האָבן זיי זיך אָפּ־געטרוקנט ביים פייער.

פאַרן אין אַ לאָדקע איבער דעם שיינעם טייך וואָלט געווען אַ נחת־רוח, ס׳האָט אָבער געפּאַסט פאַר שקצים. באַלעבאַטישע בחורים האָבן זיך נישט געלאָדקעוועט. ס׳איז געווען כדרך הגויים צו פטרן צייט אויף פוסטע פאַרגעניגנס.

דער טייך סלוטש האָט אויך געגעבן די שטעטל־יידן אַ סך פּרנסה. אין די פּאָלעסיער וועלדער האָט מען אַראָפּגעלאָזט אַ סך ביימער און זיי משנה געווען אין ריינע קלעצער. דערנאָך האָט מען זיי צונויפגעבונדן אין פליטן, אָדער „טראַטוועס", ווי מ׳האָט זיי גערופן, און מ׳האָט זיי געטריבן איבערן טייך צום פּריפּעט צו און פון דאָרט ווייטער צום דניעפּער. אויך בערלינעס, אַנגעלאָדנטע מיט מעל, זאַלץ, האָבער און קליעפּקעס זענען געשוואומען איבער דעם טייך און האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער בריק. די טרייבערס פון די פליטן און בערלינעס זענען אַריינגעקומען אין שטעטל איינקויפן שפּייזמיטלען. דאָס האָט איבערגעלאָזט אַ היפּשן פּידיון ביי די קרעמערס.

איינמאָל האָט געטראָפן אַ צרה. העסל דער לאַכווער איז אַריינ־געקומען צו אַהרקעס עלטערן אין הויז און האָט דערציילט דעם

פאַטער אַז אַן אומגליק האָט אים געטראָפן. די בערלינע זיינע, אַנגע־לאָדנט מיט קליעפּקעס, האַלט זיך אין „זעצן". די סיבה? וואָסער קומט אַריין פון אַ לאַך ערגעץ וואו. ער קאָן אָבער נישט הערן פון וועלכער זייט, ווייל זיינע אויערן זענען „פאַרשטאָפּט". בקיצור, ס׳וועט אים בדיל־הדל מאַכן. נאָר אַ נס מן השמים קאָן אים העלפן. זיין קלאָג האָט אהרקען שטאַרק צענומען. ער איז גערירט געוואָרן פון העסלס טרויער — און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט פּרובירן אים העלפן. „קומט, ר׳ העסל!" — האָט ער צום פאַרייאַושטן ייד אַ זאָג געטאָן. און נישט קלערנדיק קיין סך איז העסל אַוועק מיט אהרקען צום טייך. פון העסלען האָט ער, אהרקע, אין הויז געהאַט געהערט, אַז איין אויער מיט אַ גוטער שמיעה קאָן אַ סך אויפטאָן. דהיינו? מ׳לייגט זיך אַוועק אויף די קליעפּקעס, מ׳טוט צו אַן אויער און מ׳הערט זיך איין צי ס׳איז דאָ אַ גערויש פון אַריינפליסנדיק וואַסער. נו, וואָס אַנבאַלאַנגט אַ גוט אויער, קאָן מען זיך אויף אהרקען פאַרלאָזן. מענטשן האָבן טאַקע געזאָגט, אַז פאַר אהרקען זענען נישטאָ קיין סודות. ער קאָן אויפכאַפּן קלאַנגען אַ מייל אַוועק.

צוגעקומען צום טייך, איז אהרקע אַרויף אויף דער בערלינע, אויסגעצויגן זיך אויף די קליעפּקעס אין איין פּלאַץ, אין אַ צווייטן, צוגעהערט זיך, אָבער גאָרנישט. שאַ שטיל. אַוועקגעלאָפן צו אַן אַנדער עק פון דער באַרזשע, האָט אהרקע געטאָן דאָס זעלבע. מיט־אַמאָל — אַהאַ, ער האָט בוכשטעבלעך געהערט ווי וואָסער פליסט אַריין אין אַ זייט.

— ר׳ העסל! — האָט אהרקע, אַן אויפגעהייטערטער, גיך צו־גערופן דעם בצערטן ייד און אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויפן סכנה־אָרט — אָט אַ דאָ איז די צרה...

און ס׳איז טאַקע ריכטיק געווען. אהרקע האָט געטראָפן. זייער ביידנס פרייד איז געווען זייער גרויס. העסל האָט נישט געדאַרפט אויסלאָדן די גאַנצע בערלינע, אויסגעמיטן אַ גרויסן היזק, און ער האָט זיך גלייך גענומען צו יענעם ווינקל, וואו דאָס וואַסער איז אַריינ־געפלאָסן. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער מכבד געווען אהרקען מיט אַ פלעשל קוואַס — פון יענע קוואַסן, וואָס דער פעטער אריה מאַכט.

די אַזערע — להיפוך צום טייך סלוטש — איז אָבער נישט געווען קיין ברכה פאַרן שטעטל. זי איז געווען אַ שמוציקע לוזשע

און, צוזאַמען מיט אַרומיקע זומפּן, האָט זי פאַר דער באַפעלקערונג קיין גוטס און געזונט נישט געבראַכט. די קליינע בריק, וואָס איז געלעגן איבער דער אָזערע, איז געווען אַ „וואַכעדיקע". מ'האָט זי גענוצט יעדע מינוט פון טאָג. די בריק האָט געפירט צו די פעלדער, צום וואָלאָסט, צו אַגאַרקאָווס קאַנטאָר, צום בית־עולם און צו די „מאַהילקעס", אַזוי האָט מען גערופן דעם קריסטלעכן בית הקברות. מיט דער דאָזיקער בריק איז מען אויך געפאָרן קיין סטאַראָבין, סלוצק און צו דער באַן־סטאַנציע מיקאַשעוויטש.

דעם פעטער אריהס אַ האַלב הויז איז געשטאַנען אויף בעלקעס איבער דער אָזערע, האַרט לעבן דער בריק. הלמאי האָט דער פעטער אריה געבויט אַ האַלב הויז איבערן וואַסער? לעבן דער בריק, אויף דער הויפּטגאַס פון שטעטל, איז געווען אַ גוטער פונקט פאַר אַ קראָם. דאָס איז געווען בשכנות מיטן זיידן דודס הויז. דער זיידע האָט געהאַט לענגאַוים זיין הויז אַ פרייען שמאָלן פּאַס לאַנד, האָט ער דאָס אָפּ־געגעבן זיין בן־יחיד, אריה. ס'איז אָבער נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַר אַ הויז מיט אַ קראָם, האָט מען געמוזט אָנקומען צו דער אָזערע. ווי מ'האָט געזאָגט אין דער משפחה, איז דער פעטער אריה געווען געראָטן אויף אַלע נאָטן. ער איז געווען אַ מאדים צו מאַכן אַלערליי קוואַסן. געכאַפּט דעם סוד דערפון האָט ער אין וואַרשע. אַ ייד האָט אים דאָרטן פאַרקויפט דאָס „געהיימניש" ווי צו טאָן דאָס. אויך האָט דער פעטער פאַרקויפט ביר, וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט אין פעסלעך פון פינסק. די מומע פייגל איז אויך נישט געזעסן מיט ליידיקע הענט. זי האָט געבאַקן בולקעס צום פאַרקויפן, פינף קאָפּיקעס אַ שטיק. אין צוגאָב צו דעם האָבן זיי געהאַט אַ קרעמל פון גאַלאַנטעריע און באַקאַליי. פון אַלץ צוזאַמען האָבן זיי צונויפגעשטוקעוועט אויף קוים דורכצולעבן זיך אויף אַ באַלעבאַטישן שטייגער.

אַהרקע האָט שטאַרק ליב געהאַט זיצן אין דער סאַליע פון דעם פעטער אריהס הויז, אַרויסקוקן פון די פענסטער צום וואַסער — און ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז ער זיצט אויף אַ שיף. איבערהויפּט וועסנע־צייט, ווען דאָס וואַסער איז אַרויפגעקומען ביז די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, וואָרעם דעמאָלט האָט די אָזערע געמאַכט יד־אחת מיטן טייך סלוטש און ביידע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין מעכטיקן שטראָם. אַ האַלב שטעטל איז דעמאָלט פאַרפלייצט געוואָרן. דאָס האָט

איבערגעריסן דעם איינטאָניקן גאַנג פון דעם שטעטלדיק לעבן. דער פּעטער אריה און די מומע פייגל זענען געווען פאַרדאגהט. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס וואַסער זאָל, חלילה, נישט אַ שפּאַר טאָן עטוואָס העכער. דעמאָלט וואָלטן זיי געהאַט גאָר גרויסע פאַרלוסטן. אחוץ דעם שאָדן האָבן זיי געדאַרפט שטאַרק אַכטונג געבן אויף די פּיצלעך קינדער, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין דער אָזערע, וואָס איז געוואָרן געשוואָלן רייך אין וואַסער פון דעם שותּפות מיטן סלוטש...

דורכן יאָר איז די סכנה נישט געווען גרויס. די שטענדיק־נאָרמאַלע מאָס וואַסער איז געווען נידעריק ביי די ברעגן. איין מאָל איז איינס פון דעם פּעטער אריהס קינדער, דער זשוואָווער הערשעלע, אַ גוטער קאַנדידאַט צו פאַלן, טאַקע אַריינגעפאַלן אין דער אָזערע, האָט די ספּריטנע מומע פייגל אים גלייך אַרויסגעשלעפּט.

פּסח־צייט, ווען די אָזערע האָט זיך משדך געווען מיטן סלוטש, איז געווען אַ נחת־רוח פאַר די אויגן ווי דאָס פליסנדיקע וואַסער איז פריש, ריין, אַנשטאָט די שמוציקע, מוטנע לוזשע וואָס זי איז געווען אין די אַנדערע צייטן פון יאָר. ס'האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז אָט אַזוי זאָל עס שוין פאַרבלייבן אויף אייביק.

צו ביסלעך, צו ביסלעך פלעגן די וואַסערן אָפּציען, צעשיידן זיך. דער טייך סלוטש איז זיך געלאָפן זיין וועג, און די אָזערע האָט פאַר אַ ווײַלע אויסגעקוקט ווי אַן אויסגערייניקטער, אויסגעכשרטער פּסחדיקער מולטער. נישט לאַנג האָט אָבער די ריינקייט אָנגעהאַלטן. די אָזערע איז ווידער שמוציק געוואָרן פון אַלע אָפּפאַלן וואָס מענטשן האָבן אַריינגעוואָרפן אין איר. ס'איז נישט געווען קיין נאָווינע צו זען אַ געפּגרטע קאַץ אין אירע וואַסערן. דאָס האָט זיך אָפּגערופן שלעכט אויף מענטשנס געזונט.

ביים פּעטער אריהן איז געווען אַ מיידעלע, רבקהלע, איינע פון זיינע עטלעכע טעכטערלעך. זי איז געווען אין אַהרקעס יאָרן. מיטאַמאָל איז זי קראַנק געוואָרן אויף שווינדזיכט, „טשאַכאָטקע" האָט מען דאָס גערופן אין שטעטל. דאָס זומפּיקע פלאַץ פון דער אָזערע איז געווען סם פאַר איר. רייכע פלעגן אָוועקפאָרן צו אַ הייל־פלאַץ, קיין סלאַוואָטע, וואו די לופט איז געווען גוט פאַר די לונגען, צוליב די סאָסנאָווע וועלדער, וואָס סלאַוואָטע איז מיט זיי געווען אַרומ־גערינגלט. אוודאי, קיין פולקומער ראַטונעק איז עס נישט געווען, אָבער

פאַר אַ שטיקל צייט האָט עס אָפּגערוקט דעם סוף. רבקהלע האָט, נעבעך, געמוזט זיך אָפּמוטשען לעבן אָט דער פאַרעיפּושטער אַזערע.

אַהרקע איז געווען אין קיך, לעבן איר בעטעלע, ווען זי האָט איר לעצטן אָטעם אויסגעהויכט. קיינער פון די דערוואַקסענע איז אין שטוב נישט געווען. רבקהלע האָט זיך פאַרהוסט, געשפּיגן מיט בלוט, און איז אָוועקגעפאַלן מיטן קעפּל אויף דער זייט. דעמאָלט, ווי פון אַ מיסטישן דיריגענט, האָט זיך דורך דער אָפענער טיר דערטראָגן דאָס שפּילן פון אַ קאַפּעליע קלעזמאָרים, וואָס האָט באַגלייט אַ פאָרפאָלק צו דער חופּה. אַ חופּה אין גאַס, לעבן דער שול, אונטערן פרייען הימל, האָט אַלעמאָל צוגעצויגן יונג און אַלט פון שטעטל. אויך ער, אַהרקע, האָט קיינמאָל נישט אויסגעפעלט ביי אַזעלכע געלעגנהייטן. דאָסמאָל, אָבער, האָט ער דאָרטן נישט געוואָלט און נישט געקאָנט זיין. ער וועט נישט העלפן האַלטן די שטעקנס פון דער חופּה. דאָסמאָל איז ער געווען צוגעשמידט צו רבקהלעס בעטעלע. אין קאָפּ האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן דער קאָנטראַסט צווישן לעבן און טויט, וואָסערע נאָנטע שכנים זיי זענען אָפּט! ווערליג זיין גלויבן דעמאָלט, איז נאָך אַ חופּה קומען נייע קינדערלעך און זיי וועלן פאַרנעמען רבקהלעס פּלאַץ. דאָס שפּילן פון די קלעזמאָרים און די פרייד אין גאַס זענען אים, אַהרקען, אָבער געווען שטאַרק דערווידער.

אַהרקע, ווי יונג ער איז געווען, האָט פּרובירט עפּעס טאָן פאַר זיין קוזינקע רבקהלע. ער האָט זי גענומען אויף זיינע הענט, רעדן צו איר, גלעטן, אָבער זי איז אויסגעגאַנגען אין זיינע אָרעמס. דאָס איז געווען דער ערשטער טויט אין זיין משפּחה — און זי, רבקהלע, די ערשטע אָוועקצוגיין אויפן עולם־האמת. דער דאָזיקער פאַל אין זיין יונג לעבן האָט אים שטאַרק באַווירקט. ער איז אויפגעטרייסלט געוואָרן ביזן ביין. ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען דעם שווידער פון טויט. ביז דאָס גרויזאַם חולאת האָט זי פאַרכאַפּט איז רבקהלע געווען אַ דינאַמישע, אַ שטיפערקע, מיט פּודן חן, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט. זייער ביידנס ליבשאַפט, רבקהלעס און אַהרקעס, פון איינעם צום צווייטן, איז געווען אַ הערלעך געזאַנג. איצט, אוים רבקהלע!

דאָס לערנען און דאַווענען בכוונה האָבן אים, אַהרקען, געהאָלפן אַרויסקריכן פון דעם עצבות, אָבער רבקהלע איז אויף שטענדיק געבליבן אין זיין געדעכעניש.

## .10
# דער שטענדיקער האַרמידער

דעם גרעסטן טייל פון זייער חיונה האָבן די יידן אין לולין געצויגן פון אַגאַרקאָווס קאַנטאָר, וואָס האָט געקיניגט אַרום און אַרום מיט זיינע גרויסע רייכע וועלדער. סוחרים האָבן אָפּגעקויפט שטיקער וואַלד און אַראָפּגעבראַכט האָלצהעקערס פון וואָלינער און טשערני־גאָווער גובערניעס אַראָפּצולייגן די ביימער. קרעמערס האָבן פאַר די האָלצהעקערס צוגעשטעלט שפּייז. באַלעגאָלעס האָבן געפירט געהילץ, שניידערס און שוסטערס האָבן אויך אָפּגעלעקט אַ ביינדל פון דעם גערודער. און אַהרקעס עלטערנס הויז איז געווען דער מיטלפּונקט פון אַלעם. אַלץ אין שטעטל האָט זיך געדרייט אַרום דעם הויז. אַלעמאָל זענען מענטשן געזעסן אויפן גאַניק פון זייער הויז און האָבן געשמועסט וועגן אַלץ וואָס איז געשען און וואָס קומט פאָר.

אַהרקעס עלטערן האָבן געהאַט אַ שפּייז־קראָם, אויך אַ שפּייכ־לער מיט מעל און האָבער. אויך אַ גרויסן הויף, וואו באַלעגאָלעס און פויערים זענען פאַרפאָרן מיט זייערע געשפּאַנען. אויך אַ שטאַל פאַר פערד. אויך האָבן אַהרקעס עלטערן צוגעשטעלט כאַרטש פאַר שלמה מאַריטשערס פליטן־טרייבערס און פאַר טשודנערס האָלצהעקערס. דער כאַרטש איז באַשטאַנען פון ברויט, זאַלץ, צוקער הירזש און אַליי, אַ סאָרט דיקער אויל. ועל כולם — אַן אכסניה. אָבער דאָס זענען נישט געווען זייערע אַלע פּרנסות.

אַהרקעס מוטער האָט אויך געבאַקן בולקעס צו פאַרקויפן — פינף קאָפּיקעס אַ שטיק. אַגב האָט זי אויך געקאָנט באַקן ברויט, אָבער דאָס האָט זי אַרויסגעגעבן צו נויטבאַדערפטיקע פרויען. בלויז אין אַן „עת־צרה" האָט זי אויך גענוצט איר טאַלאַנט פאַר באַקן ברויט. איינע אַליין האָט זי אָפּגעבאַקן פינף געבעקסן אין איין טאָג. אוים־קנעטן אַזוי פיל דייזשעס אָן עמעצנס הילף איז נישט געווען קיין גרינגע אַרבעט. דערצו האָט זי אויך געקאָכט מאָלצייטן פאַר די אורחים, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין הויז.

ווינטער צייט זענען פויערים און יידישע באַלעגאָלעס פון דעם נישט־ווייטן אַרום געשלאָפן אין דער גרויסער שטוב, אויף בענק און אויף דער פּאָדלאָגע, צונויפגעדריקט איינער צום אַנדערן. ס'איז

געווען שווער דורכצוקריכן צו דער טיר. די לופט איז געווען דיק, אָנגעפּילט מיט נישט קיין איידעלע ריחות. דאָס איז געווען אָן געצאָלט, אַבי זיי האָבן געגעבן צו לייזן פאַר אַ בולקע, אַ הערינג, אָדער אַ סאַמאָוואַר טיי. סאַמאָווארן זענען געווען אַ סאָרט מכה שלא כתובה בתורה. די צרה איז געווען, וואָס דאָס וואַסער פון דעם ברונעם, קעגנאיבער אַהרקעס עלטערנס הויז, האָט מען נישט געקאָנט ניצן פאַר טיי, ווייל נאָכן אויפזידן האָט עס אויסגעקוקט מוטנע, ברודיק. האָט מען געמוזט שלעפּן וואַסער פון דעם טייך סלוטש, אָדער פון אַ ברונעם אין וואָלאָסט. ביידע פלעצער זענען געווען ווייט פון הויז. ס'איז נישט געווען קיין באַטעמטע אַרבעט דאָס שלעפּן וואַסער פון אַזוי ווייט. אָבער פיינט געהאַט, צי נישט, סאַמאָווארן האָט מען געשטעלט, מחמת מיט אַ האַלב פונט צוקער האָט יעדער סאַמאָוואַר אַריינגעבראַכט פולע צוואַנציק קאָפּיקעס. ס'איז נישט געווען קיין זעלטנקייט אַז איין מענטש זאָל אויסטרינקען צען גלעזער טיי אין איין זיצונג און צוזאַמען מיט דעם אויפעסן עטלעכע פרישע בולקעס.

פאַר אורחים, מייסטנס וואַלד־סוחרים, בראַקאַרעס און סתם „איידעלע" געסט, האָבן אַהרקעס עלטערן געהאַט ספּעציעלע פיר חדרים. פאַר יעדן געלעגער מיט בעטגעוואַנט האָט מען געצאָלט פופצן קאָ־פּיקעס אַ נאַכט. נישט איין מאָל האָט געטראָפן אַז אַלע חדרים זענען געווען פאַרנומען און אומדערוואַרט איז אָנגעפאָרן אַ געהויבענער גאַסט. למשל, שלמה דער מאַריטשער, אָדער דער כוואַרעסטאָווער גלה, אָדער דער גאָר וואַזשנער שררה — דער פּוזשיצער פּריץ.

דער פּוזשיצער פּריץ איז געווען אַ גוטער קונה. ראשית האָט ער פאַרנומען דאָס גרעסטע חדר — די סאַליע האָט מען עס גערופן — פאַר אַ געצאָלט פון פופציק קאָפּיקעס אַ טאָג. און נישט נאָר דאָס. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן האָבן אַהרקעס עלטערן שוין געוואוסט, אַז מ'דאַרף לויפן צו אריהן נאָך ביר. אַכצן פלעשער ביר אַ טאָג האָט דער דאָזיקער פּוזשיצער פּריץ אין זיך אַריינגעגאָסן. אַזוי טאָג־איין, טאָג אויס. דאָס האָט געגעבן אַהרקעס עלטערן „שיין" פּרנסה און אויך זיין פעטער אריהן.

טייל מאָל איז אָנגעשטאַנען ביי אַהרקעס טאַטע־מאַמע אַ שטיקל „פלוגתא". וואָס טוט מען מיט אַן אומגעריכטן גאַסט, וואָס איז אָנגע־פאָרן פונקט דעמאָלט, ווען אַלע חדרים זענען געווען פאַרנומען?

מ׳קאָן דאָך אים נישט לאָזן אַוועקגיין ערגעץ אַנדערש! נו, האָט מען דעם גאַסט באַזעצט אין די קינדערס שלאָפשטוב — און די קינדער האָט מען אַוועקגעשיקט זוכן נאַכטלעגערס ביי קרובים. אַז אַזאַ צופאַל האָט געטראָפן אין זומער, איז עס נישט געווען קיין מלער. די חברה יונגוואַרג איז אַוועק שלאָפן אין דער היי, וואָס אויפן בוידעם פון דער שטאַל.

אהרקען האָט דאָס וואַנדערן נישט געאַרט. ער האָט אפילו געקאָנט שלאָפן אויף דער נאַקעטער ערד. איין מאָל, צוהערנדיק זיך צו אַ דרשה פון אַ מגיד אין דער שול, איז ער איינגעשלאָפן אויף אַ באַנק לעבן דעם גרויסן טיש, וואָס ביי דער טיר. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. אַז ער האָט דערזען דעם ארון־קודש, פאַרדעקט מיט אַ פּרוכת, אַ ליידיקע בימה, און אַרום איז פּוסט, איז אים אַ שרעק באַפאַלן. ער האָט זיך דערמאָנט אין די מעשיות וועגן טויטע, וואָס קומען ביינאַכט אין שול ליינען די תורה. ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט אַלערליי געשיכטעס וועגן מתים, שדים און פאַרשידענע מינים רוחות, וואָס געוועלטיקן איבער דער וועלט, ווען די נאַכט פאַלט צו, דער עיקר נאָך האַלבער נאַכט. איינער פון די יינגלעך אין אהרקעס חדר האָט זיך אַ סך אָנדערציילט וואָס מיט אים אַליין האָט געטראָפן. אַלערליי שטוקעס האָט אים אָט די חברה אָפּגעטאָן. ער איז קוים מיטן לעבן אַרויס. זיינע דערציילונגען האָבן געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די קינדער, ס׳איז געווען אַ גליק פאַר אהרקען וואָס די שול־טיר איז נישט געווען פאַרשלאָסן. בליצשנעל איז ער אַרויס אין גאַס. דערנענטערט זיך צום הויז האָט ער געטראָפן דעם פאָטער אויפן גאַניק.

— פון וואַנען קומסטו אַזוי פרי? — האָט דער פאָטער, אַ פאַרחידושטער, אַ פרעג געטאָן.

פון צו פיל טומל אין הויז און פאַרנומענקייט מיט אורחים האָט דער פאָטער נישט באַמערקט, אַז אין שטוב פעלט זיינס אַ קינד. און נישט נאָר ער — אויך נישט די מוטער.

אחוץ מיט פרנסה איז אהרקעס פאָטער אויך געווען פאַרנומען אין שול. יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווענען און צווישן מנחה־מעריב האָט ער מיט אַן עולם געלערנט אַ בלאַט גמרא, אָדער אַ פּרק משניות. אויך איז ער געווען פאַרנומען אַרום דער נייער שול, וואָס מ׳האָט

געבויט. און נישט פּשוט פּאַרנומען, נאָר מיט לייב און לעבן איז ער געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. דאָס גאַנצע בויען איז געווען אונטער זיין השגחה. און ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן האָבן מענטשן דערויף געזאָגט, אַז זי איז אַ צאַצקע, און אים, אברהם איטשע, ס׳הייסט אַהרקעס פאָטער, האָבן זיי באַשטימט פאַר אַ גבאי.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך איז לולין, וואָס האָט געהאַט אַ קיימאַ׳לן פון 400 ביז 500 יידישע נפשות, געווען פינאַנציעל אויף אַ העכערער מדרגה. פונדעסטוועגן זענען דאָרטן געווען גענוג נויטליידנדיקע יידן, וואָס האָבן באַקומען הילף אַ גאַנץ יאָר. מילא, ווען מעות חיטים איז דאָך אָפּגערעדט. קיין איין ייד איז נישט געבליבן אָן מצה, וויין און שאר־ירקות אויף פּסח. באַזונדערס איז געווען אָן ענין — לחם עניים. אַלע פּריוואַטיק זענען יידן אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז קלייבן געלט פאַר אָרעמע־לייט. אויך האָט מען צונויפּ־גענומען געלט פאַר משולחים פון ישיבות און פאַר מגידים, וואָס האָבן מכבד געווען דעם עולם אין שול מיט שיינע דרשות, וואָס מאַנסבילן זענען פון זיי שטאַרקער דורכגענומען געוואָרן מיט אמונה, מיט פאַרכט, און ווייבער אין דער עזרת־נשים האָבן געקלאָגט. אויך איז געווען אָן ערנסטער ענין די הכנסה פון רב. מ׳האָט נישט געוואָלט ער זאָל, חלילה, ליידן נויט. אויך איז דאָס באָד מיט דער מקווה געווען פון נישט קליינער זאָרג. און אַלעמאָל און אומעטום איז מיט לב ונפש געווען אַריינגעטאָן אַהרקעס פאָטער, דער שיינער מאַנספּאַרשוין און גרויסער למדן.

בקיצור, אין הויז האָט מען געפונען צייט פאַר אַלץ און אַלעמען, אָבער נישט פאַר די קינדער. זיי זענען געווען ווי מחוץ למחנה. קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. און דאָך, שבת ביים מאָלצייט, ווען קיין אורחים זענען נישט געווען ביים טיש, האָט דער פאָטער מדריך געווען די קינדער, אַריינגעזאָגט אַ שפּאָר ביסל מוסר און געלערנט זיי ווי זיך צו באַגיין מיט מענטשן, אויך נישט כאַפּן די המוציא חלה, נישט אָנשטאָפּן דאָס מויל ביז דערוואָרגן צו ווערן, מאַכן אַ ברכה אויף אַלץ וואָס מ׳עסט, בענטשן און דאַווענען מיט כוונה. און די מוטער האָט אינצווישן אַריינגעוואָרפן אירס אַ באַרימטע באַ־מערקונג: „ביי לייטן קינדער...״ ס׳הייסט, ביי לייטן זענען די קינדער גוט און וואויל, נאָר אירע קינדער זענען נעבעך — — —

## 11.

# אַהרקעס אַפּעטיט

אַהרקע האָט מקנא געווען זיינע חברים, די קינדער פון אָרעמע עלטערן. גאָר פּשוט. ווען זיי זענען פון חדר געקומען אַהיים עסן, האָבן זייערע מאַמעס געהאַט עפּעס צוגעגרייט פאַר זיי, פון דעם וואָס איז געווען אין הויז, אָבער צוגעגרייט האָבן זיי געהאַט. נישט אַזוי אָבער ביי אַהרקען אין הויז. אַז ער און די אַנדערע קינדער זענען געקומען פון חדר, האָט די מוטער נישט געהאַט קיין צייט אפילו זיך אומצוקוקן אויף זיי. אַז זיי האָבן געבעטן, „מאַמע, עסן...", איז דער ענטפער געווען:

— נעם ברויט מיט פּוטער.

— איך וויל זופּ!

— נישטאָ. מאָרגן, איבערמאָרגן וועסטו האָבן זופּ.

זייער אָפט האָט דאָס אַהרקען פאַרדראָסן — און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און געוויינט הויך אויפן קול. צייטנווייז האָט זיין וויינען געהאָלפן. די מוטער האָט דעמאָלט אָפּגעקאָכט אַן איי און עס צעשניטן אויף צוויי גלייכע חלקים. איין חלק פאַר אים, אַהרקען, און דער צווייטער פאַר זיין ברודער אליהון, אָדער פאַר נחמן. מייסטנס פאַר אליהון, וואָרעם ער איז געגאַנגען מיט אַהרקען אין זעלבן חדר.

וואָס אמת איז אמת, זיינע ברידער זענען געווען שטילע, גע־האָרכזאַמע. זיי האָבן נישט דאָקוטשעט זייער פאַרהאָרעוועטער מוטער ווי דאָס האָט געטאָן אַהרקע. נאָך אַלעמען, וואָס איז געווען שלעכט ברויט מיט פּוטער? פאַר אַ סך קינדער וואָלט דאָס געווען אַ גוט מאָלצייט. אַהרקע האָט זיך אָבער געבריקעט. אַמאָל פאַר אַ נאָווינע האָט די מוטער אַריינגעשטופּט אַהרקען אין האַנט אַ קאָפּיקע און מיט כעס אַ זאָג געטאָן:

— נאַ, טרייפענער האָלדז! הער שוין אויף צו וויינען. נעם די קאָפּיקע, גיי צו דער מומע נעכען און קויף זיך כאַלוואַ.

„טרייפענער האָלדז" האָט זי אים גערופן דערפאַר, ווייל ער איז אַלעמאָל געווען אַ בעלן אויף זיסע און פעטע מאכלים. אויב ער האָט דאָס נישט געקראָגן מיט גוטן, האָט ער עס אַרויסגעקראָגן דורך געבן לאַנגע וויינענדיקע „קאָנצערטן", אָדער אויף אַן אַנדערן דאָקוטשענדיקן

אופן, אפילו אַזאַ וואָס איז גאָרנישט עטיש. דהיינו, שבועותדיקע פּוטער־קיכלעך האָט די מוטער אויסגעטיילט איין שטיקל צו אַ קינד. דאָס איבעריקע האָט זי פאַרשלאָסן אין אַ שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין פּידהויז, לעבן דער סוכה. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט פאַר אַהרקען געהאַט איין פּוטער־קיכל? אפילו נישט גענוג אויף איין צאָן. איבער־הויפּט ווען אַ גאַנץ יאָר האָט ער דאָס אפילו פאַר די אויגן נישט געזען. איז וואָס האָט ער געטאָן?

אַהרקע האָט אויסגעפונען אַ פאָרטל ווי צו עפענען די שאַפע, אַרויסגענומען פון דאָרט עטלעכע פּוטער־קיכלעך, אַריינגעלייגט זיי אין די קעשענעס, אַוועקגעמאַרשירט ערגעץ אין אַ ווינקל אין דרויסן און דאָס אַריינגעריבן מיט גרוים אַפּעטיט.

אָדער קאָמפּאָט. אַ גרויסער טאָפּ מיט קאָמפּאָט, געמאַכט פון ראָזשינקעס און פלוימען, איז געשטאַנען אין שאַפע — פאַר אורחים. דאָס האָט געהויפּט. אַהרקע און די קינדער האָבן דאָס נישט טועם געווען, סיידן ס'האָט אָנגעהויבן זויערן. אָבער אַהרקע האָט דווקא ליב געהאַט אַ פרישן זיסן קאָמפּאָט. איז וואָס טוט ער? ער האָט זיך דער־קליבן צום טאָפּ און בחפזון זיך אָנגעזופּט אויף וויפל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. פּטרן צו פיל צייט אָרום דעם טאָפּ האָט ער מורא געהאַט, טאָמער גיט מען אָן עפן די טיר פון דער קיך גלייך אים אין פּנים אַריין, בעת ער האַלט דעם טאָפּ מיטביידע הענט. ס'וואָלט געווען זייער אַ מיאוסע מעשה.

אָדער עפּל און בארן. דאָס האָט די מוטער יעדעס מאָל באַהאַלטן אויף אָן אַנדער אָרט. צוליב וואָס און פאַר וועמען האָט זי זיי געקויפט, אַז זי אַליין האָט פון דעם נישט פאַרזוכט? אַהרקען האָט גענומען אַ ביסל צייט אויסצוגעפינען דאָס באַהעלטעניש און צוטיילן זיך „מעשר" לויט דעם סכום. איין מאָל האָט ער, ווי געוויינלעך, געזוכט, אָבער נישט געקאָנט געפינען. געוואוסט האָט ער, אַהרקע, אַז די מוטער האָט אָקאָרשט געקויפט עפּל פון וואָגן ביים סטאַראָבינער ייד. וואוהין זענען זיי אַוועקגעקומען? ער איז אַריין אין דער סוכה, וואָס איז געווען צוגעבויט צום הויז, און ער האָט דערשפּירט אַ ריח פון עפּל. ער האָט גענומען נישטערן אין אַלע ווינקעלעך — נישטאָ. ווי אין וואַסער אַריין. ער האָט שוין געהאַלטן ביים אויפגעבן דאָס זוכן. ערשט, ער דערזעט אַן אומשולדיקע רעשטע הענגט אויף אַ וואַנט. זאָל דאָס אפשר

האלטן דער מוטערס סוד? ער איז צו, א הייב געטאָן די זיפּ און — —
ער האָט געטראָפן. רויטע עפּעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן קייקלען אַראָפּ
צום דיל פון דער סוכה. ער האָט גענומען א חלק און די איבעריקע
צוריקגעלייגט.

שבתים האָט אהרקע, און די קינדער, געהאַט גוטע מאכלים:
געפילטע פיש, פלייש, חלה, א געשמאַקן טשאָלנט און א פעטן קוגל.
א צרה איז אָבער געווען ווען די סלוצקער שמידן האָבן זיך באַוויזן.

א גאַנצע וואָך זענען זיי אַרומגעפאָרן מיט וועגענער איבער די
דערפער. די וועגענער זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט הילצערנע רעדער,
אַרומגעצויגן מיט אייזערנע רייפן, און אַנדערע חפצים וואָס האָבן
געהאַט א שייכות צו פערד און וואָגן. די דאָזיקע אַלע זאַכן האָבן זיי
פאַרקויפט צו די פּויערים. אָט די שמידן, פינף אין צאָל, האָבן געהאַט
א טבע אַריינצופאָרן אין דעם אַריינפאָר־הויף פון אהרקעס עלטערן
אומגעריכטערהייט, נאָך ליכט־בענטשן. די מאָלצייטן פאַר די שבתדיקע
סעודות זענען שוין געווען אָפּגעקאָכט. אויך דער טאָפּ הייסע ציקאָריע
פאַר שבת אינדערפרי און דער מעשענער ליאַק מיט זודיקער טיי
אויף נאָכמיטאָג זענען שוין געווען אַריינגערוקט טיף אין דעם הייסן
אויוון, דאָרטן וואו ס'איז געשטאַנען דער טשאָלנט, און פאַרקלעפּט
מיט נאַסן זאַק־לייוונט, כדי איינצוהאַלטן די היץ אינעווייניק. און
איצט, נאָך ליכט־בענטשן, איז דאָך שפּעט צו קאָכן פאַר פינף אורחים!
אפילו פאַר איינעם טאָר מען דאָך שוין גאָרנישט טאָן! וואָס־זשע טוט
מען? מ'קאָן דאָך נישט לאָזן יידן עסן ברויט מיט הערינג אין שבת.
דער פאָטער און די מוטער זענען געפאַלן אויף אַן עצה. זיי האָבן
אהרקען און די אַנדערע קינדער משלח געווען פון טיש און געהייסן די
שמידן פאַרנעמען די ליידיקע פּלעצער.

אהרקע האָט נישט געקאָנט מוחל זיין דעם טשאָלנט און דעם
קוגל, אַזעלכע טייערע מאכלים, וואָס ער האָט אויף זיי געוואַרט א
גאַנצע וואָך. אָבער גיי שריי חי וקים.

אמת, דער טאַטע און די מאַמע האָבן זיך געערגערט. זיי האָבן
נישט געזוכט אַזעלכע פאַרדינסטן אויפן חשבון פון זייערע קינדער.
אָבער וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן?

אהרקע איז געווען שטאַרק אין כעס אויף די שמידן, הלמאי זיי
קלייבן זיך אויס, ווי אומיסטנע, צו קומען צו זיינע עלטערן דווקא נאָך

ליכט־בענטשן, ווען דער אויוון איז שוין געווען פֿאַרזיגלט און מ׳קאָן שוין גאָרנישט צוקאָכן. נישט איין שבת האָבן זיי פֿאַרשטערט.

ערב יום־כּיפּור, הושענא רבה און פּורים האָט די מוטער געמאַכט קרעפּלעך, אָנגעפּילט מיט פֿלייש. אַט דער איינגעוואָרצלטער מינהג איז געווען כּמעט ווי אַ דין, וואָס אַהרקעס מוטער האָט אויף אים קיינמאָל נישט עובֿר געווען. אַז ס׳איז געקומען צום ענין קרעפּלעך איז דאָס פֿאַר אַהרקען שוין אינגאַנצן געווען אַ מזל זאַך.

צום טיש האָט די מוטער געבראַכט די קרעפּלעך אין אַ פּאַלומעסיק, געמישט מיט זופּ, און אויסגעטיילט דאָס מיט אַ קאָכלעפֿל. קרעפּלעך האָבן אַ טבֿע זיך אַרויסצוגליטשן פֿון אונטער דער האַנט. ס׳טרעפֿט: אַט, אַט האַלט שוין אַ קרעפּל ביים אַריינפֿאַלן אין אַהרקעס טעלער, און מיטאַמאָל גיט זיך דאָס אַ גליטש אַראָפּ צוריק פֿון וואַנען ס׳איז געקומען. יעדעס מאָל האָט דאָס הערצל ביי אַהרקען געצאַפּלט. זיין קרעפּל, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און געקוקט דערויף מיט פֿאַרגרעסערטע אויגן, איז פֿאַרשוואונדן. נישטאָ קיין מזל. כּל זמן די קרעפּלעך זענען נישט געווען אין זיין טעלער איז ער קיינמאָל נישט זיכער געווען מיט זיי.

די אונטערשטע שורה: ער האָט ליב געהאַט אַלע מאכלים, טשאָלנט, קוגל, קישקע, פּוטער־קיכלעך, בלינצעס, לאַטקעס און ועל כּולם — קרעפּלעך. ער האָט זיך ממש נישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט זיי.

אַהרקעס טייער, שוואַר־פֿאַרהאָרעוועט מאַמעלע האָט שטרענג אָפּגעהיט געוויסע מינהגים, ווי זיי וואָלטן געווען דינים פֿון דער תּורה. למשל, פֿאַר יעדן יום־טובֿ האָט זי געבאַקן חלות מיט אויסטערלישע פֿאָרמען, ווי לייטערס, געפֿלאָכטענע קוילעטשעס, קיטקעס, פֿייגל. און פֿאַר ערב יום־כּיפּור האָט זי די חלות באַשמירט מיט האָניק — אַן אָנדייט אויף אַ זיסן יאָר. אויך די פּיר ווינקלען פֿון שטובֿ האָט זי באַשמירט מיט האָניק.

אַהרקע האָט זייער ליב געהאַט דעם ערבֿ יום־כּיפּור. דעמאָלט איז דאָך געווען אַ מיצווה צו עסן. ס׳איז דאָך פֿאַר אַ תּענית! נו, האָט ער געאַכלט לרובֿ: חלה, עוף, קרעפּלעך, זופּ. זיין אַפּעטיט האָט זיך גאָרנישט געלאָזט בעטן. הלוואַי, האָט ער געטראַכט, נאָך אַזעלכע שיינע מיצוות.

איינמאָל איז אַהרקען אָבער יאָ צעשטערט געוואָרן זיין אַפּעטיט.

און דאָס — צו פלייש. געשען איז עס איבער זיינס אַ באַליבטער בהמה. זיינע טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט צוויי בהמות. איינע פון זיי — אַ ראַבינקע. די ראַבינקע איז ביי זיי געווען אַ לאַנגע צייט. אהרקע און די אַנדערע קינדער האָבן זי שטאַרק ליב געהאַט. זי איז געווען אַ שטילינ־קע, אַ שיינינקע, מיט ווייסע פלעקן אויף איר ברוינער פעל. אָפט האָט אהרקע געהאָלפן אַרויסטראָגן צו איר די פּאַילע. און זומער האָט ער זי אַרויסגעטריבן צום פּאַסטעך, ער זאָל זי נעמען אויף פּאַשע. אַלע יאָר, חנוכה־צייט, ווען זי האָט זיך אָפּגעקעלבט, האָט דער טאַטע אַריינ־געבראַכט דאָס קעלבל אין קיך, עס זאָל זיך נישט פאַרקילן אין דער קאַלטער שטאַל, און אויך כדי עס זאָל נישט אויסזייגן די גאַנצע מילך פון דער מוטער. אהרקע און די אַנדערע קינדער האָבן געהאַט גרויס הנאה צו שפּילן זיך מיטן קלייניגקן, דאַרינקן קעלבעלע. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אויפן אַכטן טאָג איז דער שוחט גע־קומען און האָט געקוילעט דאָס קעלבל. אהרקעס מוטער האָט דעמאָלט איינגעטונקען אַ פאָדעם אין דעם קעלבלס בלוט און אים אויפגע־האָנגען אויף דער ראַבינקעס האַלדז — אַ סגולה קעגן בענקשאַפט, זי זאָל וואָס גיכער פאַרגעסן אין איר פאַרשוואונדן קינד. פאַר וואָכן און וואָכן האָט אהרקע געהערט דאָס אומעטיק מעקען פון דער ראַבינקע. ער האָט געהאַט גרויס רחמנות אויף איר.

ווען די ראַבינקע האָט זיך פאַרלאָזט, ס'הייסט, זי האָט אויפ־געהערט געבן מילך, איז דער שוחט מיטן לאַנגן חלף געקומען אין שטאַל און האָט זי, אהרקעס ליבלינג, אויך געקוילעט. די מוטער האָט דעמאָלט געמאַכט אַ טשאָלנט פון דער באַליבטער ראַבינקעס פלייש. יענעם טשאָלנט האָט אהרקע נישט טועם געווען. ס'איז אים געווען פריקרע צו נעמען דער ראַבינקעס פלייש אין זיין מויל אַריין. ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך איר.

— אַז דאָס קינד עסט נישט אַזאַ פעטן, געשמאַקן טשאָלנט — האָט אהרקעס מוטער ביים שבתדיקן טיש זיך אָנגערופן — איז עפּעס נישט גלאַט מיט אים.

זי איז געווען גערעכט.

יעדנפאַלס, דער צעשלאָגענער אַפּעטיט ביי אהרקען האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

אין אַן אַנדער הויז איז אהרקען אָבער נישט געווען אַזוי פריילעך

מיט זיין אַפּעטיט. למשל, דער מינהג מיט כּיבוד. יום־טוב האָבן אַהרקעס קרובים גערופן איינע די אַנדערע אַהיים אויף כּיבוד. דאָס קליינוואַרג איז אָבער דערביי געווען מחוץ למחנה, אַזוי צו זאָגן. אוודאי זענען די קינדער מיטגעגאַנגען מיט די עלטערן. זיי האָבן נישט געוואַרט אויף קיין ספּעציעלע „פּריגלאַשעניעס”. צום טיש זענען זיי אָבער נישט פאַרבעטן געוואָרן. אויפן טיש זענען געווען אויסגעלייגט אַ סך גוטע געבעקסן, ווי טאָרט, האָניק־טייגלעך, פלעדל, אויך סלוצקער פלאָדן. די סלינע האָט ביי אַהרקען און די קינדער גערונען פון זייערע מיילער. איז ווי לאַנג קאָן אַזאַ בחורעץ ווי אַהרקע אויסהאַלטן? און ער האָט טאַקע נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך צוגעשאַרט צום טיש, אַרויפגערוקט זיין האַנט אויפן טישטעך און, כּהרף־עין, אַ שלעפּ געטאָן וואָס נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. אוודאי, אַז מ'האָט אים אַ מאָל געכאַפּט, האָט ער געקראָגן די ריכטיקע פּאַרציע מוסר, ווי אַזוי אַ יידיש יינגל דאַרף זיך אויפפירן צווישן לייט. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשוואַכט זיין אַפּעטיט.

כּדי צו שטילן זיין לעכצן צו זיסקייטן האָט זיך אַהרקע נישט פאַרלאָזט בלויז אויף דעם וואָס ער האָט געקראָגן דאָ און דאָרט. ער אַליין האָט זיך שטאַרק באַמיט צו קריגן פון ערגעץ עטלעכע מטבעות און קויפן וואָס זיין האַרץ גלוסט. און ס'איז אים געלונגען. חנוכּה איז ער געווען דער ערשטער צונויפצוקלייבן זיין חנוכּה־געלט — און דער ערשטער דאָס אויסצוגעבן אויף זיסקייטן, דער עיקר אויף כאַלוואַ. זיין גאַנץ צונויפגעקליבן פאַרמעגן איז באַשטאַנען פון 18 קאָפּיקעס. אַלע יאָר די זעלבע סומע. ס'איז געווען אַ באַשטימטע צאָל קאָפּיקעס וואָס יעדע משפּחה פון די קרובים האָט געגעבן, אָנהייבנדיק פון איין קאָפּיקע ביז דריי. פּאַרטאָג האָט ער שוין אָנגעהויבן לויפן פון הויז צו הויז. די מומע חנה האָט זיך איין מאָל אָנגעבייזערט אויף אים:

— זע נאָר ווי ער איילט זיך דאָס אַזוי! ס'איז נאָך פינצטער און ער איז שוין דאָ.

דעם שענסטן קבלת־פּנים האָט ער געקראָגן פון דעם פעטער משה און דער באָבע שפּרינצע. מיט אַ ברייטן שמייכל האָבן זיי אים אונטערגעטראָגן דעם קופּערנעם דרייער, ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר.

דאָס זעלבע אין פּורים. אגב, איינמאָל ווען ער איז נאָך געווען אַ

צוציק און ס'האָט זיך אים נאָך אפילו נישט געהאַט געחלומט, אַז פּורים קאָן מען מאַכן אַ „שפּאַר" ביסל געלט, איז די מומע פינקל אַריינגעקומען צו זיינע טאַטע־מאַמע אין הויז און האָט זיך וואוילעריש צעזונגען:

— היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס. גיט מיר אַ גראָשן און טרייבט מיך אַרויס.

דאָס איז אַהרקען זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן. נישט פאַר־לירנדיק קיין צייט איז ער אַוועקגעלאָפן צו זיינע קרובים פון הויז צו הויז און אָפּגעזונגען דאָס זעלבע לידל. אָט אַזוי האָט ער צונויפגעקליבן עטלעכע קאָפּיקעס.

ביי איינער פון די קרובים, ביי דער מומע חנה, האָט ער אָבער איין מאָל געכאַפּט אַן אָפּשניט וואָס האָט אים געפירט צו אַ גרויסער אַנטוישונג. כאָטש זי האָט אים גאָרנישט געגעבן, האָט זי אים נאָך גענומען פאַרוואַרפן:

— איין מאָל אַ יאָר איז גענוג אַרומלויפן בעטן געלט, און דאָס איז חנוכה...

שפּעטער, אַז ער איז געקומען אַהיים פון אַזאַ פּורים־אַרומ־לויפעניש, האָט דער פאָטער אים דערלאַנגט אַ היפּשע פאַרציע מוסר:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ דרך אַרומצושלעפּן זיך בעטלן איבער די הייזער?

אַהרקע האָט תּופס געווען, אַז אין דער צווישנצייט איז דאָ געווען די מומע חנה און זי האָט פאַרגעוואָרפן דעם פאָטער, למאַי אַזוי און אַזוי. אַהרקע האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און איז אַרוים מיט אַ קעגן־טענה צום פאָטער:

— פאַרוואָס מעג מען חנוכה?

— מילא, קלייבן חנוכה־געלט — האָט דער פאָטער מחנך געווען דעם יונגן אַהרקען — איז שוין אַן אַלטער מינהג. פּורים, אָבער, שיקט מען שלח־מנות. יעדער יום־טוב האָט זיך זיינע פירונגען, און דו דאַרפסט נישט איינפירן נייע.

און דער פאָטער האָט אים גלייך באַפוילן — באַלד אָפּטראָגן צוריק יעדן זייערע גראָשנס.

סיוויי האָט זיך אַהרקעס אַרומלויפן „איבער די הייזער" שוין לאַנג נישט געהאַלטן. זינט ער איז געוואָרן אַ בחור פון צען יאָר און האָט אָנגעהויבן לערנען ביים פעטער משה זענען אָט די „נאַריש־

קיטן" זיינע פאַרשוואונדן. קיין זכר איז נישט געבליבן. דאָס לערנען האָט פאַרכאַפּט זיין גאַנץ וועזן. קיין אַנדערע זאַך איז אים נישט אָנ-געגאַנגען. אפילו דער ענין אכילה האָט אים מער נישט גערייצט. דאָס צונעמעניש „טרייפענער האַלדז", וואָס ער האָט געהאַט אין דער היים, איז אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן פון אים. די ברכות פאַרן עסן און דאָס בענטשן נאָכן מאָלצייט זענען פאַר אים געוואָרן דער עיקר.

## .12

## אַוועק פון דער היים

אין עלטער פון צוועלף יאָר איז אַהרקע, אויך זיין ברודער אליהו, אָנגעקומען לערנען צו ר' נחמיהן אין סלוצק. די באָבע שרה-העניע — דעם פאָטערס מוטער, זייער אַ פרומע — איז מיטגעפאָרן מיט זיי. זי האָט געדונגען אַ דירה און באַשטעלט „טעג" פאַר זייביידן.

פרייטיק און שבת האָבן זיי, אַהרקע און אליהו, געגעסן ביי די טאַמאַשאָווס, וואָס זייער הויזגעזינד איז באַשטאַנען פון זיבן זין און צוויי טעכטער. די דאָזיקע איידעלע טאַמאַשאָווס האָבן געהאַט אַן אייגן הויז אין אַ זייטיק געסל און אַ ביכער-קראָם אויף דער שאָסיי-גאַס, וואו אַלע גרויסע געשעפטן האָבן זיך געפונען.

די אָנפירערין פון דעם גאַנצן מיסחר איז געווען די באַלעבאָסטע באַשע. אין דער קראָם האָבן איר אַרויסגעהאָלפן די עלטערע צוויי זין און איר מאַן סענדער. ער איז געווען אַהרקעס פאָטערס אַ שוועסטער-קינד. באַשע האָט אַלץ געטראָגן אויף איר קאָפּ, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט יידישער און וועלטלעכער קענטשאַפט, מיט שכל און דימיון. זי האָט זיך באמת פאַרדינט אָנגערופן צו ווערן: אשת-חיל. זייער אָפט האָט זי געמוזט אַרומלויפן זוכן אַ גמילות-חסד כדי צו דעקן די וועקסלען, וואָס זייער צאָל-דאַטע האָט געהאַלטן ביים ענדיקן זיך.

פון דאָנערשטיק ביינאַכט אָן אַ גאַנצן פרייטיק האָט באַשע צוגעגרייט די שבתדיקע מאָלצייטן מיט געגוג חלות, אייגן געבאַקענע. אויך האָט זי געריייניקט, געוואַשן, געסקראָבעט, אַלץ לכבוד שבת. ביים לאַנגן טיש, באַדעקט מיט אַ ציכטיק ווייס טישטעך, זענען געווען אויסגעזעצט אַ קיימאַ-לן פון זיבעצן נפשות. צווישן זיי — באַשעס

שוועסטער, אַן אלמנה, מיט צוויי קינדער. ס'איז ממש געווען צו באַוואונדערן ווי אַזוי אַ פרוי, איינע אַליין, האָט געקאָנט, אחוץ דאגת־פרנסה, צונויפשטעלן דריי אויסגעצייכנטע שבתדיקע סעודות פאַר אַזוי פיל מענטשן. וועל כולם האָט זי נאָך געהאַט צו זאָרגן וועגן טאָן גוטע שידוכים מיט אירע דערוואַקסענע זין. מיט דעם עלטסטן זון, משה, אַ גרויסער לערנער, האָט זי נישט געהאַט קיין גרויסע דאגה. זי האָט אים צונויפגעפירט מיט אַ רבס אַ טאָכטער. דאָס איז פאַר איר געווען אַ געהויבענע דערגרייכונג, וואָרעם זי אַליין איז געווען די טאָכטער פון אַן אָרעמען איינבינדער. אָבער גרויסע צרות האָט זי געהאַט פון איר שטומען זון, הערצל. אַז ער האָט זיך דערוואוסט, מ'גרייט זיך צו משהס חתונה, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן סקאַנדאַלן, אפילו געבראָכן שויבן, און דווקא אין שבת. זיינע יינגערע ברידער, שטאַרקע חברה־לייט, האָבן מיט גרוים אָנשטרענגג אים קוים געקאָנט איינצאַמען. נאָכדעם איז ער אָבער אַלץ נישט רואיק געווען. ער האָט אריבערגעלייגט זיין רעכטע האַנט איבער דער לינקער און געפירט מיט איר אַהין און צוריק ווי אַ פידלער. די משפחה האָט זיך געכאַפּט, אַז ער וויל אויך חתונה האָבן — און קלעזמאָרים זאָלן שפּילן.

באַשע האָט אים טאַקע חתונה געמאַכט מיט אַן אָרעמער יתומה און זיי געהאַלטן ביי זיך אין הויז.

די גוטע שבתדיקע מאָלציטן ביי באַשען זענען אין אַ סך פּרטים געווען היפּש אַנדערש ווי ביי אַהרקען אין דער היים. די געפילטע פיש זענען געווען פאַרזיסט, נישט ווי די געפעפערטע פיש ביי זיין מוטער. טייגעכץ האָט פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון דעם היימישן זיס־און־זויערן קוגל. און דער מוטערס פעטע פוסנאָגע אינדערפרי און די פעטשאַ צו שלש־סעודות האָבן אויסגעפעלט. דאָך, נישט געקוקט אויף דער אַנדערשקייט, זענען די געריכטן ביי באַשען געווען גרויסאַרטיק. דערצו די דברי־תורה ביים טיש! ס'איז געווען אַ נחת־רוח פאַר דער נשמה. שבת ביי באַשעס טיש איז געווען דער טאָג פון אַלע טעג, וואו אַהרקע האָט זיך נישט געפילט פרעמד. צוגעהאָלפן צו דעם האָט, אָן ספק, די איידלקייט פון דער גאַנצער משפחה. זיי זענען אַלע געווען גוט צו אים, אַהרקען, און צו זיין ברודער אליהו.

אַנדערש איז געווען מיט די „טעג" אין אַנדערע הייזער. כאָטש דאָס עסן אין אַנדערע הייזער איז געווען רעגלמעסיקער און בעסער

ווי אין דער היים, דאָך איז עס אַהרקען נישט איינגעגאַנגען. עסן ביי פרעמדע טישן איז געווען אַן אַפּקומעניש. דאָס גאַנצע עסק פון „עסן טעג" האָט ביי אים אויסגעקוקט קאָמיש און טראַגיש: גיין עסן צו פרעמדע לייט יעדן טאָג אין אַן אַנדער הויז. ס'האָט זיך ביי אַהרקען אין קאָפּ נישט געקאָנט פּאַטויפען, אַז ער, אַ קינד פון באַלעבאַטישע טאַטע־מאַמע, זאָל זיך דאַרפן אַרומשלעפּן איבער די הייזער ווי אַן אָרעמאַן. ווי האָט אָבער די קאָץ געקאָנט קומען אַריבער דעם טייך? אויסהאַלטן אַ קינד אין דער פרעמד מיט אַ דירה און עסן האָט מען דאָך נישט געקאָנט. און לערנען מוז מען דאָך! די החלטה איז דערפאַר געווען: אַלע יידן, אייגענע צי פרעמדע, דאַרפן אַרויסהעלפן. אויף אַזאַ אופן זענען אַרויסגעקומען אַ סך רבנים, וואָס דערויף האָבן אַ סך עלטערן טאַקע געהאָפט, בתוכם — אַהרקעס טאַטע־מאַמע.

כאָטש אַלע זיינע טעג זענען געווען ביי קרובים, דאָך האָט זיך אַהרקע געפילט כעני בפתח. ס'איז אים פריקרע געווען דאָס עסן. צוויי מאַלצייטן האָט מען געגעבן דעם טאָג־עסער. אינדערפרי, צום אָנביים, האָט ער געקראָגן דאָס באַוואוסטע סלוצקער ציבעלע־פּלעצל, אַ שטיקל קעז און אַ גלאָז טיי. ביי־טאָג, זופּ מיט אַ ברעקל פלייש און ברויט. אָנשטאָט וועטשערע, דעם דריטן מאַלצייט, האָט ער געקראָגן צוויי, אָדער דריי קאָפּיקעס. ס'האָט געהייסן: קויף זיך דערמיט שפּייז, אָנישט, שפּאָר עס אָפּ. טו מיט דעם וואָס דו ווילסט. דו האָסט די ברירה בידך.

אַהרקע האָט גרויס הנאה געהאַט פון די צוויי־דריי קאָפּיקעס, כאָטש ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט פּשוט גענומען אַ נדבה. ער האָט מיט דעם געקאָנט איינהאַנדלען, מעשה באַלעבאָס, אַ באַר, אָדער גריבענעס מיט ברויט ביי די טישלעך אויפן מאַרק און עסן דאָס ביי זיך אויף דער קוואַרטיר.

זיין ברודער אליהו איז געווען אַ שפּאָרער. ער האָט געקליבן די קאָפּיקעס און זיך באַנוגנט מיט צוויי מאָל עסן אַ טאָג. אייגנטלעך איז געווען שווער צו וויסן צי ס'האָט אים געהונגערט, אָדער נישט, ווייל ער האָט געשוויגן. בכלל איז ער געווען שטיל, ווי אַ טויב, צופרידן מיט זיין גורל. אַהרקען האָט ער באַטראַכט פאַר אַן אויסברענגער, אַ זולל וסובא.

ס'זענען געווען אַ סך ישיבה־בחורים וואָס האָבן נישט געהאַט

אזא זכות. פאר זיי איז געווען שווער צו קריגן „טעג”. פאר יעדער מכה, זאגט מען, איז פאראן א רפואה. האט זיך געפונען א ייד, א מעקלער פון „טעג”. פאר א קליינעם געצאָלט האט ער אנגעשפּארט אין די הויכע יידישע פענסטער און געקראגן טעג פאר די אָרעמע ישיבה־בחורים. אויך איז געווען א פרייע קיך. מ׳האָט זי גערופן „דער קאָמיטעט”. דאָרט האָט א ישיבה־בחור געקאָנט קריגן איין „טאָג” א וואָך.

צו ביסלעך האָט זיך אהרקע צוגעוואוינט צו זיינע „טעג”. דאָס לערנען איז אים אנגעקומען גרינג. ר׳ נחמיה איז געווען זייער צופרידן מיט אים און ער האָט אים איבערגעזעצט צום גרויסן טיש, ס׳הייסט, אין דער גרויסער כיתה. דאָך האָט ער, אהרקע, געבענקט אהיים.

צייטנווייז, באַהאַלטענערהייט, פלעגט ער וויינען. ער האָט פאַר־געבן אַלע זיינע קריוודעס קעגן זיין ליבער היים. די מענטשן, די ברוקירטע גאסן, די הויכע מויערן פון סלוצק, דער מאַרק — אַלץ איז געווען קאַלט און פרעמד צו אים. פון בענקשאַפט איז ער שיר־נישט קראַנק געוואָרן. ער האָט געמוזט אַריינגיין צו א דאָקטער. נאָכדעם ווי יענער האָט אים באַטראַכט, האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל:

— גיי אַהיים, יינגעלע, ס׳איז דיר גאָרנישט.

און ער האָט אים צוריק געגעבן דעם גילדן, וואָס אהרקע האָט געהאַט אוועקגעלייגט אויפן טיש.

אין יענער צייט פון בענקעניש, האָט מען ביי אים אין סלוצק אַרויסגעשלעפּט א צאָן. דאָס איז געווען דער ערשטער צאָן, דערצו פאַר א געצאָלט פון פופציק קאָפּיקעס. דער צאָן־דאָקטער האָט זיך אפילו נישט מטריח געווען צו לאָזן ווייסן אהרקען, אז ס׳איז אפשר כדאי צו היילן דעם צאָן. וואָס איז דאָ פאַראַן צו צערעמאָניעווען זיך מיט אַן אָרעמען ישיבה־בחורל?

איינמאָל אין א שבת איז אהרקע, צווישן מנחה און מעריב, געווען אין איסרקעס שול. ער איז געשטאַנען לעבן א טיש, וואו יידן זענען געזעסן און האָבן געשמועסט מכוח פאַרשידענע זאַכן. אינדעם איז געקומען צו רייד, צי מען מעג שבת אַרויסשלעפּן א קאָרעק פון א פלעשל וויין כדי צו מאַכן קידוש. איייניקע האָבן געהאַלטן, אז מען מעג, און אַנדערע האָבן זיך געשפּאַרט, אז מ׳טאָר נישט. אין דער גרופּע יידן איז געווען איינער א בלעכער, וואָס איז אַרומגעפאָרן אין די

קליינע שטעטלעך צו פאַרקויפן זיינע אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען, ווי טשייניקעס, טעפלעך, קענדלעך, זייערלעך און ריבאייזנס. רופט זיך אָן אַט דער בלעכער:

— הערט זיך איין, יידן... נישט לאַנג צוריק בין איך געווען אין אַ קליין שטעטל, לולין. דאָרט בין איך איבער שבת איינגעשטאַנען ביי איינעם אַ ייד, וואָס זיין נאָמען איז ר׳ אברהם איטשע. אַזוינע יידן טרעפט מען נישט קיין סך. ער איז אָנגעפּראָפּט מיט תורה און חכמה. און צו זיין פרומקייט איז גאָר קיין שיעור נישטאָ. נו, האָב איך אַליין געזען ווי אַט דער ר׳ אברהם איטשע האָט שבת פאַר קידוש אַרויסגעשלעפּט אַ קאָרעק פון אַ פלאַש וויין. ס׳איז אומזיסט אייער אַמפּערן זיך. אַז אַזאַ ייד ווי ער האָט עס געטאָן, מיינט עס, אַז מ׳מעג דאָס טאָן אָן קיין שאלות.

אַהרקע האָט זיך שיר-נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַן אויסגעשריי: „ער איז מיין טאַטע!״ זיין מויל איז אָבער פאַרקלעמט געוואָרן. אין דער פינצטער האָט ער געשלונגען טרערן פאַר פרייד וואָס ער פאַרמאָגט אַזאַ טאַטען, וואָס מ׳רעדט וועגן זיין גרויסקייט אַזש אין סלוצק.

ביים זעלבן טיש האָבן די יידן זיך צערעדט וועגן חיים-מיכלען דעם מילנער, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַרן גרעסטן גביר אין סלוצק, און ער איז געווען אַ חכם אַ ייד. מ׳האָט פּרובירט שאַצן זיין פאַרמעגן. ס׳זענען אָנגעשטאַנען חילוקי־דעות. מ׳האָט זיך נישט געקאָנט אויסגלייכן וועגן דער סומע. אינדעם האָט זיך דער בלעכער ווידער אַריינגעמישט:

— איר ווילט הערן, יידן, אַ שיינע מעשה וועגן אונדזער חיים-מיכלען? טאָ הערט-זשע. מ׳דערציילט, איינמאָל האָט חיים-מיכל געדאַרפט האָבן אַ בוכהאַלטער. זענען צו אים געקומען אַ סך יונגעלייט בעטן די שטעלע. האָט ער אַריינגערופן אין זיין חדר מיוחד איינעם, אַ צווייטן, און גאָרנישט. קיינער געפעלט אים נישט. האָט מען אָנגעהויבן פרעגן ביי די אַרויסגייערס, וואָס זוכט ער, חיים-מיכל? האָבן זיי געענטפערט, אַז ער פרעגט אַזעלכע שאלות, וואָס פּאַסן פאַר אַ קינד פון פינף יאָר. למשל, וויפל איז צוויי מאָל צוויי? יעדער ווייסט, צוויי מאָל צוויי איז פיר. אָבער חיים-מיכלען איז דאָס נישט געפעלן געווען. איינעם אַ יונגנמאַן איז דאָס אַריין אין נאָז. אַז חיים-מיכל האָט אים געשטעלט די זעלבע פראַגע, האָט דער יונגערמאַן אַרויסגענומען

די פען פון זיין קעשענע און אויף א שטיקל פאפיר האט ער אויס־גערעכנט על־פי אריטמעטיק, צוויי מאל צוויי איז פיר. דאס האט חיים־מיכל געוואלט. נישט רעכענען אויפן קאפ, האט ער באגערט, נאר אלע מאל ניצן די פען. אט דער יונגערמאן איז געווארן חיים־מיכלס בוכ־האלטער.

אהרקע האט גרויס הנאה געהאט פון צוהערן זיך צו די שבתדיקע בין־השמשות שמועסן פון די יידן ארום דעם טיש אין איסרקעס שול, וואו די פינצטערניש ביז מעריב, ווען מ'האט אנגעצונדן די ליכט, האט צוגעגעבן אן איבערנאטירלעכן באדייט. אין דער פינצטער, בעת דער שבתדיקער מנוחה, האבן יידן גערעדט אנדערש. ס'האט זיך געשפירט א מיסטישקייט אין זייער טאן.

אין סלוצק האט אהרקע אנגעהויבן לייגן תפילין. אין א מאנטיק האט מען אים אויפגערופן צו דער תורה אין איסרקעס שול, וואו די ישיבה איז געווען. ס'איז געשען אן לעקעך, אן בראנפן, אן א דרשה און — אן מתנות. די תפילין אליין זענען געווען פאר אהרקען די בעסטע מתנה. ער האט אויף אן אמת דערפילט, אז ר'איז געווארן בר־מיצווה, א פאלנער ייד, וואס דארף אויף זיין אייגענער אחריות מקיים זיין די תרי"ג מיצוות און אויסהיטן זיך פון עבירות. ער האט זיך ארייג־געטאן אין מער לערנען, דאווענען בכוונה און זאגן תהילים. דאס תפילין־לייגן איז פאר אים געווען אן אמתער עונג־רוחני.

ביים סוף פון דריטן זמן ביי ר' נחמיהן האט אהרקע שוין געלערנט א בלאט גמרא מיט רש"י און תוספות אן דער הילף פון א רבין. זיין ברודער אליהו איז געבליבן אין דער קליינער כיתה. קיין גרויסן פארשריט האט ער נישט געמאכט, טראץ דעם וואס ער האט שטארק ליב געהאט דאס לערנען. זיין קאפ איז געווען צו שוואך צו באנעמען די שווערע פילפולים פון דער גמרא. ס'האט אים גענומען צו לאנג תופס צו זיין אן ענין. דאס האט אים שטארק געארט, א סך עגמת־נפש פארשאפט. דאך האט ער נישט געהאט קיין קינאה צו אהרקען, אדרבה, ער איז געווען שטאלץ מיט זיינע דערגרייכונגען. איידלקייט און ליבשאפט האבן ארויסגעלייכט פון זיין פנים. זייענדיק צוזאמען אין דער פרעמדער זענען זיי, אהרקע און אליהו, צוגעבונדן געווארן איינער צום צווייטן מיט אן איבערגעגעבנקייט, וואס האט גארנישט קיין גרענעץ געהאט. יעדעס מאל אויף פסח און ימים־

נוראים זענען זייביידע אַוועק פון סלוצק און געפאָרן אַהיים. די גאַנצע משפחה בית-דוד איז געקומען אין הויז אַריין מקבל-פּנים זיין די ישיבה-בחורים און געשעפּט אַ סך נחת פון זיי. דער עיקר פון אַהרקען.

און אַהרקע גופא האָט אויך אַנדערש נישט געטראַכט. ער איז, לויט אַלע סימנים, טאַקע געגאַנגען אויפן וועג צו רבנות.

## 13.

## דער פעטער יוסף וועלוול

נאָך סוכות איז אַהרקע, אַ בחור פון פערצן יאָר, אַנגעקומען לערנען אין דער באַוואוסטער וואָלאָזשינער ישיבה. דער ראש-ישיבה איז דעמאָלט געווען ר׳ רפאל. דאָרט האָט געלערנט אַהרקעס פעטער יוסף וועלוול, דעם פאָטערס יינגסטער ברודער. ער האָט עס טאַקע צוגערעדט דעם עלטערן ברודער, ער זאָל דעם זון זיינעם, אַהרקען, שיקן אַהין.

אין וואָלאָזשין האָט מען קיין „טעג" נישט געגעסן. אַ קליינע שטיצע פון דער ישיבה און אַ ביסל הילף פון דער היים האָבן געגעבן דעם ישיבה-מאַן אַ מעגלעכקייט זיך דורכצולעבן. מער ווי אַ דירה און פשוט עסן האָט מען דאָך נישט געדאַרפט! די באַלעבאַסטע פון דער דירה האָט געקאָכט איין מאָלצייט פאַר אירע קוואַרטיראַנטן. משולחים צו זאַמלען געלט פאַר דער ישיבה זענען אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, וואו נאָר יידן האָבן געוואוינט.

אין וואָלאָזשין האָט מען אַ תלמיד פון דער ישיבה נישט גערופן ישיבה-בחור, נאָר ישיבה-מאַן. אין נאָמען איז געווען אַ גרויסער חילוק. ס׳האָט פון דעם ישיבה-לערנער אַוועקגענומען די שפּאָטישע באַצייכענונג, ווי בטלן, אָדער באַנק-קוועטשער. די איינוואוינערס פון שטעטל האָבן געקוקט אויף די ישיבה-לערנערס ווי אויף סטודענטן פון אַן אוניווערסיטעט. זיי האָבן געהאַט גרויס דרך-ארץ פאַר זיי. דערצו האָט, אָן ספק, אַ סך בייגעטראָגן די הנהגה פון די ישיבה-לייט. זיי האָבן זיך געהאַלטן ציכטיק און מיט חשיבות.

אין דער ישיבה איז געווען אַ וועלטלעכע אַטמאָספערע. ס׳האָבן

דארט געלערנט א סך יונגעלייט, וואס זענען געווען גוט באהאוונט אין אנדערע לימודים אחוץ דעם תלמוד. איינער פון זיי איז געווען באוואוסט מיט זיינע אסטראנאמישע קענטעניש. די ישיבה איז געווען אפן א גאנצע נאכט. דעמאלט, אין אהרקעס צייט, האט דארט געלערנט אן אייניקל פון דעם לאדזשער רב ר׳ אליהו. זיין טבע איז געווען ארייננצוקומען 12 בייטאג און לערנען ביז 4 פארטאג. ער איז תמיד געווען ביי זיין שטענדער, טאקע בפועל ממש קיינמאל זיך נישט צוגעזעצט. זיין קול האט מען נישט געהערט. ער איז שטענדיק געווען שטיל, פארטראכט אין הויכע ענינים. בכלל האט יעדער איינער געהאט זיין אייגענעם דרך ווי צו לערנען און וויפל. אויך האט יעדער געהאט די פרייהייט אויסצוקלייבן לערנען וועלכע־ס׳איז גמרא, אדער ספר, לויט זיין הארצס באגער.

ר׳ רפאל האט נישט מער ווי איין מאל, נאך א הפסקה פון א לענגערער צייט, געזאגט א שיעור מיט טיפע פילפולים. די יינגערע תלמידים זענען נישט געגאנגען אים הערן. בלויז די עלטערע, די גוטע לערנערס, האבן זיך צוגעהערט. קיין מוז איז עס אבער נישט געווען, מחמת נישט יעדער האט אים געקאנט פארשטיין. אחוץ דעם איז זיין אויסשפראך געווען א שווערע. בכלל איז ר׳ רפאל געווען א שווייגער. מיט די פראקטישע עסקים פון דער ישיבה האבן זיך פארנומען די משגיחים. ער האט זיך בלויז עוסק געווען אין תורה און מעשים טובים.

ס׳זענען אויך געווען קאמישע לייט. איינער א ישיבה־מאן האט געהאט א טבע צו האלטן די גמרא איןביידע הענט און שפאצירן פון איין וואנט צו דער אנדערער. א צווייטער האט זיך שטארק געשאקלט פון מזרח צו מערב, אדער פון צפון צו דרום און הויך ארויסגעבראכט זיינע אויסטייטשונגען פון זיין לערנען.

כאטש ס׳איז געווען כולה פרייהייט, דאך האט עס נישט געפירט צו הפקרות. דער שמש פון דער ישיבה, א קורצינקער, מיט א זייער ברייטער בארד, האט פארבארגענערהייט געהאלטן אן אויג אויף די ישיבה־לייט. דאס האט ער נישט געטאן פון אייגענעם ווילן. מ׳האט דאס אים אנגעזאגט פון אויבן... ער האט זיך ארייננגעטאן אין נאכ־קוקן די ישיבה־לייט מיט אלע זיינע רמ״ח אברים. עטלעכע מאל האט אהרקע אים געזען ארומדרייען זיך אונטער די פענסטער פון זיין

דירה, וואו אויך זיין פעטער יוסף וועלוול האָט געוואוינט. אַ סברה, דער שמש האָט געהאַט אַ חשש, אַז דער פעטער קאָן, חלילה, ניכשל ווערן און זינדיקן מיט זיין יונגער באַלעבאָסטע, אַ יפת־תואר, וועמעס מאַן איז געווען אין אַמעריקע. אַהרקע האָט געפילט, אַז דעם שמשס חשד, אָדער פאַרגעפיל פון אַ מעגלעכקייט ביים פעטער אַראָפּצוגליטשן זיך פון דעם דרך הישר, איז געווען אַן אומזיסטער. דער פעטער איז געווען די ערלעכקייט און אָפּגעהיטנקייט אַליין. מיט לייב און לעבן איז ער געווען אַריינגעטאָן אין לערנען גמרא און אַנדערע ספרים. אויך איז ער געווען געבילדעט אין וועלטלעכע לימודים. בקיצור, ער איז געווען אַן אבן־טוב.

איידער דער פעטער יוסף וועלוול איז געקומען קיין וואָלאָזשין האָט ער געהאַט אַ גוטע שטעלע ביי זיין, און אַהרקעס, פעטער איטשע, אַ וואלד־סוחר אין באָברויסק. דעם פעטער איטשעס טאָכטער, שרה מערע איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין איר קוזין, יוסף וועלוול, אָבער אַן זיין קענגזייטיקן אינטערעס. זי איז אים נאָכגעגאַנגען, נאָכגעפאָרן, נישט געוואָלט אָפּלאָזן. ס'איז געווען אַ פיינלעך פאַרליבעניש. אַלע מענטשן אַרום האָבן דאָס געוואוסט און גערעדט וועגן דעם. שרה מערע איז געווען אַ זייער ליבינקע, אַ וואוילינקע, פול מיט חן, מיט אַ שלאַנקער, דינער פיגור. איבער אָט דער גרנעצלאָזער פאַרליבטקייט פון זיין קוזינקע האָט יוסף וועלוול זיך אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע און איז אַוועקגעפאָרן לערנען.

זיין לערנען האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל די שטיצע פון דער ישיבה איז נישט געווען גענוג אויף צו דעקן זיינע הוצאות. פאַר אַ צייט האָט ער געהאַט געקראָגן הילף פון זיין ברודער מרדכי דוד, וואָס נאָכן פאַרענדיקן זיין דינסט ביים רוסישן מיליטער אין סאַראַטאָוו האָט ער דאָרטן געקראָגן אַ גוטן פּאָסטן אין אַ זאַוואָד. אַז די רוסלאַנד־יאַפּאַן מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט אָבער מרדכי דוד, ווי אַ רעזערוויסט, ווידער זיך געדאַרפט צושטעלן צום דינסט. האָט ער באַשלאָסן, אַנשטאָט אַוועקגעשיקט ווערן קיין מאַנדזשוריע, איז שוין בעסער צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. פון דעם רייכן לאַנד האָט מרדכי דוד, אָבער, נישט געקאָנט אַרויסהעלפן זיין ברודער. פשוט דערפאַר, ווייל ס'איז אים דאָרטן נישט געגאַנגען פויגלדיק.

יוסף וועלוול האָט דעמאָלט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו זוכן אַ

שידוך. רייכע יידן זענען געווען גרויסע בעלנים אויף ישיבה־לייט פאר זייערע טעכטער. און נישט איינער פון די גבירים האט געוואָרפן אַן אויג אויף אים. יוסף וועלוול איז טאַקע אָפּט געפאָרן זיך זען מיט כלה־מיידלעך. נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען אַן אַנטוישטער און דער־ציילט וועגן זיינע דערפאַרונגען.

פון זיינע רייד האָט אהרקע תופס געווען וואָס פאַר אַ טיפּ מיידל דער פעטער זוכט.

איינמאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט פאַר אהרקען, אַז ס'איז פון זיין זייט געווען אַ נאַרישקייט וואָס ער האָט נישט חתונה געהאַט מיט דעם פעטער אריהס טאָכטער, באַשע. אהרקע האָט פון דעם גע־דרונגען, אַז מ'האָט אים געשדכנט באַשען, און ווען ער וואָלט צו־געשטימט וואָלט זי אים געווען אויסגעכאַפּט מיטביידע הענט.

באַשע איז געווען אַ מיידל אַ צימעס, אַ פעטע, מיט אַ גרויסן בוזעם. זי האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג... אהרקע האָט דעמאָלט געדענקט ווי די מומע שרה רישע האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט דערציילט זיין מאַמען, אַז ווען באַשע גייט אַריין אין דער מיקווה, איז קיין שענערן גוף האָט זי נישט געזען זינט זי לעבט.

שרה מערע איז געווען דער היפוך פון איר. איר קליין פּנימל האָט אַלעמאָל געהאַט אַ זיס שמייכעלע. און פון אירע אויגן האָט געשפּריצט אַ ים מיט חן. די פיגור אירע האָט אָבער נישט פאַרמאָגט די אייגנ־שאַפט פון באַשעס גוף.

אהרקע האָט זייער שטאַרק באַדויערט דעם מצב. ער האָט געהאַפט, אַז דער פעטער יוסף וועלוול וועט אפשר בייטן זיין מיינונג, וואָרעם שרה מערע האָט, נעבעך, אַ סך געליטן פון אָט דעם פאַר־ליבעניש. אהרקע האָט דאָס באַשיינפּערלעך געזען, ווען ער האָט זי באַגעגנט ביי זיין באָבע שרה הענען, יוסף וועלוולס מוטער, וואו זי איז געקומען זוכן הילף. און ס'איז נישט קיין וואונדער פאַרוואָס זי האָט אים ליב געהאַט. יוסף וועלוול איז געווען אַן אויסנעמלעכער מאַנסביל, שיין אין געשטעל און אין כאַראַקטער. ער איז געווען אַ שם־דבר ביי מיידלעך. אַריסטאָקראַטישקייט איז געווען אויסגעלייגט אין זיין גאַנצער האַלטונג.

פון אים, יוסף וועלוולען, האָט אהרקע אַ סך פּראָפּיטירט גייסטיק. יוסף וועלוול האָט אויסגעפונען, אַז כאָטש אהרקע קען לערנען אַ בלאַט

גמרא, איז ער אָבער שטומפּיק ווען ס'קומט צו תנ"ך. האָט ער אָנגע־הויבן לערנען מיט אים ישעיה און ירמיה. ער האָט זיי אויסגעצייכנט פּאַרטייטשט — און אַהרקע האָט זיי אין זיך גוט איינגעזאַפּט. זיי זענען געוואָרן זיינע ליבלינגס און טיף איינגעבאַקן אין זיין האַרץ.

אין די לולינער חדרים האָט מען געלערנט חומש, אָבער דעם גרעסטן געוויכט האָט מען געלייגט אויף גמרא. די נביאים זענען געווען פרעמד פאַר אַ סך מלמדים. אפילו דער פעטער משה, אַ קענער פון גאַנץ תנ"ך, האָט זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט דער „סוואָרבע", ווי ער האָט דאָס גערופן. אויך ר' נחמיה אין סלוצק האָט לגמרי נישט געפונען פאַר נייטיק צו לערנען זיינע תלמידים עפּעס אַנדערש ווי תלמוד. אַהרקעס פאָטער, אַז ער האָט געהאַט פרייע צייט, האָט יאָ אריינגעקוקט אין תנ"ך. דאָס איז געווען אַ קליין תנ"כל מיט פּיטשינקע אותיותלעך. ער האָט אָבער נישט דערמאָנט די לולינער מלמדים וועגן דער וויכטיקייט פון די נביאים און פון אַנדערע טיילן כתבי־הקודש. און נישט נאָר נישט דערמאָנט — ער האָט דאָס אינגאַנצן פאַרשוויגן.

בקיצור, דאָס ביסל תנ"ך וואָס ער, אַהרקע, האָט שפּעטער געוואוסט, האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם פעטער יוסף וועלוול, דעם משכיל.

צוזאַמען מיט אַהרקען אין דער ישיבה איז געווען אַ זון פון דעם מינסקער רב ר' אליעזר. דאָס איז געווען אַ זשוואַווע יינגל, אין אַהרקעס יאָרן. צוזאַמען האָבן זיי פלייסיק געלערנט די גמרא גיטין. אַהרקע איז געווען אַזאַ בקי אין אירע לאַבירינטן, אַז ער האָט גע־שריבן בריוו צום פאָטער מיט פּילפּולים, וואָס ער אַליין האָט אויס־געמוחט. דער פאָטער האָט זיך געצאַצקעט מיט די בריוו, זיי געוויזן דעם רב פון שטעטל — און דער רב איז געווען אַנטציקט פון די קשיות, פשטלעך און תשובות.

אין גרויס התפעלות פאַר אַהרקעס שאַרפן קאָפּ, האָט דער פעטער יוסף וועלוול שוין אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר אים, וואָס, ווען און וואו צו לערנען, וואָרעם פאַר אים איז נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז צו אַכצן יאָר וועט זיין ברודערס זון קריגן סמיכה אויף רבנות. אויך אַהרקע אַליין האָט אין דעם נישט געצווייפלט.

## .14
# אַלערליי צרות

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן אַ קייט פון שטרויכלונגען, ענג צונויפגעפלאָכטן, וואָס האָבן אַהרקען צעטרייסלט טיף ביזן ביין. ס׳איז מאָדנע וואָס אַלץ איז געשען אין משך פון אַ קורצער צייט. איין דונער נאָכן צווייטן. זיי האָבן נישט אויפגעהערט, ביז אַהרקע איז אַראָפּגעפאַלן צום שאול־תחתיה.

דער אָנהייב איז, אַגב, געווען ווען ער האָט נאָך געלערנט ביים פעטער משה. ער האָט געקראָגן אַ שטאַרקע פאַרקילונג. מ׳האָט דאָס גערופן: גריפּע. זיין חשק צום לערנען האָט אים אָבער מיט אימפּעט געטריבן פון בעט. ער איז צו פרי אַרויס אין גאַס, אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג, נישט געגנוג אויסגעלעגן די קראַנקייט. זינט דעמאָלט איז אַ מין ברעכעניש פאַרבליבן אין זיינע פּיס. דאָקטוירים האָבן געגעבן אַן עצה צו שיקן אים קיין דרוזקעניק, נעמען דאָרט הייסע בעדער, וואָס האָבן געהאַט אַ סאָרט מינעראַל אויף צו היילן אַזעלכע חולאתן, ווי אַהרקעס. איז וואָס טוט מען נישט פאַר אַ צוקונפטיקן רב? האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין דרוזקעניק.

דער באַלעגאָלע, וואָס האָט אים געפירט פון דער באַן־סטאַנציע קיין דרוזקעניק, האָט אַהרקען אָנגעבאָטן אַ געלעגער און מאָלצייטן אין זיין דירה פאַר אַ זייער מעסיקן פּרייז. מיט גרויס פרייד האָט אַהרקע אָנגענומען זיין אָנבאָט. פאַרוואָס נישט? קיין גבירים זון איז ער דאָך נישט געווען. צו פיל מזומן האָט ער נישט געהאַט. דערצו האָט עס אים פאַרשפּאָרט דאָס אַרומגיין און זוכן אַ שטוב מיט עסן.

דעם באַלעגאָלעס „אכסניה" איז באַשטאַנען פון צוויי חדרים און אַ קיך. דער באַלעבאָס און אַהרקע זענען געשלאָפן אין דער פאָדערשטער שטוב, און אין דער צווייטער — די באַלעבאָסטע און אַ יונג ווייבל פון גראָדנע, וואָס האָט אויך גענומען בעדער.

אין דרוזקעניק האָט אַהרקע דערזען אַ נייע וועלט פאַר זיך, נייע פּנימער און אַ נייעם סאָרט לעבן. אַהינצו זענען געקומען נישט נאָר קראַנקע, ווי ער האָט לכתחילה גערעכנט. ס׳זענען דאָרטן געווען אויך געזונטע מענטשן, עולם־הזהניקעס, וואָס האָבן געזוכט אַרויסצוקוועטשן

וואָס מער פֿארגעניגן פֿון דער וועלט. מ׳האָט געמאַכט בעלער, געטאַנצט, געזונגען. מ׳האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַלערליי שפּילערייען. מ׳האָט זיך נאָכגעגעבן דעם אַפּעטיט צו כל־מיני געשמאַקע מאכלים. צווישן די געסט זענען געווען אַ סך יידישע גימנאַזיסטן אין זיין עלטער, אָבער ער, אַהרקע, האָט זיך נישט געקאָנט צונויפרעדן מיט זיי. רוסיש איז אים אינגאַנצן פרעמד געווען, און יידיש רעדן האָבן זיי נישט געקענט, אָדער נישט געוואָלט. ער האָט דערפאַר אָפּט אַרומגעבלאָנקעט איינער אַליין, אַ מאָל אין די שיינע וועלדער, אַ מאָל אין שטאָט־גאָרטן, צוגעקוקט זיך צו אַ וועלט וואָס איז לחלוטין געווען אָפּגעטיילט פון אים. ס׳איז אים געווען זייער אומעטיק, אַזש צום וויינען.

דאָס גראָדנער ווייבל, וואָס איז אויך איינגעשטאַנען ביים בעל־עגאָלע אין דער „אכסניה״, האָט אים פאַרבעטן גיין מיט איר שפּאַצירן אין וואַלד אַריין. אַהרקע האָט עס גערן געוואָלט, נאָר ער האָט זיך געשעמט. ס׳האָט נישט געפּאַסט פאַר אַ וואָלאָזשינער ישיבה־מאַן אַרומ־שלעפּן זיך מיט אַ ווייבל, אַן אשת־איש דערצו. איין מאָל, נאָך לאַנגע ראַנגלענישן מיט זיין געוויסן, האָט ער איר אָנבאָט אָנגענומען.

אויפן וועג איז ער אָבער נישט געגאַנגען זייט ביי זייט מיט איר, נאָר אַ פּאָר טריט אָפּגערוקט. ס׳איז אויסגעקומען אַזוי ווי ער וואָלט יאָ געגאַנגען מיט איר, אָבער ס׳האָט זיך אויך געקאָנט דאַכטן, אַז ער איז געגאַנגען איינער אַליין, פאַר זיך. אין וואַלד האָט זי אויסגע־שפּרייט אַ דעקע אויפן גראָז און אים, אַהרקען, געהייסן זיך לייגן לעבן איר. נאָך אַ קורצן יישוב־הדעת איז ער געקומען צו דער מסקנא, אַז ס׳איז נישט קיין זינד — און ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן עק פון דער דעקע, אָבער אָפּגערוקט פון איר.

דאָס גראָדנער ווייבל האָט אים אָנגעהויבן זאָגן מוסר — אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. זי האָט אים געעצהט איינרעדן, ער זאָל אויסטאָן דאָס „טשיקאָווע״ ישיבה־בחורשע היטעלע, אויפהערן דאַווענען, און אָנהייבן זיך לערנען די רוסישע שפּראַך און אַלגעמיינע לימודים.

— מ׳דאַרף זיך אָנטאָן ווי אַ מענטש און זיין מיט לייטן גלייך — האָט זי געזאָגט און דערביי שפּילעוודיק אַ דריק געטאָן זיין האַנט און אַ קלאַפּ געגעבן אין זיין פּלייצקע, מעשה גוט־ברודעריש.

אַהרקע האָט זיך פאַרלוירן, נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ביז איצט איז אים נישט אויסגעקומען צו זיין אין באַריר מיט אַן אישה,

בפרט מיט אַ פרעמדער. דערצו, אפילו בלויז רעדן דברי־חול איז אַן עבירה. זי האָט געמאַכט אַ מישעניגנע אין זיין קאָפּ. פאַר זיינע אויגן איז זי געווען אַ שטיק לילית. מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים פון בושה האָט ער זי איבערגעלאָזט אין וואַלד און איז געלאָפן אין שול אַריין.

נאָך מנחה האָט ער געעפנט אַ גמרא און גענומען לערנען מיט גרויס כוונה — להכעיס יענער... נאָך אַלעמען, זי איז דאָך נישט קיין בר־סמכא צו זאָגן אים דעות און צעמישן זיינע רעיונות! דערצו האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטיין, הלמאי ס'אַרט זי, און נאָך אַזעלכע מענטשן ווי זי, וואָס עמעצער, אינגאַנצן פרעמד צו זיי, פירט זיך אויף אַנדערש, נישט לויט זייער געשמאַק און איינזען. וואָס קומט זיי אַרויס פון צעשטערן יענעמס אמונה, יענעמס רואיקייט, ווען אַט דער יענער איז צופרידן מיט זיין התנהגות? ס'איז פּונקט ווי גזילה. מ'נעמט אוועק פון יענעם אַ יש, וואָס איז אים שטאַרק ליב, און מ'גיט אים גאָרנישט פאַר דעם. ס'איז אויך ווי צונעמען ביי אַ חולה זיין רפואה, וואָס אַ דאָקטער האָט אים פאַרשריבן. אָן אַ גייסטיקן יסוד, אָן אַ טיפן זין אין לעבן איז דער מענטש אויסגעהוילט. אין פּוסטקייט איז דער מענטש שוואַך צו טראָגן די שווערע לאַסט פון לעבן. דער מענטש נייטיקט זיך אין עפּעס העכערס, אין דערהויבנדיקס וואָס זאָל דערקוויקן זיין נשמה. און אַ טיפער גלויבן גיט דאָס אים. ער שפּירט, אַז נישט נאָר ביים לעבן איז אמונה אַ זאַפט פאַר דער נשמה, אויך שפּעטער, נאָכן טויט, וועט צוליב איר נישט אַלץ פאַרלוירן. אַ געוויסער המשך, האָפט ער, בלייבט. אומגליקלעך איז דער וואָס פאַרלאָזט זיך אויף זיין באַגרענעצטן שכל. זינט דור־דורות זוכט דער מענטש עפּעס אַן אַנשפּאַר, אַחוץ זיינע ליימענע פיס. ס'איז דאָך נישט קיין תכלית צוריק צו קערן זיך צום תוהו ובוהו. אוודאי איז נישט קיין חטא צו צעברעכן, אָבער בלויז דעמאָלט, ווען אַנשטאָט חורבות שאַפט מען עפּעס בעסערס. אין דער עצה פון דעם גראַדנער ווייבל האָט אָהרקע אָבער געזען בלויז צעשטערונג, חורבן. אינגאַנצן איז ער דעמאָלט אַלט געווען פופצן יאָר. מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן איז ער געווען אַריינגעטאָן אין לערנען, אָן קיין שום ספיקות, איז צו וואָס האָט אַט די גראַדנערין געדאַרפט קלאַפּן טשוועקעס אין זיין קאָפּ?

פונדעסטוועגן, למען האמת, האָט ער אין זיך געמוזט מודה זיין, אַז דאָס גראַדנער ווייבל איז געווען די סאַמע ערשטע „זי" וואָס האָט

אין אים, אַהרקען, אויפגעוועקט און אָנגערייצט דעם יצר־הרע צום מין פרוי.

## .15

## נאָך וועגן דאַטשע־לעבן

דרוזקעניק ווי אַ דאַטשע־פּלאַץ האָט אויך צוגעצויגן אַלערליי חברה־לייט, וואָס האָבן געלויערט אויף אומשולדיקע קרבנות. אַהרקע איז שיר־נישט געוואָרן איינער פון אַזעלכע אומגליקלעכע מענטשן.

איינמאָל איז ער געזעסן איינער אַליין אויף אַ באַנק אין שטאָט־גאָרטן. סתם אַזוי. אינדעם, ווי פון דער העלער הויט, האָט זיך באַוויזן אַ דיקער ייד מיט אַ זאַט פּנים. ער האָט זיך צוגעזעצט צו אַהרקען זייער נאָענט און גלייך, אָן אַ פאַרוואָס, האָט ער אים שטייף אַרומ־גענומען, געטוליעט צו זיך און ליבלעך געזאָגט:

— כ׳האָב דיך ליב, טייערינקער. ווי רופט מען דיך?

אַהרקע האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער ייד האָט פאַר־ברעכערישע כוונות. ער האָט דערפילט ווי דער מאַן טאַפּט ביי אים די בוזעם־קעשענע, וואו ס׳זענען געלעגן עטלעכע רובל, זיין גאַנץ פאַר־מעגן. נישט קלערנדיק קיין סך האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און געמאַכט ויברח.

אַן אַנדערש מאָל, וואַנדערנדיק אין וואַלד, האָט ער באַגעגנט אַ בחורל, עטוואָס עלטער פון אים. געקומען איז ער אַ שטיקל צייט צוריק פון ווילנע מיט זיינע עלטערן. זיי האָבן געהאַט זייערס אַן אייגענע זומער־וואוינונג. דאָס איז געווען אַ באַוויז, אַז זיי זענען געווען גאַנץ פאַרמעגלעכע מענטשן. מיט דעם דאָזיקן בחורל האָט זיך אַהרקע געקאָנט צונויפרעדן אויף מאַמע־לשון. נאָך אַ לענגערן שמועס האָט דאָס בחורל, גאַנץ פריי און אָפן, גענומען אַנטפּלעקן פאַר אַהרקען זיינע מעשים תעתועים מיט דעם דינסטמיידל, וואָס אַרבעט ביי זיינע עלטערן אין הויז.

— יעדע נאַכט, ווען אַלע שלאָפן שוין — האָט ער מיט ברען איבערגעגעבן — כאַפּ איך זיך אַריין צו איר אין שלאָפחדר. זי האָט ליב געהאַט צו קושן זיך, אַ גוואַלד! אַ ווילדע בריאה... איין מאָל האָט

זי מיך אזוי היציק געקושט, אז זי האט ביי מיר אפגעביסן א שטיקל ליפ. כ׳האב געהאט גרויסע צרות ביז ס׳האט זיך פארהיילט.

ער האט זיך שטארק געוואונדערט וואס אהרקע איז אזוי נאאיוו און ווייסט גארנישט פון אזוינע זאכן. זיין עצה איז געווען:

— פון איצט אן זאלסטו אנהייבן זוכן וועגן ווי אזוי צו מאכן געשעפטן מיט מיידלעך. טאקע האבן תשמיש־המיטה.

פטור געווארן פון דער גראדנעריין, האט אהרקע געטראכט, איז געקומען א ווילנער צו רייצן זיין יצר־הרע. אלע זענען גרייט צו טאן פאר אים נישט־געבעטענע טובות.

אבער, אחרון אחרון חביב. קורץ פאר זיין אוועקפארן האט ער, אומדערווארט, זיך באגעגנט מיט זיין חבר, דעם זון פון מינסקער רב. דאס האט פארריכט זיין מערכה. זיי האבן זיך ארומגעכאפט, געשמועסט, גערעדט וועגן נישט פארענדיקטע גמרות, טאקע ווי ס׳פאסט פאר צוויי חברים לערנערס. דערנאך האט דער בן־הרב צוגעפירט אהרקען צו זיינע עלטערנס זומער־היים. די זומער־היים איז געווען ארומ־גערינגלט מיט בלומען און גראז טיף אין וואלד. פון דער אפענער טיר האבן זיך געטראגן געשמאקע ריחות פון געבראטנס, כאטש דאס איז געווען אין א וואכנטאג. פאר אהרקעס אויגן האט א לייכט אויף געטאן דאס געשטאלט פון דעם לולינער רב. ער, דער רב, לעבט אין דחקות. ער וואוינט הינטער דער שול, אין אן ענגער, פינצטערער דירה, צוגעשטוקעוועט צו אנדערע הייזער. פון קיין אפרו אויף דער פרישער לופט חלומט ער אפילו נישט. און דא, אין דרוזקעניק, לעבט א רב אין לוקסוס און זאטקייט. וואס פאר א קאנטראסט. צוויי רבנים — צוויי מזלות. עפעס שטימט דא נישט.

אין יענער צייט איז אנגעקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן ד״ר הערצלס טויט. אהרקע האט זיך דערפילט שטארק דערשלאגן. די סאמע ערשטע אנונג זיינע וועגן ד״ר הערצל איז געווען מיט א צאל יארן צוריק אין זיין שטעטל לולין. ווי א דונער פון א קלארן הימל האט זיך דעמאלט צעטראגן דאס נייס, אז א דאקטער הערצל קלייבט זיך שאפן א יידישע מדינה. יונגעלייט זענען געווארן שטארק האפערדיק און האבן געמאכט אן אסיפה אין דער נייער שול, כדי ארומצורעדן דעם ענין. אהרקעס פעטער איסר, א למדן מיט א שארפן מוח, האט איינגעשטימט מיט די ציוניסטן. ביי דער אסיפה איז ער ארויפגעגאנגען אויף דער

בימה צו האַלטן אַ רעדע לשבח דעם אידעאַל. מ'האָט דאָס תיכף „דאַנאָסעט" דער מומע חנהן, איסרס ווייב. פּייל אויסן בויגן איז זי געקומען צו לויפן און פון דער ווייבערשער שול האָט זי געשריען הויך אויפן קול:

— איסר! שוין זאָלסטו אַראָפּ פון דער בימה, איסר!

זי איז געווען קעגן ד"ר הערצל, מחמת אַהרקעס פאָטער און דער זיידע דוד זענען געווען שטאַרק קעגן אים. זיי האָבן געטענהט:

— וואָס פאַר אַן אַנשיקעניש איז דאָס דער דאָקטער הערצל?

— ער גייט פאַרצאַמען דעם וועג פאַר משיחן, אונדזער איינציקן אויסלייזער?

די מומע חנה האָט איינגעשטימט מיט זיי און נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז איר איסר זאָל זיין צווישן די פושעי-ישראל. אַ פאַרשעמטער, איז דער פעטער איסר אַראָפּ פון דער בימה. ער האָט געוואָלט אויפהיטן דעם שלום-בית.

אין דער וואָלאָזשינער ישיבה האָט אַהרקע אָבער אַ סך געלערנט פון זיין פעטער יוסף וועלוול וועגן דער דאָזיקער זאַך. יוסף וועלוול, אַן איבערצייגטער ציוניסט, האָט אַהרקען אָפּט דערציילט וועגן ד"ר הערצלס גרויסקייט און גוטסקייט, וועגן זיינע פאַרכאַפּנדיקע פּלענער פאַרן יידישן פאָלק. אמת, ער, אַהרקע, האָט געגלייבט, ווי זיין פאָטער און זיידע, אַז די איינציקע האָפענונג איז משיח, בלויז ער אַליין קאָן ברענגען די ישועה פאַר יידן. דאָך, ווען ס'האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס טרויעריקע נייס, האָט ער מיט צער געפילט, אַז אַ גרויסער ייד, מיט אַן איידעלער נשמה, איז ניפטר געוואָרן. יאָ, דער פעטער יוסף וועלוול האָט אין אַהרקען פאַרזייט געזונטע קערנער פון אהבת-ישראל און ר' ישראל. אינדערפרי, אַז אַהרקע איז געקומען אין שול דאַווענען, האָט ער באַמערקט ווי עטלעכע רבנים, דאַטשניקעס אין דרוזקעניק, רעדן מיט היץ וועגן דעם געשעעניש. ער האָט זיך דערנענטערט צו זיי און אונטערגעשטעלט אַן אויער. איינער פון די רבנים איז געווען אַזוי צעקאָכט, אַז ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— כן יאבדו! כן יאבדו!

פאַר אַהרקען איז געווען זייער פיינלעך צו הערן פון אַ רב אַזעלכע ביטערע רייד. ס'האָט אים געגרילצט אין די אויערן. ער איז אַ דערצאָרנטער אַוועק אין וואַלד אַריין.

א שטיקל צייט נאָכדעם איז ער פּאַרטיק געוואָרן מיט דער צאָל הייסע בעדער, וואָס ער האָט געדאַרפט נעמען, און ער איז אַוועקגעפאָרן פון דרוזקעניק. וואָס שייך זיין קרענק איז געווען ווי דער פּסוק זאָגט: אם בגפו יבא בגפו יצא. ס׳הייסט, געקומען מיטן חולאת און אַוועק־געפאָרן מיטן חולאת.

## .16

## אונטערוועגנס

אָנגעקומען קיין מאַלאַדעטשנאָ, די באַן־סטאַנציע, וואָס פון דאָרטן פאָרט מען מיט באַלעגאַלעס קיין וואָלאָזשין, איז צו אהרקען דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אין וואָלאָזשין איז געווען אַ גרויסע שרפה. צוזאַמען מיט אַ סך הייזער איז אויך די ישיבה פאַרברענט געוואָרן. די ישיבה־לייט האָבן נישט וואו צו לערנען, וואו צו עסן און וואו צו שלאָפן. ס׳איז גרויסע צרות.

פאַר אהרקען איז איצט נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי צו פאַרקירעווען דעם דישל און פאָרן צוריק אַהיים. אָן אָפּהאַלט איז אָבער געווען — געלט. ער האָט נישט געהאַט קיין מזומן אויף אַ באַן־בילעט. זיינע פינאַנסן זענען געווען אויסגערעכנט נישט מער ווי אויף הוצאות ביז וואָלאָזשין. טאָ וואָס טוט מען?

מילא, וועגן עסן האָט ער נישט געהאַט קיין דאגה. וועט ער הונגערן. זאָל זיך אים דאַכטן ס׳איז אַ תענית. און וואָס אָנבאַלאַנגט אַ נאָכטלעגער איז ער דערוויל באַזאָרגט. אין דער אכסניה האָט דער אייגנטימער אים געלאָזט שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע אָן באַצאָלט. דער עיקר איז — ווי אַזוי קומט ער אַהיים?

וישא יעקב רגליו, ס׳הייסט, אהרקע איז אַוועק אין שטעטל אַריין און האָט אָפּגעזוכט די שול. די שול איז אַלעמאָל געווען אַ רעטונגס־פּלאַץ פאַר יעדן פרעמדן ייד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ צרה. און אהרקע האָט זיך נישט אָפּגענאַרט.

צוויי יונגע בחורים זענען געזעסן ביי אָפענע גמרות. אהרקע איז צוגעגאַנגען צו זיי און האָט דערציילט זיין ביטערע לאַגע. אָן קווענקלעניש האָבן די צוויי איידעלע בחורימלעך, מיט אַ רויטער פּאַטשיילקע אין זייערע הענט, זיך אַוועקגעלאָזט איבער די יידישע

הייזער און אין אַ קורצער צייט אַרום זענען זיי צוריקגעקומען און אים געבראַכט צוויי רובל.

— דאָס איז אַלץ וואָס מיר האָבן געקאָנט צונויפקלייבן — האָבן ביידע אין איין קול זיך פאַרענטפערט, גלייך ווי זיי וואָלטן אים שולדיק געווען אַ חוב.

אַהרקע האָט זיי באַדאַנקט, אָבער אין אַ קלעם איז ער נאָך אַלץ געווען. אַ בילעט אַהיים קאָסט פיר רובל. איז וואָס טוט ער ווייטער? נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: אָנשטאָט פאָרן אַהיים וועט ער דערווייל זיך אַריבערכאַפּן קיין סטאַרי־דאַראָגי צו זיין פעטער יהושע חיים, דעם פאָטערס אַ ברודער. אַ בילעט אַהין קאָסט צוויי רובל מיט צען קאָפּיקעס, פעלט אים, הייסט עס, צען קאָפּיקעס. איז וואו נעמט מען דאָס וואָס פעלט אים?

נישט געקלערט לאַנג, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער קאַסע, וואו מענטשן קויפן בילעטן, און געטראַכט אַ בעט טאָן ביי עמעצן די צען קאָפּיקעס. אָט זעט ער אַ ייד, אַ גאַנץ בכבודיקער מענטש. ער וועט געוויס נישט אָפּזאָגן. ער וויל צוגיין און אַ רעד טאָן. אָבער נישט ער קאָן אַ טראָט שטעלן און נישט ער קאָן מאַכן זיין צונג זאָל זיך אַ דריי געבן און אויסרעדן עטלעכע ווערטער. אָט זעט ער צוגיין צו דער קאַסע נאָך אַ ייד, אויך אַ באַלעבאַטישער, אויך ער וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון העלפן אַ צווייטן ייד אין אַן עת־צרה. אָבער דאָס זעלבע. נישט די פיס רירן זיך און נישט די צונג באַוועגט זיך.

צום סוף האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין זיין קאָפּ. ער זאָל אַוועק צום בעל־אכסניה און זאָגן אַזוי און אַזוי. ער וועט מיט צופרידנקייט געבן די פאָר גראָשן, אַבי פּטור צו ווערן פון אים. און אַזוי איז עס טאַקע געשען. ס'איז געווען אַ נאַרישקייט, האָט אַהרקע נאָכדעם געטראַכט, וואָס ער האָט דאָס גלייך נישט געטאָן.

זיצנדיק אין וואַגאָן דריטע קלאַס, אויפן וועג קיין סטאַרי־דאַראָגי, האָט אים אָבער דער הונגער גענומען ציען דאָס האַרץ צו דער ערד. גלייך אונטער זיין נאָז האָבן יידן זיך צעלייגט מיט אַלערליי מאכלים, וואָס זיי האָבן געהאַט מיטגענומען פון דער היים. דער ריח פון דעם עסנוואַרג, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגן, האָט נאָך מער צערייצט זיין אַפּעטיט. דער מאָגן איז געוואָרן חוצפּהדיק און האָט מיט רוגזה גענומען מאָנען וואָס עס קומט אים. יעדע מינוט

האָט אהרקע דערוואַרט צו הערן פון די יידן די שיין־מידותדיקע פאַר־בעטונג „קומט עסן", ווי זיין פאָטער טוט עס יעדעס מאָל ווען ער זעצט זיך עסן אין אַנוועזנהייט פון מענטשן אַרום זיין טיש. אַנשטאָט געבן דעם באַדאַנקענדיקן ענטפער, „עסט געזונטערהייט", וואָלט ער זיך אָבער גלייך צוגערוקט צום עולם און גענומען אכלען. זיין דערוואַרטונג איז אָבער נישט מקויים געוואָרן. זיי זענען געווען אַזוי מוראדיק אַריינ־געטאָן אין דער אכילה, און אין אַ צעוואָרעמטן שמועס וועגן מיסחר, אַז זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט זיינע הונגעריקע בליקן.

אהרקע האָט פאַרמאַכט די אויגן און ווידער זיך גענומען איינ־רעדן, אַז ס'איז אַ תענית־טאָג און אַז דער הונגער אין אַזאַ צייט האָט אַ קנאַפּע שליטה איבערן פאַסטער. אַזוי האָט געדאַרפט זיין, ווערדליג זיין שכל הישר. אָבער אין אַ תענית־יחיד פעלט די קדושה פון אַ תענית־ציבור, און אָן דער הייליקייט איז דער הונגער אַ בייזער באַלעבאָס. ס'איז אים שווער צו באַרואיקן. ער נאָגט און מאָנט אָן אויפהער.

ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז אהרקע האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּזאָגן זיך פון זיין גדלות און, פּראָסט און פּשוט, אַ בעט טאָן ביי די יידן צו געבן אים עפּעס צו פאַרזוכן פון זייער שפּייז. די צרות איז אָבער געווען וואָס פאַר אַלץ האָט ער געהאַט אַ פּסוק. און דער זאָג „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" האָט זיך צעבייזערט: — וואָס מאַכסטו אַזעלכע געוואַלדן? מה רעש אַז מ'עסט נישט אַ פּאָר טעג?

אָט אַזוי, טרייבנדיק קאַטאָוועס מיטן הונגער, איז אהרקע אָנ־געקומען קיין סטאַרי־דאָראָגי.

טשיקאַווע, ווי נאָר ער איז אַרויס אויפן וואָקזאַל פון סטאַרי־דאָראָגי איז זיין הונגער פאַרשוואונדן. גלייך ווי אַלץ וואָלט געווען נאָרמאַל.

דער פעטער יהושע חיים האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און געמאַכט פאַר אים אין הויז סעודות כיד המלך. אהרקע האָט זיך געפילט דערהויבן און פאַרברענגט עטלעכע טעג אין אַ מסיבה פון ליבשאַפט. נאָכדעם האָט דער פעטער אים אויפגעזעצט אויף אַ דיליזשאַנס, מיטגעגעבן צדה־לדרך, אויך מזומן צו דעקן די הוצאות ביז סטאַראָבין צו דער באָבע שרה הענע — און דער באַלעגאָלע וועט אים שפּעטער פירן גלייך אַהיים קיין לולין.

אין סטאַראָבין האָט ער אָבער געקראָגן אַ שלעכטע בשורה: אַ גרויסע שרפה האָט אויסגעבראָכן אין לולין.

## 17.

## דער חורבן פון דער היים

אָנגעקומען צוריק אין שטעטל, האָט זיך די בשורה באַשטעטיקט. אַ האַלבע זייט גאַס, פון עק צו עק, האָט אָפּגעברענט ביז צו דער ערד. און אין דעם אויך אַהרקעס היים, אויך דער שפּייכלער, אויך די שטאַל. אַלץ איז אַוועק מיטן פייער.

שרפות אין לולין, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, זענען פאַרגעקומען גאַנץ אָפט, און אָפּשטעלן זיי בייציייטנס איז געווען אוממעגלעך. פּשוט דערפאַר, ווייל קיין רעגולערע פייער־לעשערס זענען דאַרטן נישט געווען. די איינוואוינערס אַליין האָבן געדאַרפט לעשן מיט אייגענע מיטלען, ווי לויפן מיט עמערס צו די געציילטע ברונעמער נאָך וואַסער און ניצן העק און פּיקעס אויף אויפצוברעכן טיר און פענסטער.

פאַר אַהרקען זענען די צוויי פייערן אין דער זעלבער צייט — אין וואָלאָזשין און אין לולין — געווען אַזעלכעס וואָס מיטן שכל האָט ער עס גאָרנישט געקאָנט משיג זיין. ס'איז געווען פאַר אים עפּעס אַ גזר מן השמים. און אפשר איז דערין געלעגן דער גורל פאַר זיין ווייטערן וועג אין לעבן? אַ קלייניקייט, נישט קיין היים און נישט קיין ישיבה! דערצו האָט זיך נאָך זיין צערודערטקייט פאַרשטאַרקט מיט אַן אומגעריכטן אומגליק. זיין קליין שוועסטערל חייקע איז געשטאָרבן פון דיפטעריט. אומעט און ייאוש האָבן אים אַרומגענומען פון אַלע זייטן.

נאָך דער שרפה האָט נח רובינשטיין, דער וואַלד־סוחר, אָפּגעגעבן אַהרקעס עלטערן צוויי חדרים פון זיין הויז. און די אַנדערע פון הויזגעזינד זענען צעשפּרייט געוואָרן צווישן קרובים און פריינד.

איינמאָל,ביים זיידן דוד אין הויז, ווען די גאַנצע משפּחה בית־דוד איז געווען פאַרזאַמלט, האָט אַהרקעס פאָטער, שטאַרק פאַראומערט, זיך אויסגעדריקט אַז ס'וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן פאַר אים אַוועקצופאָרן קיין אַמעריקע, מחמת ער ווייסט נישט ווי מ'הייבט אָן בויען אַלץ איבעראַניים מיט ליידיקע הענט. די משפּחה איז דערפון שטאַרק

אויפגעטרייסלט געוואָרן און האָט פון זיין פּלאַן בשום אופן נישט גע־וואָלט הערן. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט טענות, פּאַריבלען און עצות:

— ניין, וועסט זיך נישט אַוועקלאָזן אין דער ווייטער אַמעריקע.

— וועסט נישט פאָרן אין אַ פרעמד לאַנד מיט אַ גאַנץ הויז־געזינד.

— אויב דו מוזט פאָרן, וועלן מיר אויך פאָרן.

— מיר קאָנען נישט זיין אַליין אָן אייך.

אַהרקע האָט באַמערקט ווי דער זיידע דוד האָט זיך שטאַרק אָנגעכמורעט, און ביי דער באָבע שפּרינצע האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן. אין דער בית־דוד משפּחה איז באמת געווען אַן אויסער־געוויינלעכע צוגעבונדנקייט פון איינעם צום אַנדערן. משמעות, דער פאָטער איז נישט געווען אינגאַנצן זיכער מיט זיין פּלאַן, וואָרעם מ׳האָט אים אָן גרויסע שוועריקייטן איבערגערעדט צו בלייבן אין לולין און אָנהייבן בויען אַ גרעסער הויז, און טאַקע מיט אַ גרעסערן שפּייכלער און אַ גרעסערער שטאַל.

וואו דער פאָטער האָט געקראָגן די מיטלען פאַר דעם נייעם פּלאַן, דאָס איז פאַר אַהרקען געווען אַ רעטעניש. צום געדאַנק האָט ער צוגעלאָזט די מעגלעכקייט, אַז די וואַלד־סוחרים האָבן אים מסתמא אַ סך אַרויסגעהאָלפן. און אויך אורחים, וואָס האָבן געהאַט גרויס אָפּשיי פאַרן פאָטער און געוואָלט ער זאָל ווידער זיין דער אייגנטימער פון אַן „אכסניה״, וואו זיי זאָלן פון צייט צו צייט אויפסניי קאָנען איבערנעכטיקן און באַשטעלן אַ מאָלצייט.

פאַר אַהרקען איז אָבער געווען אומדערטרעגלעך צו בלייבן זיצן ביי די עלטערן און זינקען אין די טיפעניש פון ייאוש און טראַכטעניש וועגן אַ תכלית פאַר זיך. ער איז דעמאָלט אַלט געווען פופצן יאָר. הויך געוואַקסן. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז ער זעט אויס עלטער. יאָ אַזוי, צי נישט אַזוי, איינס איז געווען זיכער — ער איז דעמאָלט געשטאַנען אויפן שיידוועג. וואָס טוט מען? וואוהין גייט מען? בלייבן שטעקן דאָ וואו ער איז? אפשר זאָל ער גאָר ווערן אַ מלמד אין אַ דאָרף? ס׳איז געווען שווער און פיינלעך צו קומען צו וועלכער ס׳איז מסקנא. דעמאָלט האָט דער פאָטער זיינער געדאַרפט נעמען אַ וויכטיקן שריט, וואָס זאָל אַהרקען פירן אויף זיין אויסגעטראָטענעם שליאַך.

נישט געקוקט אויף זיין שווערער לאַגע וואָס אַנבאַלאַנגט חיונה און אַ דירה, האָט ער געדאַרפט אים אַוועקשיקן לערנען אין דער מירער, אָדער אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. אַהרקע וואָלט נישט געווען גע־צוואונגען צו זוכן נייע וועגן און צו בלאָנדזשען.

אָנשטאָט צו פאַרנעמען זיך מיטן זון, האָט אָבער דער פאָטער אים איבערגעלאָזט אין מיטן שטראָם — ער אליין, אַהרקע, זאָל פאַר זיך באַשטימען וואָס צו טאָן. נו, האָט ער באַשטימט...

נאָך סוכות האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט — צו לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף גאָטס באַראָט. וואו, אָבער, פאָרט מען? דאָס בעסטע פּלאַץ, איז ער געקומען צום אויספיר, איז סלוצק. לכל הפחות וועט ער אויף אַהינצו נישט האָבן קיין דאגה וועגן אַ באַן־בילעט. זיין ידיד אוורעמטשע וועט אים פון לולין נעמען קיין סטאראָבין. און דאָרטן וועט אַ סטאראָבינער באַלעגאָלע אים אַריבערפירקלען קיין סלוצק פאַר נישט קיין סך פאַר־געלט. איי, אין סלוצק גופא? דאָרטן איז אים די סביבה באַקאַנט און נאָנט! הכלל, באַשטימט און געטאָן, ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ ערנסטן און אומרואיקן בחור כמו אַהרקע.

## .18

# אויפן נייעם וועג

אָנגעקומען קיין סלוצק איז אַהרקע מיט אַ פּאָר רובל אין קעשענע.

אָנשטאָט ווערן אַ מלמד אין אַ דאָרף, איז ער דאָס גאָר געוואָרן אין סלוצק גופא. מיט דער הילף פון דער באַלעבאָסטע פון זיין שטוב האָט ער געקראָגן עטלעכע דינסטמיידלעך, וואָס האָבן געגאַרט זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן יידיש, און אויך אַ ביסל חשבון, ווי חיבור און חיסור.

זיין לערנגעלט איז באַשטאַנען פון איין רובל אַ חודש פאַר דריי פּריוואַטע לעקציעס אַ וואָך. דער סך־הכל פון אַלע זיינע חודשלעכע פאַרדינסטן איז געווען: פיר רובל. מיט אַזאַ פאַרמעגן האָט ער, פאַר־שטייט זיך, נאָך נישט געקאָנט חלומען וועגן מאַרצעפּאַנעס, אָדער

פוטער־קוכן. ער האָט זיך באַנוגענט מיט סיטניצע, אָדער האַלב־סיטנעם ברויט, טיי, זופּ און קאַרטאָפל מיט אַ פּיצל פלייש. פון קיין אַנדערע הוצאות, אַחוץ דירה־געלט, האָט ער נישט געוואוסט און נישט קיין צייט געהאַט צו טראַכטן. בכלל האָט דער ענין אכילה נישט פאַר־נומען קיין וויכטיק פּלאַץ ביי אים, ווי דאָס איז געווען אַמאָל, אין זיינע קינדערשע חדר־יאָרן.

זיין וואוינונג איז געווען נישט ווייט פון דער מומע רישעס דירה. זי איז געווען זיין פעטער משהס אַ שוועסטער. אַמאָל, ווען ער האָט געלערנט אין דער סלוצקער ישיבה ביי ר' נחמיהן, און געגעסן „טעג", האָט ער איין „טאָג" געהאַט ביי איר. דאָס איז געווען דער בעסטער „טאָג" אַחוץ שבת. נישט אַזוי דאָס עסן ווי די היימלעכקייט און ליבשאַפט, וואָס זי האָט צו אים אַרויסגעוויזן. איצט האָט זי אָפט אים געבראַכט אַהיים סלויטשעקעס איינגעמאַכטס, געהאַקטע לעבער, געהאַקטע הערינג. די מומע רישע איז געווען באַוואוסט אין סלוצק פאַר אירע גוטסקייטן צו אָרעמעלייט. אַז אין סטאַראָבין האָט אויס־געבראָכן אַ שרפה איז זי גלייך אַוועק אין גאַס, צונויפגעקליבן אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקאָנט, סיי אין מלבושים, סיי אין עסנוואַרג, און האָט עס אַוועקגעשיקט צו די נישרפים. זי איז געווען אַן אמתע צדקת, אויף דער זעלבער מדרגה ווי דער פעטער משה. טאַקע ענלעך אין אַלע פּרטים: גוטסקייט, ערלעכקייט, עניוות, נאַאיוויטעט, געפילפולע פרומקייט. נישט איין מאָל האָט אַהרקע געטראַכט: אַ שאָד... די מומע רישע און דער פעטער משה וואָלטן דאָך געווען אַ פּאָר פון גאָט! טאַ פאַרוואָס איז דווקא קאַפּויר? דער מומע רישעס מאַן איז נישט געווען צופרידן וואָס זי האָט זיך אָפּגעגעבן צו פיל מיט צדקה, און די מומע באַשע איז געווען ברוגז וואָס דער פעטער משה איז צו פיל פאַרנומען מיט לערנען תורה. ווי ס'ווייזט אויס וועט שוין די וועלט בלייבן קרום אין אַלע פּרטים, אויך אין שייכות מיט שידוכים.

ס'איז פאַר אַהרקען געווען אַ גרויס פאַרגעניגן צו זען ווי זיינע תלמידות זענען זשעדנע צו לערנען. זיי האָבן געשלונגען זיין אונטער־ריכט. צו זייער פלייסיקייט איז גאָר קיין שיעור נישט געווען. זייערע באַלעבאָסטעס האָבן געוואוסט, אַז אַ לערער קומט אַריין צו זייערע דינסטמיידלעך — און זיי האָבן נישט איבערגעשלאָגן אין לערנען. איין מאָל האָט אָבער געטראָפן אַ מיאוסע מעשה. די מאַדאַם, אַן אויס־

געסטראַצטע, איז מיט אימפּעט געקומען אַריינצולויפן, בשעת זיין לערנען מיט איר דינסט, און האָט מיט צאָרן אַ געשריי געטאָן:

— דאָס געבראָטנס סמאַליעט זיך און דאָ גאָר ביכלעך־שמיכלעך!?

וואָס פאַר אַ פאַרקערטע וועלט! — האָט אַהרקע מיט ביטער־ניש געטראַכט. — פאַר דער מאַדאַם איז די לעקציע געווען פשוט „שמיכלעך", בעת פאַרן דינסטמיידל איז דאָס אויסלערנען זיך שרייבן געווען אַ דערהויבונג, אַ גרויסע דערגרייכונג אין איר לעבן. אַז זי וועט קענען צונויפשטעלן אותיות אין ווערטער, וועט זי מיט איר אייגענער האַנט שרייבן בריוו אַהיים צו אירע טאַטע־מאַמע און אויך צו איר חתן, אָדער מעגלעכן חתן, וואָס אַרבעט ביי שניידעריי, צי שוסטעריי, אָדער אויב ער דינט אין מיליטער ערגעץ ווייט אין טיף ראַסיי.

ווי ס'האָט אויסגעקוקט איז דער כעס פון דער רייכער מאַדאַם, די פרוי פון אַן אַדוואָקאַט, געווען געצילעוועט אויך קעגן אים, אַהרקען, דעם לערער. זיין פנים, צוגלייך מיט דעם פון דינסטמיידל, איז רויט געוואָרן, ווי ער וואָלט געווען דער מיטשולדיקער וואָס אין דער קיך סמאַליעט זיך אַ שטיק פלייש. אַ פאַרשעמטע, נעבעך, איז דאָס דינסט־מיידל, גראָד זיין בעסטע תלמידה, אַוועקגעלאָפן אין קיך אָפּצוראַטעווען דאָס געבראָטנס.

אַהרקען איז געקומען אויפן געדאַנק דער תלמודישער מאמר: „המלבין פני חברו ברבים אין לו חלק לעולם הבא". דאָס פאַרשעמען אַ מענטש אין אַנוועזנהייט פון אַנדערע איז ווי פאַרגיסן בלוט. דאָס איז ענלעך צו רציחה. און אַזאַ רוצח פאַרלירט דאָס רעכט אין דער צוקונפטיקער וועלט. אַזאַ פסק־דין איז געמיינט געוואָרן פאַר אַזעלכע מענטשן ווי דעם אַדוואָקאַטס פרוי.

ווען דאָס דינסטמיידל איז צוריקגעקומען האָט זיך דאָס לערנען שוין נישט געקלעפּט צו איר. סיי אים, אַהרקען, סיי איר איז געווען שווער אַראָפּצושלינגען אַזאַ ביטערע באַליידיקונג, אַזאַ שפיכת־דמים. יענע שעה איז אַוועק אין ניוועץ. זיי האָבן אָפּגעמאַכט איבערצורוקן די צייט אויף אַ שעה פריער, ווען דער אויוון איז קאַלט און ס'איז נישטאָ קיין סכנה אַז עפּעס זאָל דאָרטן זיך צוברענען.

אין די ערשטע צייטן האָט אַהרקע געלערנט עטלעכע שעה פון

טאָג אין די שמידנס שול, צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל בחורים. דאָס איז געווען אַן אַ רבין, אַן אַ משגיח. ס׳האָט געהייסן לערנען פאַר זיך. די איבעריקע צייט האָט ער אָוועקגעגעבן אויף שטודירן די רוסישע שפּראַך און וועלטלעכע לימודים. אַ שילער פון דער סלוצקער גימנאַזיע האָט אים אומזיסט געגעבן צוויי לעקציעס אַ וואָך.

זיין לערערס מוטער האָט אָבער געקוקט קרום אויף אהרקען ווי נאָר ער האָט באַטראָטן די שוועל פון איר הויז. ווייזט אויס, זי האָט זיך געשראָקן, אַז מיט זיינע שטיוול, אַן קאַלאָשן, וועט ער פאַרשמוצן די פּאָדלאָגעס. איבערהויפּט האָט מען דאָס געקאָנט דערקענען אין איר פּנים, ווען אין דרויסן האָט גערעגנט, אָדער געשנייט. ס׳איז אָבער אויך נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז ס׳האָט זי אויך פאַרדראָסן וואָס איר זון גיט אָוועק זיין צייט בחינם. אָבער וואָס האָט ער, אהרקע, זיך געקאָנט העלפן? זיין חשק צום לערנען האָט זיך געגרענעצט מיטן שמאַכט פון אַ דאָרשטיקן צו אַ דערקווינקנדיקן טרונק. און קאַלאָשן זענען געווען אַ לוקסוס־אַרטיקל וואָס נאָר רייכע מענטשן האָבן עס פאַרמאָגט. ווי קומט ער, אהרקע, אַן אָרעמער ישיבה־בחור, צו אַזעלכעס?

נישט געקוקט אויף די מניעות האָט ער געשלונגען די רוסישע ביכער ווי הייסע בעבעלעך. וואָס פאַר אַ באַטרעף, האָט ער געטראַכט, האָבן זיי מיט אַ בלאַט גמרא און רש״י? ס׳איז לייכט מיט זיי ווי אויף אַ גלאַטיקן וועג. דאָך איז אים דאָס רעדן רוסיש אָנגעקומען שווער. דער עולם האָט גוטמוטיק געלאַכט פון זיינע גרייזן און ווי אַזוי ער האָט די ווערטער אַרויסגעבראַכט פון זיין יידיש מויל. זיי זענען געווען דורכגענומען מיט אַ ניגון פון דער גמרא. אָבער וואָס מער זיי האָבן געלאַכט, אַלץ מער האָט אהרקע גערעדט. ער האָט גערעדט פאַר פייער און וואַסער, טאָג־איין, טאָג־אויס, ביז ער האָט די „פרעמדע״ אינטאָנאַציע טיילווייז בייגעקומען. דער תלמודישער זאָג, „לא הביישן למד״ איז אים זייער צונוץ געקומען.

פאַרטיק געוואָרן מיטן איינשטודירן די טעגלעכע אויפגאַבעס פון גראַמאַטיק, אַריטמעטיק, געאָגראַפיע, געשיכטע, האָט זיך אהרקע ערשט גענומען ליינען בעלעטריסטיק. פריער ווי נאָך האַלבער נאַכט איז ער נישט געגאַנגען שלאָפן. די וועלטלעכע לימודים האָבן אים אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער צייט געהאַט צו

גיין אין די שמידנס שול אַריין. און צום סוף האָט ער אינגאַנצן פֿאַר־מאַכט די גמרא. אוים שול, אוים לערנען תנ״ך און תלמוד!

אוודאי האָט ער געפֿילט, אַז ער מאַכט אַ טעות. ס׳איז נישט געווען שכלדיק אינגאַנצן אָוועקצוגיין פֿון די יידישע אוצרות. ס׳האָט נישט געהאַט קיין זין איבערצורייסן די שטריק, וואָס האָבן אים פֿאַר־בונדן מיטן גייסטיקן עבר פֿון יידישן פֿאָלק. ס׳איז נישט געווען קיין סימן פֿון אַ שטאַרקן כאַראַקטער צו נעמען און אַריינבראָקן אַלע גייס־טיקע כוחות אין אַ פֿרעמדער שפּראַך, אין אַ פֿרעמדער קולטור. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפֿן. ס׳האָט אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט.

זיין לערער האָט אים געזאָגט, אַז אין צוויי יאָר קאָן ער דורכגיין דעם קורס פֿון אַכט קלאַסן גימנאַזיע, אויב זיין אימפּעט וועט אַזוי אָנהאַלטן. אַהרקע איז געוואָרן אויפֿגעהייטערט און ער האָט אָנגעהויבן מאַכן פּלענער וועגן אַ תכלית — אַן אינטעליגענטער פּראָפֿעסיע. די צרה איז אָבער געווען וואָס קיין גרויסער אויסוואַל איז נישט געווען בנימצא. די טירן פֿון גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן זענען געווען פֿאַר־האַקט פֿאַר יידישע קינדער. אַפֿילו פֿאַר רייכע יידן איז געווען שווער דורכצוברעכן די באַריערן מיט די פּראָצענט נאָרמעס. על אחת כמה וכמה פֿאַר אַ יינגל ווי אַהרקע, וואָס זיינע טאַטע־מאַמע זענען געווען וויים פֿון גבירעשאַפֿט. האָט ער אָנגענומען אַ פּראַקטישן באַשלוס — צו גרייטן זיך מיט אַלץ וואָס מ׳דאַרף כדי צו קריגן דעם טיטל פֿון אַ פּראָוויזאָר. דאָס האָט ער געקאָנט דערגרייכן דורך לערנען זיך פּריוואַט און דערנאָך ביילייגן עקזאַמענס פֿאַר אַן „אַפּטעקאַרסקי אוט־שעניק״. דאָס וועט זיין די העכסטע מדרגה וואָס ער וועט קאָנען דערגרייכן אויף דער לייטער פֿון הצלחה.

איידער ער איז געקומען צום דאָזיקן אויספֿיר האָט ער געטראַכט וועגן דאָקטאָריע. דאָס איז געווען זיין שטרעבן, זיין זיסער חלום. דאָס העכסטע וואָס אַ מענטש קאָן זיך ווינטשן, האָט ער דעמאָלט געפֿילט און געטראַכט, איז צו זיין אַ דאָקטער. ער האָט אָבער מיט צער איינגעזען, אַז וועדליג זיינע אומשטענדן וועט ער זיין אידעאַל קיינמאָל נישט קאָנען פֿאַרווירקלעכן.

## .19

# המשך פון אַהרקעס נייעם וועג

דערווייל זענען אָנגעקומען די „פרייע טעג" פון יאָר 1905.

אויף דער שאָסיי־גאַס פון סלוצק זענען געווען די בירזשעס פון „בונד", פועלי־ציון און ציוניסטן. מ'האָט דאָס גערופן „בירזשע", ווייל דאָרטן האָט מען פאַרקויפט אידעאָלאָגיעס אינגאַנצן אומזיסט, אַבי מ'איז געקומען. געטרייע פאַרטיי־מיטגלידער האָבן זיך געסטאַרעט אַריינצוציען וואָס מער יונגעלייט אין זייער אָרגאַניזאַציע. אין די אָוונטן, שפּאַצירנדיק אויף די טראָטואַרן הין און צוריק, האָט מען געהאַלטן אין אַגיטירן נייע קאַנדידאַטן, רעקרוטן...

צוזאַמען מיט אַהרקען, טאַקע אין דעם זעלבן חדר, האָט גע־וואוינט אַ בונדיסט. זיין נאָמען איז געווען: פיינבערג. דער דאָזיקער בונדיסט האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אַהרקען מיט ברען. ער האָט מיט פליים אַגיטירט, אַז אַהרקע זאָל תיכף ומיד אָנשליסן זיך אין די בונדישע רייען.

בטבע איז אַהרקע נישט געווען לייכט פאַר פאַנג. דערצו איז געווען אַן אַנדער אָפּהאַלט. פיינבערג האָט זיך נישט זשענירט און אין שבת גערייכערט פּאַפּיראָסן. דאָס איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס אַהרקע האָט געזען טאָן אַזאַ זאַך. עס האָט אים ווי פריטשמעליעט. זעענדיק ווי דער פיינבערג פּאַסמאַקעוועט זיך מיטן רייכערן, האָט ער, אַהרקע, אָפּט געטראַכט: אַ חידוש, וואָס אַזאַ זאַך גייט אים אָפּ גלאַטיק. ס'פאַרשאַט אים גאָרנישט, דעם געזונטן יונגאַטש. מילא, אַז ס'איז פּיקוח־נפש, איז עס אַן אַנדערע מעשה. אָבער מחלל־שבת זיין ווען ס'איז נישטאָ קיין פּיקוח־נפש? ס'איז דאָך איינע פון די גרעסטע עבירות!

פיינבערג האָט געוואָלט על רגל אחת אַריינבאָלזן אין אַהרקען די גאַנצע תורה פון בונד. מיט אַלע כוחות האָט ער געהאָרעוועט אַרונ־טערצוהאַקן זיין גלויבן אין גאָט. ס'איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן, אַז אַהרקע זאָל ווערן אַ כופר בעיקר. ער האָט חוזק געמאַכט פון זיין תפילין לייגן, פון זיין דאַווענען. ער האָט אים אַגיטירט אַזוי ענערגיש, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי דער בונד וואָלט דאָ געכאַפּט אַ גרויסע מציאה אין אַזאַ העכט ווי אַהרקע.

אַז פיינבערג, נאָך אַ סך מי און מאַטער, האָט זיך איבערצייגט, אַז „תורת־בונד" קלעפּט זיך צו אַהרקען ווי אַן אַרבעס צו אַ וואַנט, האָט ער זיך מייאש געווען אין אים, אָבער נאָך אַלץ נישט אויפגעגעבן. ער האָט אים ממש אַוועקגעשלעפּט צו דער בירזשע און אים איבער־געגעבן אין די הענט פון אַ יונגן גימנאַזיסט.

דער גימנאַזיסט איז געווען אַ זון פון אַ באַוואוסטן סלוצקער אַדוואָקאַט, וועמעס פרוי איז דאָס געווען די אויסגעסטראָצטע מאַדאַם, וואָס האָט אַזוי נישט איידל, מיט בלוט־פאַרצאַפּעניש, באַליידיקט איר דינסטמיידל און, אומדירעקט, אויך דעם לערער. דער דאָזיקער גימנאַ־זיסט האָט פּרובירט אָנשטאָפּן אַהרקען מיט אַלערליי לאָזונגען פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. ס'האָט זיך אים אָבער נישט איינ־געגעבן.

אַהרקע איז געווען איינגעשפּאַרט. ער האָט געפרעגט צו פיל קשיות. און די ענטפערס האָבן אים נישט צופרידנגעשטעלט. דער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט האָט אים ווייניק וואָס אינ־טערעסירט. ער האָט דעמאָלט געוואָלט איין זאַך: לערנען זיך און ליינען ביכער. צו דער בירזשע איז ער מער נישט געגאַנגען. און פיינבערג, כאָטש אין דער זעלבער וואוינונג, האָט אים אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז אַהרקע איז איינער פון דעם עם קשי־עורף. אַ שאָד די טירחה.

און אַזוי האָבן זיי, ווי צוויי פיינדלעכע מחנות, איינע לעבן דער אַנדערער, נאָכדעם פּאָר אַ לענגערער צייט געלעבט אין איין חדר. פיינ־בערג האָט אָנגעהאַלטן זיין רייכערן אין שבת, און אַהרקע האָט נישט אויפגעהערט לייגן תפילין און דאַווענען, כאָטש דאָס האָט דעם מיט־וואוינער שאָקירט.

אַהרקע האָט געזען, אַז דער פיינבערג איז אַ צעשטערער. ער האָט געוואָלט צעברעכן זיין, אַהרקעס, איינגעפונדעוועטן יידישן גייסט, אָפּרייסן אים פון זיין שורש און אַריינוואַרפן אים אין אַ ווירבלווינט. ווי ברוטאַל ס'איז געווען פון דעם פיינבערג אָנצושטאָפּן אַ יונג נאַאיוו בחורל מיט פרעמדע לערעס, וואָס קאָנען חרוב מאַכן זיין גאַנג אין לעבן.

דאָך, ווי פון זיך אַליין — האָט ער, אַהרקע, זיך געמוזט מודה זיין — האָט די אַגיטאַציע סיי פון פיינבערגן, סיי פון דעם יונגן גימ־

נאַזיסט, אין אַ געוויסער מאָס יאָ זיך איינגענעסט אין זיין יונגן קאָפּ, און גורם געווען דאָרט אַ שטיקל תוהו ובוהו. אַרויסגעוויזן האָט זיך דאָס גראָד נישט אין געביט פון די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציעס, נאָר אויפן שטח פון וויסנשאַפטלעכע ביכער. זייער אינהאַלט האָט אויף אים געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק.

פון איינעם אַזאַ בוך האָט אַהרקע אויסגעפונען, אַז די הימלען זענען גאָר קיין הימלען נישט, נאָר פּשוטע לופט. אויב אַזוי, האָט ער זיך געפרעגט, וואָס מיינט דער פּסוק „בראשית ברא אלקים את ה־שמים"? פון אַ צווייט בוך האָט ער זיך דערוואוסט, אַז גשם, ס'הייסט רעגן, קומט פון די וואָלקנס. דונערן און בליצן זענען נאַטירלעכע דער־שיינונגען, רעזולטאַטן פון צונויפשטויסן צווישן די וואָלקנס. און צו דעם אַלעם, דרייט זיך גאָר די ערד אַרום די זון. אַלץ קאַפּויר פון דעם וואָס ער האָט פריער געלערנט!

ספיקות האָבן אָנגעהויבן עקבערן אין אַהרקעס מוח. זיין פרומ־קייט איז געוואָרן בלייכער און שוואַכער. ער איז, חלילה, נישט געוואָרן קיין אַפּיקורס, נאָר זיין דאַווענען האָט אָנגעהויבן אונטערהינקען. פּונקט ווי טראָפּנס וואַסער, וואָס האַלטן אין איין קאַפּען אויף אַ שטיין, מאַכן אים צו ביסלעך ווייך און ער צעברעקלט זיך מיט דער צייט, אַזוי האָט געטראָפן מיט אַהרקען. ער איז אַראָפּ פון זיין פאָטערס אויסגעטראָ־טענעם וועג. ס'האָט זיך אָוועקגערוקט דער יסוד פון אונטער זיינע פיס. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, וואוהין צו גיין. קרח מכאן וקרח מכאן. ער האָט פאַרלוירן דעם פאָטערס ירושה און קיין אייגן גייסטיק פאַרמעגן האָט ער נישט אָנגעזאַמלט.

ס'איז געווען אַ שטורעמדיקע צייט. מ'האָט דערוואַרט, אָט, אָט ווערט רוסלאַנד אַ פריי לאַנד מיט לייטן גלייך. ס'זענען פאָרגעקומען אָפענע פאַרזאַמלונגען, וואו מיטגלידער פון איין פּאַרטיי האָבן דעבאַטירט מיט מיטגלידער פון אַ צווייטער פּאַרטיי. און די פּאָליציי האָט נישט געשטערט.

אַהרקען האָט שטאַרק געצויגן צו הערן וועגן וואָס מ'אַמפּערט זיך. ער האָט געוואָלט דערגיין דעם עצם פון זייערע שטרעבונגען. איין מאָל איז אים אויסגעקומען צו זען אַ שווידערלעכע סצענע. בונדיסטן האָבן זיך געשלאָגן מיט ציוניסטן. טאַקע אויף אַן אמת זיך געשלאָגן. זיי האָבן גענוצט שטעקנס און דערלאַנגט מיט אַ רציחה פון

צעיושעטע גזלנים. ס'איז געווען שרעקלעך צו זען ווי יידן, אַנשטאָט זיך דורכרעדן אויף אַ היימישן אופן, גיבן גאָר קלעפּ איינע די אַנדערע.

ביני־לביני זענען אין סלוצק אָנגעקומען קאָזאַקן צו האַלטן אָר־דענונג. דעמאָלט האָט זיך פון אַלע שיינע האָפענונגען אויסגעלאָזט אַ טייך. דעם צאַרס רעגירונג האָט נאָך שטייפער איינגעצויגן די לייצעס. ס'איז געווען אוים פרייהייט, מער אונטערדריקונג. די קאָזאַקן זענען געוואָרן די מושלים פון שטאָט. צווישן די ערשטע צו באַשטראָפן האָבן זיי אויסגעקליבן אַהרקען און זיינעם אַ חבר. היתכן?

ס'איז שוין געווען פינצטער, ווען אַהרקע און זיין חבר זענען געגאַנגען אַהיים מיט דער פלאַשטשאַדקע. פּלוצעם האָבן זיי זיך באַוויזן, די קאָזאַקן, אויף זייערע פלינקע פערד מיט די נאַגייקעס אין דער לופטן. אַהרקע און זיין חבר האָבן גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און זענען געלאָפן פייל אויסן בויגן. די טייוואָלים האָבן זיך אָבער אַ לאָז געטאָן נאָך זיי און מיט די נאַראַפּניקעס געצווישטשעט איבער זייערע קער־פּערס. זיי האָבן אַהרקען און זיין חבר געשלאָגן אַזוי לאַנג, ביז די צוויי בחורים האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ הויז. אָבער אפילו דעמאָלט האָבן די קאָזאַקן גלייך נישט אָפּגעטראָטן. די פאַרשוימטע מאָרדעס פון זייערע פערד האָבן אַריינגעקוקט דורך די שויבן און געזוכט די רעוואָלוציאָנערן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט ברעכן זיי זיך אַריין. צום סוף האָבן די באַוואָפנטע קאָזאַקן, מיט די גרויסע פּאַפּאַכעס, פאַר־קירעוועט זייערע פערד און זענען אַוועק זוכן נייע קרבנות.

אַהרקע און זיין חבר — נאָכן אַריינכאַפּן אַנצאָליקע מלקות פאַר עובר זיין אויפן פאַרבאָט נישט צו ווייזן זיך אין גאַס נאָך זון־פאַרגאַנג — האָבן זיך נישט געקאָנט רירן איבער די אָנגעקלאַפּטע, צעווייטיקטע אברים, אָבער זיי האָבן אָפּגעדעכעט, מחמת זיי האָבן קיין ערגערס שוין נישט דערוואַרט איצט.

דערווייל האָבן זיך אַהרקעס מלבושים אָפּגעטראָגן, און פון זיינע מאָגערע פאַרדינסטן האָט ער נישט געקאָנט דערוואַרטן די ישועה. האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז ווידער אַריינגעקראָכן צו אַ באַלעגאָלע אין בויד אַריין, וואָס האָט אים געגומען קיין סטאַראָבין, און פון דאָרטן האָט אים זיין ידיד, דער באַלעגאָלע אָורעמטשע, געפירט גלייך אַהיים.

## .20

# דער אָפּגרונט צווישן פאָטער און זון

אָנגעקומען אַהיים איז אַהרקע אַ „גרויסשטאָטישער". אויפן קאָפּ איז ביי אים וואוילינגעריש געזעסן אַ היטל מיט אַ שוואַרץ־בלישטשענדיקן צעראַטענעם דאַשעק, אַזאַ, וואָס די גרויס־שטאָטישע בחורים האָבן געטראָגן. דאָס איז, אַגב, געווען דער זעלבער פאַסאָן היטל, וואָס דאָס גראָדנער ווייבל האָט אים צוגערעדט צו קויפן, ווען ער איז געווען אין דרוזקעניק.

פאַרוואָס האָט ער זיך אין מיטן דערינען דערמאָנט אין דעם סאָרט היטל, וואָס ר'האָט געטראָגן? דאַכט זיך, אַ היטל איז אַ היטל, ניין? יאָ און ניין, ווען מסתמא אַנדערע טראַכטן. ביי גויים איז טאַקע אַ היטל — אַ היטל. ביי יידן האָט מען אָבער אין דעם ענין היטל אַריינגעלייגט אַ שטיק קדושה. אַ היטל איז ווי אַ מזוזה צום קאָפּ, ווי אַ צייכן פון ייד און יידישקייט. ווענדיג דעם סאָרט היטל, וואָס אַ ייד האָט געטראָגן, האָט מען מיט איין בליק געקאָנט זיך אויסמאָלן מיט וואָסער מין ייד און יידישקייט מ'האָט צו טאָן. און זיין פאָטער, אַהרקעס, ר' אברהם איטשע, האָט פאַר דעם געהאַט אַ גוטן טביעות־עין.

ווי דער פאָטער האָט אים דערזען מיטן גרויס־שטאָטיש היטל, וואָס קיינער אין לולין טראָגט נישט אַזעלכעס, האָט ער אויסגע־סטאַרטשעט זיינע פייכטע שוואַרצע אויגן און אַ זאָג געטאָן מיט איינ־געהאַלטענעם כעס:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ הילוך? פונקט ווי איוואַן! — און נאָכדעם זיך צעברומט מיט רוגזה און באַפעל — שוין זאָלסטו אַראָפּ־וואַרפן אָט די פאַרשייטע איוואַנקע!

וואָס, וואָס, נאָר מיטן פאָטער האָט אַהרקע קיינמאָל נישט אַר־גומענטירט. ער איז נאָכדעם גלייך אַוועק צום שטעטלדיקן היטלמאַכער און האָט זיך געקויפט אַן עכט יידיש היטעלע. די „איוואַנקע" האָט ער באַהאַלטן אין זיין רייזע־קעסטעלע ביז נאָך יום־טוב, ווען ער וועט אַוועקפאָרן, און דאָרטן, ס'הייסט, ערגעצוואו אין דער פרעמד, וועט ער דאָס צוריק אָנטאָן.

אַ שאָד, האָט אַהרקע געטראַכט, וואָס ער האָט דעמאָלט נישט

געהאַט מער שכל. ווען יאָ, וואָלט ער בשום אופן זיך נישט געווען באַוויזן פאַרן פאָטער מיט דער איוואַנקע. אַ סך עגמת־נפש וואָלט פאַרמיטן געוואָרן פאַר זיי ביידן. דער פאָטער, אַ חכם אַ ייד, האָט דאָך דעמאָלט גלייך דערזען וואוהין זיין אַהרקע צילעוועט זיך! דאָס גרויס־שטאָטישע היטל האָט פאַר אים אַנטפּלעקט דעם זונס נייע וועגן, זיינע מחשבות, אַלע זיינע סודות.

נאָך יום־טוב האָט דער פאָטער געהאַט אַן ערנסטן שמועס מיט אַהרקען.

— ווי כ'בין משיג — האָט ער געזאָגט — ביסטו שוין, זון, גענוג באַהאַוונט אין דעם רוסישן לשון, און האָסט שוין אויך אַ גוטע ידיעה אין חשבון, על־כן מיין איך, וואָלט פאַר דיר געווען גלייך צו בלייבן אין דער היים און לערנען ביים אַלטן רב. דאָס וועט זיין בעסער ווי וואַלגערן זיך אין דער פרעמד.

כאָטש דאָס איז אַהרקען נישט געווען צום האַרץ, ווייל דאָס וועט צעשטערן זיין פּלאַן וועגן לערנען זיך פאַר אַן אַפּטייקער, דאָך האָט ער געפאָלגט און איז געבליבן אין לולין.

יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווענען איז ער געקומען אין דער אַלטער שול, אַוועקגעזעצט זיך מיטן רב ביי אַן אָפענער גמרא, אָבער דער רב האָט נישט געלערנט מיט אים. אַנשטאָט לערנען האָט דער רב אים מכבד געווען מיט גרויסע פאַרציעס מוסר. טאָג נאָך טאָג האָט זיך דאָס איבערגעחזרט. מוסר און ווידער מוסר.

אַהרקע האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק, אַז דאָס איז געקומען נאָך אַן אָנזאָג פון זיין פאָטער. דער פאָטער האָט זיך געווויס געכאַפּט, אַז ער האָט געהאַט געמאַכט אַ טעות דערמיט וואָס ער האָט געלאָזט אים, אַהרקען, פריי וואַנדערן, ס'הייסט, אין דער פרעמד, אָן זיין השגחה. דערפאַר האָט ער געוואָלט פאַרריכטן. און דאָס איז אים נישט אָנגעקומען שווער. מיטן רב איז ער געווען אין אַ פריינד־לעכער התקשרות. ער איז אַן אָפטער אַריינגייער צו אים אין הויז. יעדעס מאָל, ווען דער רב האָט אַ שווערע דין־תורה און ער דאַרף האָבן אַ מענטש אַ למדן אים אַרויסצוהעלפן, שיקט ער צוערשט נאָך אים, ר' אברהם איטשען. איז פאַר אַזאַ ידיד נאָמן וועט דער פאָטער זיך שעמען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ? האָט ער זיך טאַקע נישט געשעמט

און מגלה געווען אלץ. און ער האָט זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט דעם. כדי צוריקצובריענגען דעם זון אויפן דרך־הישר האָט ער געוויס געבעטן דעם רב צו לייגן דאָס גרעסטע געוויכט אויף מוסר. מיט שטראָפרייד — האָט ער אים אוודאי געזאָגט — וועט דער רב קאָנען פאַרצאַמען דעם וועג פון די נישט־גוטע, די רעוואָלוציע־מאַכערס, זיי זאָלן נישט האָבן קיין צוטריט צו אַהרקען.

אין אמתן איז אַהרקע נאָך געווען ווייט, זייער ווייט פון אַ בעל־עבירהניק, וואָס מ׳האָט אים געדאַרפט מוסרן. דער רב האָט זיך אָבער אין דעם נישט אַריינגעטראַכט — און זיין מוסר־זאָגן איז אָנ־געגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז אין שטעטל איז אָנגעקומען די פינצטערע בשורה וועגן אַ פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק.

אינדערפרי, ווען דאָס נייעס איז פאַרשפּרייט געוואָרן, אַז אַהרקע איז אַריין אין שול האָט ער געטראָפן דעם רב אַ שטאַרק צערודערטן. ער איז אַרומגעלאָפן צווישן די שטענדערס און בענק מיט אַ פּנים פון אַן אבל. דערזען אַהרקען, האָט ער מיט רוגזה גענומען טייטלען מיט זיין ווייזפינגער גלייך אים אין פּנים אַריין און געשריען מיט קולי־ קולות:

— אָט איבער די באַכמאַטעס, די יונגאַטשעס, קומען אַלע צרות אויף יידן! ווען נישט די אפּיקורסים וואָלט משיח שוין לאַנג געקומען.

דעם רבס צאָרן איז פאַר אַהרקען געקומען אַזוי פּלוצעם, גלייך ווי ער וואָלט אומגעריכט געטראָפן געוואָרן פון אַ דונער. פאַר אַ ווייל־ע איז ער צעטומלט געוואָרן און ער האָט נישט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן זיך. אַז ר׳איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט ער שטילערהייט זיך אָפּ־גערופן:

— רבי, אַן אַפּיקורס האָט מיך אַנוסטן געפרעגט, הלמאַי משיח איז נישט געקומען מיט צוויי־דריי הונדערט יאָר צוריק, ווען אַלע יידן זענען געווען גוט און פרום.

די קשיא איז פאַר אַהרקען אַרויסגעקומען אומגעריכט. ווען ער וואָלט פאַרויסגעזען, אַז דאָס קאָן פירן צו אַ סיכסוך צווישן אים און דעם רב, וואָלט ער געווען פאַרשוויגן און — פּטור אַן עסק. אויף זיין קשיא האָט אָבער דער רב געענטפערט:

—האָסט אים געדאַרפט זאָגן, אַז משיח איז נישט געקומען, מחמת דער רבש״ע האָט געוואוסט אַז יידן וועלן ווידער אָנהייבן זינדיקן. טאָ צו וואָס אויסלייזן? האָט ער זיי געלאָזט אין גלות.

כדי נישט מצער זיין דעם רב האָט אַהרקע געדאַרפט זיך אָפּ־שטעלן דאָ און פאַרטיק. ס'האָט זיך פון זיין זייט געפאָדערט אַ ביסל דרך־ארץ, העפלעכקייט, און נישט אַריינגיין אין קיין וויכוח מיטן רב. דעם רבס ענטפער איז אָבער געווען אַזוי נישט שכלדיק, אַז אַהרקע האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און ווייטער געפרעגט:

— טאָ פאַרוואָס האָט דער רבש"ע אַריינגעפירט די יידן אין ארץ־כנען דאָס ערשטע מאָל און דאָס צווייטע מאָל? ער האָט דאָך אין פאָרויס געוואוסט אַז די בני־ישראל וועלן זינדיקן!

דער אמת איז, אַז מיט דער צווייטער קשיא האָט אַהרקע פּשוט געוואָלט זיך אַ גריבל טאָן און אויסגעפינען דעם ריכטיקן ענטפער. ער האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו אַמפּערן זיך מיטן רב. ער איז אָבער נאַריש אַריינגעפאַלן.

דער רב האָט דאָס אָנגענומען פאַר אפּיקורסות און אַז דער אַפּיקורוס זיצט טאַקע דאָ לעבן אים. ער האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון דער באַנק און גענומען שרייען:

— בן־ארבעים לבינה! בן־ארבעים לבינה! ביז פערציק יאָר דאַרפסטו זיך שלעפן נאָכן טאַטנס פּאָלע!!! ביז פערציק יאָר... ביז פערציק יאָר...

ער האָט אַזוי בייז געשריען, אַז אַהרקען איז אַ שרעק באַפאַלן. ער האָט זיך אַ הייב געטאָן פון זיצפּלאַץ און פּאַמעלעך זיך גענומען רוקן צום אַרויסגאַנג. ווען ער האָט געהאַלטן די קליאַמקע פון דער טיר האָט ער געפילט, אַז דאָס איז ס'לעצטע מאָל וואָס ער זעט די בימה און דעם אָרון־קודש פון דער אַלטער שול. דער וועג אויף צוריק איז אָפּ־געהאַקט געוואָרן אויף אייביק. אַ טיפער אומעט האָט אים דורכגענומען. אַ ייאוש האָט אים געקראַמפּט. דערצו האָט ער זיך געשעמט צו גיין אַהיים און באַגעגענען דעם פאָטער. ער האָט דערפילט, אַז עפּעס פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם איז אַרונטערגעפאַלן אין תהום. דער אָנהאַלט אין זיין היים איז צעשמעטערט געוואָרן. ער איז עלנט אין זיין אייגן שטעטל, און אַ פרעמדקייט, ווי אַ וואַנט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן אים און זיין פאָטער. ער איז אַוועק צום גרינעם באַרג, וואָס אויף דער צווייטער זייט פון טייך סלוטש, אַהין דאָרטן, וואו ער האָט אָפט, אין די טעג פון אומעט און איינזאַמקייט, אַרומגעשפּאַצירט איינער אַליין.

דאָרט, אַרום דעם גרינעם באַרג, איז געווען שאַ־שטיל: גראָז,ביימער, פייגל, מוראַשקעס. פאַר שעהן און שעהן האָט זיך אַהרקע דאָרט אַרומגעדרייט, אָדער ער איז געזעסן אַ דערשלאָגענער.

אַז ר׳איז געקומען אַהיים האָט ער באַמערקט ווי ביים פאָטער איז דער קוק שאַרפער און קעלטער. דאָס האָט אים, אַהרקען, שטאַרק געקרענקט. ער האָט אָבער נישט געוואוסט ווי צו פאַרלאָטען דעם ריס. ער און דער פאָטער זענען געוואָרן ווייט איינער פון צווייטן ווי מזרח פון מערב. אפילו מיטן בעסטן ווילן האָט אַהרקע שוין גאָרנישט געקאָנט טאָן, סיידן צוריקגיין אין שול אַריין צום רב, שלאָגן זיך על חטא און שווייגנדיק זיך צוהערן צו זיין מוסר וועגן גיהנום, גן־עדן און משיחן. דאָס האָט ער אָבער לחלוטין נישט געקאָנט טאָן. וואָלט דער פאָטער כאָטש זיך דורכגערעדט מיט אים, פּראָסט און פשוט, ווי אַ טאַטע מיט אַ זון, וואָלטן די באַציאונגען צווישן אים און דעם פאָטער אַ סך פאַרבעסערט געוואָרן. נאָך אַלעמען, וואָס האָט ער, אַהרקע, געוואָלט? פרייהייט? פערזענלעכע געדאַנקען־פרייהייט? פרייען אויס־דרוק פון רעיונות? יאָ, ער האָט דאָס אַלץ געמוזט האָבן ווי אַ דאָרשטי־קער לעכצט נאָך אַ טרונק וואַסער. אין דער זעלבער צייט האָט ער דאָך אָבער אויך געהאַט אָפּשיי פאַרן אַלטן דור! ער האָט זיך געסטאַ־רעט וואָס ווייניקער ווי צו טאָן מענטשן וואָס זענען געגאַנגען אויפן אַלטן אויסגעטראָטענעם דרך. ער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר זיי. זיי האָבן מיטן גאַנצן האַרץ געגלייבט אין זייער התנהגות און טואונג. יאָ, ער, אַהרקע, האָט גאָרנישט געוואָלט צעברעכן. אָבער דער פאָטער האָט בייז געשוויגן. ער האָט נישט געמאַכט דעם מינדסטן פאַרזוך אָוועק־צוזעצן זיך מיטן זון צו האָבן אַ שטיקל שמועס. גאָרנישט. און די מחיצה צווישן זיי איז געוואָרן אַלץ גרעסער און וואָס מער בולט.

## .21

# טשיקאַוועקייטן פון שטעטל

לויט זיין געמיט-צושטאַנד איז פאַר אַהרקען נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי אָפּצוטראָגן זיך פון דער היים. נאָכן מאַכן אַ חשבון פון זיין פינאַנציעלן עשירות האָט ער אָבער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָך בלייבן אין שטעטל אַ שטיקל צייט, לפּחות ביז איבערן זומער.

וואָס וועט ער אָבער טאָן — אָן לערנען?

קיינמאָל פריער האָט ער זיך נישט אַרומגעדרייט און אַרומגעשלענדערעוועט אין שטעטל אַזוי פיל ווי דאָס מאָל אין די זומער- טעג, ווען ר׳איז געווען אָן אַ שטאָך אַרבעט. און בעתן אַרומגיין אַזוי פוסטע-פּאַס איז ער אָפט געבליבן שטיין אין גאַס לעבן אַ רעדל מענטשן, געהערט זייערע שמועסן, מחלוקתן, רכילות, אָפּלאַכענישן. כאָטש ס׳איז אים געווען ביטער אויפן האַרץ, דאָך האָט ער אויך געהאַט זיינע פריילעכע שעהן. דער הימל פון זיינע לאַנגווייליקע טעג איז נישט אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט וואָלקנס. נישט איין מאָל האָט ער געזאָגט צו זיך, אַז כאָטש אים האָט זיך געדאַכט, ער קען זיין שטעטל דורך און דורך, דאָך האָט זיין ליידיקע צייט אַנטפּלעקט פאַר אים אַזעלכעס, וואָס ער האָט פריער וועגן דעם נישט געוואוסט, אָדער דערויף זיך נישט אומגעקוקט, אפילו ווען ס׳איז געווען גלייך אונטער זיין נאָז. למשל: באַלעגאָלעס.

צווישן לולין און סטאַראָבין איז געווען אַ מהלך פון אַכט מייל. אַ דאַנק אָט די אַכט מייל האָט אוורעמטשע באַלעגאָלע געצויגן אַ שטיקל חיונה פאַר זיך און זיין הויז-געזינד. די היים האָט אוורעמטשע געהאַט אין סטאַראָבין, אָבער צוויי מאָל אַ וואָך איז ער מיט זיין געשפּאַן אַראָפּגעקומען קיין לולין. זיין געהילף איז געווען זיין אייגענער זון, ליפּע. אָפט זענען זיי, טאַטע און זון, איבערגעשלאָפן אַ נאַכט ביי אַהרקעס עלטערן אין הויז. זיי זענען געשלאָפן אויף בענק, אָן אַ קישן. דאָס איז געווען בחינם, אָבער אין זכות פון דעם וואָס זיי האָבן געגעבן צו לייזן פאַר אַ בולקע און אַ הערינג. אַהרקען האָט נישט זעלטן פאַר-קלעמט ביים האַרץ פאַר זייער דאַליע. ווי קאָנען זיי זיך אַזוי אַרומשלעפּן

אונטערוועגנס אַן אַ ריכטיק מאַלצייט און אַן אַ לייטיש געלעגער? ווען ס'וואָלט געווען אין זיין רשות וואָלט ער זיי די בעסטע ווייכע געלעגערס אָפּגעגעבן, און די געשמאַקסטע פליישיקע מאכלים אונטערגעטראָגן. ס'האָט אים פאַרדראָסן וואָס אָט די אַלע גוטע זאַכן קריגן מענטשן, אין זיינע עלטערנס הויז, וואָס פאַרדינען דאָס זיך נישט אַזוי גוט ווי אוורעמטשע און זיין זון ליפע.

אַז אוורעמטשע און ליפע זענען געקומען קיין לולין האָבן זיי אַ שטיק צייט „געלאַגערט" אין גאַס און געוואַרט אויף אַ פאַרדינסט. אהרקע האָט אַלעמאָל שטאַרק מיטליד געהאַט מיט זיי. אָפט, אַרומדרייענדיק זיך אין גאַס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי זייער געשפּאַן און גערעדט מיט זיי.

אוורעמטשע איז געווען אַ גוטמוטיקער מענטש, כאָטש ער האָט געהאַט אַ טבע צו שרייען אויף יעדן — אויף ליפען, אויפן פערד, אויף באַלעגאָלעס און, ווי ער, אהרקע, האָט געהערט פון מענטשן, אויך אויף זיין ווייב. יעדעס געשריי האָט ער אָנגעהויבן מיט „אַ ניכפּה", אָבער אָן ביטערקייט. יעדעס מאָל וואָס ער איז אָנגעקומען פון סטאַראָבין האָט מען געהערט זיינע קולות איבערן גאַנצן שטעטל. דאָס האָט ער געשריען אויף זיין קאַשטאַן, ער זאָל וויזן וואָס ער קאָן און אַראָפּפאָרן מיט אַ טראַסק פון דעם קליינעם בריקל. אחוץ שווערע משאות ווי זעק מיט מעל, האָבער, האָט ער אויך געפירט שודאַקעס, ס'הייסט פּאַסאַזשירן. די גרעסטע צאָל שודאַקעס האָט אוורעמטשע געהאַט גלייך נאָך פּסח און סוכות. דעמאָלט האָבן אַ סך יונגעלייט פון סטאַראָבין זיך אַרויסגעלאָזט זוכן מלמדישע שטעלעס אין די מקומות אַרום לולין. אייניקע פון זיי זענען געווען נאָך גאָר יונגיטשקע בחורימלעך. קיין אַנדערע באַשעפטיקונג איז נישט געווען בנימצא. און מלמדות איז נישט געווען שווער צו קריגן. דאָרפישע יידן — איינציקע משפחות, אָדער עטלעכע פאַמיליעס צוזאַמען — האָבן געזוכט מלמדים פאַר זייערע קינדער, זיי זאָלן נישט פאַרגרעבט ווערן צווישן די פויערים אין דאָרף. און סטאַראָבין האָט, דאַנקען גאָט, געהאַט גענוג מלמדים אויף צו באַפרידיקן די תשוקות פון די ישובניקעס.

איינמאָל, שטייענדיק ביים געשפּאַן, האָט אהרקע באַמערקט ווי דער יונגער ליפע האָט זיך אָנגעטאָן הענטשקעס אויף זיינע הענט און גענומען שמירן די רעדער פון דעם וואָגן מיט סמאַראָווידלע. פאַר

אַהרקען איז דאָס געווען אַ גרויס חידוש. אַ באַלעגאָלע זאָל שמירן רעדער מיט הענטשקעס אויף די הענט? ס׳ערשטע מאָל האָט ער אַזעלכעס געזען. דער פאָטער אוורעמטשע האָט געהאַלטן די הענט פאַר־קרייצט אויפן בויך, אַ לאַנגע צייט געקוקט אויפן זון און צום סוף אַ בורטשע געטאָן:

— אוי, אַ ניכפּה, מיין זון... אַז דו שמירסט די רעדער מיט הענטשקעס אויף די הענט, וועט שוין פון דיר קיין לייט נישט זיין.

ליפּע האָט געשוויגן. בטבע איז ער געווען אַ שווייגער, דער היפּוך פון זיין פאָטער דעם שרייער.

נאָכן אַפּשרייען זיך אויפן זון האָט זיך אוורעמטשע אויסגע־דרייט צו אַהרקען און געברומט:

— ער שטייט אין שידוכים, דער קדיש מיינער... אין איין מויד איז ער פאַרכליאַפּטשעט. פאַרשטייסט? ער וויל האָבן הענט פון אַ פּריץ... ער וויל זיך אויספיינען פאַר איר...

טייל שודאַקעס, וואָס זענען געקומען פון סטאַראָבין און האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַהרקעס עלטערן אין „האָטעל", האָבן דערציילט, אַז דער איינציקער טאָג וואָס מ׳האָט פון אוורעמטשען דעם באַלעגאָלע נישט געהערט דאָס וואָרט „ניכפּה" איז געווען שבת. שבת איז געווען אַ רו־טאָג נישט נאָר פאַר זיין קאָשטאַן, נאָר אויך פאַר אוורעמטשען. נאָכן אָפּדאַווענען און נאָכן אָפּעסן דעם טשאָלנט איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער מענטש. פון זיין שרייען אין וואָכעדיקע טעג איז נישט געבליבן קיין שליאַד. זיין ברויזנדיקע נאַטור האָט זיך איינגעשטילט. אוועק די האָרעוואַניע פאַרן טאָג, איז אויך אוועק זיין פאַריבל אויף מענטשן.

בעת זיין „באַקלאָגן" זיך אויפן זון, וואָס וויל האָבן הענטלעך פון אַ פּריץ, האָט אַהרקע געטראַכט וועגן דעם וואָס די פּאַסאַזשירן האָבן אין הויז פון זיינע עלטערן דערציילט, און ער האָט געזען פאַר זיך נישט דעם וואָכעדיקן אוורעמטשען, נאָר דעם שבתדיקן. אַלע מענטשן, נישט בלויז יידן — האָט ער געטראַכט — ווען זיי וואָלטן דערשפּירט דעם טיפן זין פון דעם רו־טאָג שבת, וואָלטן זיי נישט אויפגעהערט דאַנקען משה רבינו פאַר דער אויסערגעוויינלעכער מתנה וואָס ער האָט געגעבן. ווען נישט דער שבת וואָלטן אַזעלכע לייט ווי

אוורעמטשע געאַרבעט גאַנצע זיבן טעג אַ וואָך — און זיי וואָלטן לאַנג נישט אויסגעהאַלטן איבער זייער וואולקאַנישן טעמפּעראַמענט.

אויף דער הויפּטגאַס אין לולין האָט — נישט אַזוי אָפּט ווי אוורעמטשע — פון צייט צו צייט „געלאַגערט" נאָך אַ פורמאַן. אויך ער איז איינגעשטאַנען ביי אַהרקעס עלטערן אין „האָטעל", ווען ר'איז געבליבן אין שטעטל אויף איבערנאַכט. זיין שטענדיקער מאַרשרוט איז געווען לולין-סלוצק, איין מאָל אין צוויי-דריי וואָכן. גערופן האָט מען אים: אברהם איטשע דער סטאַראָבינער. ער איז געווען אַ שטילער, אַ פרומער ייד, באַהאַוונט אין די שוואַרצע פינטעלעך. אין סטאַראָבין, וואו ער האָט געוואוינט, האָט ער געהאַט אַ מיזרח-שטאָט אין דער עקשטאָטישער שול. פון באַלעגאָלעווען וואָלט ער אָבער נישט געהאַט גענוג אויף חיונה. צוגעהאָלפן אין פרנסה האָט אים זיין ווייב חנה. זי האָט געהאַט אַ קלייט נישט ווייט פון דער שול, וואו איר מאַן האָט געדאַוונט.

אין קלאַס פון באַלעגאָלעס האָט מען אברהם איטשען נישט אַריינגערעכנט. ער האָט אויסגעקוקט מער ווי אַ סוחר אַ הורטאָווניק. די סחורה, וואָס ער האָט געפירט פאַר די קרעמערס פון שטעטל, איז באַשטאַנען פון באַקאַליי. פון זיין וואָגן האָט טאַקע אַלעמאָל געשמעקט פון צימערינג, ראָזשינקעס, פלוימען און אַנדערע איידעלע שפייזן, וואָס ווערן גענוצט פאַר שבתים, ימים-טובים, אַלערליי יידישע שימחות און — פאַר קראַנקע.

קיין האַמעטנע משאות האָט אברהם איטשע דער סטאַראָבינער נישט געפירט. און נאָך עפּעס — אויך נישט. דאָס זענען געווען שודאַקעס-נשים. פאַר קיין געלט אין דער וועלט וואָלט ער נישט עובר געווען אויף דעם. ער האָט נישט געוואָלט געשטרויכלט ווערן אין דער עבירה פון יחוד מיט נקבות.

נאָך אין די ייִנגערע יאָרן האָט אַהרקע זיך געהאַט צוגעבונדן צו דעם דאָזיקן זיידענעם ייד. און נישט בלויז צו אים — אויך צו זיין פערד, דעם בולאַן. ווען אברהם איטשע האָט איבערגענעכטיקט ביי אַהרקעס עלטערן אין הויז, האָט ער געהאַלטן דעם בולאַן ביים פאָטער אין דער שטאַל. אין זיינע חומש-יאָרן האָט אַהרקע געפלעגט שטיין לעבן דעם בולאַן, גלעטן זיין גלאַנציקע פעל און, בסוד-סודות, אים געבן אַ שטיקל צוקער גלייך פון דער אייגענער האַנט אין זיין מויל

אַריין. אין יענע צייטן האָט אברהם איטשע אָפּט גענומען אַהרקען אויף זיין וואָגן אַרויף און געלאָזט אים האַלטן די רימענע לייצעס בעתן פאָרן אַ שטיקל וועג. אַהרקע האָט דעמאָלט געהאַט גרויס פרייד און געשפּירט, אַז דער בולאַן איז זייער צופרידן פון דעם. ס׳איז געווען אַ באמת פריינדלעכער בונד צווישן מענטש און חיה. דער בולאַן האָט זיך נישט געבריקעט, האָט נישט געביסן. ער האָט אויסגעהיט דעם וואָגן פון גריבער און לוזשעס.

אין די טעג פון זיין אַרומגיין פוסטעפּאַס האָט זיך אַהרקע אָפּט אָפּגעשטעלט ביי זיין אַלטן פריינד אברהם איטשע, וואָס האָט געהאַט דעם געשפּאַן שטיין אויף דער הויפּטגאַס.

אָפּט האָט אברהם איטשע מיט תמימות דערציילט אַהרקען אַלערליי מעשׂות וועגן זיין בולאַן.

— אין פינצטערע נעכט — האָט ער איין מאָל געזאָגט — ווען כ׳שלעפּ זיך אונטערוועגנס, בינד איך צו די לייצעס צום וואָגן און כ׳ליג זיך שלאָפן. דער בולאַן גייט זיך דעמאָלט זיין וועג מיט קליינע גע־מאָסטענע טריטעלעך און שלעפּט דעם וואָגן אָן איילעניש.

אַ צווייט מאָל האָט אברהם איטשע איבערגעגעבן גאָר אַ טשי־קאַווע געשיכטע וועגן זיין בולאַן:

— דאָס פערד, כ׳מיין מיין בולאַן, ווייסט און פילט אפילו, ווען ס׳איז ערב־שבת. פרייטיק שטעלט דער סוס פלינקערע טריט. און דאָס, אינגאַנצן אָן אַ שמיצל מיט מיין בייטש. אַלע מאָל קום איך אַהיים אין צייט, פאַר ליכט־בענטשן. יאָ, כאָטש דער מהלך פון סלוצק ביז לולין איז אַ היפשער, דרייצן מייל.

אַהרקע האָט זיך צעלאַכט. וואָסער האַרציקע איבערגעגעבנקייט — האָט ער געטראַכט — פון דעם „פרומען״ בולאַן צו זיין יידישן ברויט־געבער!

און דאָס זענען נישט געווען די איינציקע טשיקאַווע מעשׂות, וואָס אַהרקע האָט באַמערקט און געהערט אין שטעטל בעת זיינע פרייע זומער־טעג.

## .22
# משוגעים

אין זיינע מכלומרשט־זאָרגלאָזע טעג האָט אהרקע פון צייט צו צייט זיך אָנגעטראָפן מיט אַ צאָל חסר־דעהניקעס. זיי זענען געקומען פון ווייטע מקומות. זיי האָבן געמאַכט ויברח פון זייער געבוירן־אָרט. פאַרוואָס? קיין גאַנצער ענטפער איז נישט געווען. אַ סברה האָט זיך אָבער יאָ אָנגענומען, אַז זיי זענען עוקר געווען דערפאַר, ווייל די משפחות האָבן מסתמא פּרובירט זיי איינצאַמען און מיט גוואַלד אַרויפפירן זיי אויפן וועג פון מיושבדיקייט. און מ'האָט די קרובים געווים דאָס נישט געקאָנט האַלטן פאַר אַן עוולה. מחמת אַ חסר־דעהניק איז געווען מחוץ למחנה. אַ משוגענער איז קיין מענטש נישט. „משוגע אויף טויט" — האָט מען געזאָגט. דאָס האָט געמיינט, אַז מיט אַ משוגענעם קאָן נישט זיין קיין מגע־ומשא, פּונקט ווי מיט אַ מת.

איינער פון די חסר־דעהניקעס, וואָס אהרקע האָט אָנגעטראָפן, איז געווען אַן עלנטער ייד, אַ ניסתר, וואָס אויף אים האָט מען געזאָגט:

— משוגע איז ער נישט, אָבער אינגאַנצן קלאָר איז ער אויך נישט.

זיין נאָמען איז געווען — בערעלע דער מאַס. פאַרוואָס די באַצייכענונג „דער מאַס"? קיינער האָט נישט געוואוסט. אָבער אַזוי האָט מען אים גערופן. געקומען איז ער אַזש פון ווילנע. ער איז געווען אַן אונטער־שמש אין דער נייער שול. געוואוינט האָט ער אין אַ הינטער־שטיבל פון דער שול, און גענעסן האָט ער „טעג", אַ מאָל דאַ, אַמאָל דאָרט. איין „טאָג" האָט ער געהאַט ביי אהרקעס באָבען, שפּרינצע.

בערעלע דער מאַס איז געווען אַ קליינטשיקער, אַ זשוואַווינקער, מיט אַ פאַרדאגהט פּנים און אַ פּיטשינק סיווע בערדעלע. אָבער אַ בעל־כעסן איז ער געווען אַ גוואַלד. יינגלעך האָבן מורא געהאַט פאַר אים אימת־מוות. ער האָט געהאַלטן די שול זייער ריין און אין אָרדענונג — און אַכטונג געגעבן אַז די יינגלעך זאָלן דאָס נישט צעשטערן.

אהרקע האָט געטראַכט וועגן אים, און אין איינעם פון זיינע מכלומרשט־זאָרגלאָזע זומער־טעג האָט ער געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס מיט אים.

— זאָגט מיר, בערל, ס'בענקט זיך אייך גאָרניט נאָך ווילנע? אַזאַ שיינע גרויסע שטאָט! וואָס האָט איר דאָ, אין דעם קליינעם שטעטל? וואָס האַלט אייך דאָ צוגעבונדן? אַלץ וואָס איר האָט דאָ איז דחקות און שווערע האָרעוואַניע.

אַהרקע האָט זיך געוואָלט דערגרונטעווען צום גייסטיקן מעמד, צום מהות פון אָט דעם בערעלע דער מאָס. עפּעס האָט דאָך אים געווים געקוועטשט! פּלוצעם הייבט זיך דאָך נישט אויף אַזאַ מענטש, וואָס דאָס זייגערל אין זיין קאָפּ איז נאָך נישט אינגאַנצן קאַליע, און פאַראוועט גלות אין דער פרעמד!

פון דעם אונטער־שמש איז אָבער געווען אוממעגלעך אַ וואָרט ארויסצוקריגן. ער האָט געשוויגן. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז בערל דער מאָס איז פאַרשוואונדן. זיין קומען און זיין אַוועקגיין איז פאַרן עולם אין שטעטל געבליבן אַ געהיימעניש.

נאָך אַ חסר־דעהניק איז געווען אין לולין, וואָס אַהרקע האָט אים באַטראַכט פאַר אַן „אַלט־באַקאַנטן". אַהרקע האָט אים געהאַט באַמערקט אין סלוצק מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ער האָט דאָרטן געלערנט. דער דאָזיקער משוגענער האָט זיך געהאַט ארומגעשלעפּט אין סלוצקער מאַרק. דאָרטן זענען געשטאַנען טישלעך, וואָס ווייבער האָבן ביי זיי פאַרקויפט אַלערליי עסנוואַרג. דער משוגענער האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָ ביי איין טישל, דאָ ביי אַ צווייטס, ביי אַ דריטס, און גענומען, אָדער געקראַגן, עפּעס פון די פאַרשידענע שפּייזן און מיט איין שלונג אַראָפּגעלאָזט עס אין מאָגן אַריין. פּלוצעם האָט אים אָבער אַהרקע דערזען אין לולין. זיין נאָמען איז געווען — מאָטע יאַנע.

אַהרקע האָט אים אָפּגעשטעלט.

— פאַרוואָס — האָט ער אים געפרעגט — זענט איר אַוועק פון סלוצק?

מאָטע יאַנע האָט געהאַט אַ טרויעריק אויסגעדאַרט פּנים און אומעטיקע אויגן. אַ טבע איז געווען ביי אים צו קלאַפּן מיט זיינע פינגער איבערן פּנים, איבערן האַלדז, ארויף, אַראָפּ, און בעת מעשה האָט ער געהאַלטן די אויגן פאַרזשמורעט. דאָס מאָל האָט ער גראָד נישט „געשפּילט פּיאַנע". ער האָט געקוקט אויף אַהרקען מיט זיינע אומעטיקע אויגן און גאָרנישט געזאָגט.

— וואָס טוט איר אין לולין? — האָט אַהרקע ווידער געפרעגט.

אויך דאָס מאָל האָט מאָטע יאַנע בלויז געגאַפּיעט און גאָרנישט געענטפערט.

— וואו נעמט איר צו עסן?

ווידער קיין ענטפער.

— איר זענט הונגעריק?

פון ערגעץ האָט זיך דערנענטערט אַ ייד און געקוקט אויף אהרקען מיט פאַריבל:

— וואָס מאַטערסטו אים? דו ווייסט נישט? ער ענטפערט קיינעם נישט!

אַז אהרקע איז אַוועק, אָבער נאָכדעם זיך אויסגעדרייט, האָט ער געזען ווי מאָטע יאַנע האָט גענומען פויקן מיט זיינע פינגער איבערן פּנים, איבערן האַלדז, און געהאַלטן זיינע אויגן פאַרזשמורעט.

נאָך אַ חסר־דעהניק איז געווען אין לולין, דערצו נישט קיין געוויינלעכער. ער איז געווען אַ הויכער, מיט אַ געלער באָרד. אויך ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין לולין פון דער פרעמד. מענטשן האָבן געזאָגט, אויך ער שטאַמט פון סלוצק, און אַז ער האָט דאָרטן איבער־געלאָזט אַ ווייב מיט קינדער. גערופן האָט מען אים — חיים דער משוגענער.

חיים האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דער אַלטער שול. זייער אָפט איז ער אַריינגעגאַנגען אין הייזער און האָט געקליבן סקאָרינקעס פון די טישן. אויסגעקוקט האָט ער אָבער אויף אַ גוט „מאַלצייט" — אַ בולקע, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט געקראָגן פון דעם וואַלד־סוחר, שלמה דער מאַריטשער. גערופן האָט מען אים „דער מאַריטשער", ווייל ער האָט געוואוינט אין דעם דאָרף מאַריטש. ווי נאָר שלמה דער מאַריטשער איז אַריינגעפאָרן קיין לולין אין זיין שיינער בריטשקע, צו וועלכער ס'איז געווען צוגעשפּאַנט אַ זאַט אויסגעפּוצט פערד, איז חיים דער משוגענער אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד.

שלמה האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט אַ בולקע. אָבער איידער חיים האָט דאָס געקראָגן, האָט ער גערדאַרפט עפּעס אַ זאָג טאָן, עפּעס שאַרפס, אַזעלכעס וואָס זאָל אַ נעם טאָן... און חיים האָט דאָס געקענט. ער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן. און אַ סך. ער האָט נאָר באַדאַרפט וועלן.

אַ גאַנצע וואָך האָט זיך חיים אַרומגעדרייט כמעט אַ הונ־

גערִיקער. בלויז שבת האָט ער געגעסן ביי איינעם אַ בעל־רחמים, יחיאל כהן.

אַהרקע האָט געהאַט שטאַרק מיטלייד מיט אים. אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן פאַר אים אַחוץ האָבן רחמנות אויף אים?

איין מאָל, אין אָוונט, האָט אַהרקע באַגעגנט חיימען אַ פאַר־טראַכטן. בטבע איז ער אַלעמאָל געווען אַ פאַרטראַכטער. אָבער דאָס מאָל — קיין פאַרגלייך מיט זיין נאָרמאַלער פאַרקלערטקייט. ער האָט שפּאַצירט איינער אַליין אין מיטן גאַס.

אַהרקע איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אָנגעהויבן רעדן סתם אַזוי, וואָס נאָר ס׳איז אים געקומען אויפן געדאַנק.

חיים האָט זיך אָבער שפּאַצירט אַזוי ווי פריער, גלייך ווי אַהרקע וואָלט נישט געווען לעבן אים. ער האָט געשוויגן. אַ שרעקלעכער אומעט האָט געווייעט פון אים. אַהרקע האָט זיך געקליבן אַוועקגיין. וואָס וועט ער האַלטן אין איין רעדן, אַז דער חיים רופט זיך נישט אָפּ אַפילו מיט קיין פּיפּס נישט?

פּלוצעם האָט חיים אים אַ טאָרקע געטאָן אין דער פּלייצע, אויפגעהויבן זיין ווייז־פינגער צום הימל און געזאָגט:

— זעסט די שטערן דאָרטן? זעסט ווי זיי בלישטשען? מיר מענטשן מיינען אַז זיי, די שטערן, שיינען צוליב אונדז און פאַר אונדז. נאַרישקייטן! די שטערן ווייסן אַפילו נישט צי מיר לעבן דאָ אויף דער ערד.

אַהרקע האָט זיך נישט אָפּגערופן. ער האָט בלויז געקוקט אויפן חסר־דעהניק.

חיים איז געווען אַ גוטמוטיקער, אַ שטילער. צייטנווייז האָט ער גערעדט קלוג, לאָגיש. ער האָט אַ סך פילאָזאָפירט וועגן בראשית — ווי אַזוי, פון וואָס און ווען האָט זיך דאָס גאַנצע גערודער, ס׳הייסט, דאָס וועלטעלע אונדזערס, אָנגעהויבן.

— אין אָנהייב איז געווען גאָרנישט, האַ? — האָט חיים ווידער גענומען רעדן. — וואָס איז געווען? תוהו ובוהו, האַ? און פון גאָרנישט איז געוואָרן אַן עפּעס, יאָ? איז אַצינד זאָל מען באַטראַכטן דאָס גאַנצע עסק. וואָס איז דער עפּעס?

נאָכדעם איז ער געוואָרן אין כעס אויף חוהן, הלמאַי זי האָט

אראָפּגעפירט אדמן פון גלייכן ווענ. הלמאַי זי האָט אים געהייסן עסן דעם עפּל פון עץ־הדעת.

— וואָס פאַר אַ ניצן — האָט ער זיך גענומען קאָכן — ברענגט אָט דער דעת?

באמת, מענטשן האָבן ליב געהאַט זיך צוהערן צו דעם חסר־דעהניקס רייד, ווען ער איז געווען אין אַזאַ פילאָזאָפיש־געשטימט געמיט.

## .23

## צונעמענישן

אַחוץ טשיקאַוועקייטן, וואָס אַהרקע האָט באַגעגנט אין שטעטל און וואָס קאָנען טרעפן אומעטום, איבער דער גאַנצער וועלט, זענען אויך געווען כאַראַקטעריסטישקייטן, וואָס זענען אויפגעקומען בלויז אין דעם קליינעם יישוב, וואו מענטשן קענען איינער דעם אַנדערן, קענען אַלע זייערע מידות, גוטע און שלעכטע. למשל, צונעמענישן. וואָס איז אַ צונעמעניש? אויבנאויפיק — שקאַצעריי. אין תוך ליגט אָבער דערין אַ פּאָרטרעט פון אַ פּאַרשוין.

שטייענדיק אָפט לעבן געזעמלען יידן אין גאַס, מיט אָן אָפן אויער צו זייערע שמועסן, האָט אַהרקע צום ערשטן מאָל זיך דער־וואוסט, אַז כמעט יעדער אין שטעטל האָט — אויסער דעם ברית־נאָמען פאַר אַ זכר, און דעם געגעבענעם שול־נאָמען פאַר אַ מיידל — נאָך אַ נאָמען. אָן אויסנעם זענען, טייל מאָל, געווען די גבירים.

צום ביישפּיל: וואַלד־סוחרים און בראָקירערס. זיי האָט מען מערסטנס גערופן ביים ערשטן און צווייטן נאָמען, ווי נח רובינשטיין, ברוך יאַנקל באַרוכין, בן־ציון ציקליק, איטשע אָזער, מרדכי דוד טשוד־נער, זעליק סינגאַלאָווסקי.

די נישט־גבירים האָט מען צום ערשטן נאָמען צוגעגעבן דעם טיטל פון זייער באַשעפטיקונג, ווי אברהם איטשע דער קרעמער, ניסן דער מלמד, חיים דער שניידער, בייניש דער שוסטער, פּסח דער שמיד, איציק דער קצב, מיכל דער סטאָליער.

צו אַנדערע האָט מען צוגעגעבן דעם ווייבס נאָמען, אויב זי

איז געווען די דעה-זאָגערין, ווי אפרים פינקלס, איסר חנהס, גרונם רישעס, חיים בערל שרה-רישעס.

אַ סך ווייבער האָט מען צוגעגעבן דעם מאַנס נאָמען, אויב ער איז געווען אָנגעזען, ווי ריווע אברהם-איטשעס, נעכע יאָסלס, פייגע אריהס.

צענדליקער מענטשן האָבן געהאַט צונעמענישן לויט זייער אויס־זען, אָדער הנהגה, ווי אליקום דער גראָבער, אברהם איטשע דער גאָט, פייוול דער ליגנער.

טייל האָט מען גערופן בלויז ביים צונאָמען, ווי שבת הגדול, קורץ פרייטיק, „ליצאַ טאַוואַר פּראָדאַיע". ביי די דאָזיקע לייט האָט מען אינגאַנצן אָוועקגעהאַקט אי דעם פאָרנאָמען און אי דעם ביינאָמען. דאָס איז געווען אָן אָפּעראַציע אָן רחמנות.

איין נאָמען איז געווען אַ מאָדנער און אַ מיאוסער, וואָס האָט, נעבעך, פאַרשאַפט דעם ייד גרויס עגמת-נפש. דער המון האָט דעם געטראָפענעם ייד פראָסט און פשוט, אָן דעם מינדסטן יישוב-הדעת, גערופן: מלך יאָסל קוש-טאָכעס. איידעלע לייט האָבן אים גערופן: ישקני, און גויים: סראָקין. טייל מוזשיקעס, מיינענדיק אַז דאָס איז דעם יידס נאָמען, האָבן נאָך צוגעגעבן: גאָספּאָדין סראָקין. און מערק־ווירדיק, דער דאָזיקער שפּאָט-נאָמען איז איבערגעגאַנגען גלייך צום זון. אויף דריי לשונות זענען פאָטער און זון באַטיטלט געוואָרן:

דער אַלטער קוש-טאָכעס, דער יונגער קוש-טאָכעס (אין יידיש).
דער אַלטער ישקני, דער יונגער ישקני (אין לשון קודש).
סטאַרי סראָקין, מאָלאָדוי סראָקין (אין רוסיש).

אין די געזעמלען האָבן יידן דערציילט, אַז פאַרן זון, זייער אַ וואוילער בחור, איז געווען שווער אַ שידוך צו טאָן איבער אָט דעם אָנשיקעניש, און ער האָט, נעבעך, געוואָלט אַנטלויפן פון שטעטל.

מלך יאָסל איז געווען אַ קרעמער, ווי אַלע קרעמערס. פאַרוואָס ס'האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַזאַ פּאַסקודנער נאָמען, דערצו אויף דריי לשונות, און אויף נאָכקומענדיקע דורות, דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט דערקלערן. ס'איז פשוט געווען אַ גאָטס רחמנות אויף דעם מלך יאָסל און זיין זון. דער צונאָמען האָט זיך צום אַלטן אַזוי צו־געניטעוועט — און פון דעם אַלטן אויך צום יונגן — אַז מיט קיין אַנדערן נאָמען האָט מען אים מער נישט אַדרעסירט.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער צוקלעפּ „ליצאַ טאָוואַר פּראַ־דאַיע״? ס׳קאָן זיין, האָט אהרקע משער געווען, אַז געגעבן האָט מען דעם מאַן דעם נאָמען דערפאַר, ווייל זיין פּנים איז שטענדיק געווען אַרויסגערוקט פאָרויס, דערצו מיט אַן אונטערטעניק שמייכעלע. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַן השערה.

וואָס אַנבאַלאַנגט אַנדערע צונעמענישן האָט זיך אַ שפּאָר ביסל פון זיי געלייגט אויפן שכל.

למשל, מיכל דעם סטאָליערס צוויי איידעמס. איינער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, האָט מען אים גערופן: שבת הגדול. דער צווייטער איידעם איז געווען קורץ און ברייט, האָט מען אים גערופן: קורץ פּרייטיק. גאָר פּשוט.

אָדער אברהם איטשע דער גאָט. מ׳האָט אים גערופן „גאָט״, ווייל ער איז געווען אַן אָפּשפּרעכער. פויערים פון אַרומיקע דערפער האָבן אים גערופן צו זייערע קראַנקע און אויסגעפּאָלגט אַלץ וואָס ער האָט געהייסן טאָן. צווישן די יידן אין די געזעמלען האָט מען דערציילט, אַז איינמאָל האָט אַ פויער גערופן דעם „גאָט״ צו זיין קראַנק ווייב. דער „גאָט״ איז געגאַנגען און פאַר אַ שטיק צייט האָט ער זיך אַרומ־געדרייט אין דעם פויערס כאַלופּע מיט אַ טויט־ערנסט פּנים און גע־בורטשעט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. דערנאָך איז ער אַרויס און אַוועק אין דער שטאָל אַריין. דאָרט האָט ער פאַרריסן זיין לאַנגע ווייסע באָרד צו דער סטעליע, געטייטלט מיטן ווייזפינגער צו אַ בעליק און געשריען: „קעפּסקאַ! קעפּסקאַ!״

דער פויער, וואָס איז אים געהאַט נאָכגעגאַנגען, איז געשטאַנען אין שטאָל אַ דערשראָקענער, מיט אַן אָפן מויל, און האָט געוואַרט אויף אברהם איטשעס פּסק־דין.

אָפּגעשריען עטלעכע מאָל „קעפּסקאַ, קעפּסקאַ״, האָט דער „גאָט״ ענדלעך באַשלאָסן אַרויסצוזאָגן אין וואָס דאָס „שלעכט״, „שלעכט״ באַשטייט:

— אַלע צרות נעמען זיך פון אָט דעם בעליק. מען מוז אים אַרויסשלעפּן ווי אַ שלעכטן צאָן.

דער בעליק איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן — און דאָס ווייב איז געזונט געוואָרן.

אויך האָבן יידישע ווייבער געגלייבט אין אים. אהרקע האָט

געדענקט אַ פאַל וואָס האָט מיט אים גופא אין די ייִנגערע יאָרן גע־טראָפן.

איינמאָל האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקע היץ פון קאָפּ ביז די פּיאַטעס. זיין פּנים האָט געברענט ווי פייער. מ'האָט אים גלייך אוועקגעלייגט אין בעט אריין. די מוטער האָט אין דעם דערזען אַן עין־הרע. זי האָט לאַנג נישט געבריייעט, גענומען אַ נאָזטיכל, געגעבן אים, אַהרקען, ער זאָל דערין אַריינשפּייען, און נאָכדעם גלייך דער־מיט אַוועק צו אברהם איטשע דעם גאָט.

ווען די מוטער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, איז שוין אַלץ געווען אַריבער. די היץ איז אַוועק.

אָט דער דאָזיקער אברהם איטשע האָט זיך כשר פאַרדינט דעם טיטל: גאָט.

אָדער פייוול דער ליגנער. צו זיינע גוזמאות איז גאַרנישט געווען קיין גרענעץ. ער אַליין, אַהרקע, שטייענדיק ביי אַ געזעמל יידן אין גאַס, האָט אים, פייוולען, געזען צוקומען צום עולם און איינס־צוויי אָפּגעבאַקן אַ ליגן — און דערביי זיך אפילו נישט פאַרקרימט.

— אָט בין איך נאָר וואָס צוריקגעקומען פון דעם יאַריד אין סלוצק, — האָט ער געזאָגט, — האָב איך דאָרטן אויפן מאַרק מיט מיינע אייגענע אויגן געזען פיר טויזנט צעבערס אויסגעשטעלט צום פאַרקויפן. איך אַליין האָב זיי איבערגעציילט.

דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער. אָבער אים... אַ נעכטיקער טאָג. ס'האָט אים נישט געאַרט.

אויך דער דאָזיקער פייוול האָט זיך זיין ערן־טיטל כשר פאַר־דינט.

און אָט איז נאָך אַ טשיקאַווער ייד. געווען איז ער אַ מוליער, אַן אביון, און געוואוינט האָט ער הינטער דער אלטער שול, אין דעם סאַמע אָרעמסטן געסל, וואו אין צונויפגעדריקטע הייזקעס האָבן „געלעבט" אַלע קבצנים, ווי דאָרפסגייערס, און אַנדערע דלפנים. יעדער האָט אויסגעקוקט אויף אַ שטיקל פאַרדינסט ווי אויף משיחן. אויך אַזוי דער מוליער. ער איז געזעסן אין הויז און האָט געוואַרט, עמעצער זאָל קומען און רופן אים צו טאָן אַ שטיקל אַרבעט. ער איז געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, דורכ־געזילבערט מיט גרויע פעדעם. און אַז עמעצער, אין אַ נאָווינע, האָט

זיך אין זיין הויז באַוויזן, געבעטן ער זאָל גיין פאַרריכטן אַן אויוון, אָדער עפּעס פאַרטונקעווען, האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ אויף „ניין". ער וועט נישט גיין.

— פאַרוואָס ווילט איר נישט גיין? — האָט מען אים געפרעגט.

— גאָט איז מיט אייך... — האָט ער געענטפערט. — ווי קאָן איך אַוועקגיין? איך בין דאָך אין שטאָט דער איין־און־איינציקער מוליער!

— נו, איז וואָס?

— פאַרוואָס, כ'בעט אייך, פאַרשטייט איר נישט? וואָס וועט זיין, אַז אַן אַנדער באַלעבאָס וועט קומען מיך זוכן און איך וועל נישט זיין אין הויז?

אין איין פאַל האָט אָבער דאָס שטעטל געהאַט צרות איבער אַ צונאָמען. דאָס איז געווען איבערן צונאָמען „צימעס". דאַכט זיך, אַז קיין געשמאַקער מאכל ווי צימעס איז גאָרנישט נישטאָ. ווער באַנעצט זיך נישט די ליפּן, אַז מ'רעדט וועגן צימעס? מ'פילט דעם טעם דערפון אין אַלע אברים.

דער שטאָט־גוי, וועמען מ'האָט צוגעקלעפּט דעם צונאָמען „צימעס", האָט אָבער שיר־נישט קראַפּירט פון רציחה, אַזוי האָט די יוכע אין אים געקאָכט. ער איז געווען אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ פּנים פול מיט ווייספּערלעך, און באַשפּטיקט האָט ער זיך מיט ציען די קלויסטער־גלאָקן. צוליב זיין קלינגען מיט די קלויסטער־גלאָקן האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן יאַ־טעבע־דאָם. און ווען נאָר מ'האָט אים גערופן „צימעס" האָט ער זיך גלייך געכאַפּט שלאָגן. איין מאָל האָט ער אפילו געוואָרנט, אַז ער וועט אומברענגען אַלע יידן פון שטעטל, אַזוי שטאַרק באַליידיקט און דערדריקט איז ער געווען פון דעם צונאָמען. ווייזט אויס, ער האָט געוואוסט, אַז צימעס איז אַ גן־עדן־טעם געקעכץ וואָס יידן עסן אין שבת און יום־טוב. דערפאַר האָט אים נישט געשמעקט מ'זאָל אים רופן מיטן נאָמען פון עפּעס וואָס גיט יידן פאַרגעניגן. אין זיין אַנוועזנהייט האָט מען אפילו נישט געטאָרט דערמאָנען קיין אַנגעהעריקן טייל, וואָס גייט אַריין אין צימעס, ווי מערן, פלוימען, ברוקווע. „צימעס" האָט אים אַזוי געערגערט, אַז ער איז אַנטלאָפן פון שטעטל.

יידן אין געזעמל האָבן דערציילט מיט גרויס געלעכטער, אַז דאָס

עוקר זיין האָט אים אויך נישט געהאָלפן. אפילו אין דער פרעמד האָט „צימעס״ אים נישט אָפּגעלאָזט. אויך דאָרט האָט מען אים מקבל-פּנים געווען מיט „צימעס״.

## .24

# אָנגעשטרענגטע באַציאונגען

אין צווישנצייט האָט זיך אַהרקע, בסוד-סודות, געזען מיט יונג-וואַרג פון דעם אַזויגערופענעם פּראָסטן נאַראָד. זיי זענען געווען: אברהמקע דער שניידער, דוד דער שוסטער און מענדל דער געזעל ביי אַ ייד-אַ-שמיד. אַלע יינגלעך זענען געווען פון זיין עלטער. זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן הינטערן שטעטל, געשפּאַצירט אויף זייטיקע שליאַכן, געזעסן ביים טייך, און האָבן גערעדט וועגן דער אָנקומענדיקער רע-וואָלוציע אין רוסלאַנד, וועגן סאָציאַליזם וואָס וועט אַרומכאַפּן די גאַנצע וועלט. אַזוי איז אַנגעגאַנגען פאַר וואָכן און וואָכן — און אַלץ וואָלט זיכער ווייטער זיך געוויקלט שיין און גוט ווען איינעם פון אַהרקעס חברים וואָלט נישט געגאַנגען אין לעבן צו זאָרגן זיך וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט.

דודן דעם שוסטער האָט זיך אין מיטן דערינען פאַרגלוסט אויס-צוגעפינען ביי אַהרקען אַ טעאָרעטישן ענטפער אויף זיינם אַ שאלה.

— ווען די ליכטיקע צייט וועט קומען, — האָט ער אַ שאָר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיין קאָפּ שוואַרצע האָר, — דאָס הייסט, ווען דער סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן, און אַלע פּרויען וועלן גיין אַרבעטן, טאָ וואָס וועט מען טאָן מיט פּיצעלעך קינדער?

ער האָט אויסגעקליבן אַהרקען פאַר אַ רבין, ווייל אין זיינע אויגן איז אַהרקע געווען אַ ידען, אַן אַלצווייסער, מיט אַ ליבעראַלן צוגאַנג צו אַרבעטער-פּראָבלעמען. אין אמתן האָט זיך אַהרקע געהאַלטן פאַר אַ קנאַפּן ווייסער אין דעם ענין סאָציאַליזם. דערצו האָט דוד געפרעגט אין דער ריכטיקער צייט און אויפן ריכטיקן אָרט. ווען? וואו? מנחה-צייט און גלייך לעבן דער שול.

איידער אַהרקע האָט נאָך באַוויזן צו עפענען זיין „טעאָרעטיש״ מויל צו ענטפערן אויף דער האַרבער קשיא, איז אָנגעקומען זיין פאָטער און געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיט זיין זון.

בשעת מעשה האָט דער פֿאָטער גאָרנישט געזאָגט. נאָך מעריב, אין דער היים, האָט ער זיך אָבער אָפּגערופֿן:

— כוואָלט וועלן וויסן, וואָס, למשל, האָסטו אַזוינס צו רעדן מיט אַ שוסטער?

אַהרקע איז צעטומלט געוואָרן און האָט געקוקט אויפֿן פֿאָטער. וואָס זאָל ער אים ענטפֿערן? דערציילן אים, אַז דאָ גייען אָן „שאלות ותשובות" מכוח עפּעס אַ חלום וועגן קומענדיקע גליקלעכע יאָרן פֿאַר אַלע מענטשן? ביני־לביני האָט ער בשום אופֿן נישט געקאָנט פֿאַר־שטיין, פֿון וואַנען ס'האָט זיך צו זיין פֿאָטער גענומען אַזאַ פֿאַראַכטונג צו מלאכות, בפֿרט צו שוסטעריי. האָבן דען יידן נישט געהאַט אַ תנא יוחנן הסנדלר? און מיט וואָס איז שוסטעריי ערגער ווי צו זיין אַ בעקערין פֿון בולקעס, אַ קעכין פֿאַר אורחים, ווי ס'איז זיין מאַמע? און ער, דער פֿאָטער? ער אַליין האָט דאָך באַדינט מוזשיקעס, גע־שטעלט פֿאַר זיי סאַמאָווארן, אַבי צו פֿאַרדינען אַ שלימזלדיקן ריווח. נאָר וואָס איז די פּעולה פֿון פּילפּול? כאָטש נאָך ווייניק דערפֿאַרונג געהאַט, דאָך האָט ער, אַהרקע, שוין אין זיין יונגן עלטער געוואוסט, אַז אפֿילו די אַרבעטערס גופֿא זענען צעטיילט אין קאַטעגאָריעס. איינער האַלט זיך העכער פֿון צווייטן.

צוליב שלום־בית האָט אָבער אַהרקע נישט געהאַט קיין ברירה און זיך געמוזט דערווייטערן פֿון דודן און די אַנדערע חברים.

ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אָפּרייסן אינגאַנצן. איין מאָל אין אַ שבת, נאָכן טשאָלנט, ווען די עלטערע יידן כאַפּן אַ דרעמל, האָט דוד אים פֿאַרבעטן צו אַ פֿאַרזאַמלונג הינטערן שטעטל, ביים גרינעם באַרג. אַהרקע האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט און איז געגאַנגען.

ס'האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַ היפּשע צאָל בחורים און מיידלעך. איין מיידל, זייער אינטעליגענט, האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע, אָבער זייער איינדרוקספֿול. מ'האָט זי גערופֿן: שרה סינגאַלאָווסקי. אויך דוד האָט געהאַלטן אַ רעדע. נאָכדעם איז פֿאָרגעקומען אַ היציקע דעבאַטע — און יעדער איז אַוועק בשלום.

אַהרקע איז דאָרטן געווען נישט מער ווי אַ צוהערער, כמעט ווי אַ פֿינפֿט רעדל צו אַ וואָגן. אָבער מנחה־צייט האָט מען דאָס שוין אונטערגעטראָגן דעם פֿאָטער זיינעם. ווער ס'האָט זיך מרחם געווען אויסצופּלאַפּלען וועגן דעם, דאָס איז פֿאַר אַהרקען געבליבן אַ סוד.

גלייך נאָך מעריב האָט דער פאָטער, אין הויז, אַ זאָגט געטאָן צו אים מיט אַ האַרב שטרענג קול:

— אויב דו ווילסט זיך בונטעווען ביים גרינעם באַרג, מוזטו פאַרלאָזן מיין הויז. איך וויל נישט קיין בונטאָוושטשיקעס.

דעמאָלט האָט אַהרקע שוין לחלוטין איבערגעריסן אַלע זיינע פאַרבינדונגען מיט די שניידערס, שוסטערס און שמידן.

איבעררייסן איז „גרינג", אָבער ווי לעבט מען אָן חברים?

אין שטעטל איז געווען אַ גימנאַזיסט. ער האָט שטודירט אין אַ פּריוואַטער שול אין פּינסק און אין די זומער־חדשים איז ער געווען ביי זיינע עלטערן אין לולין. זיין נאָמען איז געווען מאָמע. ער איז געווען אַ פרייליכער לונג־און־לעבער — און אַ צאָל מיידלעך האָט אַלע־מאָל געפּאַדעט אַרום אים. אָפט איז ער מיט זיי געגאַנגען אין וואַלד אַריין קלייבן יאַגדעס, שוואָמען און פּאָזשעמקעס. איין מאָל האָט ער פאַרבעטן אַהרקען, ער זאָל מיטגיין מיט זיי. אין אָנהייב האָט אַהרקע זיך געקווענקלט. ער איז נישט געווען זיכער צי ס'איז „כשר", צי ס'פּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטישן בחור אַרומצולויפן אין די וועלדער אין דער חברותא פון מיידלעך. דער גוטמוטיקער מאָמע איז אָבער צו־געשטאַנען צו אים, גענומען אים צורעדן, פּשוט זיך געבעטן, אַהרקע זאָל אים טאָן אַ טובה און מיטגיין. ווייזט אויס, אַז די צאָל מיידלעך — בסך הכל, דריי — איז געווען צו פיל אפילו פאַר אים. סוף כל סוף האָט אַהרקע מסכים געווען.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך אַהרקע באַגעגנט מיט מאָמען און די דריי מיידלעך אויף דער גרויסער בריק, און פון דאָרט זענען זיי אַוועק אין די טיפע וועלדער צו קלייבן שוואַרצע יאַגדעס.

דער לוסטיקער בשר־ודם מאָמע האָט קיינמאָל נישט אַ טראַכט געטאָן וועגן עולם־הבא. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם עולם־הזה אין אַ פולער מאָס. מיט די מיידלעך האָט ער געהאַט אַ פרייע האַנט — און קיין איינע פון זיי האָט אים נישט דערווידערט. ער און די מיידלעך האָבן פאַרהילכט די לופט מיט זייער יונג, געזונט געלעכטער און מיט זייערע שטיפעריייען.

אים, אַהרקען, האָט אָבער געטאָטשעט אַ וואָרעם:

— וואָס וועט דער טאַטע זאָגן, אויב ער דערוויסט זיך וואו כ'שלעפּ זיך אַרום?

דער דאָזיקער וואָרעם האָט אים נישט געלאָזט הנאה האָבן נישט פון די פאַרשמעקנדיקע שיינע וועלדער, נישט פון די לעבנס־לוסטיקע מיידלעך, וואָס זענען געווען פול מיט חן, און נישט פון די זאַפטיקע יאַגדעס. ער איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ גולם.

נאָך עטלעכע שעה אַרומוואַנדערן אין אַ ציל, אין אַ טעם, האָט אַהרקע גענומען און פאַרלאָזט די חברה און איז איינער אַליין צוריק אַוועק אין שטעטל אַריין.

עטלעכע טעג שפּעטער, שבת ביים טיש, נאָכן קוגל, האָט זיך זיין טייער מאַמעלע אַ זאָג געטאָן איר שטענדיק זאָגעכץ:

— אַהרקעלע, בענטש כאָטש אָפּ... אַפילו אַ גוי, להבדיל, צלמט זיך איבער נאָכן עסן.

דעמאָלט האָט דער פאָטער זייטיק אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און מוסיף געווען:

— ווען האָט ער צייט צו בענטשן, אָדער דאַווענען? אַז ער איז פאַרנומען מיט קלייבן יאַגדעס!

אַרויסגעזאָגט האָט ער דאָס מיט אַן איראָנישן שמייכל, אָן ביטערניש. ס'איז געווען אַ שקאָצעריי. נאָך אַלעמען, קלייבן יאַגדעס איז דאָך נישט דאָס זעלבע ווי „בונטעווען זיך". סייווי, ס'איז געווען בולט, אַז אויך דאָס נייס וועגן קלייבן יאַגדעס האָט מען דעם פאָטער אונטערגעטראָגן.

כדי ער זאָל כאָטש ווי ס'איז האָבן אַ שטיקל רואיק געמיט, איז אַהרקע געווען גרייט צו פאַרמאַסקירן זיך און גיין אין פאָטערס דרכים. אָבער ווי אַזוי טוט מען עס? אחוץ שבת האָט ער אַ גאַנצע וואָך נישט געוואָלט גיין אין שול אַריין. און דאַווענען אין דער היים איז פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. אַז דאָס דאַווענען איז אים מער נישט געקראָכן אין האַלדז אַריין! און דאָ שרייט די מוטער יעדן טאָג, אַז זי האָט אים נישט געזען לייגן די תפילין. ענדלעך איז ער געקומען צו אַן אויסוועג. יעדן אינדערפרי האָט ער אָנגעטאָן די תפילין, אַריין אין קיך און הויך אויפן קול „געזאָגט" אשרי, אָדער אַן אַנדערע תפילה. ס'האָט געהייסן, אַז ער איז נישט געגאַנגען קעגן זיין געוויסן, און זיין מוטער איז געווען זיכער, אַז ער האָט געדאַוונט. זי וועט נאָך אַפילו אָנזאָגן דעם פאָטער דאָס נייס, אַז זי האָט עס אַליין געזען און אַליין געהערט.

אַזוי איז אַנגעגאַנגען אַ שטיקל צייט, ביז זי האָט אים פאַרטריבן פון דאָרט.

— קיין אַנדער אָרט וואו צו דאַווענען, אַחוץ אין דער קיך — האָט זי זיך איין מאָל אויף אים צעשריען — קאָנסטו נישט געפינען? כ׳קאָן זיך דאָך נישט אויסדרייען, אַז דו פּלאָנטערסט זיך מיר דאָ אַרום די פיס, ווי אַ קאַץ!

וואָס אמת איז אמת. ס׳איז נישט געווען וואו זיך אַ ריר צו טאָן — און דאָ איז נאָך אַהרקע געווען אַ צוטשעפּעניש מיט זיין שאָקלען זיך און מיט זיין זשומען אין די אויערן אַריין פון זיין הויך „דאַווענען".

אַחוץ דעם גרויסן אויוון זענען אין קיך געווען אַ סך שווערע חפצים. אויף אַ לאַנגער הילצערנער באַנק איז געשטאַנען אַ היפּשער קיילעכיקער צעבער מיט וואַסער צום טרינקען. לעבן דעם, אויף דער פּאָדלאָגע, איז געשטאַנען אַ צווייטער צעבער — די „פּאָמוייניצע" האָט מען אים גערופן. אין דער פּאָמוייניצע האָט מען אַריינגעוואָרפן איבער־געבליבענע שטיקלעך האַרט ברויט און אַריינגעגאָסן דאָס וואַסער פון געוואַשן געפעס. אין די אָוונטן האָט מען דאָרט צוגעשאָטן קלייען — און דאָס איז געווען די פוילע פאַר די צוויי בהמות, וואָס אַהרקעס עלטערן האָבן געהאַט. אין מיטן קיך איז אויף אַ בענקל געשטאַנען אַ דייזשע צו פאַרקנעטן ברויט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די זשליקטע, אָנגעפילט מיט נאַסע וועש, באַשאָטן פון אויבן מיט פּאָפּול.

אין אַזאַ ענגעניש איז באמת נישט געווען דאָס ריכטיקע פּלאַץ פאַר אַהרקען צו שאָקלען זיך און זשומען.

— גיי אין אַ צווייטער שטוב אַריין! — האָט די מוטער, אַן אויפגערעגטע, אים געעצהט, גלייך ווי ער וואָלט זיך דעריין געניייטיקט.

אין אַ צווייטער שטוב האָט ער אָבער נישט געוואָלט אַריינגיין. דאָרטן האָט זיך פון צייט צו צייט באַוויזן דער פאָטער. און דאָס האָט נישט געטויגט. מילא, דער מוטער האָט אַהרקע געקאָנט פאַרגעבן די ציין. אָבער דעם פאָטער... זיין שאַרפער קוק האָט ביי אַהרקען צעריבן דעם אָנשטעל. אַהרקע האָט געפילט, אַז דער פאָטער זעט זיינע באַהאַלטענע רעיונות. דערצו, זומער־צייט איז דער פאָטער נישט געווען אַזוי פאַרטרודעט ווי אין ווינטער. ער האָט געהאַט מער צייט אַרומצוקוקן זיך און זען וואָס עס טוט זיך אַרום און אַרום. אַהרקע האָט געדאַרפט היטן יעדן טראָט זיינעם און נישט אויפרודערן אים.

און ער האָט אים באמת נישט געוואָלט ווי טאָן. ער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. גלייכצייטיק איז אים אָבער געווען איבער דער טבע צו טאָן זאַכן, וואָס ער האָט אין זיי מער קיין זין נישט געזען. איז ווי אַזוי האָט ער געקאָנט צונויפברענגעןביידע היפּוכדיקייטן אין אַ פריידנס־בונד?

אַ ליכטיק פינטל יענעם זומער איז געווען ראָזקע ברוך־יאַנקלס. אַ סך יינגלעך אין שטעטל האָבן זי ליב געהאַט, און אַהרקע בתוכם. ער האָט אָבער געהאַט די אויבערהאַנט, ווייל זי איז געווען אַ שכנטע און זיין שוועסטער צירלס אַ חברטע. זי איז אָפט געקומען אין הויז אַריין. און אַז ראָזקע איז דאָ, איז אַהרקע אויך דערביי. דאָס מיינט נישט, אַז ער האָט, חלילה, ווען־ס'איז איר אַנטפּלעקט וועגן זיינע געפילן. פאַרקערט, ער האָט זיך געסטאַרעט צו באַהאַלטן זיי אַזוי ווייט ווי ער האָט געקאָנט. זיין שעמעוודיקייט האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט זיך בלויז באַנוגנט מיט קוקן אויף איר פּנים, וואָס האָט געהאַט אַ שטענדיקן שמייכל. און אַז זי איז נישט געווען ביי אים אין הויז האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין דרויסן ביים פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט זיינע עלטערנס הויף פון ברוך יאַנקלס דירה, און דורך די שפּאַרונעס האָט ער כמעט יעדן טאָג געכאַפּט אַ בליק אויף איר שיין פיגורקעלע, ווען זי האָט זיך באַוויזן פאַר איר וואוינונג.

זי איז אים אַריין אין די ביינער, זינט איר מאַמעס טויט, ווען זי איז נאָך געווען אַ מאַנטש אַ קינד. צו יענער צייט איז זי איין מאָל געזעסן אויף אַ קעסטל ביי זיינע עלטערן אין קראָם. האָט ער זי געפרעגט:

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַרטרויערט?

— איך וויל שטאַרבן, — האָט זי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן שטיל געענטפערט.

— פאַרוואָס, נאַרישע?

— אַזוי...

פון דעמאָלט אָן האָט זי ביי אים פאַרנומען אַ זייער בכבודיק פּלאַץ. די דאָזיקע רייד פון אַ קליין קינד האָבן דערוועקט אין אים אַ ליבשאַפט צו איר וואָס האָט אָפט אַפילו פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק. אָבער ווער קאָן דאָס נישט אויסהאַלטן פון אַזאַ מין פיין?

ווען נישט אַט די ליבינקע, שיינע און קלוג-אומעטיקע ראָזקע —
ווער ווייסט צי ער, אַהרקע, וואָלט געקאָנט איבערקומען יענעם זומער
אָן אַ נערוון-צוזאַמענברוך.

## 25.

## פינסק

ביני לביני האָט דער זומער געהאַלטן ביים פאַרשווינדן.
אַהרקע האָט גענומען מאַכן פּלענער וועגן אַוועקפאָרן גלייך נאָך יום-טוב. דאָס מאָל האָט ער זיך באַשטימט צו פאָרן קיין פינסק. זאָל פינסק ווערן זיין עיר-מיקלט. אפשר וועט פאַר אים זיין, ווי מ'זאָגט, משנה מקום, משנה מזל.

אָבער וואו נעמט מען אויף הוצאות? בעטן ביים פאָטער, דאָס איז איינגאַנצן אַוועקגעפאַלן. איז וואָס טוט מען פאַרט?

נאָך אַ לאַנגן יישוב-הדעת האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו נעמען, בשתיקה, אַ גריווינקע פון טישקעסטל אין קראָם, ווען נאָר ס'וועט מעגלעך זיין. און אָט אַזוי האָט זיך אים איינגעגעבן צונויפ-צוקלייבן אַ פּאָר רובל. ביז וואָס און ווען זאָל עס כאַטש סטייען אויף די ערשטע עטלעכע וואָכן אין דער פרעמד.

פאַר זיין אַוועקפאָרן האָט זיין טייערע מוטער אים געגעבן אַ רובל און דערביי אָנגעזאָגט:

— זאָלסט נישט פאַרגעסן דאַוונען אַלע טאָג, אַהרקעלע...
דער פאָטער האָט אָבער מרה-שחורהדיק געשוויגן.

אַהרקען האָט פאַרקלעמט ביים האַרץ. ער האָט געחלשט צו זאָגן אים עפּעס אַ טרייסט-וואָרט. זיין מויל האָט זיך אָבער נישט געקאָנט עפענען. ער האָט אפילו מורא געהאַט אויפצוהייבן זיינע אויגן צו אים.

פינסק איז געווען איינע פון די שענסטע יידישע שטעט. זי האָט געהאַט אַ שפּרודלדיקע יידישע יוגנט, אַלערליי פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן געאַקערט און געזייעט מיט אַ לעבנסלוסטיקער ענערגיע. אויב איינער איז געווען אַ געפּילפּולער מענטש, מיט אַ נאָרמאַל-שלאָגנדיקן פּולס, האָט ער געמוזט אַריינגעצויגן ווערן אין דעם שטורמי-

שן שטראָם פון דעם ברוויזנדיקן סאָציאַלן לעבן. ס'איז געווען זייער שווער אויסצומיידן דאָס, סיידן בלייבן ערגעץ שטעקן אַן אָפּגעזונדערטער, איינער אַליין אין אַן עלנט ווינקל.

אין דעם הויז, וואו אַהרקע האָט געהאַט זיין קוואַרטיר, האָט געוואוינט אַ יונגערמאַן. ער האָט באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי ס. ס. מ'האָט אים גערופן יאַנקל דער בעקער. אַהרקע האָט זיך באַקענט מיט אים — און נאָך אַ קורצער צייט זענען זיי געוואָרן צוגעזאָגטן איינער צום אַנדערן, אמתע פריינד. אין די שמועסן, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט יאַנקל דער בעקער צוגערעדט אַהרקען אָנצושליסן זיך אין זיין פּאַרטיי. ער האָט, אגב, נישט געדאַרפט לאַנג אַגיטירן. צו אַהרקען האָט שטאַרק אַפּעלירט דער אידעאַל פון אַ טעריטאָריע פאַר יידן, אַ לאַנד וואו יידן וועלן זיין די באַלעבאַטים, און דערצו וועט עס זיין געבויט סאָציאַליסטיש. איז וואָס דאַרף מען מער? ס'איז געווען גוט אַרום און אַרום. אַהרקע האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און זיך אָנגעשלאָסן אין יאַנקלס פּאַרטיי.

צו ביסלעך איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט — און ער איז געוואָרן אַ פאַנאַטיש־פרומער עס־עסאָוועץ. ס'איז ביי אים דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין לערנען זיך, כאָטש דאָס לערנען זיך איז לכתחילה געווען איינע פון די הויפּט־סיבות פאַר זיין פאַרלאָזן לולין און קומען קיין פּינסק. דער וויטער מאָרגן האָט פאַרשטעלט דעם היינט. אַהרקעס „איך" האָט מער נישט עקזיסטירט. אַלץ האָט ער אָוועקגעגעבן פאַרן פּאַרטיי־אידעאַל.

די הויפּט־אָנפירערס פון דער ס. ס. אין פּינסק זענען געווען די קאָנטאָרס: יעקב און זיין פרוי דזשעני, זייער אַ סימפּאַטיש פּאָרפאָלק. זי איז געווען אַ לערערין אין אַ פּריוואַטער גימנאַזיע. זייערע טיכטיקע אַרויסהעלפערס זענען געווען: יאַנקל דער בעקער, חיים דער איינבינדער, וועלוועלע און חיים אָסטראָווסקי, און קיילע, אַן אַרבעטאָרין פון דער שוועבל־פאַבריק אין שטאָט. זי האָט געהאַלטן ביי זיך די פאַרבאָטענע פּראָקלאַמאַציעס און אַנדערע פּאָליטישע שריפטן. זיי אַלע זענען געוואָרן אַהרקעס פריינד.

אים, אַהרקען, האָט מען אין דער פּאַרטיי גערופן: אהרון דער לערער. דאָס איז געווען איבער זיין ספּעציעלער פונקציע. מ'האָט אים

אַנגעשטעלט פאַר אַ לערער. ער האָט געלערנט אין די אָוונטן מיט גרופּעס פּאַרטיי־מיטגלידער, אַרבעטער און אַרבעטאָרינס פון די שוועבל און פּאַניר־פאַבריקן. די לערן־גרופּעס זענען באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן ביז צען. געלערנט האָט ער ליינען און שרייבן יידיש, רוסיש און חשבון. פאַר די לעקציעס האָבן די „סטודענטן" גאָרנישט גע־צאָלט, און ער, אַהרקע, האָט פון דער פּאַרטיי געקראָגן אַ מינימאַלן געהאַלט.

פאַר אַהרקען דעם פּאַרטיי־פאַנאַטיקער זענען אָבער די קליינע שכירות געווען גענוג. אַבי זיי האָבן געסטייעט אויף צאָלן דער באַלע־באָסטע דירה־געלט, אויך פאַר צוגרייטן מאָלצייטן פאַר אים, ווי ברויט, טיי, אַ פערטל פונט פלייש אַ טאָג מיט זופּ, אָדער קאַרטאָפל. קיין אַנדערע הוצאות האָט ער נישט געהאַט, סיירן ווען ס'איז אָראָפּ־געקומען צו פאָרן אַ יידישע טרופּע צו שפּילן טעאַטער. דעמאָלט האָט ער געמוזט אָפּרייסן עטלעכע גראָשן פון זיין הכנסה פאַר אַ בילעט אין דער גאַליאָרקע. אויף דער גאַליאָרקע זענען קיין שטולן צום זיצן נישט געווען. מ'איז געשטאַנען צו זעקס און אַכט פּערזאָן אין אַ ריי, און אַז די פיס זענען מיד געוואָרן האָט מען זיך אָנגעשפּאַרט איינער אויפן אַנדערן.

מיט דער צייט האָט מען אַהרקען אַריינגעצויגן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ס.ס.־פּאַרטיי אין פּינסק. ס'איז פאַר אים געווען אַ גרויסע דערהויבונג צו זיין איינער פון דער פירערשאַפט, וואָס איז אין קאָנטאַקט, שריפטלעך, מיט וויכטיקע פּאַרטיי־קעפּ פון אַנדערע שטעט. אָפט האָט מען אַריבערגעבראַכט געסט פון די גאָר הויכע פענסטער — און מ'האָט מיט זיי געהאַט געהיימע פאַרזאַמלונגען, אַ מאָל אין די ליליענטשעס, דעם אָרעמסטן קוואַרטאַל פון פּינסק, און אַ מאָל אין אַהרקעס קוואַרטיר, וואָס איז געווען אויף דער סאָלקע, אין קאַרלינער געגנט. צוויי פון די געסט זענען אים, אַהרקען, אַריין אין די ביינער מיט זייער כאַראַקטער. איינער איז געווען ליטוואַקאָוו, און דער צווייטער, בערל מיט דער לאַנגער באָרד פון וואַרשע.

ליטוואַקאָוו האָט געקוקט אויף מענטשן פון אויבן־אַראָפּ. ער האָט פאַרדרייט די נאָז, ווען ער האָט זיך באַקענט מיטן דעמאָלטדיקן פּינסקער צענטראַל־קאָמיטעט. ער האָט דאָס אָפן אַרויסגעוויזן. נישט די יונגע טוערס, נישט זייער סאָרט ידיעות אין הילכות אָרגאַניזאַציע

האָבן אים באַגייסטערט. זיין גרינגשעצנדיק באַנעמען זיך צו די יונגע־לייט פון דער פירערשאַפט, וואָס האָבן מיט זייער גאַנץ געביין געחלומט אַוועקצושטעלן די וועלט אויף אידעאַלע יסודות, איז געווען שטאַרק דערווידער. ער האָט געקוקט אויף די יונגע ענטוזיאַסטן ווי אויף שיק־יינגלעך. אַזאַ קאַרפּן־קאָפּ פון דער פאַרטיי האָט געמעגט האָבן מער פאַרשטענדעניש, בעסער באַנעמען דעם אידעאַליזם פון די יונגע טוערס. און אפשר איז עס נישט געווען זיין שולד, וואָרעם ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַ בייז פּנים. און אַ פּנים זאָגט אַ סך. ס׳איז יעדן געוואָרן גרינגער אויפן האַרץ, ווען ער איז אַוועק פון פּינסק.

נאָך אים איז געקומען בערל מיט דער באָרד. בערל איז געווען צאַרט, עלעגאַנט, מיט אַ פּנים פון אַ קלוגן תלמיד־חכם, און מיט פיינע מאַניערן. ער איז געווען פּונקט דער היפּוך פון ליטוואַקאָוון. יעדער פון דער פירערשאַפט האָט אים ליב געהאַט און געהאָפט, ער וועט פאַרברענגען אין פּינסק אַ לאַנגע צייט.

ס׳האָט זיך צום „גליק" טאַקע אַזוי אויסגעלייגט, אַז ער איז געבליבן שטעקן אין שטאָט אַ היפּשע צייט. און דאָס, מחמת ער האָט נישט געהאַט אויף הוצאות צוריק צו פאָרן. סוף כל סוף האָט די פאַרטיי געמוזט אָנקומען צום באַנקיר. ווער איז דאָס געווען דער דאָזיקער גביר־אַדיר? אהרון דער לערער! ער האָט אויסגעלייגט די לעצטע דריי רובל, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט — און בערל מיט דער באָרד איז בשלום אַוועקגעפאָרן.

כאָטש אהרקע האָט נאָכדעם נישט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט וועגן דער הלוואה, דאָך האָט די פאַרטיי־פירערשאַפט פאַר אַ לאַנגער צייט נישט געקאָנט איינרוען איבער דעם וואָס זי קאָן נישט צוריקצאָלן. און דער דאָזיקער חוב איז נישט געווען דער איינציקער. וואָס האָט זי אָבער געקאָנט טאָן, אַז די קאַסע איז געווען ליידיק?

כדי אַריינצוקריגן כאָטש אַ קליינע סומע האָבן עטלעכע היצ־קעפּ פאַרגעלייגט צו מאַכן אַן עקספּראָפּריאַציע, אָט אַזוי ווי די מאַקסי־מאַליסטן טוען. די היצקעפּ האָבן אפילו שוין געהאַט אויסגעקליבן דעם קרבן — באַיאַרסקיס קראָם, וואָס איז געווען דאָס גרעסטע מאַנופאַקטור־געשעפט אין פּינסק. די מעסיקע גרופּע — און אהרקע מיט איר — איז געווען קעגן נאָכטאָן די מאַקסימאַליסטן. סייווי האָבן די מעסיקע קיינמאָל נישט איינגעשטימט מיט די „מיטלען צום ציל" פון די מאַקסי־

מאַליסטן. נאָך לאַנגע דעבאַטעס האָט די פירערשאַפט זיך געאייניקט אויף אַראָפּצוברענגען אַ גוטן לעקטאָר, נעמען אַ גרויסן זאַל און פאַרקויפן בילעטן — מכלומרשט פאַר אַ וואוילטעטיקן צוועק. ס'האָט נישט גענומען לאַנג, און דער פּלאַן איז רעאַליזירט געוואָרן.

ס'איז געקומען אַ לעקטאָר פון וואַרשע, און זיין טעמע איז געווען „אָטאָ ווייניגגער — זיין מיינונג וועגן יידן און פרויען". אַהרקע איז געשטאַנען ביי דער זאַל-טיר און האָט גענומען די בילעטן ביים שטראָמענדיקן עולם. דאָס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַר אים. נישט אַבי ווער האָט זוכה געווען צו אַזאַ ראָלע. אין זייער ווייניק צייט איז דער זאַל געוואָרן איבערגעפּאַקט. ס'איז ממש קיין אָרט נישט געבליבן אויסצודרייען זיך.

די רעדע האָט געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט. דער גרעסטער טייל האָט צום ערשטן מאָל געהערט וועגן אָטאָ ווייניגערן, דעם אסימילירטן עסטרייכישן ייד, און זיין פילאָזאָפיש בוך „געשלעכט און כאַראַקטער", וואו ער ברענגט אַרויס זיינע מחשבות וועגן ווייבלעכקייט און מענלעכקייט. ווייבלעכקייט איז ביי אים געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה. פאַרקערט, מענלעכקייט — אויף אַ העכערער. מיט ביטול האָט דער לעקטאָר גערעדט וועגן דעם „פילאָזאָף", וואָס האָט באַצייכנט דעם כאַראַקטער פון דעם יידישן מאַנספּאַרשוין מיט ווייבלעכקייט, מיט צעקראָכנקייט, אָן זעלבסטווירדע. דער לעקטאָר האָט ווייניגגערן געשילדערט ווי אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין שטאַנדהאַפטיקן כאַראַקטער, אָן אַסימילאַטאָר, מיט שינאה צו זיין פאָלק. און ווי אַזעלכער האָט ווייניגגער געמאַכט פון זיין האַס אַ פילאָזאָפיע. דאָס איז געווען זיין נקמה אין עם-ישראל און אויך אַ רעהאַביליטאַציע פאַר זיין כאַראַקטער-שוואַכקייט. אַ באַווייז דערצו: ער איז איבערגעגאַנגען צום פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. ער האָט אָבער לאַנג נישט געקאָנט אָנגיין מיטן שקר, ער איז דאָך פאָרט געווען אַן אינטעליגענטער מענטש. און אפשר האָט אים אָנגעהויבן פייניקן דאָס געוויסן? יעדנפאַלס, אין עלטער פון 22 יאָר איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

פון דער אונטערנעמונג האָט די פּאַרטיי אַריינגעקראָגן אַ היפּשע סומע געלט. אָבער די פרייד האָט לאַנג נישט געדויערט. מיטאַמאָל האָבן זיך אָנגערוקט צרות אויף די אַקטיווע טוערס. האָט זיך די פּאָליציי ערשט אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אָדער זי האָט איבער דער גאַנצער

צייט שווייגנדיק זיך צוגעקוקט און געוואַרט אויף דער פּאַסיקער געלעגנהייט? אַזוי צי אַזוי, זי האָט אָנגעהויבן מאַכן ערעסטן. זי האָט אַרויסגענומען מענטשן פון די הייזער, אויך אַראָפּגענומען דורכגייערס פון דער גאַס. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה.

אַ סך פון די פּאַרטיי־חברים זענען זיך צעלאָפן. אַ טייל איז אַוועק קיין אַמעריקע. צווישן זיי: קיילע פון דער שוועבל־פאַבריק, און חיים דער איינבינדער.

פאַר אהרקען זענען דעמאָלט אַלע וועגן געווען פאַרשלאָסן. ער האָט נישט געהאַט וואו צו גיין און צו וועמען זיך ווענדן נאָך הילף. און אין דער שטאָט האָט ער דאָך אויך נישט געקאָנט בלייבן! געפאַלן ביי זיך, און אין ייאוש, האָט זיך אהרקע אויפגעהויבן און איז, בלית־ברירהדיק, אַוועק אהיים קיין לולין, אָבער נישט מער ווי בלויז אויף אַ קורצער צייט, ביז דער שטורעם וועט אַריבער.

## .26

## ווידער פינסק

ווי יעדעס מאָל, ווען אהרקע האָט ביי זיך אין געדאַנק עפּעס אָפּגעמאַכט, אַזוי איז עס אויך געווען אין שייכות מיט זיין באַשלוס — צוריקצוקערן זיך קיין פינסק. ער האָט געהאַלטן וואָרט.

אויפן וועג צוריק קיין פינסק האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אָנצוטרעפן אַלץ אין שטאָט אַזוי ווי פריער, פאַר דער בהלה. די אַרבעט פון דער ס.ס.־פּאַרטיי איז ווידער באַנייט. די אַלטע טוערס, וואָס זענען נישט אַנטלאָפן, זענען ווידער טעטיק. ס'זענען צוגעצויגן געוואָרן פרישע כוחות. פאַרזאַמלונגען קומען ווידער פאָר. און ער, אהרקע, נאָכן צוריקקערן זיך פון אַ שטיל־שטום לעבן אין לולין, וועט זיך אַריינוואַרפן אין דער פּאָליטישער אַרבעט מיט מער ענטוזיאַזם, מיט מער ענערגיע.

ליידער איז זיין דערוואַרטונג געוואָרן פאַר אים אַ גרויסע אַנטוישונג. וואָס ער האָט געטראָפן אין פינסק איז געווען אַ פוסטע קרעטשמע. די אַרבעט פון דער ס.ס.־פּאַרטיי איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געווען. דאָס איז פאַר אהרקען געווען אַזוי ווי ער וואָלט פּלוצעם, אונטער אַ בלויען הימל, געטראָפן געוואָרן פון אַ דונער.

פאַר טעג און טעג האָט זיך אַהרקע ארומגעדרייט אין די גאַסן, ווי אַן אַ קאָפּ. ער האָט געפּלאָנטערט מיט די פיס, אָפּט פאַר־בלאָנדזשעט. אין זיין קאָפּ האָבן מחשבות געהאַלטן אין איין העמערן. וואָס זאָל ער איצט טאָן? צו וואָס זאָל ער זיך נעמען? ס'האָט אים גענומען לאַנג ביז ער האָט געפונען אַ תכלית פאַר זיך. געווען איז עס — נעמען זיך צוריק צום לערנען. לערנען און לערנען. פאַרטרינקען זיך אין לערנען. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. און ער האָט זיך טאַקע גענומען צוריק צום לערנען. און דאָס מאָל מיט מער התמדה ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

ער האָט געשלונגען ביכער, איינס נאָכן אַנדערן. טאָג און נאַכט — איבער ביכער. ער האָט אויך שטודירט אַלגעבּרע, געאָמעטריע, לאַטיין און געשיכטע, אַלטע און נייע. דאָס אַלץ — אָן אַ לערער. צייטנווייז, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף שווערע פּראָבּלעמען, איז ער אַוועק צו זיין חבר מאָמע, וואָס האָט זיך געלערנט אין אַ פּריוואַטער גימנאַזיע. מאָמע איז געווען אַ גוטער טייערער בחור. ער וואָלט געגאַנגען אין פייער און וואַסער צו טאָן אַ מענטש אַ טובה. און ער האָט מיט חשק און גרייטקייט אַהרקען טאַקע אויך אַרויס־געהאָלפן.

צו יענער צייט האָט אַהרקע אויך אָנגעהויבן ליינען י. ל. פּרצן און שלום עליכם. ביז דעמאָלט האָט ער נישט געוואוסט, אַז די יידישע שפּראַך פאַרמאָגט אַזעלכע גרויסע אוצרות. צו העברעאיש און רוסיש האָט ער צוגעגעבן יידיש, די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט ביי אים ביסלעכווייז פאַרנומען דעם אויבנאָן.

וועגן פרויען, ווי „פרויען", האָט ער זיך ווייניק פאַראינטערעסירט. סעקס איז פאַר אים געווען עפּעס אַ ווייטע זאַך. ביי זיינע עלטערן אין דער הויפּט־שטוב, וואָס איז געווען אַ מין רשות־הרבים, האָט אַהרקע אין זיינע קינדער־יאָרן געזען פרויערטעס מיט אָפּגעהילטע בוזעמס, אָנגעפּוכקעטע מיט מילך. די פרויערטעס האָבן דעמאָלט געזייגט זייערע עופהלעך. אַהרקע האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז בריסטן זענען געגעבן געוואָרן צו פרויען כדי צו דערנערן זייערע ניי־געבוירענע. שפּעטער, אין די חדרים און ישיבות האָט ער געלערנט די מסכתות פון סדר נשים, וואו ס'ווערן דערמאָנט בתולות און בעולות. דעם אונטערשייד פון אַ בתולה און אַ בעולה האָט ער נישט געוואוסט. דער

עיקר האָט אים אינטערעסירט דער פּילפּול. אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ייִנגלעך, וואָס האָבן געוואוסט אַ סך וועגן דעם מין פּרוי, איז ער, אַהרקע, געווען ווייט הינטערשטעליק. אפילו אין די יאָרן נאָך בר־מיצווה, ווען ער האָט פאַרברענגט מיט חברטעס, איז אים קיינמאָל נישט געקומען אויפן רעיון — אַ קוש טאָן, אַ גלעט טאָן, אָדער אפילו בלויז האַלטן הענט. אַלץ וואָס ער האָט באַגערט איז געווען: רעדן, דיסקוטירן וועגן ליטעראַטור, וועגן דעם ליכטיקן מאָרגן וואָס וועט קומען אויף דער וועלט פאַר אַלע וואָס שמאַכטן סיי גייסטיק, סיי פיזיש.

אַז ער האָט געליינט ראָמאַנען פון רוסישע שרייבערס און געזען ווי זיי מאָלן אָפּ שיינע פּיס פון אַ פּרוי, האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָס מיינט. ביי אים זענען פּיס געווען פּיס. וואָס איז דער חילוק? דער עיקר וואָס אים האָט צוגעצויגן איז געווען דאָס פּנים. ווייטער פון פּנים זענען זיינע אויגן נישט געלאָפן. אין זיין קאָפּ האָט ער געהאַט אַ סאָרט „האַרעם״ פון מיידלשע פּנימער. זיין אידעאַלסטע פּרוי איז געווען אַן אַבסטראַקציע, וואָס ער האָט בלויז געזען אין זיין דימיון.

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, אָבער ס׳איז אַ פאַקט: ער, אַהרקע, האָט נישט געדאַרפט פירן קיין מלחמה מיטן יצר־הרע. אמת, צייטנווייז האָט דאָס אים באַאומרואיקט. ווער ווייסט?... טאָמער איז ער, חלילה, גאָרנישט קיין מאַנסביל אין פולן זין? אפשר איז ער אַ בעל־מום?

פונקט דעמאָלט, ווען ער איז געווען פאַרנומען מיט לערנען זיך, מיט ביכער, און נישט געהאַט קיין אינטערעס אין פרויען, אָבער גלייכצייטיק געזאָרגט וועגן זיין מענערישקייט, האָט זיך געטראָפן אַ מעשה וואָס האָט אים צערודערט. זיינס אַ חבר, אַ זאָטלמאַכער, אַ גוט־ברודער, אַ פּשוטער חי־וקים, וואָס האָט געוואוסט וואו אַ טיר עפנט זיך, האָט מכלומרשט שפּאַסיק אים אַ פרעג געטאָן:

— אַהרקע, וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אַכצן און דרייצן?

— וואָס מיינסטו? — האָט אַהרקע אויפגעשטעלט די אויגן און געפרעגט.

— איך מיין, צי דו קריגסט אַמאָל אַ מיידל, אָדער אַ ווייבל...

— ניין.

— פאַרוואָס?

— כ׳ווייס נישט...

נאָך אַ שפּאָר ביסל האָרעווען האָט דער זאָטלמאַכער צוגערעדט אַהרקען צו גיין וואוהין מ׳דאַרף און ווערן אַ „פאָלגער מאַנסביל". וואָס האָט ער גענדאַרפט טאָן? ער האָט געדאַרפט קומען אין אַ קליינער אכסניה, דינגען דאָרטן אַ צימער, כלומרשט פאַר איבערנעכטיקן, און די פרוי, וואָס וועט אַריינקומען צוריכטן דאָס בעט, וועט דאָס זיין די אישה וואָס דער זאָטלמאַכער האָט זי צו אים געשיקט.

אַהרקע האָט געפאָלגט. ער איז אַריין אין דער אכסניה, גע־דונגען אַ צימער, זי איז אַריינגעקומען, אָבער... ניין, קיין פאָלגער מאַנסביל איז ער נישט געוואָרן. פאַרוואָס? ווי נאָר זי האָט זיך דערנענט צו אים, האָט ער דערפילט אַ גערוך פון שוויים און ביליקן וואַשזייף. זי האָט נישט געהאַט קיין זכר פון דעם רייץ, וואָס עס האָבן די פרויען אין זיינע חלומות. זי האָט געהאַט אויסגעלאָשענע אויגן, אַ פּנים אָן חן, אַ גוף אָן לעבן.

ער איז אַהין מער נישט געגאַנגען.

אין די זומערדיקע שבתים איז ער, אַהרקע, מיט אַ געזעמל בחורים און מיידלעך אַוועק שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, אָדער אין לישטשער וואַלד אַריין. יעדער בחור האָט אויסגעקליבן פאַר זיך אַ מיידל לויט זיין געשמאַק. איבער זיין שעמעוודיקייט האָט אַהרקע קיינמאָל נישט געקראָגן יענע, וואָס איז אים געווען מער צום האַרץ. אַלע מאָל איז ער געווען הינטערשטעליק און צונויפגעפּאָרט געוואָרן מיט אַזאַ, וואָס האָט נישט אַפּעלירט צו אים.

למשל, מרים לאַסקאָוו. אַזוי האָט מען זי גערופן. זי האָט געהאַט אַ פּנימל וואָס האָט באַלאַנגט צו זיין „האָרעם" פון פרויען־געשטאַלטן אין חלום. זי האָט אים באַצויבערט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט זי אַרויסגעוויזן וואַרעמע געפילן צו אים. די צרה איז אָבער געווען דאָס, וואָס זי האָט צוגעצויגן צו זיך אויך אַנדערע בחורים. און איידער וואָס, איידער ווען, האָבן זיי זי אויסגעכאַפּט ביי אים.

אמת, ער איז געווען אין כעס אויף זיך, נאָר גיי האָב טענות צו אַ מענטשן, וואָס ציטערט צו שטעלן אַ טראָט, וואָס טראַכט איבער צען מאָל צי דער טראָט דאַרף געמאַכט ווערן. ביז וואַנען ער

האָט באַשלאָסן וואָס צו טאָן, איז שוין נישט געווען וואו צו טרעטן. אַלע מענטשן אַרום אים האָבן זיך מיט אַ סך ענערגיע געשטופּט פאָרויס, און ער, אַהרקע, איז געשטאַנען ווי אַ למך. דאָס האָט מרים לאַסקאָוו דערזען אין אים. אַ למך! אַ נעבעכל! איר געדולד האָט געפּלאַצט. איר וואַרעמקייט צו אים האָט זיך אָפּגעקילט, איז געוואָרן אייז. זי האָט אויפגעהערט קוקן אין זיין ווינקל מיט אירע מילדע אויגן, און נישט געענטפערט אויף זיינע באַגריסונגען.

אַ צווייטער פאַל מיט נאָך אַ מיידל. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם דירעקטאָר פון דער שוועבל-פאַבריק. איין מאָל האָט זי אים פאַרבעטן צו אַ שימחה, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין איר היים לכבוד איר געבוירן-טאָג. דאָס הויז איז געווען געפּאַקט מיט יונגוואַרג. דער עולם האָט גוט פאַרבראַכט — אַחוץ ער, אַהרקע. זיין פּנים האָט געברענט, ווי ער וואָלט געווען קראַנק. זיינע אויגן האָט ער נישט געקאָנט האַלטן אָפן. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעדולטער. זיין אַפּעטיט איז פאַרשוואונדן, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס אַ סך יום-טובדיק עסנוואַרג איז געווען לרוב אָנגעלייגט אויף די טישן. אַלץ אַרום איז געווען ווי איינגעהילט אין אַ טומאַן.

פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען? פון זיין אומגעלומפּערטער שעמעוודיקייט. און דאָס איז אים באַפאַלן מיט מער קראַפט אין אַ ניי פלאַץ, מיט אומבאַקאַנטע מענטשן.

יענעם אָוונט האָט מען געשפּילט „פאַנטשט". און ער, אַהרקע, האָט געקראָגן אַ בריוול פון אַ פּערזאָן אָן אַן אונטערשריפט. געזאָגט האָט זיך דאָרטן: „ווען גאָט האָט אויסגעטיילט שכל צו מענטשן, האָט ער אויך דיין הויז באַזוכט, נאָר דו ביסט נישט געווען אין דער היים". אַהרקע איז געווען זיכער, אַז דאָס בריוול איז געשיקט געוואָרן פון מרים לאַסקאָוו, וואָס איז אויך געווען ביי דער שימחה.

כאָטש טיף אין האַרץ האָט ער געפילט, אַז גאָט, דער אַלמעכ-טיקער, האָט עפּעס יאָ איבערגעלאָזט פאַר אים, אַהרקען, פון דעם וואָס מ'רופט „שכל", דאָך האָט דאָס באַשריבן שטיקל פּאַפּיר אים שטאַרק צערודערט.

שפּעטער האָט ער זיך באַמיט מיט אַלע כוחות פּטור צו ווערן דערפון. אַנשטאָט אַנטלויפן, איז ער געקראָכן אין סאַמע פייער אַריין און דאָרטן שטודירט די סיבות. ער האָט, נאָך לאַנגע מאַטערנישן,

אויסגעפונען, אַז זיינע צרות האָבן זיך גענומען דערפון וואָס ער האָט אונטערגעשעצט זיינע פעאיקייטן. דאָרט, וואו ער איז געווען אַ דורכפאַל, האָט ער — לויט זיין דורכשטודירן זיך — געקאָנט גאָר לייכט מצליח זיין. ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך: בעסער עטלעכע גראַד זיך איבערשאַצן, איידער אונטערשאַצן.

נישט לאַנג נאָך דעם האָט זיך געמאַכט אַ נישט־דערוואַרטע געלעגנהייט, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ סך מוט אין זיין טראַכטן וועגן זיך און אין זיין מלחמה מיטן זלידנעם חולאת — שעמעוודיקייט.

אין די ווינטער־שבתים, בייטאָג, איז געווען אַ חוק ביי אַהרקען און זיינע חברים זיך צונויפקלייבן ביי דוד דעם לערער אין הויז אויף לאַהישנער גאַס. איין מאָל זענען אַהין געקומען עטלעכע פון די פּני פון דער פּינסקער אינטעליגענץ. צווישן זיי איז געווען דער ראש פון דער פּאַרטיי „איסקרא". זיי האָבן גערעדט וועגן אַלטע און נייע ביכער.

אַהרקע איז געזעסן דערביי און האָט זיך צוגעהערט. דערווייל האָט זיך ביי אים אין קאָפּ פאָרמירט אַ מיינונג וועגן איינעם פון די ביכער, וואָס די אינטעליגענטן האָבן וועגן זיי גערעדט. אָבער זאָגן עפּעס? דאָס לשון האָט ביי אים אָפּגענומען. אין דער אַנוועזנהייט פון אַזעלכע גרויסע העכט וועט ער וואַגן אַרויסזאָגן זיין מיינונג? צום סוף האָט ער גובר געווען זיין מורא און ער האָט אַרויסגעפּלאַצט, ס'הייסט, אַרויסגעזאָגט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

דער „איסקראַוועץ" האָט אַנגעשטעלט זיינע אויגן אויפן שטוב־באַלעבאָס, דוד דעם לערער, און אַ זאָג געטאָן:

— ווער איז דער דאָזיקער בחור? אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּראָסטער פּריקאַזשטשיק, און דאָ קומט ער אַרויס מיט אַזאַ שפּראַך... אויסגעצייכנט! אויסגעצייכנט!

צו אַזאַ קאָמפּלימענט איז אַהרקע נישט געווען צוגעוואוינט. אפילו נישט צו אַ קלענערן שבח. ווי האָט געקאָנט זיין אַנדערש? די געלעגנהייט פאַר דעם, ס'הייסט פאַר יאָ קריגן שבחים, איז דאָך נישט געווען. און במילא האָט זיך דער באַוווּסטער באַטראַכט פאַר אַ שלימזל. און ווי ער, אַהרקע, האָט געפילט, איז דער שורש דערפון געלעגן אין דעם מענטשם גאָר יונגע יאָרן, ווען מ'האָט אים אונטער־געדריקט ווי אַ קינד, אויך ווען אין דער אַנוועזנהייט פון פרעמדע

לייט האָבן די עלטערן אים אוועקגעשטופּט אין הינטערגרונט. למשל, זיין מוטער. פון צייט צו צייט האָט זי אַ זאָג געטאָן צו אים, אַהרקען, ווען ר'איז נאָך געווען יונג, „ביי לייטן קינדער...״ געמיינט האָט עס, אַז ביי לייטן זענען דאָ גוטע קינדער, אָבער נישט ביי איר. די כוונה פון איר מוסר איז געווען אַ גוטע, אָבער ביי אים, אַהרקען, האָט עס געשאַפן דאָס געפיל פון אַ טויגענישט. אָדער דער פאָטער זיינער. מיט זיין שטרענגער דיסציפּלין האָט ער אויך געמיינט די טובה פון קינד. ביים קינד איז אָבער אין דער זעלבער צייט פאַרפלאַנצט געוואָרן דער זוימען פון מינערווערטיקייט.

געהערט אָבער איצט אַזאַ הויכע מיינונג וועגן זיך, און פון אַזאַ חשובן און באַוואוסטן מענטש, דעם „איסקראַוועץ״, איז אַהרקע שיר-נישט אַרויס פון דער הויט פאַר פרייד. ער האָט זיך נאָכדעם אַריינגעמישט אין דעם שמועס פון די גרויסע העכט, ווי ער וואָלט געווען איינער פון זיי.

און איינער פון אַ חברותא האָט ער זיך נאָכדעם אויך אָנ־געהויבן פילן, ווען ער איז געווען צוזאַמען מיט מיידלעך און בחורים. מ'האָט אים מער נישט געקאָנט אָפּטאָן אויף טערקיש, ווי מ'זאָגט. ער האָט געקאָנט אַרויסווייזן מוט און מיט געוואַגטקייט פירן מלחמה מיט זיין צד-שכנגד פאַר אַ מיידל, וואָס איז אים, אַהרקען, געפעלן געוואָרן. בקיצור, די שעמעוודיקייט האָט ווייט-ווייט מער נישט געהאַט קיין שליטה איבער אים. אין איין סאָרט טבע האָט ער זיך אָבער נישט געביטן. און ס'האָט אים אויף דעם מינדסטן נישט געאַרט וואָס ס'איז אַזוי. געווען איז דאָס — זיין געשמאַק פאַר איידלקייט, פאַר צניעות. אַ ביישפּיל מיט אַ מיידל וועט דאָס דערקלערן.

איר נאָמען איז געווען נעכע שערעשעווסקי. זי האָט געשטאַמט פון פּרוזשאַן, גראָדנער גובערניע, און געשטודירט אין אַ פּינסקער גימנאַזיע, געוואוינט האָט זי אין אַ קליין צימערל ביי אַ באַלעבאַטישער משפּחה. אָפט האָט אַהרקע זי באַזוכט און נאָכדעם האָבן זיי שפּאַצירט אויפן ברעג פון דעם טייך פּינא. דאָרט האָבן זיי געשמועסט וועגן ליטעראַטור, טעאַטער, ליבע, וועגן דעם ווייטן מאָרגן פון דער מענטש־הייט, און אַנדערע הויכע ענינים. נעכע שערעשעווסקי איז געווען אַ וואוילינקע, אַ שטילינקע, מיט אַ סך וויסן און פאַרשטאַנד. דאָס פאַרברענגען צוזאַמען האָט זייביידן פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן.

אַ מאָדנער צופאַל האָט דאָס אָבער, לפּחות פאַר אַ שטיקל צייט, קאַליע געמאַכט. דער צופאַל?

איין מאָל, ווען אַהרקע האָט אָנגעקלונגען אין דער טיר פון איר דירה, האָט זיך די טיר געעפנט און צו זיין איבעררעאַשונג האָט ער דערזען — די „נקבה", וואָס דער זאָטלמאַכער האָט אים געהאָט רעקאָמענדירט. זי איז געווען די נייע דינסט ביי דער באַלעבאַטישער משפחה.

פאַר אַ ווײַלע איז אַהרקע געבליבן שטיין ווי אַ גולם און נאָכדעם, אינסטינקטיוו, האָט ער זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק — און פאַרפעלט צו באַגעגענען זיך מיט נעכען. דער קאָנטראַסט צווישן אַבסאָלוטער צניעות און אויסגעלאַסנקייט אונטער איין דאַך האָט אים אויפגערעגט. ס'איז געווען ווי וואַרפן מיסט אין אַ גאָרטן מיט בלומען. ס'איז אים געוואָרן איבלדיק דערפון.

אַ לאַנגע צייט האָט זיך דאָס מיידל שערעשעווסקי נאָכגעפרעגט אויף אים, אַהרקען, הלמאַי ער קומט נישט, באַהאַלט זיך אוים. אָבער אַהרקע האָט זיך פשוט געשעמט צו דערציילן אַזאַ זויבערער נשמה דעם אמת. צום גליק האָט די דינסט לאַנג זיך דאָרט נישט געהאַלטן — און זיין פריינדשאַפט מיט נעכע שערעשעווסקין האָט זיך באַנייט. און דאָס מאָל מיט מער פרישקייט און פאַרערונג.

אָט די דאָזיקע טבע — דעם געשמאַק פאַר אינערלעכער נאָבל-קייט, דעם רעספּעקט פאַרן אייגענעם „איך" — דאָס האָט ער, אַהרקע, נישט געוואָלט אויסוואָרצלען פון זיך, ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט זיין לאַ-יוצלחדיקער שעמעוודיקייט, און ער איז געווען העכסט צופרידן וואָס ער האָט געהאַט אינסטינקטיווע כוחות צו באַשיצן די דאָזיקע איינגעבוירענע אייגנשאַפט.

## .27

# ליבע און תכלית

ווי יעדעס מיידל, צילנדיק צו אַ צוועק מיט אַ באַגערטן בחור, אַזוי האָט אויך די אינטעליגענטע גימנאַזיסטקע נעכע שערעשעווסקי געטראַכט וועגן אַ תכלית אין שייכות מיט אַהרקען, ס׳הייסט, זי האָט געלעכצט ער זאָל ווערן איר „אייביק-באַשערטער״.

אַהרקע איז אָבער געווען יונג אין לעבנס-דערפאַרונג צו פּלאַנירן וועגן אויפשטעלן אַ פאַמיליע-היים. דערצו האָט ער נישט געהאַט קיין פּראָפעסיע, סיידן מלמדות. און ער האָט דאָס באַדויערט. זיין גאַנצע צייט האָט ער געפּטערט אויף אידעאָלאָגיעס און אינגאַנצן פאַר־נאַכלעסיקט זיינע לימודים. וועגן ווערן אַ פּראָוויזאָר — אויף דעם האָט ער שוין נישט געהאַט קיין האָפענונג. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ לא־יוצלח, נישט נאָר גייסטיק. ער איז אַרומגעגאַנגען אין איין פּאָר הויזן, איין פּאָר שיך און איין העמד. ער האָט זיך געהאַלטן לעבלעך צו נעכע שערעשעווסקין, ווייל ער האָט נישט געוואָלט פאַרדרייען אַ מיידל דעם קאָפּ, בפרט אַזאַ גוטער נשמה.

זייענדיק אַ גרויסער מפונק האָט אַהרקע זיך אָנגעהויבן שעמען אַרויסצוגיין אין דער גאַס אין זיינע אָפּגעטראָגענע מלבושים, אָדער זיך ווייזן פאַר באַקאַנטע. ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט זיך קויפן אַ פּאָר הויזן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון דעם מאַטעריאַל וואָס מ׳האָט גערופן „דיאַגאָנאַל״. אויך האָט ער געוואָלט האָבן אַ ווינטערדיקן פּאַלטאָ, ווייל אין זיין קורטקע, וואָס מ׳האָט גערופן „די וואַטאָווקע״, איז אים געווען זייער קאַלט אין די גרויסע פרעסט. ער האָט אויך געחלומט וועגן אַ פּאַלערינע, וואָס איז געווען אין דער מאָדע ביי יונגעלייט. כדי צו זיין בכוח איינצוהאַנדלען אָט די אַלע זאַכן, און דאָס, מיט אייגענע פאַרדינטע מזומנים, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו ווערן אַ מלמד, לפּחות פאַר איין זמן. און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

אַ ייד, אַ פּאָסעסאָר, פון דעם דאָרף טשינטשעוויטש, אַרום פּינסק, האָט אָנגעשטעלט אַהרקען פאַר זיינע קינדער. צוויי פון זיי זענען געווען גרויסע האַמעטנע בחורים, עלטער פון זייער מלמד. אַהרקע

האָט זיי געלערנט פּשוטע עברי. זייער פֿאָטער האָט געלעכצט, אַז זיי זאָלן, לכל הפּחות, קאָנען זאָגן קדיש, ווען זיין צייט וועט קומען, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר. זייער שוועסטער, יינגער פון זיי, האָט אַהרקע געלערנט רוסיש און אַריטמעטיק. לכתחילה האָט עס אויסגעזען נישט שלעכט. נאָך אַן אָפּלויף פון עטלעכע וואָכן האָט אַהרקע אָבער געזען, אַז לענגער ווי ביז שבועות וועט ער נישט קאָנען אַריבערטראָגן. און דאָס, נישט איבער זיין שולד.

אין מיטן פון קנעלן מיט די צוויי בנים האָבן זיך די ברידערלעך אָפּט געשלאָגן איינער מיטן צווייטן. אַהרקע האָט געשריען, געדראָט צו האָבן אַ שמועס מיטן פֿאָטער וועגן זייער התנהגות, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. די עברי איז זיי סייווי נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

און אַז ס'איז געקומען צום מאָלצייט, האָט די באַלעבאָסטע אים געקאָרמעט מיט קאַרטאָפל, זויער־מילך און זופּ. אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס. ס'איז געווען ערגער ווי ער האָט געהאַט פון זיינע מאָגערע פּאַרדינסטן אין סלוצק און פּינסק. אפילו די שבתדיקע טשאָלנטס זענען געווען אָרעמע. יעדער ביסן איז געווען אויסגערעכנט מיט קאַרגשאַפט.

און צו אַלע צרות — די תלמידה, וואָס איז געווען יינגער פון איר לערער, אַהרקע. דאָס מיידל איז געווען זייער „ראָמאַנטיש". איר איז, נעבעך, געווען אומעטיק אין דעם פּיטשינקן דערפל. אַז ביי איר אין הויז האָט זיך אויפגעהאַלטן דער לערער, האָט זי דערוואַרט ער זאָל פאַרברענגען מיט איר. איינמאָל איז אַהרקע געזעסן אויפן גאַניק פון הויז. ס'איז געווען אַ שיינער זומערדיקער אָוונט. שאַ, שטיל. מ'האָט געהערט בלויז דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס אין דעם דערביי־איקן טייכל. אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן און מיטגעבראַכט ריחות פון היי, בלומען, און אויך די דעמפּקייט פון דעם טייכל. אין דער מוזיק פון דער דאָרפישער נאַטור וואָלטן זיך אַריינגעפּאַסט: ראָזקע ברוך יאַנקלס, מרים לאַסקאָוו און נעכע שערעשעווסקי. אַ טיפּע בענקעניש האָט אים גענאָגט ביים האַרץ. גלייכצייטיק האָט אים אַרומגענומען אַ שטאַרקע מרה־שחורה. אינדעם איז פון הויז אַרויסגעקומען זיין תלמידה און זי האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים. אַ לאַנגע צייט זענען זיי ביידע געזעסן און האָבן געשוויגן. מיטאַמאָל טוט זי אַ פרעג:

— שפילט מען ביי אייך אין ליבע? כ'מיין, אין אייערע גרויסע שטעט...

— אפשר שפילט מען, — האָט אַהרקע געמורמלט, — אָבער איך ווייס נישט.

זיין ענטפער איז געווען שאַרף. ער האָט אָפּגעהאַקט דאָס געשפּרעך, נאָך איידער זי האָט זיך געגרייט אויף אַ לענגערן שמועס. זי איז געווען געראָטן אין איר מאַמען מיטן פּנים, וואָס האָט אים דערמאָנט אין אַ זויער קעזל, וואָס דערפון האָט די גאַנצע לופט פון פּאָסעסאָרס שטוב געשמעקט.

און וואָס אָנבאַלאַנגט דער גאַנצער דאָרפישער סביבה — זי איז אים שטאַרק נמאס געוואָרן. אַזאַ סביבה איז נישט געווען פאַר זיין צעפליגלטער פאַנטאַזיע.

ועל כולם האָט ער געקראָגן אַ בריוו פון דער היים צו קומען צו דער חתונה פון זיין שוועסטער איטקע.

אַהרקע האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און אַ וואָך פאַר שבועות איז ער אַוועק צום פּאָסעסאָר אויף אַ קורצן שמועס.

— כ'פאָר אַהיים אויף יום־טוב, — האָט ער געזאָגט. — גלייך נאָך יום־טוב האָט מיין שוועסטער חתונה. און איך מוז, פאַרשטייט זיך, זיין ביי דער שימחה.

— זייער גלייך, זייער שיין, — האָט דער פּאָסעסאָר גע־צמאָטשקעט מיט זיינע ליפּן בעתן לויבן אַהרקעס צוגעבונדנקייט צו יידישקייט און דער משפּחה.

— אָבער — זאָגט ווידער אַהרקע — כ'וועל זיך נישט צוריק־קערן.

דער פּאָסעסאָר האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט נישט געקאָנט צעקייען די ווערטער וואָס אַהרקע האָט אים אָקאָרשט געהאַט געזאָגט.

— וואָס מיינט איר דערמיט? — האָט ער געפרעגט.

— כ'מיין, — האָט אַהרקע נישט דרייסט געזאָגט, — אַז כ'וועל נישט צוריקקומען צו לערנען מיט אייערע קינדער.

דער פּאָסעסאָר איז געוואָרן ווייס אין פּנים. זיינע אויגן האָבן זיך צונויפגעצויגן, און די ליפּן אויסגעקרימט.

— היתכן? — האָט ער ענדלעך זיך געשטאַרקט און מיט פאַר־וואונדערונג געפרעגט.

— כ'האָב אַנדערע פּלענער, — האָט אַהרקע געשטאַמלט.

פון איבעראַשטקייט איז דער פּאַסעסאָר מיטאַמאָל געוואָרן זייער באַרעדעוודיק. ער האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן יעדן פון אַהרקעס משפּחה, וועגן זיינע, אַהרקעס, פּלענער, אויך צי ער קאָן צושיקן אַ צווייטן מלמד, אַן איידעלן, אָט אַזאַ ווי ער, אַהרקע, איז. נאָכדעם האָט ער צעעפנט דעם טייסטער און איבערגעגעבן אַהרקען צוויי צען־רובלדיקע גאָלדשטיק.

אין הויז איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. ס'זענען זיך צונויפגעלאָפן די צוויי האָמעטנע בחורים און די „ראָמאַנטישע" תלמידה. זיי האָבן זיך די אייגענע אויערן נישט געוואָלט גלייבן וואָס זיי האָבן געהערט. די גרויסע בחורים האָבן געמאַכט השערות פון עגמת־נפש, פון באַדויער. דאָס מיידל האָט זיך צעוויינט. אויך איז אָנגעקומען די קאַרגע באַלע־באָסטע מיט איר זויער קעזל־פּנים. זי האָט געהאַלטן אירע הענט אונטערן ברייטן, פאַרשמאַלצענעם פאַרטעך, געדרייט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס, געקרעכצט, געאָכצט, און געקוקט אויפן מאַן מיט חידוש וואָס ער, דער גרויסער בריה, האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן אויף איבערצורעדן דעם יונגנמאַן, אַז ער זאָל זיך מיישב זיין.

אַהרקע האָט זיך איינגעפּאַקט די זאַכן און אין דער באַגלייטונג פון פאַרטרויערטע פּנימער און שטילע האַרציקע ווערטער איז ער אַוועק פון דאָרף — מיטן וועג אַהיים אויף יום־טוב און צו דער שוועסטערס חתונה.

## .28

# איטקע און איר טומטום־מאַן

אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג איז אַהרקעס מוטער געווען שטאַרק פאַרפאַרעט מיט צוגרייטן די שפּייזן פאַר שבועות. שבועות איז דאָך דער יום־טוב פון מתן־תורה, דאַרף מען זען אַז אַלץ זאָל פאַרשאַפן פאַרגעניגן. יעדע מינוט פון טאָג האָט זי געקנעטן טייג און געבאַקן אַלערליי זיסע געבעקסן, וואָס זענען געווען אָנגעפילט מיט קעז, מיט מעל־צוקער, מיט האָניק, מיט אימבער, צימרינג און אַנדערע פריפּראַוועס. דאָס יום־טובדיקע פאַרעניש האָט אין זיך געהאַט אַ נישט־געוויינלעכן טעמפּאָ, אַן אויפגעלעבטקייט און גוט־געשטימטקייט.

וואָס אהרקע האָט אַזעלכעס ביי זיינע טאַטע־מאַמע שוין לאַנג נישט געזען. און דאָס אַלץ דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן פֿאַרבעטן פֿאַר יום־טוב אַ טייערן גאַסט — איטקעס חתן, שמעון, וואָס האָט געוואוינט אין טורעוו.

און ער איז טאַקע געקומען.

אָבער ווי נאָר אהרקע האָט אים דערזען, איז אים פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. ס'האָט אים פּשוט געעקלט פֿון דעם דאָזיקן יונגנמאַן, וואָס איז איטקעס חתן און וואָס וועט קירצלעך ווערן איר לעבנס־באַגלייטער.

זיין קיילעכיק רויט פּנים איז געווען אַן אַ סימן פֿון אַ באָרד און וואָנצעס. ס'האָט דאָרט קיינמאָל נישט אַרויסגעשפּראָצט קיין הערע־לע. ס'איז געווען אַזוי גלאַט ווי ביי אַ באָבעצע. זיינע אויגן זענען געווען פֿלינקע, כיטרע. זיי האָבן זיך געוואָרפֿן אויף אַלע זייטן. און אויף זיין פֿאַרקאַטשעטער אייבערשטער ליפּ איז אַלעמאָל געזעסן אַ פּאַרטיק שמייכעלע. זיין גאַנצער אויסזען האָט אויסגעזען ברידקע. דעם דאָזיקן „קראַסאַוועץ" האָט צוגעשטעלט און אויפֿגעלויבט ביז צום הימל פֿאַר אהרקעס עלטערן און דער שוועסטער איטקע — דער שדכן שאַפּירקע.

זיין נאָמען איז געווען שאַפּירא, אָבער מענטשן האָבן אים פֿאַר־צויגן אויף „שאַפּירקע", ווייל ער איז געווען אַ זשוואַווער ליגנער און מיט צען מאָס רייד. ער האָט אָבער געהאַט הצלחה אין זיין שדכנות־געשעפֿט. ער האָט צוגעשטעלט חתנים פֿאַר לולין און אויך פֿאַר אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אפֿילו אהרקעס אַלע קוזינעס האָבן געקראָגן מענער דורך אים.

וואָס, וואָס, אָבער שמעון, איטקעס חתן, האָט געוואוסט מיט וואָס צו מאַכן אַן איינדרוק אויף מענטשן. ער האָט געקענט די קונסט פֿון פֿאַררעדן די ציין, און — ווען מיט אַזעלכע לייט ווי אהרקעס פֿאָטער, דער בן־תורה — אַרויסברענגען עטלעכע פּסוקים פֿון דאָ און דאָרט. דערצו איז ער געווען נישט קיין שלעכטער פֿאַרדינער. ער איז געווען אַ בראַקירער אין וועלדער ביי אַ רייכן וואַלד־סוחר.

אהרקעס שוועסטער, איטקע, וואָס האָט קיינמאָל קיין עסקים נישט געהאַט מיט בחורים, און איז דערפֿאַר געווען היפּש נאַאיוו, איז געווען שטאַרק פֿאַרליבט אין אים. געווען איז איטקע אַ שוואַרץ־

חנעוודיקע, מיט אַ שלאַנקער פיגור, קלוג און פעאיק. צו דעם קלאַס שיינע מיידלעך איז זי אָבער נישט פאַררעכנט געוואָרן. און דאָס דערפאַר, ווייל לויט איר דינעם געשטעל איז זי געווען דער היפוך פון דעם אָנגענומענעם געשמאַק. יונגעלייט — און מאַנסבילן בכלל — האָבן ליב געהאַט פעטינקע מיידלעך מיט גרויסע בוזעמס. איטקע האָט געהאַט אַלע מעלות פאַר אַ גוט ווייב און איבערגעגעבענער מוטער. ס'איז איר אָבער, ווייזט אויס, באַשערט געווען אַן אומגליק.

גלייך נאָך דער חתונה האָט איטקע — אַ געזונטע אַלע אירע יאָרן — אָנגעהויבן קרענקען. אין הויז האָט מען זיך גענומען שושקען, רעדן פאַרשטעלטע ווערטער, ביז ס'איז אַרויס דער ביטערער סוד:

— שמעון איז נישט קיין מאַנסביל.

— ער איז ווי אַ ייִנגל פון צען יאָר.

מענטשן פון טורעוו, אויך פון לולין, האָבן געזאָגט, אַז שאַפּירקע האָט געוואוסט וועגן שמעונס חסרון. ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט וויסנדיק צוליב די עטלעכע רובל שדכנות־געלט.

די ערשטע צייט — נישט זייענדיק באַהאַוונט אין דעם ענין „ביאה", וואָס אויפגעקלערטע לייט האָבן עס גערופן „סעקס" — האָט איטקע געמיינט אַז דאָס איז עס. דאָס איז דער נאַטירלעכער וועג פון צוזאַמענלעבן צווישן אַ מאַן און פרוי. אַז דער סוד איז אָבער אַרויס, און די מוטער און קרובים האָבן מיט איר געהאַט אָפטע סעסיעס, האָט זי אָנגעהויבן זען די זאַך אַנדערש און זיך דורכגערעדט מיט איר מאַן. שמעון האָט אָבער נאָך געהאַט די העזה צו שרייען, אַז ס'איז איר שולד. און ער האָט זי, די נאָך אַלץ נאַאיווע, איינגעשטילט אויף אַ שטיק צייט. אַז ס'איז אָבער אַוועק אַ פּאָר יאָר, און קיין קינד איז נאָך אַלץ נישט געקומען, האָט ער, מיט אומפאַרשעמטקייט, געפאָדערט פון איטקען, זי זאָל גיין צו דאָקטוירים פאַר אונטערזוכונגען.

דער אמת, ווי מ'האָט דערוואָרט, איז נאָך דעם אַרויס, אַז איטקע איז געבליבן אַ בתולה פונקט ווי פאַר דער חתונה.

אַהרקע איז דעמאָלט צו איר צוגעשטאַנען און זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל פּטור ווערן פון דעם מנוול און זיין פריי צו געפינען אַ נאָרמאַל־געזונטן מאַן.

— אַצינד איז די צייט אים אָפּצוזאָגן, איטקע, — האָט ער מיט מיטלייד צו איר גערעדט.

— ווען מען קאָן איך אַצינד קריגן, אהרקע טייערער, — האָט זי געכליפּעט מיט ביטערע טרערן.

זי איז, נעבעך, געווען שטאַרק געפאַלן ביי זיך. זי האָט צו פיל אונטערגעשאַצט איר ווערט און ווערדע.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זי זיך אָפּגעפייניקט מיט איר מאַן דעם טומטום פאַר יאָרן און יאָרן. זי האָט אַוועקגעגעבן אַ שטיק פון איר געזונט און לעבן צו אַן אויסוואורף, וואָס האָט, וויסנדיק וועגן זיין מעמד, נישט געטאָרט אפילו אַ טראַכט טאָן צו גיין מיט אַ מיידל אונטער דער חופּה און מאַכן אַ תל פון אַן אומשולדיקן מענטש.

אָבער אַט דער זעלבער פאַרשוין האָט נאָך געהאַט אַ פאַרוואָשן פּנים צו נעמען פון אהרקעס עלטערן אַכט הונדערט רובל נדן און צעפּטרן דאָס אין עפּעס אַ מיסחרל גלייך נאָך דער חתונה. צונעמען ביי זיינע טאַטע־מאַמע אַזאַ גרויסע סומע געלט, שווער־פאַרהאָרעוועט געלט, און אַ טייל דערפון געליען ביי מענטשן אויף קורצע טערמינען, איז פון זיין זייט, דעם טומטומס, געווען נאַקעטע גזילה.

ערשט אין אירע מיטעלע יאָרן, ווען דער בליאַסק פון איר יוגנט איז שוין געווען אויסגעלאָשן, האָט איטקע ביי זיך באַשלאָסן אַרויסצוקריגן אַ גט פון דעם חצוף־אויסוואורף — און זי איז פאַרבליבן עלנט און געפאַלן ביי זיך ביז צום סוף פון איר לעבן.

די דאָזיקע טראַגעדיע פון זיין שוועסטער האָט אהרקע טיף און מיט ווייטיק איבערגעלעבט. אָפּט האָט ער געפילט, אַז דאָס אומגליק האָט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן. עמעצער פון דער משפּחה האָט גע־דאַרפט אַריינפאָרן קיין טורעוו, וואו דער חברהמאַן האָט געוואוינט בחורווייז, און חוקר ודורש זיין וועגן אים, נאָך איידער מ'האָט באַ־שטימט דעם זמן חתונה. מ'האָט זיך נישט געדאַרפט אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף דעם שדכן, איבערהויפּט ווען יעדער האָט געוואוסט, אַז דער שאַפּירקע איז ביי דער נאַטור אַ ציגיינער. דאָרטן, אין טורעוו, איז עס קיין סוד נישט געווען. קינד און קייט האָט גערעדט וועגן שמעונס פעלער.

צום באַדויערן האָט זיך קיינער די מי נישט גענומען צו פאָרן און הערן וואָס די טורעווער איינוואוינערס האָבן צו זאָגן. פּשוט, מ'האָט זיך פאַרלאָזט אויף שאַפּירקען דעם שדכן, אויף זיין יושר. מ'האָט זיך געטראַכט, וואָס, וואָס, אָבער אברהם איטשען, דעם אָנגעזעענעם

שטאָט־באַלעבאָס פון לולין, וועט דער זשוואַוואר ליגנער שאַפירקע דאָס מאָל נישט האָבן קיין הארץ אָפּצונארן. דער חשבון איז אָבער געווען אַ שלעכטער.

## 29.

## קיין יעקאַטערינאָסלאַוו

איינמאָל אין אַ זומער־טאָג, נאָך איטקעס חתונה מיט דעם טומטום, איז אהרקע — נאָכן צוריקקערן זיך קיין פינסק — געזעסן אין הויז אַ שטאַרק באַטריבטער וועגן זיין צוקונפט. ער איז שוין נאָר וואָס אַלט געוואָרן ניינצן יאָר. דאָס איז אַ לאַנגער לעבנס־שפּאַן פאַר אַ יונגנמאַן, וואָס האָט נאָך נישט קיין תכלית פאַר זיך.

וואָס וועט זיין דער סוף? לערנען זיך אַ מלאכה, ווי פאָטאָ־גראַפיע, אָדער טיפּאָגראַפיע? ביים פאָטער אין די אויגן וואָלט אַזאַ באַשעפטיקונג מסתמא נישט אויסגעקוקט צו האָמעטנע. ס'איז פאָרט נישט דאָס זעלבע ווי שניידעריי, אָדער שוסטעריי. פון טראַכטן ביז טאָן איז אָבער אַ ווייטער מהלך. כדי זיך אויסלערנען אַ פאַך דאַרף מען האָבן אַ ביסל מזומנים, אַ זאַך וואָס איז נישט געווען אין אהרקעס רשות. און דער פאָטער וואָלט אפילו אויף די „שענערע" מלאכות, ווי פאָטאָגראַפיע, צי טיפּאָגראַפיע, קיין איין פּרוטה זיך נישט געלאָזט קאָסטן.

נאָך אַ גרינטלעכן יישוב־הדעת האָט אהרקע ביי זיך אָפּגעמאַכט אַרויסצופאָרן אויף דער וועלט און זוכן אַ שטיקל באָדן פאַר זיך אונטער די פיס.

די ערשטע נסיעה פון זיין „וועלט־רייזע" האָט ער באַשטימט צו מאַכן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. פאַרוואָס אַהינצו?

אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט געוואוינט לייבע ראַבינאָוויטש, אַ ברודער צו אהרקעס פעטער יוסף נח. ער האָט דאָרטן געהאַט אַ קאָמי־סיאָן־קאַנטאָר. אולי ירחם, אפשר וועט ער, לייבע ראַבינאָוויטש, קריגן פאַר אים, אהרקען, עפּעס אַ באַשעפטיקונג. אַבי זען זיין אייגן־פאַרדינטן רובל.

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיקע קאָנקורענץ צווישן צוויי פאַראַכאָד־קאָמפּאַניעס. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין

קאמפאניע האט נאך צוגעצאלט א בולקע, אבי מ׳זאל פארן מיט איר. אהרקע האט זייער געוואלט אויסניצן די געלעגנהייט. נישט איבער קארגשאפט. ער האט געהאט אפגעשפארט צען רובל פון די היימישע גריוועניקעס, איז פארוואס נישט זיין פארזיכטיק מיט די הוצאות? ער פארט דאך אין ווייטע מרחקים! ווער ווייסט וואס אויפן וועג קאן געשען? אך, ווען ער האט מזל און ס׳געלינגט אים צו פארן מיט דער קאמפאניע, וואס צאלט נאך צו א בולקע פאר צידה־לדרך. אזא מציאה איז אבער צו אים שוין נישט אנגעקומען. ער האט שוין געדארפט באצאלן פינף קאפיקעס פאר א בילעט ביז קיעוו.

אויפן פאראכאד איז געווען געפאקט מיט פאסאזשירן. מ׳האט קוים געקאנט געפינען א פלאץ זיך אוועקצוזעצן אויף דער פאדלאגע. ס׳איז אבער אלציינס געווען אנגענעם, ווייל וועגן בעסערם האט אהרקע סיכוי נישט געהאט קיין אנונג. דאס איז געווען זיין ערשטער ארויספאר מיט א שיף איבער די טייכן: פינא, פריפעט און דניעפער. דער פאראכאד האט זיך אפגעשטעלט אין א סך שטעט. פאסאזשירן זענען אראפ און אנדערע זענען ארויף. ס׳איז געווען לעבעדיק און פריילעך. אהרקע האט פארגעסן אין אלע זיינע דאגות. דאס איז פאר אים געווען א לוקסוס־נסיעה.

אין קיעוו האט אהרקע געדארפט איבערנעכטיקן ביז ער וועט קריגן א פאראכאד, וואס פארט קיין יעקאטערינאסלאוו. קיעוו איז געווען — לויטן גזר פון דער צארישער רעגירונג — מחוץ דעם תחום־המושב. פאר ייִדן איז, הייסט עס, געווען פארבאטן צו אטעמען די קיעווער לופט. איז וואס טוט ער, אהרקע? צום גליק האט ער ביי זיך געהאט אן אדרעס פון זיינער א חברטע, וואס האט דארט שטודירט אקושעריע. איר נאמען איז געווען כישקע, און דער צונאמען — די הינקענדיקע, ווייל איין פוס איז ביי איר געווען קירצער פון דעם צווייטן. דאס פנים אירס איז געווען שמאל, לאנג און באטריבט. זי איז דאס טאקע געווען יענע, וואס מיט איר איז אהרקע געווען צונויפגע־פארט אויף די פינסקער שבתדיקע שפאצירן הינטער דער שטאט.

דער רוב יונגווארג, ווי אהרקע האט פון דערפארונג באנומען, איז עגאאיסטיש, ווען ס׳קומט צו סעקס. יעדער פון דער חברה בחורים האט זי, כישקען, אויסגעמיטן. אפילו ער, אהרקע דער „צדיק״, וואלט זיך בעסער געפילט צו האבן לעבן זיך אזא קראסאוויצע ווי מרים

לאַסקאָוו, אָדער נעבע שערעשעווסקי. ווייזט אויס, אַז סעקס האָט אַ גוואַלדאָוונעם כּוח וואָס שפּאַרט זיך אַריבער אַלע גרענעצן. אַ נאַר־מאַלער מענטש קאָן נישט כאַראַקטעריזירט ווערן לויט זיינע סעקסו־עלע נייגונגען. סעקס האָט נישט קיין שייכות מיט אינטעלעקט. סעקס איז דער אינסטינקט, וואָס איז איינגעוואָרצלט אין יעדן באַשעפעניש. מ'קאָן דאָס נישט מעסטן מיט דער מדרגה פון איינעמס אינטעליגענץ.

אָפּגעזוכט כישקען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט געפינען פאַר אים, אהרקען, אַ פּלאַץ אויף איבערצונעכטיקן. נאָך לאַנגע זוכע־נישן האָט כישקע געפּאַקט אַ נאַכטלעגער ערגעץ אין אַ העק אויף בראַטקער גאַס, לעבן דעם טייך. דער אייגנטימער פון דער אכסניה האָט דערלאַנגט דער פּאָליציי אין יד אַריין, און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די רפואה פאַר דער מכה, ס'הייסט, אַז יידן האָבן זיך ווי ס'איז געדרייט.

לכתחילה האָט כישקע פאַרגעלייגט אהרקען איבערצושלאָפן די נאַכט אין איר צימער אויפן דיל. זי איז געווען זיכער, אַז קיין עגמת־נפש וועט אהרקע איר נישט פאַרשאַפן. אהרקע האָט זיך אָבער אָפּ־געזאָגט און באַדאַנקט. ער האָט געטראַכט, אויב די באַלעבאַטים פון דער דירה וועלן דאָס באַמערקן, וועט פאַלן אַ פלעק אויף איר זויבערער פערזענלעכקייט.

קיין יעקאַטערינאָסלאַוו איז אהרקע אָנגעקומען נאָך ראש־השנה. אויף דער סטאַנציע איז געשטאַנען אַ יידישע פרוי און האָט אויסגע־שריען:

— אכסניה, אכסניה! ביליק, ביליק!

אהרקע איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט קודם־כל געפרעגט וועגן דעם מקח. איר ענטפער איז געווען:

— פינף קאָפּיקעס פאַר שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. און פופצן קאָפּיקעס פאַר אַ סאָפּקע.

כאָטש קיין אוצר האָט אהרקע נישט פאַרמאָגט, דאָך האָט ער נישט געהאַט קיין חשק צו וואַלגערן זיך אויף דער ערד. ער האָט באַשטעלט אַ געלעגער פאַר פופצן קאָפּיקעס אַ נאַכט — און איז אַוועק מיט דער אייגנטימערין.

אין דער אכסניה האָט ער, צו זיין איבערראַשונג, געטראָפן נאָך בחורים פון דער ליטע. אַבי ער האָט געמיינט, אַז ער איז דער איינצי־

קער וואָס איז אָן אַ באָדן אונטער די פיס. און די דאָזיקע יונגעלייט זענען נישט געווען סתם חברה. יעדער האָט געשטאַמט פון אַ באַלע־באַטישער היים, געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג, און איז געווען הונגעריק נאָך וועלטלעכער בילדונג.

## .30

# אין יעקאַטערינאָסלאַוו

אינדערפרי איז אהרקע אַוועק זוכן לייבע ראַבינאָוויטשן. דער אַדרעס, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, האָט שוין אָבער נישט גע־טויגט. ראַבינאָוויטש האָט שוין דאָרטן נישט געוואוינט. אהרקע איז געוואָרן שטאַרק דערשלאָגן. וואָס טוט ער איצט? וואו זוכן? וועמען פרעגן?

בעתן ארומדרייען זיך אין דעם שמאָלן געסעלע פון דעם אַדרעס, אָן אַ ציל און אָן אַ זין, איז אָנגעקומען אַ ייד מיט אַ באָרד — איינער פון די אמת־טראַדיציאָנעלע יידן.

— ר׳ ייד, — איז אַהרקע צו אים צו און האָט געפרעגט, — אפשר קאָנט איר מיר זאָגן וואו ס׳וואוינט איינער אַ לייבע ראַבינאָ־וויטש?

— וואו ס׳וואוינט דער לייבע ראַבינאָוויטש, וואָס דו פרעגסט אויף אים, — ענטפערט דער ייד מיט דער באָרד, — ווייס איך נישט. אָבער איין זאַך וועל איך דיר זאָגן, בחורל, זוך אים נישט אין די שולן. דאָרטן וועסטו אים געוויס נישט געפינען.

די לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט מיט אַ טיף־מיינענדיק ליב שמייכעלע.

אהרקע איז געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט. און דאָס, גלייך דעם ערשטן טאָג אין יעקאַטערינאָסלאַוו. געקומען איז ער מיטן אויסזיכט צו געפינען אַ הכנסה דורך לייבען, און איצט איז אַלץ אויס. ווי ווייט קאָן ער אַוועק מיטן קליינעם ביסל מזומן וואָס ער האָט?

טאָג נאָך טאָג איז ער אַוועק צו דער כאַרטשעווניע, לעבן דעם טייך. דאָרטן האָט ער פאַר פינף קאָפּיקעס געקראָגן ברויט, זופּ מיט אַ פּיצינקע פליייש. זאַט איז ער דערפון געוויס נישט געוואָרן, אָבער

ער האָט זיך אויך נישט אַרומגעדרייט הונגעריק. אַזוי איז ער איבער־געקומען ביז ס׳האָט זיך אונטערגערוקט דער הייליקסטער טאָג פון ידישן קאַלענדאַר — יום־כיפור.

אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך געקאַרגט, אָבער יום־כיפור? אויך אין אַ יום־טוב וועט ער זיך מוטשען? צוזאַמען מיט נאָך דריי בחורים, וואָס זענען איינגעשטאַנען אין דער אכסניה, איז ער אַוועק אויף יעקאַטערינענסקי פּראָספּעקט און זיי זענען אַריין אין אַ שיינעם קריסט־לעכן רעסטאָראַן.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש, וואָס איז געווען באַ־דעקט מיט אַ ווייס טישטעך, און געהייסן דערלאַנגען אַ סעודה וואָס האָט באַטראָפן אַ מטמון פון פערציק קאָפּיקעס.

צוערשט האָט מען געגעבן יעדן באַזונדער אַ שיסעלע באָרשט, באַדעקט מיט סמעטענע. ס׳איז געווען אַ מאכל וואָס אהרקע האָט דאָס קיינמאָל פריער נישט פאַרזוכט. ס׳האָט געהאַט אַלע טעמים וואָס אַן עסער קאָן זיך ווינטשן. נאָכן באָרשט זענען געקומען צוויי קאָטלעטן. אהרקע און די דריי בחורים האָבן זיך אַזוי פאַסמאַקעוועט מיט דעם, אַז די קעלנערקע האָט נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן פון זיי. כדי צו פאַרשאַפן זיי מער תענוג האָט זי אָנגעשטעלט דעם גראַמאַפאָן — און דערמיט צוגעבן אַ ראָמאַנטישע אַטמאָספערע. וואָס פאַר אַ איידעלע און קלוגע קעלנערקע! זי איז ווערט אַלע געלטער.

מיטאַמאָל האָט אהרקע, און נאָכדעם אויך די דריי בחורים, אויפגעהערט עסן און אָנגעשפּיצט די אויערן. וואָס הערן זיי? איז עס אַ חלום, אָדער די וואָר? ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און זיי האָבן גענומען קוקן איינער אויפן אַנדערן. יאָ, ס׳איז געווען אַ חזנס אַ שטים. און וואָס האָט ער געזונגען? דעם „ונתנה תוקף". ער האָט געזונגען מיט אַזוי פיל צער אין זיין קול, מיט אַזוי פיל געפיל, מיט אַזאַ האַרצ־רייסנדיקן קרעכץ, אַז ס׳האָט געשניטן ביים האַרץ. אַזאַ אויפטרייס־לענדיקע נגינה האָט אהרקע אין זיין לעבן נאָך נישט געהערט.

אין דער זעלבער צייט האָט אהרקע אויך גענומען זיך פילן נישט גוט. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען זיין פאָטער אין דער לולינער שול אַ פאַרשמאַכטער, איינגעהילט אין ווייסן קיטל און אין טלית. ער האָט געהערט זיין וויינענדיקע שטים:

— סלח לנו, מחל לנו — — — —

מער האָט אהרקע נישט געקאָנט עסן. ער האָט, ווי אַ פֿאַרווירטער, אַ וואָרף געטאָן דעם גאָפּל און איז ווילדערהייט אַרויסגעלאָפֿן אין דער גאַס אַריין.

— אַ משוגענער! — האָבן די דריי בחורים אים נאָכגעשריען.

— אַ דיבוק איז אין אים אַריין.

דעם איבעריקן טייל פֿון דעם יום־כּיפּור טאָג האָט זיך אהרקע אַרומגעדרייט אין די גאַסן אַ צערודערטער, מיט אַ בענקשאַפֿט צו דער היים, צו דער נייער שול, צו אַלע פֿאַסטנדיקע יידן פֿון זיין שטעטל לולין. ער האָט זיך געשטראָפֿט פֿאַר זיין מיאוס אויפֿפֿירן זיך, פֿאַר זיין עסן טרפֿות בפרהסיה, דערצו אין יום־כּיפּור. איז דאָ וועלכערס׳איז זין דערין, ווען אַ גאַנצע וואָך פֿאַרגינט ער זיך אַפֿילו נישט דאָס בידנע שטיקל ברויט?

ער האָט פֿיינט געקראָגן זיך אַליין, ווי ער וואָלט דערזען אונטער זיין הויט אַ פֿרעמדן, אַ מנוול. זיין שולד — האָט ער געוואוסט — ווערט נישט געמינערט מיט דעם אויסרייד וואָס ער איז נישט געווען דער פּלאַנירער פֿון דעם גאַנצן עסק. ער האָט שטאַרק באַגערט צו זיין אין שול, צוזאַמען מיט זיין פֿאָטער, און מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ קלאַפּן זיך אין האַרץ: „אשמנו בגדנו...״ אָן אויפֿהערקלאַפּן.

ווען אויפֿן הימל האָבן זיך באַוויזן שטערן איז ער אַוועק צו דער אכסניה און האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפֿקע. אינגאַנצן אויסגעלייטערט, ווי אַ בעל־תשובה, האָט ער זיך נישט געפֿילט. ס׳וועט אים נאָך נעמען לאַנג, זייער לאַנג, ביז ער וועט פֿון זיך אויסוואָרצלען די טענה, אַז פֿראַגרעס, וועלטלעכער פֿראָגרעס, איז איבער אַלעם, אַפֿילו איבער טיף־רעליגיעזע איינשטעלונגען. דערוויל האָט ער אָבער דערפֿילט גרויס דרך־ארץ פֿאַר דעם הייליקסטן טאָג פֿון דעם יידישן פֿאָלק, אַ דרך־ארץ וואָס האָט ביי אים אַרויסגערופֿן מער דערהייבונג ווי ווען־ס׳איז אין זיינע פֿריערדיקע יאָרן.

צומאָרגנס, נאָך יום־כּיפּור, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן מיט מער אימפּעט זוכן דעם לייבע ראַבינאָוויטש.

פֿון דעם צענערל, וואָס ער האָט געהאַט, איז שוין קיין סך נישט געבליבן. אמת, ער עסט נישט קיין מאַרצעפּאַנעס, דאָך גייט אַוועק. פּופּצן קאָפּיקעס אַ טאָג אויף עסן, און פּופּצן קאָפּיקעס אויף נאַכט־

לעגער אין דער אכסניה, בסך־הכל: 30 קאָפּיקעס אַ טאָג. ווי לאַנג קאָן דאָס איבעריקע ציען, אַז קיין פרישע געלטער קומען נישט אריין?

טאָג און נאַכט האָט ער אַרומגעבלאָנקעט אויף יעקאַטערינענסקי פּראָספּעקט מיט דער האָפענונג, אַז לייבע מוז קומען אַהין צום צענטער פון דער שטאָט. און אַזוי איז טאַקע געשען.

איינמאָל אין אַ בין־השמשות האָט ער אים נאָך פון דער ווייטנס דערזען. יאָ, ס'איז געווען דער זעלבער לייבע מיט די לאַנגע וואָנצעס, ווי ער האָט אים געדענקט פון יאָרן צוריק. ער האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

דאָס דערזען אַהרקען האָט ביי לייבען קיין גרויסע איבעררא־שונג נישט אַרויסגערופן. זיין פרייד איז געווען אַ לעבלעכע. אָבער ער האָט פּרובירט טאָן וואָס נאָר ס'איז מעגלעך געווען. נישט לאַנג נאָכן באַגעגעניש האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אַהרקע זאָל אָנהייבן אַרבעטן אין אַן אייזן־געשעפט. ס'איז אָבער געוואָרן אויס. און דאָס, אַן אַ פּאַרוואָס. ביים ערשטן שמועס מיט אַהרקען האָט דער באַלעבאָס באַשטאַנען. אָבער ביים צווייטן האָט ער חרטה געקראָגן. די סיבה? ער האָט נישט געענטפערט. צו רעקאָמענדירן אַהרקען צו אַנדערע פלעצער, דאָס האָט לייבע, ווייזט אויס, נישט געקאָנט. פּשוט, ער האָט נישט געהאַט צו וועמען.

ס'איז געווען חושך און וויסט פאַר אַהרקען אַרום און אַרום. ענדלעך איז דאָס צענערל, וואָס אַהרקע האָט געהאַט מיטגענומען פון לולין, אינגאַנצן צערונען געוואָרן. לייבע האָט זיך געכאַפּט, אַז דער בחור איז אויף צרות. ער האָט לאַנג נישט געטראַכט און געגעבן אַהרקען אויף הוצאות — ער זאָל צוריקפאָרן אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען.

און כך הווה.

## .31

# אַ קאַלטער ברוך־הבא

אַהיים איז אהרקע געקומען פאַרטאָג. די טיר פון הויז איז נישט געווען פאַרשלאָסן, ווי ס'האָט גאַנץ אָפט געטראָפן. אהרקע איז אַריין אין די קינדערס שלאָפחדר. אַ פּלאַץ צו שלאָפן איז נישט געווען בנימצא. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בעט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ דערבייאיק טישל און געוואַרט ביז די שלאָפנדיקע וועלן אויפשטיין.

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז אַריינגעקומען דער פאָטער. אָן איבערראַשטער, האָט ער קאַלט אַ פרעג געטאָן:

— ווען ביסטו געקומען?

מער האָט ער נישט געפרעגט און אויך גאָרנישט געזאָגט. ער האָט אפילו קיין שלום עליכם נישט אָפּגעגעבן. ער האָט זיך אויסגעדרייט און ווי אַ פרעמדער אַרויס פון דעם שלאָפחדר.

אהרקע האָט זיך דערפילט דערשלאָגן און פרעמד אין זיין אייגענער היים. ווי לאַנג צוריק איז עס ווי ערגעץ אַנדערש האָט מען אַרויפגעקוקט צו אים, מ'האָט זיך געגרייט מיט ענטוזיאַזם צו אַ שמועס מיט אים, און מ'איז געווען אַנטציקט פון זיצן מיט אים און זאָגן אים שבחים, אַז ער איז אַ מענטש מיט אינטעליגענץ, מיט וויסן?

אויפן פּאַראַכאָד, וואָס פון יעקאַטערינאָסלאַוו צוריק אַהיים, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ מיידל פון פּיעטריקאָוו. איר נאָמען איז געווען אַלטע־נעמי. זי איז געווען זייער אַ שיינע און געבילדעטע. אין די אָוונטן זענען זיי, אהרקע און אַלטע־נעמי, געזעסן אויפן פינצטערן דעק און האָבן גערעדט וועגן פּאָליטיק און ליטעראַטור. איר מומע, וואָס איז מיטגעפאָרן מיט איר, איז אָפט אַרויפגעקראָכן פון איר צווייטן קלאַס, וואָס איז געווען אונטן, און האָט גערופן מיט ציטער אין איר קול:

— אַלטע־נעמי! אַלטע־נעמי! וואו ביסטו, אַלטע־נעמי?

הפּנים זי האָט מורא געהאַט צו פאַרלאָזן זיך אויפן יושר פון אַ פרעמדן בחור, ווען די נאַכט איז פינצטער, די לופט איז קיל, און אויפן דעק איז ראָמאַנטיש שטיל. דער אומבאַקאַנטער בחור קאָן נאָך

אַריינכישופן איר פּלימעניצע אין אַ באַצויבערנדיקער פּאַסטקע. אוודאי האָט זיך איר שרעק געגומען דערפון וואָס זי האָט נישט געוואוסט, אַז דער „פאַרכישופנדיקער" יונגערמאַן זיצט גאָר אַן אַרשין ווייט אָפּגע־רוקט פון איר שיינער פּלימעניצע און קלערט גאָרנישט וועגן קושן זיך און האַלדזן זיך מיט איר. אָבער צומאָרגנס, אַז זי האָט זיך דער־וואוסט, וואָסער איידעלער מענטש ער איז, און פון וואָס פאַר אַ הויז ער קומט אַרויס, האָט זי מיטאַמאָל געביטן איר טאָן און סטראַטעגיע — און אָנגעהויבן אַרויספּוקן צו אים מיט פאַרערונג, פּונקט אַזוי ווי איר פּלימעניצע. אהרקעס פאָטער איז געווען באַקאַנט אין אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום לולין. און אויך פאַר איר, דער פּלימעניצעס מומען פון פּיעטריקאָוו, איז ער נישט געווען קיין פּנים־חדשות. אין דער קורצער צייט וואָס זיי האָבן זיך געפונען אויף דער שיף איז זי געוואָרן אַזוי צוגעזאָטן צו אים, אהרקען, אַז זי האָט נאָר געוואָלט הערן אים רעדן, פּונקט אַזוי ווי איר פּלימעניצע. און זי אַליין, די פּיעטריקאָווערין, איז אויך נישט געווען אַבי־ווער. זי האָט געוואוסט וואָס ס'טוט זיך אין דער וועלט. איין מאָל, מכלומרשט אין לצנות, האָט זי אפילו אַ זאָג געטאָן צו אים, אהרקען:

— ס'וואָלט נישט געווען קיין קרומע זאַך, ווען איר פאַרפאָרט צו אונדז קיין פּיעטריקאָוו און באַקענט זיך בעסער מיט מיין פּלימע־ניצע... זי דענקט וועגן אייך זייער גינציק.

ס'איז געווען אַ קלאָרער אָנדייט אויף אַ שידוך.

יאָ, אַלץ שטייט קלאָר פאַר זיינע אויגן, אהרקעס. אָבער דאָ, אין זיין אייגענער היים איז נישטאָ קיין פּיצל פאַרשטענדעניש פאַר אים. ער איז ווי אַן איבעריקער.

אַ טאָג שפּעטער האָט ער, אהרקע, אָנגעהויבן מאַכן פּלענער ווי צו פאַרריכטן, כאָטש אַ ביסל, דעם ריס צווישן אים און דעם פאָטער. סוף כל סוף איז ער געקומען צו אַ באַשלוס, וואָס האָט — אינגאַנצן אומגעריכט — געמאַכט דעם אָפּגרונט נאָך טיפער.

אהרקע האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף זעליג דעם סופר. ער האָט געגלייבט באמונה שלימה, אַז דורך אים קאָן זיין מערכה שטאַרק פאַרבעסערט ווערן. זעליג איז געווען אַ ייד אַן אביון און ער האָט געזוכט פּרנסה מיט ליכט. די פּרשיות פון יעדן איינעמס תפילין זענען געווען פּסול ווי נאָר זיי זענען אַריינגעקומען אין זיינע

הענט. אַ לץ האָט אַמאָל גענומען זעליגס אייגענע תפילין און געגעבן זיי איבערצוקוקן. דער סוף איז געווען: זעליג האָט געפּסקנט, אַז זיי זענען פּסול. אַט אַזוי לְהוֹט איז ער געווען צו מאַכן אַלץ פּסול, אַבי צו פאַרדינען אויף חיונה. די בחורים אין שטעטל האָט ער איינגעטיילט אין צוויי מחנות. די וואָס האָבן אים געגעבן איבערצוקוקן די תפילין זענען געווען איידעלע, טייערע יונגעלייט. און יענע וואָס האָבן געוויכט פון אים האָט ער גערופן אפּיקורסים. ס׳איז נישט געווען באַטעמט אַריינצופאַלן אין זיין מויל אַריין.

צו אַט דעם זעליגן האָט זיך אהרקע פאַרנומען מיט זיינע תפילין און געהייסן אַריינשטעלן נייע פּרשיות. ער האָט אפילו נישט געפרעגט וועגן דעם מקח. זיין השערה איז געווען, אַז זעליג וועט דאָס דערציילן דעם פאָטער — און דאָס וועט אים שטאַרק הנאה טאָן. „וואָס, וואָס", וועט דער פאָטער געווים צו זיך זאָגן, „אַבער אַ ייד בלייבט פאָרט אַ ייד. גיי ריכט זיך אַז מיין אהרקע וועט זיך באַמיען צו האַלטן זיינע תפילין אין אַ גוטן מעמד".

ס׳איז אַוועק אַ היפּשע צייט און אהרקע האָט נישט געהערט פון זעליגן. איינמאָל שבת, נאָכן מאַלצייט, ווען אהרקע און זיין גאַנצע משפּחה זענען געזעסן ביים טיש, האָט זיך זעליג באַוויזן אין שטוב. ווי געוויינלעך איז ער אויך דאָס מאָל געווען צעטראָגן.

ווענדיק זיך אויספיינען פאַרן פאָטער האָט אהרקע אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול:

— ר׳ זעליג, ווען וועלן שוין מיינע תפילין פאַרטיק ווערן?

זעליג האָט גענומען קוקן אויף אהרקען ווי ער וואָלט זיך אַקאָרשט דערמאָנט אין עפּעס אַ מיאוסער זאַך.

— אַ? — האָט ער אויפגעעפנט ברייט זיינע אויגן און געקוקט אויף אהרקען, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן. — די תפילין?

נאָכדעם האָט ער גיך אַ דריי אַוועק געטאָן די אויגן פון אהרקען, אָנגעכאַפּט זיך מיטביידע הענט ביים קאָפּ און גענומען קוקן אויפן פאָטער און פאַרקרימען די ליפּן:

— געוואַלד! ס׳איז דאָך געוואַלד צו שרייען! זיי זענען דאָך פול מיט וואַנצן! ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן אַז כ׳זע אַזעלכעס. ווי

אַזוי האָט זיך אַזוינס געטראָפן? אַ חרפה! אַ שאַנדע! תּפילין מיט וואַנצן?

אַהרקען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אויף אַזאַ בראָך האָט ער זיך נישט גערייכט. ער האָט זיך געוואונטשן אַ גרוב זאָל זיך עפענען אונטער זיינע פיס און ער זאָל איינגעשלינגען ווערן ווי קורח. שוין, באַו מים עד נפש! אַ צעטומלטער, אַ פאַרשעמטער האָט ער זיך אַוועקגעשאַרט פון טיש. געזעצט זיך אין אַ ווינקל און געבעטן, עמעצער זאָל אָנהייבן רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

קיינער האָט אָבער נישט געעפנט דאָס מויל. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס וואָס אויך דער פאָטער האָט געשוויגן. זיין שווייגן האָט אים, אַהרקען, געטראָפן ערגער ווי ער וואָלט אויף אים אויסגעלאָזט די גאַנצע תּוכחה.

ביז איצט איז אים, אַהרקען, גאָרנישט געהאַט איינגעפאַלן, אַז ס'האָט געקאָנט טרעפן אַזאַ זאַך. זיינע תּפילין, וואָס ער האָט געהאַט אַלעמאָל מיטגענומען אין דער פרעמד, צוליבן פאָטער, זענען געלעגן אין אַ הילצערן קעסטעלע אונטערן בעט. ווייזט אויס, אַז די פרעמדע בעטן, וואו ער האָט זיך געוואַלגערט, האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט זויבערקייט. נו, האָט ער, צו זיין שלימזל, געדאַרפט עפענען דאָס מויל פונקט דעמאָלט ווען זעליג איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. ניין, דאָס אומגליק וועט שוין נישט זיין אַזוי גרינג צו פאַרריכטן, אָדער פאַרגעסן. פאַרן פאָטער איז דאָך איצט קלאָר באַוויזן געוואָרן, אַז זיין זון האָט שוין נישט געלייגט קיין תּפילין פאַר די לענגסטע צייטן. אוי, וואָסער צרה! אַן אויסבעסערונג פון זיין מערכה האָט זיך אים פאַרוואָלט! אויספיינען זיך מיט זיין יידישקייט פאַרן פאָטער האָט זיך אים פאַרגלוסט. וויי און ווינד איז צו אים, אַהרקען, און זיינע המצאות...

## .32

# פון דורכפאַל צו דורכפאַל

יעדעס מאָל, נאָך אַ דורכפאַל, איז אהרקע באַהערשט געוואָרן פון אַ בענקשאַפט צו זיין ווייט אַוועק פון זיין פאָטער, פון זיין שאַרף אויג, און פירן זיך אַזוי ווי ער פילט. און ווייל דאָס איז אים מערסטנס געווען שווער דורכצופירן, האָט ער זיך באַאין ברירה אַריינגעטיפט אין ליינען גוטע ביכער, מיט דער כוונה צו פאַרלייכטערן זיין באַדריקט געמיט.

איינמאָל, אין אַ וואַרעמען האַרבסט־טאָג, איז ער געזעסן אין דרויסן ביים פּלויט, וואָס טיילט אָפּ זייער הויף פון ברוך יאַנקלס הויז, און פאַרענדיקט ליינען „אַנאַ קאַרענינאַ”. אין דעם איז פון ברוך יאַנקלס הויז אַרויסגעקומען זיין שיינע טאָכטער, ראָזקע, און געבליבן שטיין אויף יענער זייט פּלויט, ביי אַן עפענונג, וואו ס'האָט געפעלט אַ ברעטל.

— וואָס ליינסטו, אהרקע? — האָט זי מיט נייגער אין איר איידעלער שטים געפרעגט.

דערזען זי, איז אהרקע רויט געוואָרן אין פּנים — פון ליבשאַפט צו איר. ער האָט צוגעמאַכט דאָס בוך און געזאָגט:

— אַנאַ קאַרענינאַ. נאָר וואָס פאַרענדיקט.

נאָכדעם האָט ער מיט התלהבות דערציילט וואָסער גוואַלדאַוונעם רושם טאָלסטוים ווערק האָט אויף אים געמאַכט. דער עיקר האָט ער גערעדט וועגן דעם הויפּטהעלד, לעווין, וועגן זיין ליבע צו קיטי.

— אָט דאָס איז אַן אמתע ליבע! — האָט ער מיט גרויס באַגייסטערונג אויסגערופן.

טיף, טיף אין זיין געדאַנקען־גאַנג האָט אהרקע זיך צוגעגליכן צו לעווינען, און ראָזקען צו קיטי. ער האָט שטאַרק באַגערט, זי זאָל אים פאַרשטיין אויפן וואונק, ווי קיטי האָט פאַרשטאַנען לעווינען. ער האָט געוואָלט איר געבן רמזים, אַנצוהערעניש, אַז זי זאָל וואַרטן אויף אים ביז ער וועט אַ „מענטש” ווערן און דעמאָלט... אוי, ווען ער וואָלט נאָר געווען כאָטש מיט עפּעס זיכער, אַז ער וועט זי נישט אַנטוישן מיט זיינע האָפענונגען, וואָס ער וועט איר געבן! ער וואָלט נישט געוואַרט און גלייך אויפן אָרט אַרויסגעזאָגט אַלץ. אָבער ווי האָט ער עס געקאָנט? אַז ער ווייסט נישט ווען און ווי אַזוי ער וועט

זיך אַמאָל דערשלאָגן צו אַן אָנהאַלט. אַז ער האָט נישט די מינדסטע ידיעה אין וועלכער־ס׳איז מלאכה, אָדער פּראָפעסיע.

אין די שמועסן, וואָס ער האָט מיט ראָזקען געהאַט פון צייט צו צייט — אין דרויסן, אָדער אין זיין היים, וואו זי איז אָפט געקומען צו זיין שוועסטער — האָט ער יעדעס מאָל געהאַט ענלעכע באַגערן איר צו אַנטפּלעקן אַלץ, אָבער גלייכצייטיק זיך אָפּגעהאַלטן פון טאָן דאָס, כדי זי זאָל דערפון נישט ליידן שפּעטער. ער האָט נאָר געהאָפט אויף אַ נס, אַז עפּעס זאָל זיך מאַכן און אים צושאַרן אַ תכלית אין לעבן.

אַזוי איז אַוועק וואָך נאָך וואָך, חודש נאָך חודש, דער גאַנצער ווינטער.

נאָך פּסח האָט זיך אָבער עפּעס אַ ריר געטאָן. פון דעם גרויסן דאָרף לודענעוויטש, וואו ס׳האָבן געוואוינט עטלעכע יידישע וואַלד־סוחרים, האָט מען אהרקען אָנגעבאָטן אַ לערער־שטעלע (נישט קיין מלמדות), און ער האָט זי מיט פרייד אָנגענומען.

דאָרט האָט אהרקע געהאַט אַ גוטע דירה, לייטישע מאָלצייטן, קורצע לערן־שעהן, שיינע פעלדער און וועלדער, געווי ווי אַ דאַטשע. ער האָט זיך נישט געהאַט צו באַקלאָגן אויף גאָרנישט.

אין לודענעוויטש איז געווען אַ צווייטער לערער, אשר. ער איז געווען אַ בחור, מיט אַ צוויי־דריי יאָר עלטער פון אהרקען. פון זיינע שמועסן מיט אהרקען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געהאַט אַ סך איבערלעבונגען מיט פרויען. אפשר איז ער געווען אַ שטיקל בעל־גוזמא, אָבער ס׳איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן זיינע געשיכטעס.

איינע פון זיינע מעשות איז געווען וועגן אַ פרוי אין פינסק. זי איז געווען אַן עקרה און האָט געחלשט צו האָבן אַ קינד, אָבער איר מאַן איז געווען אימפּאָטענט. נו, האָט זי געבעטן אשרן, ער זאָל זי באַפרוכפּערן. זי האָט נישט געזוכט קיין סעקסועלע פאַרגעניגנס. זי האָט בלויז געלעכצט צו האָבן אַ קינד. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט איר געטאָן די מענטשלעכע טובה. און דאָס, גאַנץ אָפט.

און אויך דאָ, אין לודענעוויטש, האָט ער געזאָגט, פאַסט ער נישט קיין תעניתים. ער האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט אין אַ קוזשניע מיט אַ גויאישן שמיד, און אַזוי שמועסנדיק וועגן אַכצן און דרייצן

האָט יענער אים צונויפגעפּאָרט מיט אַ יונגער פויערטע. יעדעס מאָל ווען זי גייט פון איר פעלד־אַרבעט, באַגעגנט ער זי — און זיי קומען זיך צונויף טיף אין וואַלד אויף אַ דיקן טעפּיך פון גראָז, אַרומגערינגלט פון הויכעביימער מיט זייערע גרין־באַבלעטערטע געדיכטע צווייגן, וואָס קוקן אַראָפּ ווי אַ חופּה־צודעק אויף חתן־כלה.

מיט זיינע אמתע און פאַלשע מעשות האָט אשר אָנגעצונדן ביי אהרקען זיין פאַנטאַזיע און פאַריאָגט זיינע חלומות. דער יצר־הרע האָט אים אַרומגעכאַפּט מיט שטורעם און געשטויסן צו „מעשים". ענדלעך האָט דער שמיד אויך פאַר אים, אהרקען, באַשטעלט אַ פויערטע און באַשטימט ווען צו טרעפן זיך מיט איר אין וואַלד.

ווי ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן איז דער יצר־טוב נישט געזעסן מיט ליידיקע הענט. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם שטן און שטאַרק פאַראַרבעט, אַז ס'זאָל נישט קומען דאָס מאָל צו אַ באַהעפטונג צווישן אַ זכר און אַ נקבה אויפן שוים פון דער נאַטור, אונטער דער שיין פון דער ליכטיקער זון.

ס'איז אים, אהרקען, געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. דער ערשטער טאָג, ווען זיין באַגעגעניש מיט דער פויערטע האָט געזאָלט פאָרקומען, איז געווען אַ רעגנדיקער. ס'האָט געליאָפּעט ווי מיט צעבערס. דעם צווייטן טאָג האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד און נישט געקאָנט געפינען דאָס באַשטימטע פּלאַץ. און אויפן דריטן טאָג, ווען ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אָט, אָט וועט ער זיך צונויפקומען מיט דער יונגער פויערטע, האָט זיך פון גאָר נאָענט, כמעט אונטער דער נאָז, דערהערט עפּעס אַ שאָרך. דאָס האָט אים, אהרקען, אַזוי איבערגעשראָקן, אַז כהרף־עין איז ער אַרויסגעלאָפן פון וואַלד.

עפּעס אַ פאַרבאָרגענער כוח — האָט אהרקע געפילט — האָט זיך יעדעס מאָל אַריינגעמישט און צעשטערט זיינע געלעגנהייטן אויף דורכצופירן זיינע געשלעכטלעכע באַגערן.

און פון דעם תכלית, אין לודענעוויטש, וואָס האָט אים געזאָלט מער־ווייניק איינפונדעווען אויף אַ שטיקל באָדן אונטער זיינע פיס, און אים געבן מוט צו עפענען זיין האַרץ פאַר דער שיינינקער ראָזקען, האָט זיך אויך באַלד אויסגעלאָזט אַ טייך.

### .33

## גוט פאַר פאַניע

אין האַרבסט פון 1911 איז אַהרקע אַוועקגעפאָרן קיין סלוצק צו שטעלן זיך צום פּריזיוו.

זיינע קרובים אין סלוצק האָבן געבורטשעט הלמאי זיין פאָטער אברהם איטשע איז נישט מיטגעקומען מיט אים. אַהרקע האָט אים פאַרענטפערט:

— גראָד אַצינד איז ער זייער שטאַרק פאַרנומען.

דער אמת איז געווען אַן אַנדערער. ווען אַהרקע וואָלט געהאַט סמיכה אויף רבנות, אָדער געגאַנגען אין פאָטערס דרכים, וואָלט ער, דער פאָטער, געווען אַוועקגעלייגט אַלץ, אפילו ווי שטאַרק ער וואָלט געווען באַשעפטיקט, און באַגלייט זיין זון. אָדער ער וואָלט דאָס גאָרנישט געדאַרפט טאָן. ער וואָלט באַלד נישט געווען דערלאָזט דערצו, אַז ס׳זאָל קומען צו אַ נסיעה קיין סלוצק. ער וואָלט אים, אַהרקען, זייער גרינג געווען צוגעשריבן צו אַ צווייטער שטאָט, און דאָרטן — מיט דער הילף פון אַ געוויסער סומע געלט, וואָס וואָלט געווען ווייניקער פון די 800 רובל נדן וואָס ער האָט געגעבן שמעון דעם טומטום — וואָלט אַהרקע באַפרייט געוואָרן פון סאָלדאַטשינע. פאַרמעגלעכע באַלעבאַטישע בחורים האָבן געוויכט פון סלוצק, וואו ס׳איז געווען שווער עפּעס אויפצוטאָן מיט שוחד. אָבער אַז אַהרקע האָט זיך גע-האַלטן ווייט פון דעם פאָטערס פּירונגען, האָט דער פאָטער אָראָפּ-גענומען זיינע פליגלען פון דעם זון.

אַנשטאָט דער פאָטער האָט די מומע רישע גענומען אויף זיך די זאָרג. זי האָט זייער נישט געוואָלט לאָזן גיין אַהרקען דינען פאָניען. זי האָט פּרובירט אים איינרעדן, ער זאָל גיין צו אַ מאַכער, לאָזן זיך אַריינשטעכן אַ נאָדל אין די בני־מעים, ס׳הייסט, מאַכן זיך אַ קילע, און פּטור אַן עסק. זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז דאָס טוט נישט וויי, ס׳נעמט נישט מער ווי אַ פּאָר מינוט, אַ סך פּריזיוונטיקעס טוען עס, און זיי ווערן באַפרייט.

אַהרקע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דער מומע רישעס עצה. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער נישט געוואָלט צעקאַליעטשען זיין

גוף. דערצו איז אים אַ פּרינציפּ געשטאַנען אין וועג. די שונאי־ישראל האָבן געהאַלטן אין איין געוואַלדעווען, אַז מ׳זאָל די יידן להלוטין אויסשליסן פון דער רוסישער אַרמיי, כדי זיי זאָלן אינגאַנצן זיין הפקר. אַהרקעס מיינונג, ווי די מיינונג פון אַלע פּראָגרעסיווע יידישע מענטשן, איז געווען נישט צו דערלאָזן, אַז די שונאים פון די יידן זאָלן אויספירן דאָס זייעריקע. די יידישע יוגנט מוז זיין פאַרטראָטן אין דער אַרמיי, צו גלייך מיט אַלע פעלקער פון רוסלאַנד. נו, אַז מ׳וויל זיין אויסגעהאַלטן, איז ווי אַזוי קאָן אַזאַ ייד ווי אַהרקע מאַכן זיך אַ בראַק און אַרויסדרייען זיך פון דינסט? זאָל ער אפשר זיך באַנוגענען מיט דעם וואָס אַנדערע יידישע יונגעלייט היטן אָפּ דעם פּרינציפּ און גייען דינען? איז דאָס שכלדיק? איז דאָס יושר?

אחוץ אַלעם האָט אַהרקען נישט געאַרט צי ער וועט ווערן אַ סאָלדאַט, אָדער נישט. אויסער מלמדות, צי אַ ביסל לערעריי, האָט ער סייווי נישט געהאַט קיין אָנהאַלט אין לעבן. טאָ וואָס איז שוין די נפקא־מינא? יאָ, אַ גוטער אויסוועג וואָלט געווען, ווען ער וואָלט אַוועק קיין אַמעריקע. דאָס וואָלט אָבער געמיינט צו שוואַרצן די גרענעץ, ס׳הייסט אַנטלויפן פון רוסלאַנד, קיינמאָל נישט זען די משפחה. אפילו בלויז ביים טראַכטן דערפון האָט אים באַלד פאַרקוועטשט ביים האַרץ. ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זיינע פאָטער־און־מוטער, צו די שוועסטערס און ברידער. ניין, דאָס איז פאַר אים געווען אַזוי שרעקלעך ווי פאַרשיקט ווערן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע.

די מומע רישע האָט אָבער נישט אויפגעהערט מיט אירע גוט־געמיינטע, האַרציקע עצות. געזען, אַז אַ קילע וועט ער אונטער קיין אומשטענדן זיך נישט מאַכן, האָט זי אָנגעהויבן אים צורעדן אַריינ־צוגיין צום דאָקטער שילדקרויט, וואָס איז געווען שטאַרק באַוואוסט אין סלוצק. די גוטיטשקע מומע רישע האָט געהאָפט, אַז דאָקטער שילדקרויט וועט געוויס עפּעס געפינען ביי אַהרקען, און אויפן סמך דערפון וועט זיך אַהרקע קאָנען באַקלאָגן ווי אַ חולה.

די דאָזיקע עצה האָט אין אַ געוויסן זין נושא־חן געווען ביי אַהרקען. נאָך אַלעמען, ווער קאָן וועגן זיך אויף באַשטימט זאָגן, אַז ר׳איז כולו געזונט? אָפּט טרעפט, אַז אַ ווייטיקל כאַפּט אָן דאָ, אָדער דאָרטן, און מ׳מאַכט עס אַוועק מיט דער האַנט. ווער האָט עס צייט, אָדער דאָס געדולד, צו פאַרנעמען זיך דערמיט, כל־זמן ס׳כאַפּט נישט

אָן ביים גאָרגל? און אויב דאָקטער שילדקרויט וועט טאַקע עפּעס דערפּאַקן, וואָלט עס פּאַר אים, אַהרקען, נישט געווען קעגן זיין פּרינציפּ צו גיין דינען אין מיליטער. אויב איינער איז קראַנק, איז דאָך נישט שייך פּרינציפּ! אַ קראַנקן איז אַלץ דערלויבט. הכלל, ער האָט אָנגענומען דער מומע רישעס פּלאַן — און ער איז אַוועק צום דאָקטער שילדקרויט.

אין זיין אונטערזוך־צימער האָט דער דאָקטער געהייסן אַהרקען אַראָפּציען די אייבערשטע מלבושים ביז צו די אונטערוועש, נאָכדעם — ער זאָל זיך אויסציען אויפן בעטל, און גענומען אין אים פּויקן מיט זיינע פינגער אין אַלע זייטן, צוהערן זיך מיטן אויער אויף דער טרובקע, וואָס ער האָט צוגעשטעלט צו אַהרקעס האַרץ. צום סוף באַפעלט אים אַראָפּצוגיין פון בעטל און זיך אָנטאָן.

אַהרקע האָט געוואַרט אויף דער גוטער בשורה, אַז ער איז אַ חולה־מסוכן, צום ווייניקסטנס אַז ער האָט אַ פאַרבאָרגענעם מום, און גענומען קוקן אויפן באַרימטן דאָקטער, ווען ער איז אַן אָנגעטוענער אַריין צו אים אין דעם אויפנעם־צימער.

דער דאָקטער, וואָס האָט פאַרשטאַנען די כוונה פון אַהרקעס קומען צו אים אויף אַן אונטערזוכונג, האָט געקוקט אויפן „פּאַציענט" מיט האַלב־צוגעמרוזשעטע אויגן און מיט מיטלייד געברומט:

— איך סאָזשאַלעניו ווי זדאָראָווי...

אין אַהרקעס אויערן האָט דער זאָג אַ דזבענק געטאָן, ווי דער סופּיט וואָלט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט מיט אַ קראַך. ס'הייסט: צום באַדויערן זענט איר געזונט.

דערהערט די בשורה פון אַהרקען, האָט זיין מומע רישע שיר־נישט אַוועקגעחלשט.

געזונט?! — האָט זי מיט באַדויער און ווייטיק אין קול אַ געשריי געטאָן. — אַ דאָקטער איז ער? אוי, אַן אומגליק איז אונדזער גאַנצער משפּחה געשען!

אָפּגעטענהט, אָפּגעקלאָגט, האָט זיך אַהרקע אויפגעהויבן און איז אַוועק צו דער פּריסוטסטווע. דאָרטן האָט זיך די קאָמיסיע דערפרייט מיט אים.

— זע נאָר דאָס יידל, — האָט איינער אַ זאָג געטאָן צו די

אַנדערע. — אַ יעווריטשיק מיט אַלע ציין, אַן אַ קילע, אַן אַ פּאַרך, און נישט פאַרמאַרעט...

— אַ יונג אַ כוואַט! — האָט אַ צווייטער געשמייכלט און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

אַן לאַנגע שהיות האָבן אַלע צוזאַמען אַרויסגעטראָגן דעם פּסק:

— מ׳דאַרף נישט בעסער. גאָדען!

אויף יידיש האָט עס פאַר אַהרקען געמיינט: פאַרטיק און עסק.

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם האָט מען אַהרקען אַוועקגעשיקט קיין סואוואַלק צו דינען אין דעם נײַנצנטן שיסער־פּאָלק. דאָס איז זיבעצן וויאָרסט פון דער דײַטשער גרענעץ.

ביי זיין אָפּפאָר פון סלוצק האָט אים, אַהרקען, באַגלייט זיין טייערע מומע רישע. זי איז נאָכגעגאַנגען אַ היפּשן וועג — און טרערן האָבן גאַרנישט אויפגעהערט פליצן פון אירע אויגן.

## .34

## די פאַרדאַרבונג פון מענטש

איידער אַהרקע איז אַוועק צום פּריזיוו האָט אים דער פעטער משה, דער האַרציקער פרומער ייד, אָנגעבענטשט מיט אַ פולער האַנט. און נאָכדעם, ווען אַהרקע האָט זיך שוין געהאַט געזעגנט, האָט דער פעטער אים באַגלייט ביז צו דער טיר. ביים סאַמע אַרויסגאַנג האָט ער אויפגעהויבן די האַנט און מיטן ווייזפינגער גענומען טײַטלען גלייך אין אַהרקעס פּנים אַריין:

— איך זאָג דיר, אַהרקע, — האָט ער מיט פעסטקייט און אַ ביסל רוגזה אין קול גיך־גיך געזאָגט, — דו וועסט קיין סאָלדאַט נישט זיין, זאָג איך דיר! הערסט?

ער האָט דאָס איבערגעזאָגט עטלעכע מאָל, ווי ער וואָלט אויסן געווען, אַז אַהרקע זאָל גלייבן אין זיין נביאות.

צום באַדויערן זענען דעם פעטער משהס ברכות און נביאות נישט מקויים געוואָרן. דאָס ערשטע יאָר האָט אַהרקע געדאַרפט דורכ־גיין שבעה מדורי־גיהנום. דאָרטן, אין מיליטער, האָט זיך טאַקע אַרויס־געוויזן ווי אמת ס׳איז דאָס יידישע שפּריכוואָרט, „אַ מענטש איז

שטאַרקער פון אייזן״. זיין איינציקע טרייסט זענען געווען די בריוו פון דער היים. אָנגעהויבן זיינע בריוו האָט דער פאָטער מיט דער שורה „בני היקר״ און נאָכדעם אויסגעפילט דאָס בייגעלע פּאַפּיר מיט רירנדיקע ווערטער. אַזעלכע צאַרטע אויסדריקן האָט אַהרקע קיינמאָל פון אים נישט געהאַט געהערט. אויך האָט אַהרקעס שוועסטער איטקע, אָפט געשריבן בריוו. און אַ גאַר ליכטיקער צוגאָב זענען געווען די בריוו פון נעכע שערעשעווסקין. איר קאָרעספּאָנדענץ האָט, ליידער, לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די סיבה דערפון איז מסתמא געווען איר איינזען, אַז זי קאָן נישט דערוואַרטן פון אַהרקען קיין אָנבאָט אויף חתונה האָבן מיט איר.

אַריינגעפאַלן איז אַהרקע אין דער זיבעטער ראָטע פון דעם 19טן שיסער־פּאָלק. זי איז געווען די ערגסטע. דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, קאַפּיטאַן שאָקע, איז געווען אַ נאַרישער בייזער דייטש. דער פעלדפעבל — אַ כיטרער רום פון קרושעוואַנס הדר. און דער ווזוואָדנע — אַ פּאַסקודנער זלידנער פּאָליאַק. זיי אַלע זענען געווען מיאוסע אַנטיסעמיטן און פאַנאַטיש איבערגעגעבן צום אידעאַל פון סאָלדאַטשינע. דאָס איז געווען זייער ציל אין לעבן. קיין אַנדערע זאַכן האָבן נישט עקזיסטירט פאַר זיי. זיי האָבן געשטרעבט וואָס גיכער אַרויסצוקוועטשן פון די ניי־געקומענע, די נאָוואָבראַנצעס, יעדן סימן פון זייער ציווילן לעבן. אויף אַ ציווילן מענטש האָבן זיי געקוקט ווי אויף אַ שרץ, וואָס ס'איז אַ מיצווה צו צעטרעטן אים.

אַהרקעס ראָטע איז געווען די ערשטע אָנצוהייבן מיטן מושטירן די נאָוואָבראַנצעס, צו לערנען זיי די תורה פון סאָלדאַטשינע, און די לעצטע דאָס צו פאַרענדיקן. מ'האָט דאָרטן געיאָגט פון באַגינען ביז אין אָוונט אַריין. און אפילו אין די אָוונטן האָט מען נישט צו רו געלאָזט. די נאָוואָבראַנצעס האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין אַ רעדל און זיך אויסלערנען זינגען סאָלדאַטסקע לידער. איינס פון די לידער איז געווען אַ „הויך פּאַעטיש״ שטיק, וואָס איז געגאַנגען אַזוי:

טרי דערעווני, דווא סעלאָ,
וואָסעם דעוואָך — אָדין יאָ.
קודאַ דעווקי — טודאַ יאָ.

אויף יידיש האָט עס געמיינט: „דריי דערפער, צוויי דערפער, /

אכט מיידלעך — איך איינער. / וואוהין די מיידלעך — דאָרטן גיי איך". דאָס האָט מען געמוזט איבערזינגען נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל. ס'האָט געקערט די גרינע גאַל. אָבער אַהרקע האָט געהאַלטן דאָס מויל אָפן, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זינגט.

אָפט אין אַ פּראָסטיקן פּאַרטאָג האָט זיך אין די קאַשאַרן באַוויזן דער ווזוואָדנע פון דער ראָטע, דער פּאַליאַק, וואָס זיין נאָמען איז געווען קאָסציושקאָ, ער האָט אַרויסגעיאָגט די נאָוואָבראַנצעס אין דרויסן אַרויס און מיט געשריי באַפעלט צו מאַרשירן אונטער זיין קאָמאַנדע. דער שניי איז געווען הויך. ס'איז געווען שווער אַ טראָט צו שטעלן. אָבער די סאָלדאַטן האָבן טאָפּטשענדיק געמוזט מאַרשירן. זיי זענען באַגאָסן געוואָרן מיט אַ שוויים.

איין מאָל איז געווען אַ לויטערער פּראָסטיקער פּאַרטאָג. די לבנה האָט נאָך קלאָר געשיינט. אַהרקע, פאַרמאַטערט פון דעם מאַר־שירן אין דער קעלט און אין דעם הויכן שניי, איז געוואָרן פול מיט טענות צו דער „אויסגעפּוצטער דאַמע" אין הימל, אַזוי, אַז ווען ר'איז צוריקגעקומען אין דער קאַזאַרמע, האָט ער איילנדיק אָנגעשריבן זיינע השדים צו איר אין עטלעכע שורות:

וואָס קוקסטו, לבנה, אַזוי פּרעמד אויף מיר?
האָסטו אַ בייזע בשורה אָנצוזאָגן, נאָר ביסט אָן מוט?
זאָג, האָסטו מיינע עלטערן געזען דורך זייער פענסטער?
ווייסטו וואָס מיין ליבע ראָזקע טוט?

יעדער נאָוואָבראַניעץ האָט געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות. אָבער אַהרקע האָט געהאַט זיין ספּעציפיש אייגן פּעקל. למשל, „גיין אין פוס" מיינט פּשוט שטעלן דעם לינקן פוס פאָרויס, ווען די גאַנצע ראָטע שטעלט דעם לינקן פוס פאָרויס. און שטעלן דעם רעכטן פוס פאָרויס, ווען אַלע טוען עס. איז וואָס איז דאָ אַזוי שווער? ביי אַהרקען איז אָבער אַרויסגעקומען פּונקט קאַפּויר. ווען אַלע האָבן געשטעלט דעם לינקן פוס פאָרויס, האָט אַהרקע געשטעלט דעם רעכטן. און אַז אַלע האָבן געשטעלט דעם רעכטן, האָט אַהרקע אַרויסגעשטעלט דעם לינקן.

דער ווזוואָדנע האָט געבערענט אַ שרעק. ער האָט געמאַכט גע־וואַלדן, געזידלט אין דער מאַמען אַריין, אַרויסגעשלעפּט אים פון דער ריי, געגעבן עטלעכע סטוסאַקעס אין נאַקן און געצישעט:

— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!!

ס'איז אים, קאָסציוסקאָן, אָנגעקומען מיט די גרינע ווערעם ביז ער האָט אים, אַהרקען, אַריינגעהעמערט אין קאָפּ די איידעלע תורה פון „גיין אין פוס".

אין גימנאַסטיק איז אַהרקע געווען גאָר אַ וויסטע קאַליקע. ער האָט זיך אפילו נישט געקאָנט אויפהייבן אויף די אייזערנע רינגען. דאָס האָט זיך, אגב, גערעכנט פאַר איינס פון די גרינגסטע זאַכן. וואָס אָנבאַלאַנגט שפּרינגען איבער דער „קאָבילע" איז דאָך שוין אָפּגערעדט! ווי קומט ער, אין תוך אַ ישיבה-בחור, צום שפּרינגען? די „קאָבילע" איז געווען אַ לאַנג הילצערן געשטעל אויף פיר פיס. מ'האָט גאַדאַרפט אַריבערשפּרינגען איבער זיין גאַנצער לענג. דאָס ערגסטע איז געווען צו שפּרינגען פון אַ באַרג איבער אַ טיף גרוב, וואָס איז מכלומרשט אָנגעפילט מיט וואַסער. אַהרקע איז אַלע מאָל אַריינגעפאַלן אין גרוב. ס'איז געווען מיט ניסים וואָס ער האָט נישט צעבראָכן הענט און פיס. דער וווואָדנע האָט אָפּגעפסקנט, אַז אין אַן אמתער מלחמה וואָלט ער, אַהרקע, דערטרינקען געוואָרן.

אַז דער שפּיץ פון אַהרקעס ביקס איז נישט געווען אַקוראַט גלייך מיט די אַנדערע שפּיצן פון די ביקסן, ווען ער האָט מאַרשירט מיט דער ראָטע, האָט דער קאַפּיטאַן שאָקע זיך מוראדיק צעשריען — און פון זיין מאָרדע איז אַרויסגעקומען אַ צאָרנדיקער באַפעל:

— שטעלט אַוועק דעם זשיד אויף צוויי שעה אונטער דער ביקס מיטן גאַנצן שלאַכט-אויסשטאַט אויף זיין רוקן!

דער וווואָדנע, דער פּאָליאַק קאָסציוסקאָ, האָט פּינקטלעך אויסגעפירט דעם באַפעל. ער האָט זיך געפרעגלט פון נחת ווען נאָר אים איז אויסגעקומען צו טאָן אַזאַ איידל שליחות.

„שטיין אונטער דער ביקס" איז געווען אַ האַרבע שטראָף. ס'האָט געמיינט: שטיין צוויי שעה אויף איין אָרט, נישט אַ ריר טאָן זיך. אפילו ווען אַ פליג, אָדער אַ קאָמאַר, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער נאָז און גענומען פּיקן, האָסטו נישט געהאַט דאָס רעכט אויפצוהייבן די האַנט און אַוועקטרייבן דאָס צוטשעפּעניש.

גאָר אַן אָנשיקעניש איז געווען דאָס שיילן קאַרטאָפל אין דער קיך. אָנשיילן זעק און זעק מיט קאַרטאָפל איז אַ שרעקלעך נודנע אַרבעט. צו טאָן דאָס האָט מען געשיקט די נאָוואָבראַנצעס. אַהרקע איז

געווען אַ שטענדיקער קאַנדידאַט אויף געשיקט ווערן אַהין. דאָס איז געווען אַ שטראָף פאַר זיין נישט גיין „אין פוס", אָדער פאַר נישט האָבן דעם שפּיץ פון זיין ביקס אין דער גלייכער ליניע מיט די שפּיצן פון די אַנדערע ביקסן.

אין די ערשטע וואָכן איז אַהרקען נמאס געווען צו עסן דאָס שטיקל פלייש, אַרויפגעשטאָכן אויף אַ שטעקעלע, וואָס דער געהילפס־קוכער האָט אויסגעטיילט מיט זיינע שמוציקע הענט. ס'האָט אַהרקען גענודעט נישט בלויז פון דעם. דאָס קרויט און די קאַשע זענען געווען באַשפּריצט מיט חזיר־פעטס. און די פיש־זופּ איז געווען אַזאַ וואָס קיין זכר פון פיש איז אין איר נישט געווען. ס'איז געווען אַ מוטנע וואַסער, אָנגעשמעקט מיט אַ ביליקן סאָרט פיש — טאַראַן. די טאַראַנעס זענען אָבער אין דער „זופּ" נישט געווען בנימצא. זיי זענען פאַר־שוואונדן געוואָרן אויפן לאַנגן וועג פון דעם פּאָדראַטשיק ביז צום עס־טיש פאַר די סאָלדאַטשיקעס. און דאָס וואָס צען זעלנער עסן פון איין שיסל מיט צען נישט־סאַניטאַרע הילצערנע לעפל, דאָס האָט אַהרקען אַוודאי נישט געשמעקט. אויך האָט אים געמיגלט פון די שמאַטעס, וואָס די סאָלדאַטן האָבן גענוצט ביים וואַשן די שיסלען. די מלוכה האָט זיך וועגן דעם נישט געדאַגהט. דאַרפסט שמאַטעס צום וואַשן? זוך און געפין! אַ מפונק האָט זיך טאַקע געקאָנט דערווערגן מיט אַזאַ „ציכטיקייט".

ווי נאָר די ריחות פון דער סטאָלאָווע, ס'הייסט פון עסזאל, האָבן אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז אריין, איז אַהרקעס אַפּעטיט גלייך פאַר־שוואונדן געוואָרן. אין די ערשטע וואָכן איז זיין עסן באַשטאַנען פון ברויט, שוואַרץ, אָדער ווייס, פאַרטרונקען מיט טיי. ער האָט געלעבט אויף דריי פונט שוואַרץ ברויט, וואָס מ'האָט געגעבן אַ זעלנער יעדן טאָג. אין צוגאָב צו דעם האָט ער אויך נאָך „פאַרביסן" מיט אַ פונט ווייסע בולקע, וואָס ער האָט געקויפט אין אַ יידיש קרעמל, נישט ווייט פון דער קאַזאַרמע.

נאָך גוט, וואָס יעדן חודש האָט ער, אַהרקע, געקראָגן צען רובל צוגעשיקט פון זיין פאָטער מיט אַ בריוועלע, וואָס האָט זיך, ווי גע־וויינלעך, אָנגעהויבן מיט „בני היקר". וואָס וואָלט ער געטאָן אָן דעם? דאָך, אפילו צוזאַמען מיט די פּופּציק קאָפּיקעס, וואָס די אַרמיי האָט געגעבן, האָט ער מיטן פאָטערס שיקונגען ווייט נישט געקאָנט פאַרפאָרן.

מיט דער צייט איז אַהרקע געוואָרן שטאַרק אויסגעדאַרט. ווי לאַנג קאָן מען לעבן אויף ברויט און טיי? דערצו איז ער גייסטיק שוין געווען ווי אַן אויסגעקוועטשטע לימענע. יעדעס פּיצל ווערדע אין אים איז צעטראָטן געווען. ער איז געוואָרן גלייכגילטיק צו יעדער גראָבקייט און יעדער נישט־סאַניטאַרישקייט. די הויט איז געוואָרן אַזוי פאַרהאַרטעוועט, ווי אַ פאַנצער פון מעש, און קיין פּרעכקייט, קיין גראָבקייט איז דורך איר מער נישט דורכגעגאַנגען. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו אַלץ — און ער האָט גענומען עסן אַלע חזרייען.

דאָך איז אין אַהרקען געבליבן אַ שטיקל חשיבות צו זיך. און צוזאַמען מיט דעם — אַ קריטישע באַציאונג צום אָרום. און ווייל די קריטישע באַציאונג איז געווען סטאַטיש, אָן רעזולטאַטן, האָט ער אָנגעהויבן רייכערן. ער האָט גערייכערט אַ סך. אין דער קאַזאַרמע איז געווען אַ סאָלדאַט, וואָס האָט גערייכערט טיי כדי אָפּצושוואַכן זיין האַרץ. ער איז טאַקע אַוועק אין שפּיטאָל און דערנאָך אַהיים. אַהרקע און אַלע איבעריקע סאָלדאַטן האָבן אים מקנא געווען. דאָס וואָרט „היים" איז געוואָרן אַ הייליקייט. דאָס האָט געמיינט פרייהייט, וואָס אַלע האָבן געלעכצט דערצו. איינער אַ יידישער נאָוואָבראַניעץ האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע עקשנות, כדי צוריק צו קריגן זיין פרייהייט. יעדע נאַכט האָט ער משתין געווען אויף זיין בעטל, וואָס מ'האָט גערופן „די קויקע". עטלעכע מאָל האָט מען אים געשיקט אין שפּיטאָל אַריין, און יעדעס מאָל האָבן די דאָקטוירים אים אָפּגעשיקט צוריק אין דער ראָטע. מ'האָט אים געסטראַשעט מיט „פּאָד סוד", ס'הייסט מ'וועט אים איבערגעבן צו אַ מיליטערישן געריכט. מ'האָט אים געזידלט, געמאַכט מיט בלאָטע צו גלייך, גערופן „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ" צען מאָל אין טאָג, און אים אויך פון צייט צו צייט דער־לאַנגט אַ שפּאָר ביסל סטוסאַקעס אַהין, וואו זיי זענען געפאַלן. ער האָט געהאַט ברוינע און בלויע צייכנס איבערן קערפּער. ער איז אָבער נישט אָראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער האָט זיך נישט געבויגן — און געטאָן זיינס. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין משתין זיין. פון זיין קויקע האָט זיך געטראָגן אַזאַ שטיקנדיקער ריח, אַז ס'האָט געטריבן יעדן אויף ווי ווייט. ער האָט אָבער דורכגעפירט זיין באַגער. אמת, ער האָט אַ סך געליטן, געמוטשעט זיך, אָבער פאַרשפּילט האָבן די מיליטערישע פירערס. זיי האָבן אים, דעם עקשן, אַוועקגעשיקט אַהיים.

## .35
# אַ קאַנצעלאַריע־שרייבער

נישט אין אַלעם איז אַהרקע געווען אַ לא־יוצלח. אין חכמת שיסעריי האָט ער זיך גראַד אויסגעצייכנט. דריי־פיר פון פינף האָט ער אַלע מאָל געטראָפן אין ציל. דאָס האָט אַ הייב געטאָן זיין פּרעס־טיזש. ער האָט אפילו געקראָגן אַ מעדאַל דערפאַר. און נאָכן קריגן דעם מעדאַל איז זיין אָנזען נאָך העכער געשטיגן.

און אין נאָך אַ געביט האָט ער זיך אויסגעצייכנט — אין סלעוועסנאָסט, דאָס מיינט לערנען אַ צעטל מיט נעמען פון דעם צאַר און זיין משפחה. אגב, אין דעם דאָזיקן געביט זענען אַלע יידן געווען גוט. אַהרקע, אָבער, איז אין דער „תורה" געווען אַ פאַלנער רב. קיין סתרי־תורה האָט אין דעם נישט געשטעקט. די הויפּטזאַך, מ'האָט געמוזט איינשטודירן די נעמען און די טיטולן פון דער גאַנצער קייזער־לעכער כאַליאַסטרע. פאַר די דאָרפישע פאַרגרעבטע שקצים איז דאָס געווען אַ שווערער ענין צו געדענקען אַזוי פיל נעמען און דריידלעך פון די טיטולן.

דער רשע וואַזדנע האָט אים, אַהרקען, דעם זשיד, אַרויס־געשטעלט ווי אַ מוסטער פאַר די אַנדערע סאָלדאַטן.

— איר דאַרפט זיך אָפּלערנען פון אַ ייד — האָט ער מיט פאַר־דראָס פאַרגעוואָרפן די גויאישע נאָוואָבראַנצעס — צו געדענקען אַלץ וואָס מ'לערנט אייך וועגן דעם צאַר און זיין פאַמיליע.

אויך אַ סך צייט איז פאַרשווענדט געוואָרן אויף לערנען די סאָלדאַטן ווי אָפּצוגעבן „טשעסט", ס'הייסט ווי צו סאַלוטירן די אָפּי־צערן, יעדן — לויט זיין טשין. פאַר נישט אָפּהיטן די כללים פון „טשעסט" איז מען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן. ס'זענען געווען אַ סך דינים וועגן סאַלוטירן. מ'האָט שטאַרק מקפיד געווען, אַז דאָס זאָל צוגיין על־פי דת פאָניע.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין דער קאַנצעלאַריע געמאַכט פּלאַץ פאַר אַ „פּיסאַר", ס'הייסט פאַר אַ שרייבער. דער פּיסאַר פון דער ראָטע האָט געהאַט אויסגעדינט זיין טערמין און איז אַוועק אַהיים. דער פעלדפעבל האָט געהאַט אויסגעפּרובירט עטלעכע „גראַ־

מאַטנע" זשלאַבעס, קענערם פון די שוואַרצע פינטעלעך, אַזוי צו זאָגן, אָבער זיי האָבן געטויגט אויף ערב יום־כיפור, ס'הייסט פאַר שלאָגן מיט זיי כפרות. וואָס־זשע טוט מען? אַ פּיסאַר מוז מען דאָך האָבן! דער פעלדפעבל האָט זיך „דערמאָנט" אין אַהרקען און אים אַוועק־געזעצט ביים טיש אין דער קאַנצעלאַריע און געהייסן שרייבן. און אַהרקע האָט געטאָן זיין אַרבעט בעסער ווי מ'האָט דאָס דערוואַרט פון אים.

על־פּי „דין" האָט מען אַזאַ זאַך נישט פּראַקטיצירט. דער הויפּט פון דעם מיליטער אין דעם קרייז, אַ באַוואוסטער שונא־ישראל, גענעראַל רענענקאַמפּף, אַ דייטש, האָט געאַסרט יידן צו אַרבעטן אין די מיליטערישע קאַנצעלאַריעס. דער פעלדפעבל, כאָטש אויך נישט קיין אוהב־ישראל, האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז ווען מ'דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַראָפּ פון דער תליה. און געטאָן האָט ער עס, ווען דער קאַפּיטאַן שאָקע איז געהאַט געווען אַוועקגעפאָרן אויף אַ שטיקל צייט. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער פּאָרוטשיק סמירנאָוו, אַ וואוילער רוסישער מענטש, וואָס אַלע האָבן אים ליב געהאַט. דער פעלדפעבל האָט זיך געהאַט זיין אויסרעכענונג. קודם וועט ער איינשטופּן דעם זשיד. און אחר המעשה וועט שוין שאָקע צושטימען. אַן אָפּגעטוענע זאַך קאָן מען נישט צוריקכאַפּן.

ביי אַהרקען האָבן זיך די אויגן געעפנט. ענדלעך איז ער פּטור געוואָרן פון אַ היפּש פּעקל צרות. אוים מושטיראָווקע! אוים קיך־אַרבעט! און אוים גימנאַסטיק! דערצו איז ער געוואָרן אַ גאַנצער אַריסטאָקראַט. די סאָלדאַטן, אפילו נעכטיקע זידלערס, האָבן גענומען אַרויפקוקן צו אים. איצטער איז ער נישט בלויז דער בעסטער שיסער, דער בעסטער „טשעסט"־אָפּגעבער, דער בעסטער קענער פון די קייזער־לעכע נעמען און טיטולן. ער איז אויך אַ פּיסאַר! וואָס נאָר אַ קלייניקייט האָבן זיך די סאָלדאַטן אויסגעגלייכט פאַר אים ווי פאַר איינעם מיט אַ הויכער ראַנג, און אים אָנגערופן מיט כבוד:

— גאָספּאָדין פּיסאַר...

אָבער דער יום־טוב האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

שאָקע איז צוריקגעקומען פון אונטערוועגנס און האָט זיך באַוויזן אין דער קאַנצעלאַריע. דערזען דעם ייד אויף זיין טעריטאָריע, איז זיין פּעטע צורה פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. ער האָט אַרויסגע־

סטאַרטשעט זיינע אָקסן־אויגן אויף אַהרקען און ממש זיך געשטיקט ביים אַרויסכריפּען:

— וואָס טוסטו דאָ?

אַהרקע איז ראַפּטעם אויפגעשטאַנען און האָט סאַלוטירט. אין האַלדז האָט אים גענומען שטיקן. ער האָט גענומען שטאַמלען:

— דער פעלדפעבל האָט געהייסן, וואַשע בלאַג... — האָט ער גענומען ענטפערן, אָבער אַ פאַרהילכנדיקער קוויטש האָט אים איבער־געריסן אין זיין תשובה.

אַרויס! — האָט שאַקע געשריען אַזוי הויך, אַז די שויבן אין די פענסטער האָבן געציטערט — אַרויס!!

אַהרקעס פלאַץ האָט פאַרנומען אַ נאָוואָבראַניעץ, פּראַלענקאָ, וואָס האָט קוים געקאָנט סקריפּען מיט דער פען. מ'האָט אים גערופן „בולוואַן", ווייל ער האָט געהאַט אַ זאַט, נאַריש־צופרידן פּנים. דער פעלדפעבל האָט זיך געמוזט האַלטן מיט אים. ער האָט דען געהאַט גרעסערע „גאונים" צווישן די גויים אין דער ראָטע? די מערסטע פון זיי האָבן דאָך אפילו נישט געקענט דעם אַלפאַבעט. זיי זענען באַשטאַ־נען פון פויערים, אַרבעטערס און פון נידעריקע מיטלקלאַס־מענטשן.

מיט דער צייט איז אָבער פּראַלענקאָ געוואָרן אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם. ער האָט פאַרריסן די נאָז, געמאַכט פּוריעס ווען און וואו ער האָט נאָר געקאָנט. דער עיקר האָט ער אויסגענוצט זיין הויכע פּאָזיציע אין שייכות מיט די נאָוואָבראַנצעס. אַז עמעצער האָט אים אָנגערופן מיטן טיטל „גאָספּאָדין פּיסאַר" און אונטערטעניק, מיט אַ שמייכעלע פול מיט חניפה, געפרעגט:

— אפשר אַ בריוועלע פון דער היים פאַר מיר, האַ?

דעמאָלט האָט פּראַלענקאָ אָנגעקוואָלן אין זיינע געלע וואָנצעס און געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ גרויסן בעל־טובה:

— און וואָס וועסטו מיר געבן פאַר אַ בריוועלע?

— אַלץ וואָס דער גאָספּאָדין פּיסאַר וועט פאַרלאַנגען.

— אָט אַזוי רעדסטו ווי אַ מענטש. מאָרגן קריגסטו אַ בריוו.

צומאָרגנס האָט דער חונף טאַקע געקראָגן אַ בריוו.

— טייערן דאַנק, גאָספּאָדין פּיסאַר... — האָט דער דער־פרייטער חונף נישט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַרן קאַנצעלאַריע־שרייבער, אַחוץ דעם וואָס ער האָט אים שוין געהאַט צוגעזאָגט נעכטן.

— צוגעזאָגט איז צוגעזאָגט, — האָט דער „בולוואַן" זיך געדרייט די געלע וואָנצעס און געהאַלטן פאַרריסן דעם קאָפּ. — אַ סאָלדאַט מוז האַלטן וואָרט.

קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען, אַז דער יאָ־טעבע־דאָס־שרייבער האָט אָפּגעהאַלטן בריוו פּאָר טעג און טעג, ביז סאָלדאַטן האָבן אים צוגעזאָגט אַלערליי מתנות פאַר אָנזאָגן זיי די בשורה פון גוט פּאָטשט־ניים.

צווישן דער קליינער צאָל נישט־פּראָסטע סאָלדאַטן האָט אַהרקע איינמאָל באַגעגנט אַ רום פון טולע, וואָס אין טיף רוסלאַנד. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש און פּאָליטיש באַוואוסטזיניק. טייל מאָל האָט ער שטילערהייט געגעבן אַהרקען אָנצוהערן וועגן זיין קעגנערשאַפט צום צאַרס הערשאַפט. אַהרקע האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען. ווער ווייסט? אפשר קאָן דאָס אים ברענגען אַ שלל מיט צרות אויף זיין קאָפּ? ער מוז עס דען האָבן צו זיין פויגלדיקן מעמד ביי פּאָניען ווי אַ צולאָג? האָט ער געשוויגן, כאָטש אַלץ אין אים האָט זיך געריסן אַרויסצוקומען מיט אַ ברכה פאַר דעם רום. דאָס שווייגן איז אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַרפער אָנקלאַגע אויפן פּאָליטיש־געדריקטן מצב אין לאַנד. אַז ס'באַגעגענען זיך שוין יאָ צוויי מענטשן — האָט ער געטראַכט — וואָס וואָלטן זיך געקאָנט צונויפרעדן ליטיש, מישט זיך אַריין די מורא צו געטרויען. דאָס איז פאַר אַהרקען געווען פיינלעך.

## .36

## מאַנעווורעס

אין מיטן זומער איז דער גאַנצער סואוואַלקער גאַרניזאָן אַרויס אויף מאַנעווורעס. ס'האָט געזאָלט זיין אַ כלומרשטע מלחמה צווישן צוויי אַרמייען: די סואוואַלקער און די ווילנער. די מאַנעווורעס האָבן געדאַרפט פאָרקומען אויף אַ שטח פון עטלעכע הונדערט מייל און אַזוי לאַנג יאָגן, טראַסקען, קליגלען זיך און איבערקליגלען, ביז איין אַרמיי וועט מצליח זיין און ברענגען אַ „מפּלה" דער צווייטער.

פעלדקיכן זענען מיטגעפאָרן מיט דער סואוואַלקער אַרמיי. זייער

אָפּט האָט געטראָפן, אַז ווען די „„געשלעגן" מיטן „שונא" האָבן גע־פּלאַקערט, זענען די קיכן געבליבן ווייט פון הינטן. דעמאָלט האָבן די סאָלדאַטן זיך באַנוגנט מיט די האַרטע סוכאַרעס, וואָס זיי האָבן גע־טראָגן אין אַ זעקל אויף זייערע רוקנס.

מאַנעווורעס, ווי באַוואוסט, ווערן אָנגערופן „אַ מלחמה־שפּיל". פאַר די הויכע מיליטערישע פירערס זענען די מאַנעוורעס טאַקע אַ שפּיל. פאַר דעם פּיעכאָטניק, ס'הייסט פאַר דעם פוסגייער, זענען זיי אָבער אַ גיהנום.

פאַר דעם פוסגייער מיינט עס מאַרשירן, אָפּט לויפן מיילן און מיילן איבער בערג און טאָלן, אָנגעלאָדנט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט די אומבאַדינגט־נייטיקע מלחמה־מכשירים, דערצו פאַרשמאַכט, הונ־געריק, מיד.

דאָס ערגסטע איז — דאָרשט. אוודאי טראָגט מיט זיך דער פּיעכאָטניק אַ מעטאַלן פלעשל, אָנגעפילט מיט וואַסער. אָבער אויף ווי לאַנג סטייעט דאָס? ווי נאָר מ'רירט זיך אַרויס אין וועג אַריין ווערט עס גלייך אויסגעטרונקען. ווי קאָן מען זיך אָפּהאַלטן פון נישט טרינקען? די זון באַקט, שוויים רינט, און דער גומען איז פאַרשמאַכט. טאָ וואָס זאָל דער פּיעכאָטניק טאָן? דערצו, אַז דער סאָלדאַט דערזעט אַ טייך, זעט ווי ס'פליסט ריין, פריש וואַסער, און דער חשק אָנצוזשלאָקן זיך אַ פולן בויך צעשפּילט זיך ביי אים, טאָר ער זיך אָבער נישט צורירן צו דעם, ווייל ס'איז שטרענג פאַרבאָטן. אַז מ'איז פאַרשוויצט — זאָגט די קאָמאַנדע — איז דאָ די געפאַר פון פאַרקילן זיך. ס'איז טאַקע אמת, אָבער קיין רפואה פאַר דער מכה איז עס נישט.

אין פיל פאַלן האָט זיך די קאָמאַנדע סותר געווען. זי האָט געהייסן טאָן דאָס פאַרקערטע ווי די באַפעלן האָבן געפאָדערט. איין פאַל האָט זיך גוט איינגעקריצט אין אַהרקעס זכרון. דאָס איז געווען אין שייכות מיט טרינקען וואַסער. נישט נאָר איז דער קאָמאַנדע נישט געלעגן אין דער לינקער פאה דאָס פאַרקילן זיך — זי האָט נאָך אפילו מיט די אייגענע הענט געשטעלט יעדן סאָלדאַטס לעבן אין אַ טויט־סכנה. איינמאָל איז אַהרקעס ראָטע צוגעקומען נאָנט פון אַ טייך. ס'איז געווען אין סאַמע ברען פון די „שלאַכטן". דער „שונא" האָט געדאַרפט אָנקומען פון ווילנע. צייטווייליק האָט ער אָבער גע־

וואַרט ביי די נישט-ווייטע בריקן, וואו ער האָט געזאָלט איבערראַשן מיט אַ מפּלה אַהרקעס אַרמיי. זענען דאָך אָבער די חכמים פון אַהרקעס אַרמיי נישט קיין פאַרשלאָפענע, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצוטאָן דעם ווילנער „שונא" אויף טערקיש. זיי האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז די סואוואַלקער אַרמיי זאָל אַריבער דעם טייך כדי אָנצוקומען אין רוקן פון דעם „שונא" און איבערראַשן אים מיט אַ געזונטן קלאַפּ. נו, דאָ האָט זיך די אַרבעט פון זייער פּלאַן אָנגעהויבן.

דער פּאָרוטשיק סמירנאָוו פון דער זיבעטער ראָטע, אַ זייער סימפּאַטישער מענטש, איז געריטן פאָרויס אויף זיין פערד. ער האָט געדאַרפט פירן די ראָטע אַריבער דעם טייך. דער ברעג פון טייך איז געווען הויך און משופּע. פּאָרוטשיק סמירנאָוו האָט געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק ביים אַרונטערורייטן פון דעם הויכן ברעג צום טייך. און ער איז טאַקע געווען פאָרזיכטיק. אָבער ווי נאָר דאָס פערד האָט זיך אַראָפּגעבויגן מיטן קאָפּ אַרונטערצוגיין, האָט עס זיך אויסגעגליטשט און גלייך זיך איבערגעקוליעט אין טייך אַריין, מיטשלעפּנדיק דעם פּאָרוטשיק. דער טייך איז אין פיל פלעצער געווען טיף און מ'האָט נישט געוואוסט — וואו. דער גוטער פּאָרוטשיק האָט זיך גענומען ראַנגלען מיטן מלאך-המות. יעדע רגע איז געווען ווי אַ יאָר פאַר די סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם אומפאַרגלייכלעכן פאַר-מעסט צווישן מענטש און טויט. ענדלעך האָט ער זיך, דער פּאָרוטשיק, דורך אַלערליי אמתע מאַנעווורעס אַרויסגעפּלאָנטערט מיט זיינע שטיוול-שפּאָרן פון דעם זאָטלס שטאָלענע פיס-טרעטערס, אַרויסגעפּלאָנטערט זיך אויך פון אונטער דעם פערד, וואו ער איז געשוואומען, און מ'האָט אים צוגעשלעפּט צום ברעג.

אַ נאָסן, אַ צעבלוטיקטן האָט מען אים צוגענומען אין שפּיטאָל אַריין.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די ריי פאַר די פּשוטע סאָלדאַטן. אַהרקע איז אַריין אין טייך מיט ציטערניש. ערטערווייז, וואו ס'איז נישט געווען צו טיף, האָט דאָס וואַסער דערגרייכט ביז צום ברוסט-קאַסטן. כדי אויסצוהיטן די ביקס און די אַמוניציע פון נעץ, האָט מען דאָס אַלץ געמוזט טראָגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט הויך איבערן קאָפּ. אַ קליינער טעות — און דו ביסט פאַרפאַלן. מ'האָט געדאַרפט

שטעלן די טריט זייער פּאַרזיכטיק, כדי נישט אַריינקריכן אין אַ טיף גרוב.

אין יידישער סאָלדאַט איז טאַקע דערטרונקען געוואָרן איבער אַזאַ סאָרט פאַרבלאָנדזשעניש.

נאָך לאַנגע מאַטערנישן און פּאָרזיכטיקן טאַפּטשעניש איז די ראָטע סוף־כל־סוף אַריבער אויף דער צווייטער זייט טייך. יעדער איז געווען פּיטש־נאַס — אַ גוטע „סגולה" אויף פאַרקילן זיך און לונגען־אָנצינדונג. די קאָמאַנדע האָט אָבער נישט געלאָזט אָפּטריקענען זיך, נישט רוען, און גענומען יאָגן ווייטער, וואָס גיכער צו צעקלאַפּן דעם „שונא".

קאַפּיטאַן שאַקע איז געווען אין זיבעטן הימל. זיין רויטע מאָרדע האָט געשמייכלט פאַר צופרידנקייט. ס'איז, הייסט עס, געווען אַ דער־פאָלגרייכע מלחמה־שפּיל. און נישט נאָר ער, אויך דער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו, און אויך דער פּאָדפּאָלקאָווניק פּאָפּאָוו. ביידע — קליינגע־וויקסיקע — האָבן זיך קאָמיש, פאַר פרייד, אונטערגעהאָצקעט אויף זייערע גרויסע פערד. זיי האָבן פאַרבייגעשוועבט די זיבעטע ראָטע מיט אַזאַ מין אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן איינגענומען די וועלט.

די פּיעכאָטע־סאָלדאַטן פון דער זיבעטער ראָטע, זיי וואָס ליידן מער ווי אַלע אַנדערע מיליטערישע אָפּטיילונגען, האָבן גענוג קללות אויסגעשאָטן אויף די קעפּ פון אָט־די אָפיצערן.

פאַר טעג און נעכט איז אַהרקע, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּיעכאָטניקעס, געטריבן געוואָרן איבער בערג און טאָלן, דורך וועלדער, פעלדער און זומפּן, כמעט אָן עסן, אָן שלאָף, ביז ער האָט דערלעבט צו הערן דאָס שאָלן פון טרובעס, וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס נייס, אַז די „מלחמה" איז געענדיקט.

אַהרקע האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן די מאַנעווורעס. זיי זענען געבליבן טיף איינגעגראָבן אין די געוועבן פון זיין גוף און נשמה. איייניקע זעלנער האָבן דורך פאַרשידענע אופנים זיך אַרויסגעדרייט פון דעם „מלחמה"־שפּיל. ס'זענען געווען אַלערליי מיטלען. איינס פון זיי, צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיטן פעלדשער פון „אָקאָלאָדאָק" — אַ פלאַץ, וואו דער דאָקטער נעמט אויף חולאים — אַריינשטופן אים אין האַנט אַריין אַ חצי קערבל, אָדער אַ גאַנצן רובל, און אָפּמאַכן מיט אים, אַז אַ טאָג פאַר די מאַנעווורעס וועט מען צו אים קומען און זיך

באַקלאָגן אויף קאַפּווייטיק. דעמאָלט וועט ער, דער פעלדשער, מעסטן די טעמפּעראַטור און דערקלערן דעם דאָקטער, אַז זי איז נישט נאָר־מאַל. דער אויסגאַנג דערפון איז — מ'לייגט דעם „חולה" אין בעט אַריין אויף צוויי־דריי טעג, און ס'איז אוים מיט די מאַנעוורעס.

אַהרקע האָט נישט געוואוסט פון קיין חכמות. מ'האָט געהייסן גיין, איז ער געגאַנגען. ער האָט קיינמאָל נישט געזוכט קיין טובות, כאָטש ער האָט זיי געקאָנט קריגן, ווען ער וואָלט זיי געוואָלט. דער גאַנצער ענין פון געבן שוחד איז אים געווען פריקרע.

אָבער די ביטערע מאַנעוורעס, וואָס אַהרקע און די אַנדערע סאָלדאַטן האָבן אָקאָרשט געהאַט דורכגעמאַכט, זענען געווען אַ שפּילכל אין פאַרגלייך מיט דעם „כיבוד" וואָס דער רשע־מרושע, גענעראַל רענענקאַמפּף, האָט זיי אונטערגעטראָגן אינגאַנצן אומגעריכט.

## .37
# אין געיעג נאָך כבוד

**פּלוצעם**, טאַקע ווי אַ דונער פון העלן הימל, האָט דער זלידנער דייטש, גענעראַל רענענקאַמפּף, דער הויפּט פון ווילנער ראַיאָן, אַרויס־געגעבן אַ באַפעל:

— אויסקלייבן די בעסטע פוסגייערס. פון יעדער ראָטע אַ באַש־טימטע צאָל. פון זיי זאָל יעדער פּאָלק צונויפשטעלן אַ מחנה. נאָכדעם זאָלן די מחנות קאָנקורירן איינע מיט דער צווייטער אין גיכקייט פון אַ געוויסן אָרט צו אַ באַשטימטן פּונקט.

דער באַשטימטער פּונקט איז געווען זיבעצן וויאָרסט פון סו־וואלק, מיטן שאָסיי, קיין קאַלוואַריע. יעדער פוסגייער וועט זיין אָנ־געלאָדנט מיט 16 פונט משא אויפן רוקן, אחוץ דעם מיט אַ ביקס, אַ פּאַס קוילן, אַ לאָפּעטקע און אַ מעטאַלענעם פלאַש מיט וואַסער.

ביים סוף פון דער זיבעצנטער וויאָרסט, אויפן וועג קיין קאַל־וואַריע, וועט המן הרשע, רענענקאַמפּף בכבודו ובעצמו, באַגריסן די קאָנקורירנדיקע מחנות, נאָכן גיכן מאַרש, און זיי וועלן זיך פאַרקירעווען, אָן אָפּשטעל, צוריק צו זייערע קאַזאַרמעס.

אַהרקע, און אויך יעדער פון דער ראָטע, האָט געבעטן גאָט

נישט אַריינצופאַלן אין דעם אכזריותדיקן „שפּאַציר". וואָס טוט אָבער קאַפּיטאַן שאָקע?

ער איז אַוועק צום ראש פון פאַלק, צו איוואַנאָוון, און האָט אים פאָרגעלייגט, אַז זיין גאַנצע זיבעטע ראָטע זאָל זיך באַטייליקן אין דעם „צירק". אַנשטאָט קלייבן פון יעדער ראָטע באַזונדער, וועט די זיבעטע זיין דער שעיר-לעזאזל. שאָקעס פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן.

די אָפיצערן פון גאַנצן פאָלק האָבן געלאַכט אין די הויפּנס פון שאָקעס „חכמה". זיי זענען געוועזן זייער צופרידן וואָס דער דייטשער באָק נעמט איבער דעם גאַנצן יאָך. ביי די שכנים — די פינפטע און אַכטע ראָטע — איז געוועזן יום-טוב. צו זייער פרייד איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען.

אַהרקעס חברים פון דער אַכטער ראָטע האָבן אים דערציילט, אַז זייער פעלדפעבל, אַ גוטהאַרציקער און ליבעראַלער מענטש, האָט גענומען אַן איבעריקע כוסה לכבוד דעם אומגעריכטן יום-טוב.

אין דער זיבעטער ראָטע האָט זיך אָבער געטאָן אויף טישן און אויף בענק. מ'האָט געסקראָבעט, געשייערט, געפּוצט אַלץ, וואָס דער סאָלדאַט האָט געדאַרפט האָבן מיט זיך בעתן „גאַנג": די ביקס, דעם באַגנעט, די שטיוול, דעם מונדיר, די הויזן, דאָס היטל, דעם רוקזאַק. ס'איז עפּעס אַ שפּילכל צו באַגעגענען אַזאַ הויך-געערטן גזלן ווי רענענקאַמפּף! דער „ליבער" פעלדפעבל האָט אין דער קאַזאַרמע אַ-וועקגעשטעלט אַ וואָג און געוואויגן די זעקלעך, וואָס יעדער וועט טראָגן אין רוקזאַק אויף די פּלייצעס. אויב ס'האָט געפעלט עטוואָס צו 16 פונט, האָט ער צוגעלייגט שטיינער. ס'האָט געמוזט זיין אַקוראַט 16 פונט, אַ האָר נישט ווייניקער.

אין דער צווישנצייט האָט קאַפּיטאַן שאָקע געגעבן לעקציעס וועגן דער וויכטיקייט פון דעם געוועט אויף אָנצוקומען צום הויפּט-פּלאַץ פריער ווי די אַנדערע ראָטע. יעדער סאָלדאַט פון דער זיבעטער ראָטע — האָט ער געזאָגט — מוז האָבן די אַמביציע צו ווילן געווינען. בעתן מאַרש דאַרף זיך יעדער האַלטן ריין, מוטיק, שטאָלץ. און ווי אַ ביישפּיל פאַר דעם האָט ער געבראַכט — וועמען? דאָ איז פון אים אַרויסגעשפּרונגען דער דייטש — און „יענער" האָט אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מוסטער דעם גערמאַנישן סאָלדאַט. ער האָט זיך אַזוי פאַר-

כלינעט, אַז ער האָט אָנגעהויבן רעדן נישט בלויז וועגן דעם גערמאַ־נישן סאָלדאַט, נאָר אויך וועגן די דייטשן בכלל און זייער ציוויליזאַציע. די דייטשן, האָט ער זיך געפּרעגלט פון נחת, זענען אויסערגעוויינלעך פּינקטלעך מיט אַלעם. ס׳איז גאָר קיין גלייכן צו זיי נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט. למשל, אַז מ׳פרעגט אַ דייטש ווי ווייט ס׳איז פון איין אָרט צום צווייטן, וואָס מ׳וויל גרייכן, איז דער ענטפער: 5, 10, 15 מינוט, לויט דעם מהלך. איר באַנעמט? דער דייטש מעסט די ווייטקייט מיט דער צייט, נישט מיט דער אַרשין, אָדער וויאָרסט. און וואָס אָנ־באַלאַנגט די דייטשע שטעט? זייערע גאַסן זענען אַזוי ריין, ציכטיק, זויבער, אַז מ׳קאָן זיך שפּיגלען אין זיי.

זיינע לעקציעס זענען געווען אַ שטראָף פון גאָט, אַן אָפּקומעניש פאַר אַלעמען. אַ שרעקלעכער שלאָף האָט זיך צעלייגט אין די ביינער. ס׳איז געווען שווער צו האַלטן די אויגן אָפן, און האַלטן זיי אָפן האָט מען געמוזט. אויפשטיין האָט מען נישט געטאָרט ביז דער אָדון־הגדול וועט נישט ענדיקן זיינע „גאונישע” געדאַנקען.

ביי די דאָזיקע „לעקציעס” איז אַהרקע געזעסן ווייט־ווייט פון שאַקעס פּרצוף, הינטער דעם געדיכטן עולם. ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויף דעם הויך־אויסגעצויגענעם געשטעל, מיט די לאַנגע פיס, וואָס האָט אויף זיך געהאַט אַ זאַטע, זעלבסט־צופרידענע, נאַרישע, רויטע צורה מיט גרינע קעצישע אייגעלעך. אַז ער זאָל זיין דער מורה־דרך פון אַמביציע, פון מוט, שטאָלץ און עסטעטישקייט, דאָס האָט אַהרקע נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ס׳האָט אים געעקלט אפילו פון דער לופט, וואָס ער מוז אַריינאָטעמען אין דעם חוצפהניקס אָנוועזנהייט. דער פעלד־פעבל און דער ווזוואָדנע זענען אויך נישט געווען קיין צאַצקעס. אין פאַרגלייך מיט שאַקען זענען זיי אָבער געווען ווי צדיקים... שנאה — האָט אַהרקע געטראַכט — איז איינע פון די סיבות וואָס פאַרטיליקט מענטשן. ס׳איז זייער אַ מיאוסע מידה. דאָך, פיינט האָבן אַזעלכע פאַרשווינען ווי שאַקע איז אַ מיצווה.

אין יענער צייט איז צו אַהרקען געקומען אַ גאַסט — אהרון מאָטשעס פון לולין. ער האָט געדינט אין דעם 17 פאָלק. געקומען איז ער בסוד־סודות. ער האָט איבערגעגעבן אַהרקען, אַז ער און נאָך אַ יידישער סאָלדאַט קלייבן זיך צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע. זיי האָבן שוין אַ געוויסן מענטש, וואָס וועט זיי אַריבערשמוגלען איבער דער

גרענעץ קיין דייטשלאַנד, און פון דאָרטן איז שוין אַלץ גלאַטיק. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז אַהרקע זאָל צושטיין צו זיי. וואָס האָט מען פון פאַניע גנב? אַהרקע האָט זיך אָפּגעזאָגט. און זיינע טענות זענען געווען געבויט אויף זיינע אַלטע באַגרינדונגען. קודם-כל וויל ער נישט אויף אייביק פאַרלירן די מעגלעכקייט צוריק צו קומען אין לאַנד און נישט זען זיך מיט זיינע טאַטע-מאַמע און די אַנדערע פון דער משפחה. והשנית, אויב אַלע יידישע זעלנערם וועלן זיך צעלויפן פון דער אַרמיי, איז וואָס וועלן די שונאי-ישראל טענהן? שטעט און שטעטלעך וועלן ווערן הפקר. מ׳וועט ניצן קעגן זיי אַלע סאָרטן נגישות. ניין, ער וועט נישט אָננעמען דעם גאַסטס אָנבאָט — און ער איז טאַקע געבליבן.

ענדלעך, אין דעם באַשטימטן טאָג, פינף אַזייגער באַגינען, האָט קאַפּיטאַן שאָקע געלאָזט אין גאַנג זיינע לאַנגע געזונטע פיס — און די זיבעטע ראָטע נאָך אים. שאָקע האָט געמאַרשירט מיט אימפּעט, גיך, גיך. זיין יוכע האָט אים געטריבן צו זיין דער ערשטער אין קאַלוואַריע, באַגריסן מיט ניצחון דעם גענעראַל רענענקאַמפּף און קריגן פון אים די דערוואַרטע לויב-געזאַנגען און דעם מעדאַל. זיין אַמביציעזער דראַנג איז אָבער געפאַלן שווער אויף דער ראָטע.

אַהרקע האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט געווען אַ געפּענטעטער. זיין גאַנצער גוף איז געווען ווי איינגעמאַרינירט. דער רוקזאַק מיט דער 16 פונטיקער משא האָט זיך נאָכאַנאַנד געגליטשט פון זיין רוקן אַראָפּ צו דער ערד. אין יענעם טאָג איז גראָד געווען אַ ליקוי-חמה. אַז ס׳איז מיטאַמאָל פינצטער געוואָרן האָט אַהרקע געוואָלט אַ הייב טאָן דעם קאָפּ אַרויף צום הימל און זען וואָס עס טוט זיך עפּעס מיט דער זון. ער האָט דאָס אָבער בשום אופן נישט געקאָנט טאָן. זיין האַלדז איז אַזוי ווי פּאַראַליזירט געווען — און ער האָט נישט געקאָנט באַוועגן מיט אים נישט רעכטס, נישט לינקס. מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, מיט די אויגן אַראָפּ צום שאָסיי, האָט ער זיך געשלעפּט טראָט נאָך טראָט אויף דעם לאַנגן וועג קיין קאַלוואַריע.

יעדער איז געווען אויסגעמאַטערט. מ׳האָט אָבער נישט געהערט קיין פּיפּס פון קיינעם. ס׳האָט אויסגעזען ווי דאָס לשון האָט אָפּגענומען.

אַ פּלאַן איז געווען, אַז פאַר יעדער שעה מאַרשירן זאָל מען געבן 5 מינוט אָפּרו. און מ׳האָט עס טאַקע געקראָגן. די פיס זענען אָבער געווען אַזוי אָנגעצויגן, אַז ס׳איז געווען פיינלעך זיך אוועקצוזעצן, און

דאָס אויפשטיין נאָך ערגער. אַנגעשפּאַרט אויף די ביקסן, זענען די מערסטע סאָלדאַטן אויסגעשטאַנען די 5 מינוט אויף די פּיס, כדי אויסצומיידן דאָס זעצן זיך און אויפשטיין.

ענדלעך האָט מען דערגרייכט דעם סוף פון דער זיבעצנטער ווערסט. אויף שיינענדיקע זאָטלען, וואָס זענען געווען אָנגעגורט אויף אויסגעפּוצטע פערד, איז געזעסן אַ גאַנצע סוויטע אָפיצערן מיטן תכשיט, דעם גענעראַל רעננענקאַמפּף, בראש.

נאָכדעם ווי דער קאַפּיטאַן שאָקע, צוזאַמען מיט דער גאַנצער ראָטע, האָט אָפּגעקוואַרגלט אַן ענטפער אויפן גענעראַלס באַגריסונג, האָט זיך די ראָטע אויסגעדרייט און איז צוריק אַהיים. אויפן וועג זענען אַ סך סאָלדאַטן אַרויסגעפאַלן פון דער ריי. זיי זענען געבליבן ליגן, ווי הרוגים, אויף ביידע זייטן פון שאָסיי. די שפּיטאָל-וועגענער פון דעם מיליטערישן רויטן קרייץ האָבן זיי דערנאָך צונויפגעקליבן.

אַהרקע און זיינער אַ חבר, פלאָטקין, האָבן אַרויסגעהאָלפן אַ ייד, וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַלן. איינער האָט געטראָגן די ביקס, דער צווייטער האָט געפירט דעם ייד אונטער זיינע אָרעמס. זיי האָבן אים קוים דערשלעפּט צו דער קאַזאַרמע.

אַהרקע, כאָטש שטאַרק פאַרמאַטערט, נאָר אומצופאַלן, האָט ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט נישט אָפּצושטיין פון דער „הראַמאַדע". און דאָס מיט דער כוונה — כדי נישט צו הערן דעם אַלטן, אָבער שטענדיק נייעם בילבול, אַז אַ ייד טויג זיך נישט אזוי ווי זיי, די גויים. ער האָט נישט געוואָלט הערן זייער חוזק-ווערטל וועגן עם-ישראל: „סלוזשיט בודו, סטרעלאַט נע בודו", ס'הייסט דינען, בלית-ברירה, וועט דער זשיד, אָבער שיסן נישט.

נישט ווייט פון דער קאַזאַרמע האָט מען באַגעגנט די ראָטע מיט מוזיק. ווער איז אָבער געלעגן אין קאָפּ מוזיק? אַהרקע, פּונקט ווי די אַנדערע, האָט קוים געשלעפּט די פיס. נאָכן פריי-לאָזן די ראָטע, איז אַהרקע געבליבן ליגן אויף זיין בעטל ווי אַ געהרגעטער. ער האָט נישט געוואוסט וואו ר'איז. זיין שכן דאַראָשענקאָ, וואָס על-פּי נס האָט ער זיך געהאַט אַרויסגעדרייט פון דעם „פּאָכאָד", האָט דאָס באַמערקט. ער האָט זיך דערנענטערט צו אַהרקען און פון אים אַראָפּגעצויגן די מלבושים, כדי ס'זאָל אים זיין גרינגער דאָס שלאָפן.

## .38

# אין געוויינלעכע „סלוזשבע״-טעג

די ערגסטע צייטן פאר דעם נאוואבראניעץ זענען אוועק. דער „רויער״ ציווילנער יונגערמאן האט שוין געהאט דורכגעמאכט קאלטס און ווארעמס. ער איז געווארן א געהארטעוועטער סאלדאט, „גרייט״ צו גיין אין פייער און אין וואסער פארן צאר, ווען נאר אים, זיין מאיעסטעט, וועט זיך פארגליסטן צו דערלאנגען א צווייטער מלוכה אין די ציינער אריין. ס׳האט זיך אנגעהויבן א נייער פעריאד, א צייט פון געוויסע טאג-טעגלעכע פליכטן, וואס די מערסטע פון זיי זענען געווען זינלאז. דער סאלדאט, וואס זיינע רעקרוט-צייטן זענען שוין פאר אים געווען „געשיכטע״, ער האט זיך שוין אנגעהויבן פילן ווי אן אלטער בירגער פון דער קאזארמע-וועלט, איז באשאנקען געווארן מיט „לייכטערער״ ארבעט, ווי באוואכן אלערליי רעגירונגס-פלעצער, מיליטערישע סימבאלן און רעליגיעזע הייזער.

אפט איז אהרקע געשיקט געווארן אויף קאראאול, ס׳הייסט, צו היטן די געביידעס מיט אמוניציע, אדער די אייזערנע קאסטנס מיט געלט (דענעזשני יאשטשיקי), אדער דאס גרוב, וואו מ׳לערנט שיסן, אדער די „זנאמיע״, ס׳הייסט די פאן פון דעם פאלק, אדער דעם קלויסטער, אדער די קיך. מילא, צו היטן די געביידעס מיט אמוניציע, אדער די קאסטנס מיט געלט, אויב ס׳איז דארטן געווען געלט, אין דעם איז נאך געווען א בארעכטיקטער זין. מ׳האט דאך געמוזט זיין פארזיכטיק מיט די רעוואלוציאנערן אין לאנד. ווער האט געקאנט וויסן וואס פאר א משוגעת ס׳האט זיי געקאנט קומען אויפן געדאנק? זיי דארפן דאך האבן געווער און געלט! אבער צו וואס באוואכן דאס ליידיקע גרוב, וואו מ׳לערנט שיסן? דאס האט אהרקע נישט געקאנט תופס זיין. און ווער וועט קומען און אוועקטראגן דעם קלויסטער? און ווער וועט זיך לאקאמען אויף אזא הייליקייט ווי ס׳איז די „זנאמיע״ פון דעם פאלק? פאר אזא זינד ווי פארטשעפען זיך מיט אזעלכע „קדשי-קדשים״ וואלט מען דאך קיינמאל פון גיהנום נישט ארויס! אבער גיי פרעג שאלות ביי די „גאונישע״ קעפ.

גיין אויף קאַראַאול האָט געמיינט שטיין, אָדער דרייען זיך, אויף אַ פּיצעלע אָרט גאַנצע צוויי שעה. און דאָס איז געווען אַן אָפּ־קומעניש. איבערהויפּט איז עס געווען אַ צרה דעמאָלט, ווען דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערן גלייך נאָכן עסן. דער מאָגן איז געווען פול. די די אויגן האָבן זיך געקלעפּט. אַרום דעם האַרץ האָט זיך געשפּירט אַ חלשות. האָסט געפילט, אָט, אָט און די ביקס פאַלט דיר אַרויס פון דיינע הענט. אַהרקע האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע זיינע לעצטע כוחות, כדי צו האַלטן זיך אויף די פיס.

דאָס באַוואַכן די קיך איז אָבער געווען באַלערנדיק. ס'האָט זיך געלוינט. אַז מ'איז געווען אַ וועכטער ביי דער קיך, האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די זופּ איז שיטער און די פּאָרציעס פליישׁ מאָגער, איינגעשרומפּן. דער „דנעוואָלנער", ס'הייסט דער וועכטער, האָט פאַר זיינע אויגן געזען ווי מ'גנבעט דאָרטן אָן חרפּה און בושה. יעדער גנבעט. פון דעם סאַמע עלצטן ביז דעם סאַמאַראָדנעם קוכער. וואָס איינער לאָזט איבער, נעמט צו דער צווייטער. דער סאָלדאַט איז נישט זיכער מיטן ביסן ביז ער האָט דאָס נישט ביי זיך אין מויל. ווען די זופּ, אָדער דאָס קרויט, פאַרבראָקט מיט שטיקלעך פעטס, איז שוין פאַרטיק צום צעטיילן, ווערט מיטאַמאָל אַ מהומה. ס'קומען אָן די פאַראַזיטן מיט זייערע קעסעלעך און פאַרכאַפּן דאָס געדיכטע. ס'קומען די אָפיצערסקע דענשטשיקעס, ס'קומען אויך די אַלערליי אונטער־אָפיצערן, ביז אַראָפּ דעם ווזוואָדנעם. ס'קומען אויך דעם קוכערס אַלע פריינד. קיינער האָט נישט אַזוי פיל פריינד ווי דער קוכער. זיי אַלע קריגן די זופּ און דאָס קרויט מיטן אייבערשטן פעטס, אויך די געשמאַקע, גרויסע פּאָרציעס פליישׁ, און פאַרן פּשוטן סאָלדאַט בלייבט איבער מוטנע וואַסער און אַן אויסגעדאַרט שטיקל בשר, וואָס האָט דעם טעם פון אַ שמאַטע.

אחוץ דער געלעגנהייט וואָס דאָס היטן די קיך גיט דעם וועכטער צו זען וואָס עס טוט זיך אין דער פּאָליטיק פון אכילה, האָט ער אַליין אויך אַ שטיקל פערזענלעך געווינס. ווי זאָגט אַ ווערטל? אַ הונט ביי דער יאַטקע לעקט אויך אָפּ אַ ביינדל. יאָ, אויך דער וועכטער קריגט גוט אָפּצועסן. און אַז ער איז נישט אַ לא־יוצלח, ווייסט ער ווי צו באַזאָרגן זיך מיט אַ צוגאָב־פּאָרציע פאַר מאָרגן, איבערמאָרגן, און אפשר פאַר נאָך אַ פּאָר טעג אַריבער. ס'איז געווען אַ זכיה, און אַ יום־טוב,

צו זיין אויף קאראאול ביי דער קיך. די מה־יפיתניקעס, די חונפים פון נאטשאלסטווע, זיי אלע זענען דארט געווען אפטע היטערס.

אהרקע האט נישט געהאט אזא „מזל״. זייער זעלטן האט מען אים געשיקט צו דעם שמאלצגרוב. און דאס בלויז דעמאלט, ווען די „מיוחסים״ זענען נישט געווען אין דער קאזארמע.

אין די געוויינלעכע „סלוזשבע״־טעג האט זיך פון צייט צו צייט געמאכט א פרייע שעה פארן סאלדאט. דעמאלט האט אהרקע געשפילט שאך מיט זיינע חברים, יידישע זעלנערס. די נאנטסטע זענען געווען: פלאטקין, מאסקאליק און געלפאנד. זיי זענען געווען זיינע תלמידים. שפעטער איז איינער פון די תלמידים, פלאטקין, געווארן דער רבי. ער האט איבערגעשטיגן אהרקען. דאס איז געווען א גוטער צייט־פארטרייב. פאקטיש, די איינציקע פארוויילונג, וואס אהרקע און זיינע חברים האבן געקאנט ארויסקוועטשן פון דעם ארומיקן גרויען און פינצטערן לעבן.

דעם פעלדפעבלס געהילף האט אויך געשפילט שאך, כאטש שוואכלעך. ס'איז אבער געווען טשיקאווע אים אנצוקוקן, ווען ער האט פארשפילט. אז ער איז ארויס א באזיגטער, האט ער זיך אנגעברוגזט און גענומען קוקן קרום אויף די געווינערס. יעדער האט דעמאלט פארשטאנען, אז דאס מיינט צרות, אן ארטיקל וואס האט זיי נישט אויסגעפעלט. נישט איין מאל האט אהרקע, און אויך יעדער פון זיינע חברים, אומיסטנע פארשפילט צו אים, אבי נישט אנקוקן זיין אנגעבלאזענע צורה. דאס ערגסטע איז נאר דערביי געווען וואס ער האט געהאט פארשטאכענע אויגן, און אויך חוצפה, אפצולאכן פון דעם, וואס האט פארשפילט... אבער די „פארשפילערס״ האבן אויך דאס געמוזט אראפשלינגען.

אויף אלע יידישע ימים־טובים האט מען אים, אהרקען, און דאס־גלייכן אלע יידישע סאלדאטן, דערלויבט צו גיין אין שטאט אריין. געמיינט האט דאס — פראווען די יום־טוב טעג ביי חנה די אלמנה, וואס האט געוואוינט אויף א זייטיקער גאס אין סוואוואלק.

חנה די אלמנה האט געקאכט היימישע מאכלים, דערצו פאר נישט קיין הויכע פרייזן. ביי איר אין הויז איז אלע מאל געווען א הו־הא. ס'איז געווען א שטיקעניש פון ענגשאפט. אהין זענען געקומען סאלדאטן פון אלע טיילן פון דעם סוואוואלקער גארניזאן. אהרקע האט נישט

געקאַנט פאַרטראַגן אַזאַ טומל. ס׳איז אים אָבער געווען ליבער דער הו־האַ און דאָס ענגשאַפט, איידער דאָס דאַרפן דורכגיין די הויפּטגאַסן, וואו מ׳האָט באַגעגנט אַ סך אָפיצערן. ער האָט פיינט געהאַט דאָס עסק מיטן אָפּגעבן „טשעסט", וואָס אין זיינע אויגן האָט עס אויסגעזען נאַריש. און נישט נאָר נאַריש. מ׳האָט נאָך דערביי געדאַרפט געדענקען אַ לאַנגן צעטל פון דינים ווי אַזוי אָפּצוגעבן דעם געהעריקן סאַלוט. אויב, חלילה, מ׳האָט עפּעס דורכגעלאָזט, נו־נו, האָט מען שוין דערפאַר געקראָגן אַ נישקשהדיקן פּסק.

דאָס פריי־לאָזן אויף יום־טוב איז בלויז געווען פאַרן משך פון טאָג. אין פריען אָוונט, אין אַ באַשטימטער צייט, האָט מען געמוזט זיין צוריק אין די קאַזאַרמעס. דאָס איז געווען די צייט, ווען אַלע סאָלדאַטן שטעלן זיך אויס אין אַ ריי, און דער וואַכמייסטער רופט אויס די נעמען פון יעדן איינעם, און דערנאָך זינגט מען די באַוואוסטע תפילה: „באָזשע צאַרא כראַני", גאָט, היט דעם קיסר. אין תוך האָט עס געמיינט, אַז קיין אַנדערע דאגות, סאָלדאַט, דאַרפסטו נישט האָבן. אַבי דער קיסר וועט זיין געזונט און שטאַרק, וועט שוין אַלץ זיין אָגיל ואשמח.

ס׳איז געווען אַ דערקוויקונג צו זען ווי אַזוי די יידן זענען צוריקגעקומען אין דער קאַזאַרמע. זיי זענען אי געקומען אין צייט און אי ניכטער. ס׳האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז אַ ייד זאָל זיך צוריקקערן אַ שיכורער. דער פעלדפעבל האָט אָפט אַרויסגעשטעלט די יידן ווי אַ מוסטער און, בעל־כרחו, געזאָגט צו די גויאישע סאָלדאַטן:

— זעט... נעמט זיי פאַר זיך ווי אַ מוסטער, די יעווריייטשיקעס. זיי גייען אין שטאָט אַריין פּראַווען זייערע רעליגיעזע פייערונגען און קיינער פון זיי קומט נישט צוריק שיכור. אָבער איר... איר, ביי אייערם אַ פּראַזניק, פוי... איר זשלאָקעט זיך אָן מיט וואָדקע און איר, צו אונדזער שאַנד, וואַלגערט זיך נאָכדעם אויף דער פּאָדלאָגע און אין די רינשטאָקן. פוי...

פאַר אַהרקען און די אַנדערע יידן אין דער ראָטע איז דאָס אַרויסשטעלן די יידן ווי אַ מוסטער געווען אַ גייסטיקע נקמה. ביי אַנדערע געלעגנהייטן האָט דער פעלדפעבל פאַר די יידן קיין אַנדערן דערנידערונג־נאָמען נישט געהאַט ווי נאָר „זשידעס". דאָס מאָל, ווי ביי ענלעכע סיטואַציעס, האָט ער צוליב לויב געמוזט זיך אויפהייבן איבער

זיין האָס און באַצייכענען די יידן מיט אַ רעספּעקטאַבלנעם טערמין, יעוורייטשיקעס.

איינמאָל, אָבער, ווען אַהרקע איז געווען גרייט צו גיין צום סדר אין שטאָט אַריין, האָט מען אים — און אויך די אַנדערע יידן — נישט אַרויסגעלאָזט פון דער קאַזאַרמע. גראָד ערב־פּסח איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. דער פּאָלק האָט זיך פיבערדיק גענומען גרייטן אויפצונעמען רעזערוויסטן און איז געשטעלט געוואָרן אין אַ מלחמה־צושטאַנד מיט אַלע פּיטשעווקעס. פאַר די יידישע סאָלדאַטן איז דאָס געווען אַ פאַרשטערטער פּסח. אַ גרויסע טרייסט איז אָבער געווען דאָס וואָס די סוּאוואַלקער יידן האָבן אין זיי נישט פאַרגעסן.

שפּעט אין אָוונט, ס׳הייסט, האַרט פאַרן זעצן זיך צום סדר, איז אָנגעקומען אין דער קאַזאַרמע אַ טראַנספּאָרט מצות. אָט די טרוקענע מצות, הגם אָן וויין, אָן קניידלעך, און אין אַ שמוציקער קאַזאַרמע, אין אַ גויאישער אַטמאָספערע, האָט ביי אַהרקען אַרויסגערופן טרערן פאַר פרייד. וואָס פאַר אַ גליק און דערהייבונג ס׳איז צו זיין אַ ייד! אָט האָבן יידן נישט געקאָנט זיך זעצן מיט זייערע משפחות צום סדר־טיש, ביז זיי וועלן פריער נישט באַזאָרגן די יידישע זעלנערס, לפּחות, מיט מצות. זאָלן די קאַזאַרמע־יידן וויסן, אַז מ׳האָט זיי אין זינען. ס׳קאָן נישט זיין קיין אמתער זמן חרותנו אין אַ יידיש הויז, אויב ערגעץ וועלן זיך וואַלגערן יידן אינגאַנצן אָן דעם טעם פון פּסח.

יענעם אָוונט, די ערשטע סדר־נאַכט, איז אַהרקע געזעסן אין דער קאַזאַרמע און האָט לאַנגע שעהן געטראַכט וועגן עם־ישראל און זיין געשיכטע, וואָס איז פול מיט רחמנות און רעטונג.

## 39.

# נאָך דער סאָלדאַטסקער „קעסט״

צוויי וואָכן פאַר פּסח, אין יאָר 1914, איז אַהרקע באַפרייט געוואָרן פון דעם מיליטער־דינסט.

אייגנטלעך האָט ער געדאַרפט באַפרייט ווערן נאָך מיט זעקס חדשים צוריק. דאָס איז געווען נאָכן אָפּדינען גאַנצע דריי יאָר, אַזוי ווי דאָס מיליטערישע געזעץ פאָדערט. און ער וואָלט טאַקע אַ טאָג לענגער נישט פאַרהאַלטן געוואָרן. אָבער מיטאַמאָל איז דער פּאָליטישער הימל אין אייראָפּע געוואָרן פאַרכמאַרעט — און די מיליטערישע קאָמאַנדע פון פּאָלק האָט אים, אַהרקען, און אויך אַלע וואָס האָבן געזאָלט באַפרייט ווערן, פאַרהאַלטן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. וואָס איז געשען ?

אַ מלחמה האָט אויסגעבראָכן אין די באַלקאַנען. יעדעם מלוכהלע פון די באַלקאַנען האָט געהאַט אַן אָנשפּאַר אויף איינעם, אָדער אַן אַנדערן פון די גרויסע מלוכות אין אייראָפּע. און די גרויסע מלוכות האָבן געהאַלטן אַן אויג איינע אויף דער אַנדערער צו זען צי זי נעמט שיקן משחיתים צו איר צד. אויב יאָ, וועט זיך אויך די צווייטע גרויסע מאַכט פאַרקאָשערן די אַרבל — און היידאָ.

יעדער אין דער קאַזאַרמע האָט געוואוסט, אַז דער גאָטס־גע־זאָלבטער צאַר האָט נישט ליב צו שטיין אָנאַזייט. ער מוז זיין אַ מחותן אויף אַלע חתונות. עפּעס אַ קליינינקייט ! אַזאַ הויך עטישער הערשער וועט נישט שווייגן, אויב עמעצער וועט טאָן אַן עוולה אַ קריסטלעכער מדינה פון זיין גריכיש־אָרטאָדאָקסישער רעליגיע. די גלייכסטע זאַך איז דערפאַר געווען צו פאַרהאַלטן אַלע סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען באַרעכטיקט צו גיין אַהיים. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. זאָלן זיי בעסער זיין צו דער האַנט. יעדע מינוט האָט זיך איטלעכער געריכט צו הערן דאָס שרעקלעכע וואָרט : מלחמה !

נו, האָט אַהרקע געוואַרט. און וואַרטנדיק איז דערווייל אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַ חודש נאָך אַ חודש. ס׳האָט זיך געצויגן ווי פון פּעך. דער אמת איז, אַז אַהרקע האָט זיך געפונען אין אַ צוויי־געמיטלעכן מעמד. אין משך פון דער גאַנצער צייט פון

דינסט האָט ער געהאַלטן אין איין אויסקוקן אויפן גאולה־טאָג, ווען ער וועט ווערן אַ פרייער פויגל. אַז דער געהאָפּטער טאָג איז געקומען, האָט אָבער מיט אים געטראָפן דאָס זעלבע וואָס מיט יתרו: ער האָט זיך געפריידט, אָבער ס'האָט אים אויך „געשטאָכן". ער האָט זיך געפריידט, ווייל ער ווערט פּטור פון דעם קנעכטיש לעבן. ס'איז אים אָבער גלייכצייטיק געוואָרן אומעטיק אויפן האַרץ, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר, קיין תכלית אין ציווילן לעבן.

פאַר די דריי יאָר צייט, וואָס ער האָט געדינט, האָט אים די שטענדיקע זאָרג וועגן אַ תכלית צו רו געלאָזט. ער האָט נישט געהאַט קיין צרות פון „היינט" און נישט פון „מאָרגן". ער איז דאָך געווען אויף קעסט ביי פאָניען. אַלץ איז געווען פיקס־און־פאַרטיק פאַר אים. ער האָט געהאַט אַ „דירה", שפּייז, מלבושים, אַ מרחץ, וואו ער האָט זיך געקאָנט גוט אויספּאַרען דעם גוף און אויסוואַשן זיינע אונטערוועש. און נישט נאָר דאָס. אויך דאָקטוירים האָט ער געהאַט אומזיסט. און אויך רפואות אָן אַ פּרוטה באַצאָלט. למשל, דער לעצטער ווינטער. דעם לעצטן ווינטער האָט זיך אין פּאָלק אריינגעכאַפּט די מגפה פון דער גריפּ. דאָס שפּיטאָל איז געווען אָנגעפּאַקט מיט חולאים. און ער, אהרקע, בתוכם.

אַ הויכע היץ האָט אים, אהרקען, אַרומגעכאַפּט און געמוטשעט טעג און נעכט. קיין באַדייטנדיקע הילף איז נישט געווען. אַן איין־און־איינציקער סאַניטאַר, אַ פעלדשער, האָט געהאַט דעם אויפזען אפשר איבער פופציק בעטן. אויף אַ טישעלע, לעבן אהרקעס בעט, איז געשטאַנען אַ פלאַש מיט וואַסער — און ער, דער חולה, האָט געדאַרפט דערפון טרינקען וויפל ס'האָט נאָר געקאָנט אריין אין אים. אַז די טעמפּעראַטור האָט אָבער נישט נאָכגעלאָזט און איז אַרויפגעשטיגן זייער הויך, ערשט דעמאָלט האָט דער פעלדשער רעפּאָרטירט דעם הויפּט־דאָקטער, וואָס האָט געהאַט דעם ראַנג פון גענעראַל. ער איז געקומען, געגעבן אהרקען עפּעס אַ רפואה — און נאָך אַ היפּשער צאָל טעג איז ער, אהרקע, צוריקגעקומען צו די כוחות. ס'רעדט זיך נאָר אַזוי, „צוריקגעקומען". ער איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מ'האָט אים געמוזט גוט צופּילעווען, כדי ער זאָל זיך קאָנען שטעלן אויף די פיס. אין משך פון עטלעכע וואָכן האָט מען אים אין שפּיטאָל געגעבן נערעוודיקע מאָלצייטן. יעדן טאָג — קאָטלעטן. זיי זענען

געווען זייער באַטעמט. הלוואַי וואָלט ער דאָס געקראָגן כאָטש איין מאָל אַ וואָך, ווען ר׳איז געווען געזונט. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַ גוטער וואונטש. מ׳האָט געדאַרפט זיין אַ חולה־מסוכן, כדי צו האָבן דאָס רעכט אויף גוטער שפּייז.

און נאָך עפּעס. ווי אויף צו פאַרשענערן פאַר אים דאָס סאָלדאַטסקע לעבן האָבן מיסטעריעזע כוחות אונטערגערוקט אַהרקען, ביים סוף פון זיין דינסט־צייט, אומדערוואַרטע פּריווילעגיעס. וואָס האָט געטראָפן?

דעם פעלדפעבל האָט זיך פאַרגלוסט צו גיין אין אַ מיליטערישער שול, כדי צו דערגרייכן צו עפּעס העכערס, אפשר אריינגענומען ווערן אין דער משפּחה פון אָפיצערן. איידער ער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער שול, האָט ער זיך אָבער געדאַרפט צוגרייטן מיט אַ צאָל לימודים. איינער פון זיי איז געווען מאַטעמאַטיק. דאָס איז פאַר אים געווען אַ האַרטע נוס צו צעקנאַקן. האָט ער געטראַכט און געטראַכט — און זיך דערמאָנט אין דעם „אוטשאָני יעווריי״, אַהרקען. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און ער האָט אים אריינגערופן צו זיך אין דער קאַנצעלאַריע און מיט הכנעה געקוקט:

— אַהרקע... וואָלסט מיר געוואָלט העלפן?

— מיט וואָס? — האָט אַהרקע געפרעגט.

— מיט אַריטמעטיק, — האָט דער פעלדפעבל געקוקט מיט געבעט אין די אויגן.

— קאָניעטשנאָ... — האָט אַהרקע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— כ׳וועל עס דיר, אַהרקע, קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כ׳וועל טאָן פאַר דיר וואָס נאָר דו וועסט בעטן.

יאָ טאָן, נישט טאָן. דאָס איז אים, אַהרקען, נישט אָנגעגאַנגען. פאַרוואָס נישט העלפן אַ מענטש, ווען ר׳איז אין קלעם?

ס׳האָט זיך אַזוי געפירט, אַז אַהרקע האָט גאָרנישט געדאַרפט בעטן. דער פעלדפעבל האָט אים באַפרייט פון אַלע מיליטערישע פליכטן. ער איז געגאַנגען אין שטאָט אַריין, ווען נאָר ער האָט געוואָלט. און אַז ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט אַ באַגער צו האָבן אַ היימיש מאָלצייט, איז ער גלייך אַוועק צו חנהן, וואָס האָט געהאַט

איר רעסטאָראַן אויף אַ זייטיקער גאַס אין סואוואַלק. בקיצור, ער האָט געלעבט ווי אַן „אַריסטאָקראַט".

אָט דאָס אַלץ איז אים מיטאַמאָל געקומען אויפֿן זכרון, ווען ער איז באַפֿרייט געוואָרן צו גיין אַהיים.

סײַ־ווי, פֿון דער שרעק פֿאַר דער דערוואַרטער מלחמה אויף די באַלקאַנען האָט זיך אויסגעלאָזט מיט פֿרייד. ס'איז דאָרטן צו קיין קאָנפֿליקט נישט געקומען — און אַ בשורה, צום צווייטן מאָל, און נאָך זעקס חדשים הענגען אין דער לופֿטן, איז אָנגעזאָגט געוואָרן די פֿאַרהאַלטענע סאָלדאַטן, אַז זיי גייען אַהיים אויף אַן אמתן.

ענדלעך איז דער אויסגעהאָפֿטער טאָג צו גיין אַהיים טאַקע געקומען. די באַפֿרייטע סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אין עטלעכע לאַנגע רייען אויפֿן ברייטן פּלאַץ פֿון די קאַזאַרמעס, און דער פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו האָט פֿאַר זיי געהאַלטן אַ געזעגענונגס־רעדע, פֿול מיט אָנווייזונגען וועגן פּאַטריאָטישע פֿליכטן.

— צו יעדער צייט — האָט ער געזאָגט — זאָלט איר זײַן גרייט צוריקצוקומען צו דער ביקס. אַז דער צאַר וועט דאַרפֿן אײַער הילף, זאָלט איר לאָזן שטיין אַלץ און אַלעמען און זיך איילן צוריק צו די קאַזאַרמעס. אַז די מוטער רוסלאַנד, אָדער דער פּראַוואָסלאַווער גלויבן, וועט זײַן אין געפֿאַר, זאָלט איר גלייך אויספֿאָלגן דעם מאָביליזאַציע־רוף און נעמען דאָס געווער אין האַנט.

נאָך דער „דרשה" האָבן זיך געלאָזט הערן דונערנדיקע טענער פֿון אַן אָרקעסטער — און אונטער דער באַגלייטונג פֿון טראַסק־און מאַרש־מוזיק זענען די באַפֿרייטע סאָלדאַטן, און אַהרקע בתוכם, אַרויס פֿון דעם קאָשאַרן־פּלאַץ און האָבן אַוועקגעמאַרשירט צום וואָקזאַל.

יאָ, אויפֿן וועג אַהיים, נאָך דער סאָלדאַטסקער קעסט, איז אַהרקע געווען אומעטיק, אָנשטאָט אויפֿגעלייגט. די אַלטע ווערעם זענען צוריקגעקומען און האָבן גענודיעט, געביסן. יעדער ביס האָט געפֿרעגט: נו, וואָס וועט זײַן איצט? וואָס וועסטו טאָן?

אין דער היים האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, נישט געוואוסט וועגן אַהרקעס דאגות. טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטערס, אַלע זענען געווען מלא שימחה וואָס ער איז שוין פּטור געוואָרן פֿון פֿאָניען. די מוטער האָט נישט געבאַלעמוטשעט. זי האָט נאָך געהאַט צייט, טאַקע נישט

קיין סך, און איז מיט אַהרקען אַוועק צו דער מומע פינקלם שניטקראָם, און דאָרטן האָט זי אויסגעקליבן אַ פיינע סחורה אויף אַ גאַרניטור. נאָכדעם איז זי מיט אַהרקען אַוועק צום שניידער ישראל מאַטשעס, וואָס האָט געמוזט צוזאָגן, אַז אַהרקע וועט אם ירצה השם האָבן דאָס מלבוש אויף פסח.

און ישראל מאַטשעס האָט געהאַלטן וואָרט.

אַחוץ זיין באַטריבטקייט מכוח אַן אַנהאַלט אין לעבן, איז אים, אַהרקען, אויך געווען אומעטיק איבער עפּעס אַנדערש. ווי נאָר ער איז געהאַט אַהיימגעקומען האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זייער שכן, ברוך יאַנקל באַרוכין, האָט פאַרקויפט זיין הויז און זיך אַרויסגעקליבן קיין פינסק. וואָס האָט דאָס געמיינט פאַר אים, אַהרקען? ראָזקע — ברוך יאַנקל באַרוכינס שיינע טאָכטער — איז מער נישט געקומען צו זיינע עלטערן אין הויז צו לייען די פסחדיקע לייקע אויף איבערצוגיסן דעם וויין אין פלעשער. ער וועט מער נישט האָבן די גאָלדענע געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך מיט איר און רעדן — און געבן אַנצוהערן וועגן זיינע געפילן צו איר. אוי, וואָס פאַר אַ טריבער פסח דאָס איז געווען פאַר אים! אַ פסח אָן ראָזקען אין שכנישן הויז איז דאָס מאָל פאַר אים געווען ווי פסח אָן וויין.

נאָך פסח האָט אַהרקע געפונען עפּעס אַ תירוץ פאַר די עלטערן — און ער איז אַוועק קיין פינסק. ס'איז געווען אין ל"ג בעומר. געקומען אין ראָזקעס הויז, האָט ער דאָרטן אָנגעטראָפן אויף אַ חתונה פאַר ראָזקעס שכנס אַ טאָכטער. אַהרקע און ראָזקע האָבן געהאַלטן אַ שטאַנג פון דער חופה און ביידע, מיט צעשטראַלטע פנימער, האָבן געקוקט אויפן רב ווי ער איז מסדר קידושין די חתן־כלה. אַהרקע האָט געפילט ראָזקעס נאָנטקייט ביי זיין זייט.

— איז דאָס נישט זייער אַ שיינע צערעמאָניע? — האָט זי אויפגעהויבן אירע לאַשטשענדיקע אויגן צו אַהרקען און געפרעגט מיט צניעותדיקן ציטער אין איר שטים.

אַהרקע האָט געשוויגן. דאָס איז געווען די פּאַסיקסטע געלעגנהייט, ער זאָל עפענען זיין מויל און אַרויסברענגען דעם סוד פון זיין טיפער פאַרבאָרגנקייט. זאָל זי וויסן וועגן זיינע צאַרטע געפילן צו איר. אָבער ער האָט געשוויגן. פאַרוואָס?

דער געדאַנק וועגן זיין באַדנלאָזיקייט האָט זיך אים נאָכ־

געשלעפּט ווי אַ שאָטן, טראָט נאָך טראָט. וואָס פּאַר אַ ממשות האָבן ליבע־רייד — האָט ער געטראַכט — אַז דו ביסט אַ לא־יוצלח, אַז דו וועסט נישט קאָנען מפרנס זיין דיין „אסתר המלכה"?

דער סוף: ער איז געקומען קיין פּינסק מיט גאָרנישט און ער איז אַוועקגעפאָרן מיט גאָרנישט.

גלייך נאָכן צוריקקומען אַהיים, האָט דער פאָטער אַוועקגענומען אַהרקען אין אַ זייט און אים פאָרגעלייגט אַ שידוך מיט אַ רייך פּיעטריקאָווער מיידל.

—מ'וועט דיר געבן — האָט דער פאָטער געזאָגט — אַ צוויי־דריי יאָר קעסט און אַ שיינעם נדן אין צוגאָב.

אויך פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן. אַהרקע האָט געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך — צו פאָרן קיין לאָדזש און דאָרטן זיך באַזעצן אויף שטענדיק.

## .40

# אין שטאָט פון גרויסע מעגלעכקייטן

אין לאָדזש האָט געוואוינט אַהרקעס ברודער, משה. ער איז שוין דאָרטן געווען אַ תושב זינט אַ לענגערער צייט צוריק. אויך האָבן דאָרטן געוואוינט אַהרקעס קוזינען: חיים, דעם פעטער אריה'ס זון, און יודקע מיט מענדל, דער מומע ביילעס זין. סיי דער ברודער משה און סיי די דריי קוזינען האָבן געאַרבעט. זיי זענען געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשידענע פאַכן.

אַהרקע האָט געהאָפט צו קריגן אַ שטעלע אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואו די צוויי קוזינען חיים און מענדל זענען באַשעפטיקט. דער עיקר האָט ער זיך געשטיצט אויף חיימען. ער איז געווען אַ מענטש מיט כאַראַקטער און האָט געפילט אַ נאָנטקייט צו קרובים. אַז אַהרקע האָט זיין פּלאַן צעלייגט פאַר דעם פאָטער, האָט דער טאַטע זיך נישט געשפּאַרט, נישט אָפּגערעדט דעם זון פון לאָזן זיך אין דער גרויסער שטאָט אַריין. דאָס איז פאַר אַהרקען געווען אַ חידוש. נאָך אַלעמען, ער האָט דאָך שוין דאָרטן איין זון. פאַרוואָס אַרויסלאָזן פון הויז נאָך איינעם? ס'וואָלט נישט געווען קיין

איבעררראַשונג, ווען ער שטעלט זיך יאָ קעגן אַהרקעס פּלאַן. אַ טאַטע איז דאָך אַ טאַטע. אָבער אויסערלעך איז נישט געווען קיין סימן דערפון. גאָר פאַרקערט. ער האָט ליבלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געגעבן אויף די הוצאות קיין לאָדזש.

אָנגעקומען קיין לאָדזש, האָט אַהרקע זיך אַרומגעכאַפּט מיטן ברודער משה, מיט די דריי קוזינען, און דערציילט זיי וועגן זיין פּלאַן. יעדער איז געוואָרן ערנסט, גענומען זיך אַריינטראַכטן אין אַהרקעס רייד און קוקן איינער אויפן אַנדערן. פון דעם ברודער משה האָט אַהרקע גאָרנישט דערוואַרט. ער האָט געאַרבעט ביי אַ פאַך, וואָס אַהרקע אין אין דעם נישט געווען פאַראינטערעסירט. פון די צוויי קוזינען, חיים און מענדל, איז אָבער געווען אָפּהענגיק זיין צוקונפט אין לאָדזש. זיי האָבן דאָך געאַרבעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע!

דער ערשטער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם פאַר־טראַכטקייט־טראַנס, איז געווען מענדל. ער איז געוואָרן שטאַרק אויפגעהייטערט, געוואָרן שטאַרק באַרעדעווודיק און אַ קלאַפּ געטאָן אַהרקען אויף דער פּלייצע:

— זיי נישט פאַרדאַגהט, אַהרקע, — האָט ער געטברודעריש, מיט געלעכטער, אונטערגעגעבן מוט. — וועסט נישט פאַרלוירן גיין אין דער גרויסער שטאָט. דאָס איז אַ מקום פון גרויסע מעגלעכקייטן. דערצו פאַר אַזאַ איינעם ווי דו ביסט.

און נאָכדעם אים פאַרבעטן צו אַ מאָלצייט:

— מאָרגן קום איך נאָך דיר. גיי נישט אין ערגעץ. קאָנסט פאַרבלאָנדזשען. ס'אַ גרויסע שטאָט... וואַרט אויף מיר.

צומאָרגנס איז ער טאַקע געקומען און אַרויסגענומען אַהרקען. ער איז מיט אים אַוועק אין אַ גרויסן רעסטאָראַן און האָט געהייסן דעם קעלנער דערלאַנגען פון כל טוב.

אַהרקע האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דער האַלבער הון, וואָס מ'האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין טעלער. דערצו האָט ער פאַרגעסן ווי צו באַניצן זיך מיט גאָפּל און מעסער. אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט דאָס קיינמאָל נישט געוואוסט. פון וואַנען? אויף זיינע וואַנדערונגען איז אים נישט אויסגעקומען עסן אין אַזעלכע פּלעצער, וואו מ'דאַרף זיך אויפפירן צירלעך־מאַנירלעך. און אַוודאי האָט ער נישט געהאַט קיין „עסקים" מיט האַלבע הינער. דאָס זיצן

און „עסן" אין דעם גרויסן לאַדזשער רעסטאָראַן איז דערפֿאַר געווען פֿאַר אַהרקען אַן אמת אָפּקומעניש. דער סוף פּסוק איז געווען, אַז ער איז אַרויס פֿון דעם עס־פּלאַץ אַ פֿולשטענדיק הונגעריקער. ווייזט אויס — האָט אַהרקע געטראַכט — אַז דער עיקר איז נישט „וואָס" מ׳עסט, נאָר וואו און ווי. דער אַרום, די סביבה, דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דיין געמיט, צו דיינע געוואוינהייטן.

נאָך אָט דעם געהויבענעם מאָלצייט איז מענדל שוין מער נישט געווען דער זעלבער וואָס נעכטן. זעלטן ווען אַז ער האָט, גייענדיק אין דרויסן, זיך אומגעקוקט אויף אַהרקען. ער האָט זיך אַפּילו געשעמט צו גיין מיט אים. אַהרקע האָט געמיינט, אַז זיין גאַרניטור, וואָס דער בעסטער לולינער שניידער, ישראל מאַטשעס, האָט אויפגענייט, דאַרף מאַכן אַ פֿוראָר אין דער גרויסער שטאָט. דאָס מלבוש איז דאָך געווען צוגעשניטן צו דער ריכטיקער מאָס. ס׳איז געלעגן אויף אים ווי אַ הענטשקע אַרויפגעצויגן אויף אַ האַנט. בעסער האָט גאַרנישט געקאָנט זיין. פֿאַר אים, מענדלען, איז עס אָבער געווען פּראָווינציעל. און נישט נאָר וואָס אַנבאַלאַנגט דעם הילוך איז ער געווען קאַלט. אַפּילו וואָס שייך אַרבעט האָט ער נישט געטאָן קיין פֿינגער אין קאַלטן וואַסער. פֿון זיינע צוזאָגן און פֿון דעם אונטערגעבן מוט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. אַהרקע האָט זיך געדאַרפֿט ריכטן אויף דעם. ער האָט געקענט דעם קוזין מענדל נאָך פֿון דער היים. ער האָט אָבער געמיינט, אַז אין דער גרויסער שטאָט האָט ער זיך געביטן.

מענדל האָט זיך אַלעמאָל געקליידט ווי אַ פּראַנט, געהאַלטן זיך גאַווהדיק. די משפּחה איז אים אַפּילו אין דער לינקער פּאה נישט געלעגן. נישט נאָר האָט ער מיט אַ פֿינגער אויף אַ פֿינגער נישט אַ קלאַפּ געטאָן פֿאַר זיין קוזין אַהרקע. ער האָט בכלל נישט געהאַט קיין באַגער, קיין באַדערפֿעניש, צו טאָן עפּעס אַפּילו פֿאַר עמעצן אַנדערש. דאָך, ווי האָט ער געקאָנט זיין אינגאַנצן אָן אַ פּיצל אחריות צו זיין קוזין? אַהרקע איז דאָך פֿאָרט אַ קרוב. נו, האָט ער אים אַריינגענומען אין אַ פּרעכטיקן רעסטאָראַן — און דערמיט איז זיין אחריות־געפֿיל, אויב ס׳איז געווען אַזעלכעס, אַוועק.

פֿון אַן אַנדער טייג איז אָבער געווען געקנאָטן זיין קוזין חיים. חיים איז געווען אַן ערנסטער. ער האָט קיין סעודות נישט געפּראַוועט

פאַר אַהרקען, קיין איינציקן גראַשן נישט אויסגעגעבן אויף אים, אָבער, ער איז מיט לייב און לעבן געווען אַריינגעטאָן אין העלפן אַהרקען שטעלן אים אויף זיינע אייגענע פיס, ער זאָל ווערן אַ זעלבסט־שטענדיקער מענטש. און נישט נאָר צו אַהרקען. ער איז אַזוי געווען צו יעדן איינעם פון דער משפחה. זיין אידעאַל איז געווען — אַרויס־שלעפן ווען נאָר מ'קאָן פון לולין, וואו מ'האָרעוועט צום טויט און מ'האָט דערפון גאָרנישט.

— לאָדזש — האָט ער אָפט מיט איבערצייגונג אין קול געזאָגט — האָט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר אונדזערע יידן.

ווען ער האָט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „אונדזערע" האָט ער געמיינט די ליטווישע יידן, וואָס קאָנען גוט די רוסישע שפּראַך. און ווי נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מענדל האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון עפּעס טאָן פאַר אַהרקען, האָט ער, חיים, גענומען פלייסיק זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג פאַר זיין קוזין.

יעדן טאָג האָט ער אָפּגעשפּאָרט וויפל נאָר ער האָט געקאָנט פון זיין מיטאָג־צייט און איז אַרומגעלאָפן איבער זיינע באַקאַנטע קאָמיסיאָנערסקע קאַנטאָרן נאָכצופרעגן זיך צי מ'קאָן געבן זיין קוזין וועלכע־ס'איז אַרבעט. און אַז ער האָט, נאָך אַלע זיינע אַרומלויפעניש, גאָרנישט געקאָנט געפינען, האָט ער איינגערעדט זיין באַלעבאָס, כאָזין, ער זאָל אַריינגעמען אַהרקען אין זיין פּלאַץ פאַר 20 רובל אַ חודש.

חיים האָט געהאַט אויסגעאַרבעט אַ ווייט־לויפנדיקן צוקונפטס־פּלאַן, וואָס האָט אַהרקען שטאַרק אימפּאָנירט. און ווען קיין דרויסנדיקע שטערונגען וואָלטן זיך נישט אַריינגעמישט, וואָלט אַלץ געגאַנגען גלאַטיק, כשורה, אַזוי ווי אַ מזמור. באַזירט איז חיימס פּלאַן געווען אויף דער אַרבעט, וואָס ער האָט איצט געטאָן.

זיין איצטיקע אַרבעט איז געווען: צו גיין צו די האָטעלן, באַגעגענען די רוסישע קופּצעס פון טיף־רוסלאַנד און ברענגען זיי צו כאָזינס קאַנטאָר. דאָרטן האָט כאָזין געמאַכט אַ צעטל פון די סחורות, וואָס די קופּצעס האָבן באַשטעלט, און אַ שטיקל צייט שפּעטער, נאָכן איינקויפן די סחורות ביי די טעקסטיל־פאַבריקאַנטן, האָט ער זיי עקספּעדירט צו די אָנגעגעבענע אַדרעסן. כאָזין, פאַרשטייט זיך, האָט דערביי געמאַכט אַ שיינעם קאָמיסיאָנערסקן פּראָצענט.

איז פארוואס זאל ער, חיים, שטענדיק ארבעטן פאר כאזינען? ווי ווייט קאן מען אוועק אז מ'איז א שכיר־יום? וועט ער טאן אט וואס: ער וועט זיך באמיען צו ווערן זייער נאנט מיט אט די סוחרים. אז ער וועט קריגן זייער צוטרוי, וועט ער ווערן א וואיאזשאר און ארויספארן צו זיי, ס'הייסט צו די ערטער, וואו זיי האבן די געשעפטן. דאס וועט אים צונויפקניפן ענגער מיט די קופצעס, שאפן א פריינד־שאפט, און דעמאלט וועט ער ווערן אויס לוין־ארבעטער. ער וועט עפענען זיין אייגענע קאמיסיאנערסקע קאנטאר — און צושטעלן סחורות צו זיינע פארטיקע קונדן.

גוט, דאס איז אויסגעצייכנט פאר אים, חיימען. און וואס האט ער געהאט אין זיין פלאן פאר אהרקען?

פאר אהרקען האט חיימס פלאן אנגעצייכנט אן אנדערע סטראטעגיע. ווי נאר ער, חיים, וועט זיך לאזן אין וועג אריין ווי א וואיאזשאר, וועט אהרקע פארנעמען חיימס פלאץ ביי כאזינען. און דאס איז זיכער ווי ס'איז טאג, ווען די זון שיינט. די סיבה? אהרקע באַ־הערשט די רוסישע שפראך אויסגעצייכנט. און אן דער שפראך קאן מען חיימס ארבעט נישט טאן. קיין סך ווי אהרקע זענען נישטא צו דער האנט. איי, ס'זענען דא נאך אנדערע ארבעטן אין כאזינס קאנטאר? דאס זענען קלייניקייטן, וואס אהרקע וועט זיך אויסלערנען איינס־צוויי.

אהרקען איז דער פלאן, ווי געזאגט, שטארק געפעלן געווארן. ער האט דערין געזען א מאטעריעלן יסוד פאר דער צוקונפט. דערוויל, ביז ווען און וואס, האט ער זיך ארומגעדרייט אין כאזינס געשעפט. ער איז געגאנגען אהין, אהער. קיין סך ארבעט איז פאר אים נישט געווען. אין אמתן האט כאזין געקאנט אויסקומען אן אהרקען. עטלעכע מאל האט חיים צוגעשארט אהרקען עטלעכע רוסישע קופצעס — צו ווייזן זיי די מוסטערן פון סחורות, כאטש ער אליין, חיים, האט געהאט גענוג צייט דאס צו טאן. ער האט געוואלט ווייזן דעם באלעבאס כאזין, אז אהרקע טויג זיך אוים מיט די רוסן.

דאס האט אהרקען געגעבן א סך קוראזש. מיט דער צייט — האט ער געטראכט — וועט ער ווערן דער גאנצער פארוואלטער פון כאזינס קאנטאר. אט אזוי ווי זיין קוזין חיים האט געפלאנירט. זיין שטימונג איז געווארן אויפגעהייטערט. ער איז ארויף אויף א וועג,

האָט ער געפֿילט, וואָס וועט אים פֿירן צו אַ ליכטיקער צוקונפֿט. קיינער וועט מער נישט קוקן אויף אים ווי אויף אַ לא־יוצלח, וואָס דאַרף אָנקומען אויף קעסט און צו נדן.

אָבער ווי זאָגט אַ ווערטל: אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. אַהרקע האָט זיך נאָך רעכט נישט געהאַט אָנגעוואַרעמט ביי כאַזינען אין געשעפֿט, ער האָט נאָר־וואָס געהאַט געקראָגן זיינע ערשטע 20 רובל שכירות — און די גרויסע בראָך איז געשען: די מלחמה!

פֿאַר אַהרקען איז דאָס געווען ווי אַן אומגעריכטער קלאַפּ מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ. ער האָט פֿריער קיין שום אָנונג נישט געהאַט וואָס עס גייט אָן אין דער וועלט־פּאָליטיק. אמת, ער האָט געהאַט געהערט, אַז ערגעץ־וואו, אין סאַראַיעוואָ, האָט מען דערשאָסן אַ פּרינץ, און אַז עס גייט אָן אַן איבעררייד וועגן דעם צווישן די גרויסע מלוכות. אָבער וועמען איז געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז איבער אַ פּרינץ וועט מען גיין און חרוב מאַכן איינע די אַנדערע? די טיפֿע חשבונות, וואָס די גרויסמאַכטן האָבן געהאַט צווישן זיך, דאָס איז גאָר אַהרקען געווען לחלוטין פֿרעמד. יעדנפֿאַלס, ווייבאַלד ס׳איז טאַקע מלחמה, איז ער דאָך, אַהרקע, אַ געהויבענער מחותן! מחמת ער איז אַ רעזערוויסט, איז ער דאָך — אפֿילו ווען ער וויל נישט — פֿאַרבעטן צו דער חתונה!...

יאָ, פֿון אַלע זיינע חלומות איז געוואָרן אַש.



## .41

# די מאָביליזאַציע

אויף סלופּעס און ווענט זענען געווען אויסגעקלעפּט לאַנגע מודעות, וואו ס'איז אויסגערעכנט געוואָרן וועלכע רעזערוויסטן ס'ווערן גערופן צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן דעם שונא דייטשלאַנד. רעדלעך מענטשן זענען געשטאַנען אַרום די סלופּעס, פאַר די ווענט. זיי האָבן אויפמערקזאַם געליינט, אָדער זיך צוגעהערט צו עמעצן, וואָס האָט דאָס געליינט הויך אויפן קול פאַר אַלעמען אַרום און אויסגעטייטשט די שווערע פאַראַגראַפן. אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט אַרום און אַרום.

יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. די קוזינען חיים און יודקע, — מענדלס ברודער, — פּונקט אַזוי ווי אַהרקע, זענען געווען אין זאַפּאַס, אין רעזערוו, הייסט עס. אַלע דריי האָבן זיך געדאַרפט גלייך צושטעלן צום דינסט אין מיליטער.

חיים האָט, אָן קווענקלעניש, באַשלאָסן זיך מעלדן וואו מ'דאַרף. זיין מיינונג איז געווען, אַז די מלחמה וועט זיין אַ קורצע, און אַז לאָדזש, דער צענטער פון טעקסטיל, וועט בלייבן ביי די רוסן. זיין גורל, האָט ער געזאָגט, איז ענג פאַרבונדן מיטן רוסישן לאָדזש. אויב דער דייטש זאָל, חלילה, געווינען, וועט לאָדזש זיין אויסגעשפּילט פאַר יידן, ווייל דער דייטש האָט זיין אייגענע גוט־אַנטוויקלטע טעקסטיל־אינדוסטריע.

וויבאַלד חיים גייט, איז ביי אַהרקען נישט געווען קיין אַנדערע מיינונג, ווי נאָר אַז ער דאַרף אויך גיין.

וואָלט חיים געטאָן ווי אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן איגנאָרירט דעם צאַרס רוף און זענען געבליבן זיצן אין דער היים, וואָלט ער, און מיט אים אויך אַהרקע, אויסגעמיטן אַ היפּש פּעקל צרות. אָבער ווער ווייסט די סודות פון דער צוקונפט?

ביים אַריינגאַנג פון דער פּריסוטסטוויע האָבן די דריי קוזינען אָנגעטראָפן אַזאַ געדרענג פון מענטשן, אַז ס'איז פּשוט געווען אומ־

מעגלעך אַריינצושטופּן זיך אינעווייניק. עפּעס ווי אַ משוגעת וואָלט זיי אַלעמען אַרומגעכאַפּט. אין דעם געדרענג זענען געווען גרויסע צאָלן יידן. אַהרקען איז געווען שווער צו באַנעמען, פאַרוואָס יידן האָבן זיך אַזוי געאיילט אוועקצוגעבן דעם גוף און די נשמה אין רשות פון דער פאַרהאַסטער צאַרישער רעגירונג, וואָס וועט זיי גלייך אוועקשיקן צו די פראָנטן, וואו ס'האָט אויף זיי געוואַרט אַ מיתה משונה. מילא, די פּאָליאַקן האָבן דערוואַרט, אַז דורך דער מלחמה וועלן זיי אויסלייזן פּוילן פון די רוסישע אָקופּאַנטן. אָבער פאַרוואָס האָבן יידן, און אַהרקע בתוכם, אַזוי זיך געיאָגט צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן? וואו איז געווען זייער פאַרשטאַנד? און וואו איז טאַקע אויך אַהרקעס שכל הישר?

אַרויפוואַרפן אַלץ אויף חיימען האָט קיין זין נישט געהאַט. אין זיין עלטער האָט אַהרקע געקאָנט האָבן זיין אייגענע מיינונג. וואָס זשע דען? ער איז עפּעס געווען ווי אין אַ טומאַן. זיין קאָפּ האָט נישט געאַרבעט לאָגיש. ס'טרעפט אַמאָל, אַז אַ מענטש יוערט אָן זיין אָנהאַלט אין לעבן און ער גייט וואוהין דער ווינט טראָגט אים. און דאָס האָט געטראָפן מיט אים, אַהרקען. ער האָט טייער באַצאָלט פאַר זיין נאַכלעסיקייט, פאַר נישט נוצן זיין קאָפּ ווי געהעריק.

דער קליינער פּאַרק אַרום דער פּריסוטסטוויע איז געווען באַזעצט און באַלייגט מיט רעזערוויסטן, גויים און יידן, און זייערע קרובים. אַהרקע, חיים און יודקע האָבן פאַרנומען אַ ווינקל אויפן שיטערן גראָז — און געוואַרט.

כאַפּטעס מענטשן זענען איינגעשלונגען און אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער קאַזיאָנער געביידע. ס'האָט זיך איבערגעחזרט אָן אַ סוף און אָן אַן עק. אַזוי איז געווען דער ערשטער טאָג, און אויך דער צווייטער. אַהרקע און זיינע צוויי קוזינען האָבן געפּרובירט אַריינ-גיין אינעווייניק, נאָר די מאַסע פּאָליאַקן האָבן זיי צוריקגעשטויסן. אויפן דריטן טאָג זענען זיי ענדלעך אַריין.

אַ פּוילישער טשינאָווניק, מיט פאַרריסענע שפּיציקע וואָנצעלעך, האָט אַריינגעקוקט אין אַהרקעס צעעפנטן פּאַספּאָרט, נאָכדעם באַ-טראַכט דעם רעזערוויסט.

— זשיד? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ.

— אין אַ זייט.

נאָכדעם אַ געשריי געטאָן צו באַדינערם:

— גיט אונדז אַהער פּערציק קאַטאָליקן!

— נישטאָ אַצינד קיין קאַטאָליקן, — איז געווען דער ענטפער.

— נו, דאַ דיאַבלאַ, — האָט דער טשינאָווניק בייז אַ ברום געטאָן. — זאָל שוין זיין זשידעס.

אויף אַזאַ קבלת־פּנים האָט זיך אַהרקע נישט געריכט. וואָס טוט זיך דאָ? ער איז געשטאַנען אין אַ זייט, צוזאַמען מיט חיימען און יודקען און נאָך יידן. אַלע האָבן געוואַרט אַ לאַנגע צייט, ביז מ'האָט יעדן פון זיי דערלאַנגט אַ צעטעלע.

אויף אַהרקעס צעטעלע, און אויך אויף חיימס, איז געווען אָנגעשריבן: 17־טער מיליטערישער אָבאָז. אויף יודקעס צעטעלע: 20־סטער מיליטערישער אָבאָז. ווייזט אויס, אַז דאָס פּאַסקודנע פּוילישע טשינאָווניקל האָט זייער נישט געוואָלט, אַז יידן זאָלן געשיקט ווערן אין אַן אָבאָז וואָס איז ווייט פון פייער. פאַרוואָס האָט דער פּוילישער רשע נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז אַ נייע כוואַליע קאַטאָליקן וועט אָנקומען? חיים האָט אַרויסגעזאָגט זיין סברה: דאָס טשינאָווניקל האָט נישט געהאַט קיין ברירה, ווייל אין די ערשטע צוויי טעג זענען די לאַדזשער פּאָלקן פאַרפּולט געוואָרן, האָט מען איצט פון אים געפאָדערט אָבאָזניקעס.

דער אמת איז, אַז ס'איז פאַר אַהרקען און זיינע צוויי קוזינען געווען אַ גליק וואָס די שטאַרקע עלנבויגנס פון די פּאָליאַקן האָבן נישט דערלאָזט, אַז די יידן זאָלן אַריין אין דער פּריסוטסטווע מיט אַ טאָג פריער.

מיטן פאַראָרדענונג־פּאַפּירל אין האַנט, האָט זיך אַהרקע אַרויסגעשאַרט פון דער פּריסוטסטווע און איז אַרויס אין גאַס. אין דרויסן איז געשטאַנען אַן אָנגענעמער טאָג. די זון האָט געשיינט. זי האָט נישט געוואוסט פון קיין חכמות. ס'איז איר נישט אָנגעגאַנגען וואָס מענטשן טוען. אַהרקען האָט פאַרדראָסן אויף איר, ס'הייסט אויף דער ווייטער זון אין הימל. זי שיינט אַזוי פלאַמפייערדיק, אַזוי צעיאַכמערט, ווי אויף להכעיס.

גייענדיק מיט זיינע צוויי קוזינען אין גאַס, האָט אַהרקע אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן דעם סם־המוותדיקן אויפנעם, וואָס ער

און די אַנדערע יידן האָבן געקראָגן ביים טשינאָווניקס טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט גרינעם סאַמעט. ס'האָט אים געשטיקט אין האַלדז און געוואָרגן. ער האָט געוואָלט וויינען, פּשוט זיך אויסקלאָגן, אויסרעווען — און פּטור אַן עסק. דער קוואַל פון טרערן איז אָבער פאַרשטאָפּט געווען.

— זשיד! זשיד!

ווי זלידנע פליגן האָבן די צוויי פאַראַכט־נעמען נישט אויפ־געהערט זשומען אין אַהרקעס אויערן. ווידער האָבן זיך פאַר אים אָנגעהויבן די זעלבע זידלערייען, וואָס ער האָט שוין אַ ביסל געהאַט פאַרגעסן, זינט ער איז באַפרייט געוואָרן פון די סואוואַלקער קאַזאַר־מעס. ווידער הייבט זיך פאַר אים אָן אַ צייט, אַן אומבאַשטימטע צייט, פון קנעכטשאַפט. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער זיך אויסגעשיילט פון דעם גרויען שינעל, און ווידער מוז ער אַריינקריכן אין אים. געוואַלד געשריען! — האָט זיך אַלץ אין אים צערעוועט. — ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו דער עקלהאַפטער סאָלדאַטשינע? ס'איז געווען איינע פון זיינע ביטערסטע שטימונגען אין זיין יונג דערוואַקסן לעבן. ער האָט געפילט ווי אַ משא דריקט אים. אַלץ ביי אים ווערט ווי געליימט, ווערט טעמפּ, פאַרלירט דעם זין פון קיום, פון אַ היינט, אַ מאָרגן. צייט, האָפענונג — זיי האָבן מער נישט עקזיסטירט. אין אַזאַ מעמד האָט ער זיך געפונען, ביז ס'איז אָנגעקומען די מעלדונג, אַז גלייך צומאָרגנס, אין דער פרי, זאָל ער פאַרלאָזן לאָדזש.

יענעם אָוונט, דער לעצטער אָוונט פון זיין ציווילן לעבן, האָט זיך עפּעס מיטאַמאָל אַ ריר געטאָן אין אים, אַהרקען. אָנשטאָט דער דריקנדיקער משא, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנע קרעפּטיקע בענקשאַפט — אַ בענקשאַפט נאָך וואַרעמקייט און צערטלעכקייט פון אַן אייזעלער, חנעוודיקער פרוי. דאָס וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט און וואָס ער וועט מעגלעך קיינמאָל נישט האָבן, אויב זיין לעצטער אָוונט אין ציווילן לעבן וועט אַוועק מיט גאָרנישט.

## 42.

# אין פאַרצאַגטקייט

מיט פאַרחלומטע אויגן און קערפּערלעכן גלוסט האָט זיך אַהרקע יענעם אָוונט אַרומגעדרייט אויף די לאַדזשער גאַסן און געוואַרט אויף אַ נס. צייטנווייז האָט ער געפילט ווי צוגיין צו דער אָדער יענער יונגער פרוי און בעטן רחמים — אַ נדבה אין דער פאָרעם פון אַ קוש. ער האָט געוואָלט כאָטש עטלעכע מינוט געניסן פון אַ „וועָנוס", וואָס וועגן איר האָט ער זיך אַ סך אָנגעלייענט אין די ראָמאַנען פון די רוסישע שרייבערס, איידער ער ווערט אָוועק־געשיקט צו דער וועלט פון ביקס און מיליטערישע פערד־און־וואָגן.

אַ דריבנע רעגנדל איז געפאַלן אויף פּיעטריקאָווער גאַס, די הויפּט־גאַס פון לאָדזש. מענטשן זענען געגאַנגען אַהין און צוריק. אַהרקעס אויגן האָבן געוואַנדערט פון איין פרויען־פּנים צום אַנדערן. ער האָט געהאָפט, אפשר וועט זיך עמעצער פון די פרויען דערבאַרעמען אויף זיין פאַרצאַגטער נשמה. ער האָט מיט קינאה געקוקט אויף די מענער, וואָס האָבן שפּאַצירט געאָרעמט מיט זייערע געליבטע. ס'איז זייער אייגנס. און וואו איז זיין באַשערטע? וועט זי אַמאָל דערשיינען פאַר אים?

פּלוצעם האָבן זיינע אויגן דערזען אַ שיין־געקליידטע דאַמע, מיט אַ סימפּאַטיש פּנימל אונטער אַ גרויסן רונדיקן הוט. זי האָט געטראָגן איבערן קאָפּ אַ צעעפנטן, געבלימלטן שירעם. זי האָט שפּאַצירט איינע אַליין, נישט געאיילט, פונקט קעגנאיבער אים. גוט זיך איינגעקוקט אין דעם סימפּאַטיש פּנימל פון דער דאַמע, האָט אַהרקע באַמערקט ווי זי ווינקט צו אים מיט אַ האַלב אייגעלע און וואַרפט אים צו אַ זיס שמייכעלע.

זי מיינט טאַקע אים? — האָט אַהרקע געטראַכט. — דאַכט זיך, יאָ. נישט „דאַכט זיך", נאָר טאַקע אויף אַן אמת. ער זעט עס דייטלעך. אַ שטראָם פון היץ איז אים דורכגעלאָפן דורכן קערפּער. פול מיט סודותדיקע דערוואַרטונגען האָט ער גענומען נאָכגיין אירע טריט. גאַס־איין, גאַס־אויס. זיינע אויגן זענען געווען ווי צוגעקלעפּט צו איר געפאַלדעוועט שוואַרץ קלייד, וואָס האָט אַרומגעשטייפט אַרום איר טאַליע. דאָס שטילע שאָרכען פון אירע זיידענע אונטער־קליידלעך

האָבן אָנרחמנותדיק גערייצט זיינע נערוון. פאַרוואָס איז איר גענגעלע אַזוי פּאַוואָליע? — האָט ער מיט אומגעדולד געברומט צו זיך און געמיינט די יונגע דאַמע.

ענדלעך האָט זיך דאָס געפּאַלדעוועטע קלייד מיט די זיידענע אונטער־קליידלעך אַריינגעשאַרט אין אַ געעפנטער טיר. די טיר איז געבליבן עטוואָס אָפן, טאַקע נישט קיין סך, בלויז אַ שפּאַרונקעלע. און דאָס, ביז ער, אַהרקע, איז אַריין.

די יונגע דאַמע איז דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן קאָרידאָר, וואו די טירן פון ביידע זייטן זענען געווען פאַרמאַכט. אַהרקע איז איר נאָכגעגאַנגען. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און די דאַמע איז שטיין געבליבן ביי איינער פון די פאַרמאַכטע טירן. אָפּגעעפנט זי, איז די דאַמע אַריין, און אַהרקע — נאָך איר. ביידע זענען אָן אַ וואָרט געבליבן שטיין אַריבער דער שוועל. די דאַמע האָט פאַרריגלט די טיר, און אויסער זיי איז דאָרטן קיינער נישט געווען.

אַהרקע איז צו איר צוגעפאַלן ווי אַ פאַרטשאַדעטער. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ היישעריק, וואָס וויל זיך אָנפרעסן, אָנזויפן אַזוי פיל, אַז ס׳זאָל סטייען אויף די קומענדיקע טעג און נעכט פון הונגער און דאָרשט.

— יאָלד דו איינער! — האָט פלוצעם איר דין שטימעלע דורכ־געלעכערט די לופט און געטראָפן אַהרקען אין האַרץ ווי מיט אַ שפּיז. — דערלאַנג צוערשט די צוויי רובל...

פאַר אַ ווײַלע איז אַהרקע געשטאַנען ווי פאַרטשמעליעט. וואָס האָט זי אים גערופן? וואָס האָט זי פאַרלאַנגט? ניין, נישט דאָס האָט ער געמיינט. ער איז נישט געקומען קויפן ווייבלעכקייט. ער האָט געמיינט, אַז זי דריקט אויס זיין חלום, זיין „וועגוס”. ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג און דער טשאַד איז אַריבער.

אָן אויסגעניכטערטער, האָט אַהרקע ערשט דערזען וואו ער געפינט זיך. דאָס שטיבל, וואָס האָט פריער אויסגעזען גרויס, איז איצט געווען קליין. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ פאַרזשאַווערטע וואַנע. און קעגנאיבער האָט זיך געפונען אַ קושעטקע. אויף דער קושעטקע איז געזעסן אַ נעבעכדיקע פיגורקע, וואָס איז באַלייכט געווען פון אַ בלייך לעמפּל. דאָס פּנימל ביי איר איז געווען אָפּ־געלעבט, באַדעקט מיט רויטער שמינקע. איז דאָס די זעלבע דאַמע,

מיטן געפּאַלדעוועטן קלייד, וואָס האָט שאַרף געצייכנט איר טאַליע? איז דאָס די זעלבע „ווענוס", וואָס דאָס שאַרכען פון אירע זיידענע אונטער־קליידלעך האָט אין אים פריער דאָס בלוט צעזשאַרט און דעם קאָפּ פאַרטשאַדעט? ער האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן זיינע אייגענע אויגן. איז דאָס אַ מיסטעריעזער שפּיל? האָט דאָ געהאַט אַ האַנט איינער אַ האָקוס־פּאָקוסניק?

סיי־ווי, זיינע באַצויבערנדיקע חלומות זענען צערונען געוואָרן ווי רויך. און אין צוגאָב איז זיין לעצטער פרייער אָוונט פאַרפּאַטשקעט געוואָרן ביז חלשות. ער האָט דער פיגורקע אַ שליידער געטאָן צוויי רובל און איז אַרויסגעלאָפן פון דעם „ליבע"־שטיבל.

אויפן וועג אַרוים האָט ער געהערט איר דין שטימעלע:

— ער איז געווים שיכור, אָדער משוגע!

אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָט ער באַמערקט אַ שילד איבערן הויפּט־אַריינגאַנג פון הויז. אויפן שילד איז געווען אָנגעשריבן: רוסיש באָד. דער נאָמען איז געווען נישט מער ווי נאָר צו פאַרדעקן דעם האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה, אַ האַנדל וואָס האָט געקישעט דאָ אַרום און אַרום.

שווער, ווי ער וואָלט אָנגעשאָטן געווען מיט שרויט, האָט זיך אַהרקע אַרומגעשלעפּט איבער די לאָדזשער גאַסן אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ ציל, ביז אַ פרישער טאָג האָט אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן.

און אַז דער טאָג, אַ נאַסער, אַ קילער, האָט זיך צעוואַקסן, איז ער, אַהרקע אַ צונויפגעקאַרטשעטער, שוין געווען פאַרשטעקט אין אַ ווינקל פון אַ פראַכט־וואַגאָן. די לופט אַרום דעם וואַגאָן איז געווען אָנגעפילט מיט געוויין און כליפּען פון פרויען, וואָס האָבן זיך געזעגענט מיט זייערע נאָענטסטע. זייער אָפּט האָט זיך דורכגעריסן אַ פעפערדיקער רוסישער „אין דער מאַמען אַריין", און אַ פוילישע ברכה, ווי „כאָליערא", אָדער „פּשאַקרעוו". אים, אַהרקען, איז געווען גוט. ער איז געווען ווי גאַרנישט. קיינער האָט איבער זיין גורל נישט געקלאָגט, נישט געשלוכצעט. די וואָס וואָלטן דאָס געטאָן זענען דאָך געווען ווייט פון לאָדזש. בטבע האָט ער פיינט געהאַט געוויין, געיאָמער. גראָד איצט האָט עס אים אָבער אויסגעפּעלט. ער האָט עס געוואָלט הערן. ער האָט זיך גענייטיקט אין דעם. ער האָט שטאַרק באַגערט, אַז עמעצער זאָל קלאָגן אויף זיין דאַליע.

ענדלעך האָט זיך דער צוג אַ ריר געטאָן און דער וואַגאָן האָט זיך אַ שאָקל געגעבן. עטלעכע פאַרצווייפלטע פרויען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד אויף זייערע קניען און אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו די רעדער. זיי האָבן, נעבעך, ווי געוואָלט אָפּהאַלטן די רעדער פון אַוועקקייקלען זיך איבער די רעלסן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיי אָבער אָפּגעענטפערט מיט אַ בייז געפייף: נאַרישע ווייבער! אַוועק! און ער האָט מיט רוגזה אַ ריס געטאָן אַלע וואַגאָנעס מיט איין מאָל.

די פאַרשפּעטיקטע רעזערוויסטן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעריסן פון זייערע געליבטע ביז איצט, האָבן גענומען לויפן, אַריינשפּרינגען אין די פאַמעלעך לויפנדיקע וואַגאָנעס און געפאָכעט מיט זייערע הענט צו זייערע פאַרקלאָגטע כלות, ווייבער און קרובים, וואָס זענען געבליבן שטיין אויפן פּעראָן.

— נו, ענדלעך האָט זיך אויך דאָס געזעגענען פאַרענדיקט — און מ׳פאָרט שוין. וואוהין אָבער פאָרט מען? מ׳האָט געזאָגט: קיין בעלסק. דאָרטן וועט זיך צונויפשטעלן דער אָבאָז. דאָרטן וועלן די רעזערוויסטן קריגן זייערע גאַרדעראָבעס, זייערע פערד און וועגענער. וואָס אָנבאַלאַנגט ביקסן און סתם געווער איז געווען אַ חילוקי־דעות. ס׳איז געווען אַ סברה, אַז מ׳וועט דאָס זיי נישט געבן. פּשוט, זיי דאַרפן עס נישט האָבן. צו וואָס? זיי זענען דאָך נישטיקע סאָלדאַטן, פורמאַנעס. די פיעכאָטע וועט זיי היטן, אויב מ׳וועט עס דאַרפן, ס׳הייסט, אין אַן עת־צרה. אים, אהרקען, זענען אָט די אַלע רייד אין איין אויער אַריין, און פון צווייטן אַרויס.

## 43.

# געוואָרן אַ באַלעגאָלע

זיצנדיק אין וואַגאָן האָט אַהרקע געטראַכט ווי אומגעלומפּערט און קרום עס זענען די דרכים פון פאַניען. העכער דריי יאָר האָט מען אים געמושטירט, געקנאָטן די ביינער, געמאַכט פון אים אַ גוטן שיסער, אַ געהאַרטעוועטן פּיעכאָטניק, „אויסגעמענטשלט״, ווי זיין וואַכמיסטער האָט געזאָגט. און איצט, אַז ס'איז געקומען צו מלחמה, וואָס צו איר האָט מען אים צוגעגרייט מיט אַזוי פיל מי און געלט, האָט מען אים גאָר באַשטימט צו אַן אָבאָז, וואו ער וועט ערשט דאַרפן אָנהייבן לערנען פון סאַמע „בראשית״.

ס'איז דאָך פשוט. פאַר פערד האָט ער מורא. נישט ער ווייסט ווי איינצושפּאַנען זיי און נישט ער ווייסט ווי אָנצוטרייבן און אויפפּאַסן אויף זיי. אָט די געדאַנקען האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט און פאַרשאַפט אַ סך זאָרג. ווי אַזוי וועט ער זיך אַן עצה געבן מיט פערד? ווי קומט ער צו זיי? מיטאַמאָל ווערן אַ באַלעגאָלע, אַ שמייסער ביי אַזאַ שטרענגן בעל־דבר ווי פאַניע.

דער וואַגאָן האָט זיך געטרייסלט ווי אין קדחת. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט שווער, ווי ער וואָלט געהאַט אַ קורצן אָטעם. אַ גרויסער טייל פון עולם איז געווען שטיל. יעדער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע דלד אמות, פאַרנומען מיט זיינע אייגענע דאגות און געפילן. אַנדערע זענען געשלאָפן. פון דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ קרעכץ, אַן אויקען. און אָט אַזוי פּאַוואָלינקע איז מען אָנגעקומען קיין בעלסק.

אויף אַ ברייט פעלד, הינטערן שטעטל, לעבן אַ מוטנער לוזשע, וואָס איז געווען היפּש באַוואַקסן מיט וואַסער־פלאַנצן, זענען אין לאַנגע רייען געשטאַנען אויסגעשטעלט רעקוויזירטע פערד — פערד פון אַלערליי קאָלירן, פון פאַרשידענער גרייס און פאַראָדע. זיי זענען געווען צוגעבונדן צו צעגריזשעטע פלעקער מיט קייטן, אָדער מיט דיקע שטריק. די פערד האָבן געהירזשעט, געטופּעט מיט די פיס און געבריקעט איינע די אַנדערע. צייטנווייז האָבן זיך אייניקע אָפּגעריסן פון די פלעקער און הענדעם־פּענדעם זיך געלאָזט לויפן וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. טייל מאָל זענען אויך די פלעקער מיטגעריסן

געוואָרן. די פערד זענען געלאָפן, און די פלעקער, אַריינגעדרייט אין די קייטן, האָבן זיי געקלאַפּט גלייך אין די פאָדערשטע פיס אַריין. דער אימפּעט און די רוגזה זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז די קלעפּ פון די פלעקער האָבן זיי נישט אָפּגעשטעלט. זיי זענען נאָר געלאָפן, אַבי פּטור ווערן פון דעם פרעמדן פּלאַץ, וואו זיי האָבן נישט געקראָגן קיין עסן, קיין טרינקען. זיי האָט זיך געבענקט נאָך דער היימישער פרייער לאָנקע מיטן גרינעם גראָז.

דאָס ווילדע לויפעניש האָט אַריינגעברענגט אַן אומרו אין די בלוטן פון דער גאַנצער סטאַדע פערד. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ הירזשער־ריי, אַ טופּעריי פון דער גאַנצער מחנה פערד, אַזש פאַרטויבט צו ווערן. און אַז דער שטורעם איז אַריבער, האָבן זיי זיך גענומען גריזשען די פלעקער. פאַר אַ ווײַלע איז געווען שטיל, אָבער נאָך דעם — ווידער די זעלבע מעשׂה.

אויף דער אַנדערער זייט פעלד זענען געווען אויסגעשטעלט רעקוויזירטע וועגענער. דערביי זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אין קופּעס אַלערליי מכשירים, וואָס גייען מיט מיטן געשפּאַן. אין מיטן, צווישן די פערד און וועגענער זענען געווען אָנגעלייגט הורבעס מיט מילי־טערישע אָנטועכץ, ווי שטיוול, העמדער, הויזן, מאַרינאַרקעס, שינעלן, היטלען. אויף אָט דעם פּלאַץ האָט מען די אָנגעקומענע רעזערוויסטן צוגעגרייט און פאַרפּוצט פאַר דעם 17־טן מיליטערישן טראַנספּאָרט.

דער קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו — אַ קאַצאַפּ, מיט אַ רונדיק, פעט און טונקל פּנים, ווי אויסגעגאָסן פון טשוגון — האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר די אָבאָזניקעס וועגן די באַציאונגען פון מענטש צום פערד. זיינע שמאָלע אויגן, אָן ברעמען, האָבן דורכגעשטאָכן און דיר געלאָזט וויסן, אַז דער בעל־דבר איז שטרענג, אַ רשע־מרושע. די אונטערשטע שורה, ס'הייסט דער תמצית פון קאַפּיטאַן סעמיאָנאָווס רייד איז געווען, אַז אַ פערד איז וויכטיקער פון אַ מענטש. אַ מענטש קריגט מען אומזיסט. פאַר אַ פערד דאַרף אָבער קאַזנאַ צאָלן מזומנים. על־כן, ס'הייסט דערפאַר מוז דער אָבאָזניק אָפּהיטן דאָס געזונט פון דער שטומער חיה, מער ווי זיין אייגענעם. דאָס וועט זיין אַ צו־שטייער אין העלפן באַזיגן דעם שונא.

ווילנדיק, צי נישט־ווילנדיק האָט ער טאַקע אַרויסגעזאָגט אַן אמת, דעם קאַזיאָנעם אמת. קאַזנאַ האָט זיך ווייניק־וואָס געקימערט

וועגן מענטשן. צו וואָס? דאָס דאָזיקע יאַטקע־פּליישׁ האָט זי געהאַט איבער געגוג.

נאָך דער רעדע האָט סעמיאָנאָוו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: יעדער איינער פון די אָבאָזניקעס זאָל זיך אויסקלייבן אַ פּאָר פערד, אַ וואָגן און אַלע איבעריקע זאַכן. דער עולם האָט זיך גלייך אַ נעם געטאָן קלייבן. און אַהרקע? גיי קלייב, אַז ער ווייסט נישט וואָס און ווי.

מיט גרויס שטוינונג און באַוואונדערונג האָט ער זיך צוגעקוקט צו די אָבאָזניקעס־מבינים ווי דרייסט און געשיקט זיי גיבן אַן עפן דאָס מויל ביים פערד אויסצוגעפינען דעם עלטער, און ווי אויסטויגלעך און געשווינד זיי גיבן אַ הייב די הינטערשטע פיס און באַטראַכטן די קאָפּיטעס. מיט איין שפרונג גיבן זיי נאָכדעם זיך אַ כאַפּ אַרויף אויף די פערד און רייטנדיק לאָזן זיי זיך אַוועק אין אַ גאַלאָפּ העט־העט איבערן פעלד. זיי, די מבינים, זענען גרויסע איבערקלייבערס. זיי נעמען נישט אַבי וואָס. זיי זוכן שיינע, יונגע און געזונטע פערד. פאַר זיי איז גרינג צו געפינען וואָס זיי זוכן. דער אויסוואַל איז גרויס. און די פערד זענען גרייט צום שידוך. ס'איז זיי שוין נמאס געוואָרן דאָס שטיין אויף איין אָרט. זיי האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף אַ גוטן שמייסער.

פאַר אַ היפּשער ווײַלע האָט אַהרקע זיך צוגעקוקט און געשטודירט יעדן קער, יעדן ווענד פון די מבינים, און מיטאַמאָל האָט ער באַשלאָסן זיי נאָכטאָן אויף וויפל ס'איז מעגלעך.

אַוודאי האָט ער זיך נישט אונטערגענומען אויסצוגעפינען דעם עלטער, אָדער די שטאַרקייט און פלינקייט פון די פערד. ווייסנדיק אַז ער האָט נישט די פעאיקייטן פון אַ פערדיונג, האָט ער דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. נו, וועט ער נישט האָבן קיין פריצישע, אָדער פאַטשטאָווע פערד! אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט איז געפינען אַ פּאָר שטילע פערד, אָט, למשל, אַזעלכע ווי אַברהם־איטשעס בולאַן. ער האָט אָנגעגורט זיינע לענדן, ווי מ'זאָגט, געפּרובירט דערשטיקן אין זיך יעדן סימן פון מורא, און זיך אַ לאָז געטאָן צווישן די פערד, וואָס זענען נאָך געבליבן צום אויסקלייב.

מיט בליקן, פול מיט ליבשאַפט, מיט חניפה, און מיט געבעט האָט ער, אַהרקע, זיי פּרובירט גלעטן איבערן רוקן, אָננעמען פאַר ציימל,

שעפּטשענדיק דערביי זיסע רייד. דער קבלת־פּנים, וואָס די פערד האָבן אים געגעבן, איז אָבער געווען אַ ביטערער. פון איינעם האָט ער געקראָגן אַ ביס. פון אַ צווייטן אַ בריקע. ס׳האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן דער־שמעקט אַהרקעס פאַלשן אָנשטעל. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּ־געהאַלטן פון קריכן נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל. אַז ער האָט דערזען, די זעלבע סדרה האַלט זיך אין איבערחזרן, איז ער שטיין געבליבן אַ צעטומלטער. ווי אַזוי — האָט ער געטראַכט — געפינט מען חן אין די אויגן פון די שטאַרקע פערד?

זיין לאַגע איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. וואָס טוט מען? נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָט ער מיט אַ שווער געמיט אָפּ־געמאַכט ביי זיך — וואַרטן ביז נאָך דעם יאַריד און נעמען וואָס עס וועט איבערבלייבן. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ער האָט זיך דערוואַרט.

ס׳איז געווען שטיל. קיינער האָט מער נישט געכאַפּט. קיינער איז מער נישט געלאָפן מיט פערד אין גאַלאָפּ. פון דער וויטנס האָט אַהרקע באַמערקט צוויי פערד. זיי זענען געווען עלנט. זיי זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרזשמורעטע אויגן. מיט די עקן האָבן זיי פוילבלעך געטריבן די פליגן, וואָס האָבן זיך געהאַט געשטעלט אויף זייערע אַרויסגעשטאַרטשעטע קלובעס. אַהרקע האָט תופס געווען, אַז אָט די פּאָר סוסים וועלן זיין גוטע־ברידער מיט אים.

און ער האָט טאַקע געטראָפן. אַז ער איז צוגעגאַנגען צו זיי, האָבן זיי אים באַגעגנט מיט אַ שטיל פריינדלעך הירזשען. ס׳האָט געקלונגען ווי אַ יידישער „שלום עליכם״. זיי האָבן אויסגעקוקט צו אים, אַהרקען, ווי די פערד פון די סטאַראָבינער באַלעגאָלעס.

כדי צו ווייזן זיי, אַז ער, אַהרקע, איז נישט אָבי ווער, אַז זיי האָבן אַריינגעקראָגן אַ גוטן באַלעבאָס, האָט ער זיי אָפּגעבונדן פון די פלעקער און אַוועקגעפירט צו דער לוזשע זיך אָנטרינקען. אוודאי וואָלט אַהרקע זיי געגעבן אויך עפּעס עסן, נאָר דאָס איז שוין נישט געווען אין זיין רשות.

נו, אַראָפּ אַ קלאָפּאָט פון קאָפּ. אָבער וואָס איז מכוח אַ וואָגן?

אַן אַלטער דאָרפישער וואָגן האָט זיך אָפּגעפּונען. ס׳האָבן אָבער געפעלט די פֿאָדערשטע און הינטערשטע ווענטלעך. דער גאַנצער אויסקוק איז אים נישט געווען צום האַרץ. וואָס האָט ער אָבער געקאָנט טאָן? קיין בעסערע וועגענער האָט מען נישט איבערגעלאָזט פֿאַר אים. זאָל ער זיך אַוועקהרגענען איבער דעם? נו, אַ דאגה. אַבי ס׳זענען דאָ פיר גאַנצע רעדער און פיר אייזערנע שפּינדלען מיט קייטלען צו־געטשעפּעט. אַז די שפּינדלען זענען פון גרויס וויכטיקייט, דאָס האָט אַהרקע געהערט נאָך מיט צייטן צוריק פון אברהם איטשען דעם סטאַראָבינער. דאַכט זיך, אַ קליינס, אַ גאָרנישט, דאָס שפּינדל, אָבער נישט איין מאָל טרעפט אַן אומגליק איבער דעם. למשל, אַז מ׳פֿאָרט אין וועג, און פון דער העלער הויט נעמט זיך אַ שפּינדל און שפּרינגט אַרויס פון דער אַקס, קריגט דער וואָגן אַ גאַנץ אַנדער פּנים, ווי נאָר דאָר ראָד דערפילט, אַז זיין אָנשפּאַר, דער צוהאַלטער, איז פֿאַרשוואונדן, גיט עס זיך אַ גליטש אַראָפּ פון דער אָנגעשמירטער אַקס, עס קייקלט זיך אַוועק אין אַ זייט און בלייבט זיך ליגן פלאַך. דער וואָגן מיטן גאַנצן באַלעבאַטישקייט גיט אַ קראַך אַראָפּ צו דער ערד און — באַסטאַ.

און וואָס, חלילה, אויב אַזאַ מעשׂה טרעפט אין אַ רעגנדיקער נאַכט? אָ, דעמאָלט ביסטו אויף גרויסע צרות! גיי זוך אַזאַ פּיצעלע שפּינדל אין דער פינצטערער בלאָטע.

צום גליק האָט אַהרקעס וואָגן געהאַט אָט די שפּינדלעך, וואָס ער האָט געוואָלט האָבן. נישט זיי וועלן זיך צעברעכן און נישט זיי וועלן פֿאַרלוירן גיין. זיי האָבן דאָך קייטלען! איי, דער וואָגן איז אָן ווענטלעך אין פֿראָנט און פון הינטן? נישט נעמען דעם וואָגן איבער דעם האָט נישט געהאַט קיין זין. וואָס ער האָט איצט געדאַרפט טאָן, איז צוקלייבן די נייטיקע טיילן כדי צו קאָנען איינשפּאַנען די פערד — און דאָס האָט ער גלייך גענומען טאָן.

## 44.

# מיליטערישע יאַזדעס

אַהרקעס ערשטע נסיעה האָט זיך אָנגעהויבן מיט מעל.

אויף זיין וואָגן זענען געלעגן צוויי פינף־פודיקע זעקלעך — אַ גרינגע משא פאַר צוויי פערד. געפאָרן איז ער צווישן צוויי לאַנגע רייען ביימער. די צווייגן פון די ביימער האָבן זיך קיין ריר נישט געטאָן. פון היץ און אַרומיקער שטילקייט זענען זיי געווען ווי איינ־געשלאָפן. פייגל האָבן געהיפערט פון צווייג צו צווייג און געצוויטשערט. אַהרקע איז געזעסן אויפן וואָגן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנג. ער האָט אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אין דער מלחמה. ס׳האָט אויסגעזען ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַנטאַסטיש־אויסגעטראַכטע סימפאָניע. ווער האָט מיט דעם דיריגירט? פון וואַנען? מ׳האָט נישט געזען דעם דיריגענט, און מ׳האָט אים נישט געהערט.

די דאָזיקע נסיעה וואָלט געווען אַ העכסט פּאָעטישע, ווען נישט דער חסרון פון זיין „וועגעלע״. די זיסע שטילקייט איז צעשטערט געוואָרן ווי נאָר דער אָבאָז איז אַרויף אויף אַ וועג, וואָס איז אויס־געלייגט געווען מיט גרויסע אַרויסגעסטאַרטשעטע שפּיציקע, שאַרף־זייטיקע שטיינער. די רעדער האָבן זיך אָפּגעקלאַפּט אין די שטיינער, און דערפון האָט זיך דער וואָגן געוואָרפן אַהין און צוריק. די זעקלעך מעל האָבן נישט געקאָנט איינליגן. זיי האָבן גענומען קריכן און גליטשן זיך צו די אָפּענע לעכער, וואו ס׳האָבן געפעלט די ווענטלעך.

וואָס ווייטער, זענען די קלעפּ געוואָרן שטאַרקער. דאָס טרייסלען זיך האַסטיקער. אָנשטאָט וואַרפן זיך אין געלאַסענעם קדחת, אויף אַן איידעלן אופן, זענען די זעקלעך גאָר געשפּרונגען. איין זעקל איז צוגעשפּרונגען צו איין עק וואָגן, און אַן אַנדערס צום צווייטן עק.

אַהרקע האָט אָפּגעלאָזט די לייצעס און זיך אַ וואָרף געטאָן צום מיטן פון וואָגן. ער האָט אָנגעכאַפּט אַ זעקל מיט איין האַנט, און אַן אַנדערס מיט דער צווייטער האַנט. אַט אַזוי איז ער געזעסן און האָט געהאַלטן די זעקלעך ביי די העלדזלעך און — גאָרנישט. גיי שריי חי וקים!

די געהויבענע שטימונג זיינע איז שוין אינגאַנצן געהאַט פאַר־

שוואונדן. ער האָט שוין מער נישט געזען די שיינע ביימער אויף ביידע זייטן וועג. ער האָט שוין מער נישט געהערט דאָס צוויטשערן פון די פייגל. ס'איז אים באַפאַלן אַ שטאַרקער פחד. ער האָט צו שפּעט איינגעזען, אַז ער איז אַרויסגעפּאָרן ווי אַ מלמד. ער האָט זיך נישט באַזאָרגט מיט קיין שטריק אויף צובינדן די זעקלעך איינס צום אַנדערן, כדי זיי זאָלן ליגן אָן גרויסע באַוועגונגען. דערצו האָט די זון געבאַקן אָן רחמנות. טייכן שוויים האָבן אים, אַהרקען, באַגאָסן. זיינע הענט זענען געוואָרן אָפּגעשוואַכט. ווי לאַנג קאָן מען איינהאַלטן זעקלעך מעל, וואָס ווילן דווקא אַרויסשפּרינגען פון וואָגן?

ווי פּריצים, מיט פּאַפּיראָסן אין זייערע מיילער, זענען די אַבאַזניקעס געזעסן אויף די קעלניעס, נאָר בלויז ער, אַהרקע, איז פאַרמישפּט געוואָרן צו זיין אויף געהאַקטע צרות.

פון וואַנען קאָן קומען זיין ישועה?

נישט אַנדערש נאָר „זכות־אָבות" איז אים בייגעשטאַנען, ווי זיין מוטער האָט געזאָגט ווען נאָר זי איז אַרויסגעקומען פון אַ צרה. דער שטיינערנער וועג האָט זיך געענדיקט — און דער גאַנצער אָבאָז איז צוריק אַריין אין זאַמד. די זעקלעך מעל זענען ווידער געבליבן רואיק.

אַהרקע האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און גענומען די לייצעס אין זיינע הענט. זיין פריערדיק רואיק געמיט איז שוין אָבער געוועזן צעשטערט. וואָס, וואָס, אָבער ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, מער נישט האָבן נאָך אַזאַ איבערלעבונג. ער'ט מוזן פאַרריכטן דעם וואָגן. ער'ט מוזן אַריינשטעלן צוויי ווענטלעך. אָבער ווער וועט עס טאָן? דאָס געהערט דאָך צו חכמת־סטאָליערײ. זיין פאָטער האָט ביי געלעגנ־הייטן געזאָגט וועגן אַהרקען, אַז זיינע הענט זענען ווי געליימט. אַפילו אַ טשוועקל אין וואַנט קאָן ער נישט אַריינקלאַפּן. און דאָס איז טאַקע אמת געווען. ס'האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז זיינע הענט זאָלן אַרוים בשלום פון אַ האַמער, ווען ער נעמט אַזאַ כלי אַריינצוקלאַפּן, אָדער צוקלאַפּן עפּעס ערגעץ וואו. זיין איינציקע האָפענונג דאָס מאָל איז געווען זיין קוזין חיים. אַ בריה ווי ער, מיט גאָלדענע הענט, קאָן אַלץ טאָן. און אַהרקעס דערוואַרטונגען זענען מקוים געוואָרן.

דעם זעלבן טאָג, נאָך דעם ווי אַהרקע, צוזאַמען מיט די אַנדערע אַבאַזניקעס, האָט צוגעשטעלט דאָס מעל צו די מיליטערישע בעקערייען, האָט חיים, ווי אַ געניטער סטאָליער, פאַרריכט אַהרקעס וואָגן. אַהרקע

האָט נישט געוואוסט וואו חיים האָט געפונען ברעטער און טשוועקעס, אָבער ער האָט עס געטאָן. יאָ, אָן חיימען וואָלט ער, אַהרקע, אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען.

אין די אָוונטן, ווען נאָר דער אָבאָז האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּצורוען די פערד, איז אַהרקע גלייך געווען לעבן חיימען. חיים איז נישט געווען קיין באַרעדעוודיקער. ביי אים איז געווען אַ וואָרט אַ רענדל. אויף זיינע צעַן פעסלעך רייד האָט אַהרקע קוים אַרויסגעקראָגן פון חיימען איינס. און אַפילו דאָס איז געווען ווי געצויגן פון פעך. אַ שמייכל אויף זיין פּנים איז געווען אַ יקר־המציאות. און אַז ס׳איז שוין אַמאָל געקומען, ס׳הייסט איין מאָל אין אַ שמיטה, איז עס כהרף־עין פאַרשוואונדן, אַזוי ווי ס׳וואָלט וויי געטאָן זיין האַרטע הויט.

חיים איז געווען הויך, שלאַנק, מיט ברייטע פּלייצעס. פון זיינע ברוינע אויגן האָט געשפּראָצט ענערגיע. זיין גאַנג, זיין געשטעל און באַנעמען זיך, אַלץ וואָלט זיך געפּאַסט פאַר אַ מאַנאַרך, ווי אַהרקעס פעטער משה וואָלט געזאָגט. חיים האָט זייער שטאַרק געבענקט נאָך זיין יונג ווייבעל און זיין יינגעלע דודל. ס׳האָט אים געריסן דאָס האַרץ וואָס זיין גאַנצע פּראַצע פון יאָרן און יאָרן וועט גיין צום אָפּגרונט. זיינע געדאַנקען האָבן געשוועבט איבער לאָדזש, וואו ס׳זענען געווען זיין ווייב, זיין קינד און — כאַזינס געשעפט.

אַהרקע דער שוואַכלינג האָט געהאַט אַ סך רחמנות אויף דעם שטאַרקן חיימען. ער וואָלט מי־יודע וואָס געטאָן פאַר אים, אַבי צו פאַרקלענערן זיין צער. ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין טרייסטווערטער:

— רוסלאַנד וועט געווינען, חיים, און לאָדזש וועט בלייבן לאָדזש, ווי פריער.

אַהרקעס רייד האָבן זייער ווייניק געווירקט, ווייל ווערטער האָבן ביי חיימען געהאַט אַ קליינעם ווערט.

— גיב מיר פּאַקטן, אַהרקע, — האָט ער אַלע מאָל געהאַט אַ פאַרטיקן ענטפער אויף אַהרקעס פאַרויסזאָגונגען. — פּאַקטן. כ׳האָב נישט ליב קיין הוילע רייד.

חיים איז געווען זייער אַמביציעז. ער האָט כסדר געזוכט נייע וועגן אויף צו פאַרבעסערן זיין לעבן אונטער די אומשטענדן. ווי נאָר

ער האָט זיך דערקונדיקט, אַז אַ פורמאַן פון אַ פעלדקיך האָט בעסערע אויסזיכטן אויף אַ גרינגער לעבן, האָט ער שוין נישט גערוט. ער האָט אויסגעזוכט אַלערליי אָפענע און פאַרבאָרגענע סטעזשקעלעך, אָפּגעריייניקט זיי פון אַלע דערנער און איז דערפאָרן צו זיין ציל. ער איז אַריין אין דעם קלאַס פון די „אַריסטאָקראַטן".

פּטור ווערן פון אַלע זייטיקע אַרבעטן און טאָקע זיין נענטער צו דער שיסל, דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר אַ סאָלדאַט. און דאָס וואָס חיים האָט געוואָלט. אין אַלגעמיין איז דאָס געווען זיין טבע. אַז ער האָט זיך אויף עפּעס אָנגעזעצט, האָט ער דאָס געמוזט דורכפירן, נישט געקוקט אויף קיין שוועריקייטן, וואָס זענען אים אָנטקעגן געקומען. אפילו אויף גלייכע ווענט וועט ער זיך דראַפּען, אַבי צו דערגרייכן דאָס וואָס ער דענקט, אַז ס׳איז גוט פאַר אים.

דער זומער איז געווען אַ הייסער און טרוקענער. הייס און טרוקן — טאָג נאָך טאָג. נישט געווען קיין סימן פון אַ וואָלקן, קיין אָנדייט אויף אַ רעגן. דער שטויב האָט זיך איינגעגעסן אין לייב, ווי אין אַ מידבר. האָט מען שוין דערלעבט צו זען אַ ברונעם, איז דאָס וואַסער געווען אויסגעשעפּט און אויסגעטרוקנט.

נאָך דעם טראַנספּאָרט מעל איז געקומען אַ צווייטע נסיעה. דער אָבאָז האָט זיך געשלעפּט איבער אַ זאַמדיקן וועג מיט ברויט פאַר דער אַרמיי, וואָס — ווי מ׳זאָגט — מאַרשירט פאָרויס אַריבער דער דייטשער גרענעץ קיין קעניגסבורג. ס׳האָט געמוזט זיין אַ ווייכטיקע נסיעה, ווייל מ׳האָט די אָבאָזניקעס צוגעטיילט ביקסן און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיין אויף דער וואַך.

אַהרקעס קליאַטשע — איינס פון די צוויי פערד — האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פּוליאַק. זי האָט זיך שפּאַצירט ווי דער גאַנצער עסק וואָלט איר גאָרנישט אָנגעגאַנגען. אַהרקע האָט פּרובירט איר געבן אַ טורקע מיטן בייטש־שטעקעלע, איז זי אין כעס געוואָרן און האָט געבריקעט מיט אירע הינטערשטע פיסלעך. די גאַנצע לאַסט איז דערפאַר געפאַלן אויף דעם היציקן פערד. ער האָט געשלעפּט מיט גרויס התמדה און אימפּעט, ווי אַן אמתער „פּאַטריאָט". צייטנווייז האָט ער אַ קרומען קוק געטאָן אין דער זייט פון דער קליאַטשע, ווי ער וואָלט ביי איר געזוכט הילף. זי האָט זיך אָבער געמאַכט ווי געפּגרט און שפּאַצירט מיט פולע טריט ווי פריער.

פערדישע כוחות שעפּן זיך אָבער אויך אוים. אהרקעס פּאַטריאָט האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן מאַכן „פּויזעס". פון זיינע איינ־געפּאַלענע זייטן האָט געזעצט אַ פּאַרע. די נאָזדרעס האָבן זיך האַסטיק געהויבן אַרויף און אַראָפּ. יעדע פּאָר רגעס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'האַלט שוין מיט אים ביי נעילה.

אהרקע איז געבליבן הינטערשטעליק. די אַנדערע אַבאַזניקעס האָבן אויסגעמיידט זיין וואָגן און זענען געפאָרן ווייטער. איינער פון זיי, אַ גוטמוטיקער מאָסקווער פורמאַן מיט אַ געניט, פלינק אויג, האָט צו אהרקען אויסגעשריען:

— די פּאָסטראָנקעס פון דער קליאַטשע זענען צו לאַנג. מאַך די שטריק קירצער, וועט זי מוזן שלעפּן.

אהרקע האָט אים געפאָלגט. די עצה איז אָבער געקומען צו שפּעט. די קליאַטשע האָט טאַקע אָנגעהויבן שלעפּן אַ ביסעלע בעסער, אָבער נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע. פון דעם פּאַטריאָט האָט זי נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין הילף. ער איז שוין געווען אויסגעמאַטערט און אויסגעשפּילט. אַ פאַרסאַפּעטע האָט זיך די קליאַטשע אַ שטעל אָפּ געטאָן מיט אַ מינעלע: „ס'לוינט זיך טאַקע אַוועקלייגן מיינע לעצטע כוחות? אַ סוף, באַסטאַ".

אהרקע און די סוסים, מיט די לחמאס אויפן וואָגן, זענען געבליבן שטעקן אין טיפן זאַמד. אין קול ואין עונה. אהרקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פּאַטריאָט און פּרובירט אים שטאַרקן דורך גלעטן, דורך געבעט:

— גיב זיך אַ סטאַרע איבער דיינע כוחות, — האָט ער צו אים געשעפּטשעט. — לאָז מיך נישט איבער איינעם אַליין.

דער פּאַטריאָט האָט נישט געענטפערט.

אהרקע איז אַוועקגעלאָפן אין דערבייאיקן וואַלד אַריין, אָפּ־געריסן באַבלעטערטע צווייגן פון אַ בוים, און נאָכדעם אונטער־געטראָגן זיי צו די פערד:

— נאַ, עסט, — האָט ער צו זיי גערעדט מיט האַרץ, מיט הכנעה. — ס'זענען פרישע בלעטער. טעם גן־עדן. האָט רחמנות אויף אַ הילפלאָזן מענטש.

אַ נעכטיקער טאָג. זיי ווילן דאָס אין מויל אַריין נישט נעמען.

אַרום און אַרום איז געווען שטיל. קיינער איז נישט געגאַנגען. קיינער איז נישט געפאָרן. די זון האָט פאַרשפּרייט פייערן איבערן מערב־ברעג פון הימל און געגומען זיך אַראָפּלאָזן הינטער דעם האָריזאָנט.

אַ מידער, אַ פאַרשמאַכטער איז אַהרקע אַוועקגעפאַלן אויפן וואָגן און איז איינגעשלאָפן.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט שמיץ איבערן פּנים און איבערן גאַנצן גוף. ער האָט זיך איבערגעוועקט פון שלאָף.

— אַך, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! דו ווילסט אַוועקפירן דאָס ברויט צום דייטש? איך וועל דיך אָנלערנען פאַר דיין פאַרראַט, דו מיאוסער שפּיאָן!

אָט די שמיץ, צוזאַמען מיט דעם גאָב, האָט אים דערלאַנגט זיין באַלעבאָס, דער וזזוואָדנע. אַזאַ מזל האָט ער שוין, האָט אַהרקע אין וויטיקן געטראַכט. אַלע זיינע וזזוואָדנעס זענען רשעים.

ער האָט נישט געוואוסט וואָס פאַר אַ כוח ס'האָט אים דעמאָלט געהאַרטעוועט. אָנשטאָט באַדויערן זיך, פילן זיך באַליידיקט פון די זידלערייען מער ווי פון די שמיץ, איז ער גאָר באַהערשט געוואָרן פון אַ כוח, וואָס האָט פון אים צוגענומען אַלע וויטיקן און אים באַפליגלט מיט אַ געפיל פון העכערקייט. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט און אַן אויסטערלישע שיינקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון דאָרטן. אַהרקע איז פאַרכאַפּט געוואָרן דערפון. זיינע אויגן האָבן געקוקט אַרויפצו, איבערגעוועלטיקט געווען פון דעם ווייטן און דאָך נאָענטן פּראַכט, טאַקע נאָר מיט די הענט צו דערלאַנגען. אַ געבעט האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעריסן פון אַהרקעס טיפענישן:

— אָ גאָט... גאָט פון מיינע טאַטע־מאַמע און אַלע ערשטע אבות... ביז וואַנען? ביז וואַנען וועל איך זיך אַזוי מוטשען?

צוויי פרישע פערד זענען צוגעשפּאַנט געוואָרן צו אַהרקעס אַלטן וואָגן. און אויף אַהרקען האָט דער וזזוואָדנע גוזר געווען:

— טאַפּטשען זאָל ער זיך, דער זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ, אין טיפן זאַמד און שטופּן דעם וואָגן. זאָלן די פערד האָבן אַ גרינגערן וועג...

אַז אַהרקע איז אָנגעקומען אין לאַגער, זענען שוין אַלע געשלאָפן, אַחוץ די וואַך און זיין קוזין חיים.

חיים איז געהאַט געשטאַנען ביים ברעג פעלד, אין דער פינצטער, און האָט אַרויסגעקוקט מיט צער אויף אַהרקעס אָנקומען.

דער וואַרעמער אויפנעם, וואָס חיים האָט געגעבן, האָט אַהרקען אַ ביסל באַרואיקט. יענע נאַכט איז חיים געווען באַרעדעוודיק. ווייזט אויס, אַז ער האָט געוואָלט צעשמעלצן דעם ייאוש, וואָס ער האָט דערזען אין אַהרקעס פּנים. ער האָט גערעדט וואָרעם, ברידערלעך. ס׳האָט גאָרנישט גענומען קיין סוף.

## .45

## אויפן וועג צום שלאַכטפעלד

צומאָרגנס. ס׳איז געווען שבת אינדערפרי.

אַהרקע און דער אַבאַז זענען דורכגעפאָרן אַ קליין שטעטעלע, וואָס איז געווען קלענער פון זיין לולין. אַ היפּשע צאָל נישט־אָנגעשמירטע רעדער האָבן מיט זייער סקריפּען פאַרהילכט די שטילע פּוסטע גאַס.

דורך אָפענע פענסטער האָבן זיך געזען אין די הייזער שאָטנס פון מיידלשע פיגורקעס, וואָס זענען געשטאַנען הינטער פאָרהענגלעך. ווייזט אויס, אַז די מאַמעס האָבן זיי אָנגעזאָגט נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן פון די זעלנער. אַז אַ ווינטל האָט פאַרקאַטשעט אַ פאָרהענגל, האָט אַהרקע אויפגעכאַפּט די בליקן פון אַ פּאָר חנעוודיקע אויגן.

אַ קליין יינגעלע, מיט געקרייזלטע פּאהלעך, אין אַ לאַנג קאַפּאָטקעלע, מיט הענטלעך פאַרלייגט אויף הינטן, מעשה באַלעבאָס, איז צוגעקומען צו אַהרקעס וואָגן.

— גוט שבת, — האָט זיין שטימעלע געקלונגען.

אַהרקעס פּנים, באַוואַקסן מיט אַ שוואַרצע באָרד, האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד.

— גוט שבת, גוט שבת, בחורל, — האָט אַהרקע צוריק געביטן.

— וואָס הערט זיך עפּעס נייעס ? — האָט דאָס יינגעלע פרעגנדיק געוואָלט וויסן וואָס ס׳הערט זיך וועגן דער מלחמה.

דאָס יינגעלע, ווי אַ סך דערוואַקסענע, האָט געמיינט, אַז אַ סאָלדאַט ווייסט מלחמה־סודות, וואָס פון ציווילע לייט זענען זיי פאַרבאָרגן. וואָס האָט אַהרקע געקאָנט ענטפערן דעם זייער סימפּאַטישן יינגעלע ?

— דאָס נייס, בחורל, איז דאָס וואָס דו זעסט. און דו גיי בעסער אַהיים.

עטלעכע פרויען, שבתדיק אָנגעטאָן, מיט פאַרוקן אויף די קעפּ, האָבן צו אַהרקען אין וואָגן אַריין געוואָרפן שטיקלעך טייגעכץ, זויערע אוגערקעס, חלה און אַנדערע שבת־שפּייזן. די פאַליאַקן האָבן געבור־טשעט:

— זעט נאָר ווי זיי, די זשידעס, האָבן זיך דאָס ליב איינע די אַנדערע!

אין זיי האָט געפלאַקערט אַ שינאה, געמישט מיט קינאה, אויף די יידישע אָבאָזניקעס און אויף כל ישראל.

די יידישע פרויען, מיט זייערע פרומע פּנימער און ליבלעכן שמייכל, מיט זייער וואַרעמען קוק, האָבן אַהרקען דערמאָנט אין זיין אייגענער מוטער. אַ האַרציקע ליבשאַפט האָט זיך אין אים דערוועקט צו זיי. ער האָט געפילט ווי צו האַלדזען און קושן זיי.

גראָד דעם זעלבן שבת האָט אַהרקע געקראָגן דעם ערשטן בריוו פון דער היים. דער פאָטער האָט געשריבן, אַז עס איז אין זכות־אָבות וואָס ער, אַהרקע, איז אַריינגעפאַלן אין אָבאָז, לכל הפּחות ווייט פון פייער. און וועגן דער מוטער האָט ער געשריבן, אַז זי האָט זיך אויס־געוויינט אירע אויגן, קוקנדיק אויף זיין ציווילן אָנצוג, וואָס זיי האָבן געקראָגן דורך פּאָטשט פון בעלסק. אַהרקע האָט געפילט, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות מיטן אָפּשיקן זיינע ציווילע מלבושים. דאָס האָט אָבער אים איינגערעדט דער פּראַקטישער חיים. ער האָט דאָס דערקלערט מיט דעם וואָס די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן.

— אַ שאָד אַ נייער אָנצוג, אַהרקע, — האָט חיים געזאָגט. — צוריקקערנדיק זיך אַהיים וועט ער צונוץ קומען. איך האָב מיינעם אַהיים געשיקט.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ סך געזינטער פאַר דער מוטער, ווען ער, אַהרקע, וואָלט דעם גאַרניטור אַוועקגעוואָרפן — און פּטור אַן עסק.

און אַזוי טראַכטנדיק איז ער און זיין גאַנצער אָבאָז אַריינ־געפאָרן אין דעם גרענעץ־שטעטל מישינעץ. דאָ האָט מען נישט געזען קיין סימן פון ציווילן לעבן. וואָס עס האָט זיך יאָ געוואָרפן אין די אויגן איז געווען — צעבראָכענע שויבן פון ליידיקע הייזער, וואָס

די איינוואוינערס האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר און זענען ערגעץ אוועק מיטן לעבן. די צעבראָכענע שויבן האָבן דערציילט וועגן צעשטערונג און פאַרוויסטונג.

דער איינדרוק איז געווען, אַז דאָ געפינען זיי זיך, די אָבאָז־ניקעס, ביים סאַמע געדיכטן. דאָ האָט געברויזט און געקישעט מיט סאָלדאַטן, אָפיצערן און פערד. פול מיט סודותדיקע באַפעל־פּאַפּירן, פאַרשטעקט אין זייערע בוזעם־קעשענעס, זענען קוריערן, אויף ביסטרע פאַרשוויצטע פערד געריטן גאַלאָפּ. זיי זענען געפלויגן אַהין און צוריק, אָן אויפהער. אַלע האָבן געהאַט פאַרפלאַמטע פּנימער — און זייער אימפּעט האָט צעטומלט.

קלאַנגען זענען דאָ אַרומגעגאַנגען, אַז די רוסישע אַרמיי איז זיגרייך און אַז זי גייט פאָרויס. אויך, אַז זי איז שוין נישט ווייט פון קעניגסבערג. אַהרקע האָט געפילט די וויכטיקייט פון דעם היסטאָרישן מאָמענט. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. חיים, און אַ סך אַנדערע אויך, האָט געגלייבט, אַז די רוסישע אַרמיי איז שוין נאָענט צו אַ זיגרייכן שלום — און טאַקע דערנידעריקן די דייטשן דורך אונטערשרייבן די פּאַפּירן פון זייער באַזיגטקייט אין בערלין גופא.

פון אַ ברונעם אין מיטן מאַרק האָבן די אָבאָזניקעס געשעפּט וואַסער פאַר די אויסגעשפּאַנטע פערד. יעדער האָט דערוואַרט צו קריגן זיין מאָלצייט, נאָכדעם איבערנעכטיקן און צומאָרגנס, באַגינען, אַריבערפאָרן די דייטשע גרענעץ. ביים ברונעם איז געווען אַ שטופּעניש און אַ געפּילדער. דער עולם איז געווען אומגעדולדיק. יעדער איינער האָט געוואָלט וואָס גיכער אָנפּאָיען זיינע פערד — אויס מורא, אַז ס'וועט נישט סטייען גענוג וואַסער פאַר אַלעמען. און דער אַפּעטיט האָט אויך נישט געשוויגן. ער האָט זיך צעשפּילט אויף די העכסטע טענער. יעדער האָט דערוואַרט יעדע רגע צו הערן דעם סיגנאַל וואָס רופט צום עסן.

פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ לאַנג־באַפעלנדיקע, באַסאָווע שטים פון דעם קאַפּיטאַן:

— איינשפּאַנען!!!

אַהרקע איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט אַרויסגעסטאַרטשעט זיינע אויגן און זיך אָנגעקוקט מיט אַנדערע אָבאָזניקעס. אויף אַזאַ אַנשיקעניש — האָט ער געטראַכט — וואָלט זיין מוטער געזאָגט:

„אַלע בייזע וויסטע חלומות אויף מיינע שונאימס קעפּ״. פון אַנטוישונג האָט ער אויסגעלאָזט זיין כעס מיט אַ שפּיי. וואָס באַדייט אָט דאָס מאָדנע איילעניש?

אַז מ'הייסט שפּאַנען, פרעגט מען אָבער נישט קיין קשיות — און מען שפּאַנט. בעתן שפּאַנען האָט אַהרקע באַמערקט דעם קאָפּ פון דעם טראַנספּאָרט, דעם קאַפּיטאַן אויף זיין פערד. ער האָט זיך פאַרקירעוועט צוריק צום זעלבן וועג, פון וואַנען דער אָבאָז איז אָקאָרשט געקומען.

נו, ס'איז שוין ערגעץ אַ צרה, האָט אַהרקע געטראַכט. פון די נצחונות האָט זיך מסתמא אויסגעלאָזט אַ בוידעם. נאָך עטלעכע שעה שלעפּעניש איבערן זאַמדיקן וועג האָט זיך דער אָבאָז אָפּגעשטעלט אויף אַ פעלד, וואו די סאָלדאַטן האָבן געקראָגן זייער פאַרשפּעטיקטע וועטשערע. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך געלאָזט וויסן — נישט אויסשפּאַנען די פערד. נישט מאַכן קיין פייערן. מ'זאָל זיין גרייט יעדע מינוט צו נעמען די לייצעס אין די הענט.

דער עולם איז געוועזן מיד און האָט זיך צעלייגט אָפּצורוען: ווער אונטערן וואָגן, און ווער אויפן וואָגן.

אַהרקע האָט נישט געהאַט דאָס מזל. דער וואַכמייסטער האָט אים געשיקט היטן די קאַסע, וואָס האָט זיך געפונען לעבן אַ כאַלופּע, וואו ס'איז איינגעשטאַנען דער קאַפּיטאַן. אויגן און אויערן אָנגעשפּיצט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, איז אַהרקע געשטאַנען מיט דער ביקס אין האַנט — גרייט צו שיסן. ס'איז געווען שאַ־שטיל. אַהרקעס פאַנטאַזיע האָט אָבער נישט גערוט. זיינע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט יעדן טראָט, יעדן שאָרך. אָט — האָט זיך אים געדאַכט — גייט מען. אָט קומט מען. נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, וואָס מ'האָט אים, בעת זיין דינען, געלערנט די גאַנצע דריי און אַ האַלב יאָר, דאָך האָט אַהרקע געהאַט גאָר קליינע ידיעות אין תכסיסי־מלחמה. אַ סאָלדאַט, מיט דערפאַרונג און שכל־הישר, וואָלט פאַרשטאַנען, אַז אין מיטן דערינען קאָן נישט דער שונא אָנפאַלן אויפן אָבאָז, וואָס איז ווייט פון פראָנט. דער שונא וואָלט צוערשט געמוזט דורכברעכן אַ צוים נאָך אַ צוים, ס'הייסט פון פּיעכאָטע, אַרטילעריע, קאַוואַלעריע, און פיל אַנדערע שטערונגען. נישט באַגרייפנדיק דאָס, האָט זיך אַהרקען געדאַכט, אַז דער שונא

וועט אַ ליאַדע מינוט אָנקומען. אָט איז ער שוין נאָנט. אָט באַווייזט ער זיך.

צוויי שעה האָט אַהרקע געדאַרפט שטיין אויף דער וואַך. איין קלייניקייט. ווי דערהרגעט מען אָבער די צייט, וואָס פויזעט אַזוי פּאַוואָליע? ער האָט גענומען ציילן: איינס, צוויי, דריי — — — — — — ביז זעכציק איז אַ מינוט. און ווידער אַ מאָל: איינס, צוויי, דריי, ביז זעכציק. און אָט אַזוי אָן אַ סוף. נו, שוין זשע איז דאָס אַלץ, וואָס ס'איז געבליבן צו טאָן אין משך פון די צוויי שעה? צום באַדויערן, נישט מער.

ענדלעך האָט די פינצטערניש פון דער נאַכט אָנגעהויבן נאָכצוגעבן. אַ העלע ליכטיקייט האָט זיך צעשפּרייט איבערן פעלד, איבערן וואַלד און דעם שליאַך. אַ רויטע ריזיקע זון האָט אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון הינטער די סאָסנאָווע ביימער. דער פרימאָרגן האָט פאַרטריבן די רעשטלעך פון די נאַכט־שאָטנס.

ס'איז געוואָרן פריילעכער אויפן האַרץ.

אַהרקעס רואיקייט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

## 46.

## די מפּלה ביי קעניגסבערג

נישט ווייט פון דער כאַלופּע, וואו ס'איז איינגעשטאַנען דער אָבאָז־קאַפּיטאַן, האָט זיך געצויגן אַ וועג וואָס האָט געפירט צו דער דייטשער גרענעץ. דאָרטן, אויפן וועג, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ רייטער, וואָס איז געריטן געשווינד און געקומען אַלץ נענטער און נענטער. גלייך נאָך אים האָט זיך דאָרטן באַוויזן אַ צווייטער און אַ דריטער.

אַהרקע, וואָס האָט געהיטן די קאַסע, נישט ווייט פון דער כאַלופּע, האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זיי. און אַז זיי זענען שוין געווען זייער נאָנט, האָט ער געזען ווי זיי זענען אָן היטלען, זייערע העמדער צעריסן, די פּיס באָרוועס, די מיילער אָפן, און פון זייערע העלדזער האָט זיך געריסן אַ שרעקלעך געשריי:

— ראַטעוועט זיך! ראַטעוועט זיך! אונדזערע לויפן צוריק!

די רויטע לאַמפּאַסן אין דער לענג פון זייערע צעריסענע הויזן האָבן אָנגעדייט, אַז די, אין בהלה לויפנדיקע רייטערס זענען פון די „בראַברע" קאַזאַקן, וואָס האָבן תמיד אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער ציווילער יידישער באַפעלקערונג פון די היימישע שטעט און שטעטלעך.

בליצשנעל איז אַהרקען געקומען אויפן געדאַנק די סלוצקער פלאַשטשאַדקע, וואו ער און זיין חבר מאָמע זענען געשמיסן געוואָרן פון קאַזאַקן, וואָס האָבן געטראָגן שיינע פּאַפּאַכעס אויף זייערע שטאָלצע קעפּ. וואָס פאַר אַ חילוק אין סיטואַציעס!

ס'האָט נישט גענומען לאַנג און דער קאַפּיטאַן איז אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף. און גלייך נאָך דעם האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל:

— יעדער, מיט פול-אָנגעלאָדנטע ביקסן, זאָל זיך אויסלייגן אין דער לענג פון אַ קאַנאַווע.

דעם פּאָרוטשיק האָט ער אַוועקגעשיקט צום שטאַב אויסצו־געפינען וואָס ווייטער צו טאָן.

אַהרקע איז געלעגן אין דער קאַנאַווע מיט אַ מאָדנער רואיקייט. קיין סימן פון מורא איז ביי אים נישט געווען. ער האָט גאָרנישט געקלערט, גאָרנישט געפילט, ער איז געווען ווי אַ ליאַלקע, וואָס איז הפקר, וואַלגערט זיך אין אַ פלאַץ פון רשות־הרבים. געווען איז דאָס — נישט דערפאַר וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן העלד. ס'איז געווען גאָר פּשוט. ווי נאָר די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן, און ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, האָט ער זיין לעבן אינגאַנצן מפקיר געווען. דאָס האָט אים געהאָלפן זייער אַ סך.

דער קוזין חיים איז געלעגן לעבן אַהרקען. זיין פּנים איז געווען צעקרימט פון שרעק. זיינע אומעטיקע אויגן זענען געווען פאַרגלעזערט, ווי ביי אַן אָקס וואָס מ'פירט צו דער שחיטה. ער האָט אויסגעקוקט אַזוי נעבעכדיק, אַז ס'איז געווען אַ צער צו קוקן אויף אים. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל וואָס אַהרקע האָט געזען חיימען אין אַזאַ צעבראָכענעם צושטאַנד. אין יענעם מאָמענט איז אַהרקע, דער שוואַכלינג, געווען שטאַרקער פון חיימען דעם גיבור.

ווייזט אויס, האָט אַהרקע געטראַכט, אַז די גבורה פון אַ מענטש ווענדט זיך אין גייסט. חיים האָט געהאַט אַ דריילינג, אין וועלכן ער איז געווען משוגע פאַרליבט: זיין ווייב, זיין יינגעלע דודל, און כאַזינס

קאָמיסיאָנערסקע געשעפט. ער האָט מורא געהאַט, ממש געציטערט, צו פאַרלירן דאָס אַלץ מיטאַנאַנדער. ער, אַהרקע, איז אָבער געווען פריי. ער האָט נישט געהאַט קיין ווייב, קיין קינד און נישט קיין פעסטע שטעלע. מעגלעך, אַז דאָס האָט געמאַכט דעם אונטערשייד צווישן זיי ביידן. און פאַרקערט, ווער קאָן פאַרשטיין אַפילו דעם נאָנטסטן חבר אין אַ צייט פון געפאַר?

אַ בלייכער, אַ צעדרודערטער, האָט זיך אַרומגעדרייט דער אָבאָז־קאָמאַנדיר, קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו. ער האָט געקוקט אומגעדולדיק אין דער זייט, פון וואַנען דער פּאָרוטשיק האָט געדאַרפט אָנקומען, כדי וואָס גיכער צו קריגן די דערלויבעניש צו אַנטלויפן פון דער אָנקומענדיקער געפאַר. דערווייל איז דער וועג געוואָרן געדיכטער און געדיכטער באַדעקט מיט אַלערליי וועגענער.

די זון האָט זיך געהויבן העכער און העכער — און די אָבאָז־ניקעס זענען געלעגן אין דער קאַנאַווע און האָבן געוואַרט.

פּלוצעם, ווי פון אונטער דער ערד, איז אויסגעוואַקסן אַ גרופּע רוסישע קאַוואַלעריסטן אין אַ ווילדן געלאַף און האָט געשריען מיט פאַרצווייפלטע קולות:

— דייטשע קאַוואַלעריע!

— זיי שניידן ווי אין קרויט!

— ראַטעוועט זיך!

גלייך נאָך זיי האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ מבול פון אַרטילעריע, פון פעלדקיכן, אַלערליי אָבאָזן און אַ מחנה קאַוואַלעריע. איין אינס־טינקט האָט באַהערשט אַלעמען: ראַטעווען זיך. לויפן. לויפן.

אין דער דאָזיקער סומאַטאָכע איז דער אָבאָז־פּאָרוטשיק געקומען צו פליען אויף זיין פאַרסאָפּעט פערד. ער האָט געבראַכט דעם נייטיקן באַפעל: אָפּטרעטן. נאָר, גיי טרעט אָפּ, אַז דער איינציקער וועג, דערצו אַ זאַמדיקער, איז פאַרנומען מיט אַ כוואַליע פון וועגענער, איינ־געדרייט איינע אין די אַנדערע. מ׳קאָן זיך נישט אַריינשניידן אין דער קאַליע. קיינער וויל נישט אָפּשטעלן זיינע פערד און אַריינלאָזן דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָווס טראַנספּאָרט. ווי לאַנג איז אָבער דער שיעור צו שטיין און וואַרטן אויף איין אָרט?

דאָס געדולד פון דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט געפּלאַצט. ער האָט אַרויסגעכאַפּט די שווערד פון דער שייד, געהאַלטן זי הויך מיט

דער האַנט, און דעם רעוואָלווער מיט דער צווייטער, און זיך צערעוועט. נאָך אים האָט דאָס זעלבע געטאָן דער פּאָרוטשיק. מיט אָט די כּלי־זיין אָנגעשטעלט, גרייט צו שעכטן, צו שיסן, האָט זיך זיי איינגע־געבן אָפּצושטעלן דעם שטראָם פון די וועגענער. זייער אַבאַז האָט זיך אַריינגעהאַקט אין דער קייט — און ער איז געלאָפן מיט לייטן גלייך.

ס'רעדט זיך נאָר אַזוי: געלאָפן. ס'איז זיך אַזוי גרינג נישט געלאָפן אין זאַמד. דער צאַר איז געקראָכן מיט זיינע פיס אין אַלע בלאָטעס, נאָר בויען וועגן, שאָסייען, דאָס האָט ער נישט געוואוסט. און אפשר איז דאָס בייזוויליק, אומיסטנע נישט געטאָן געוואָרן? רוסלאַנד איז פאַר פיל יאָרן פאַרפלייצט געווען מיט דייטשע שפּיאָנען — פון די סאַמע שפּיצן ביז אַרונטער.

אַהרקע האָט זיך דערמאָנט ווי מיט אַ לאַנגער צייט צוריק איז אין זיין שטעטל לולין אַראָפּגעקומען אַ גרופּע דייטשן, מכּלומרשט איינקויפן קלעפּקעס. זיי האָבן זיך אָבער נישט געשעמט און אָפענער־הייט געמאָכט מאָפּעס פון וועלדער, דערפער, וועגן און שטעגן. דאָס איז געווען „דייטשע פּינקטלעכקייט", וואָס דער דייטשער קאַפּיטאַן שאָקע פון דער זיבעטער ראָטע האָט זיך דערמיט אַזוי שטאַרק באַרימט.

דערווייל האָט זיך דער אַבאַז געשלעפּט אָן אַן אָפּשטעל. אין דער דאָזיקער בהלה האָט אַהרקע געטראַכט בלויז וועגן זיינע צוויי פערד. כאָטש זיין קליאַטשע איז געווען פויל, דאָך האָט זי געשלעפּט אַ סך בעסער, זינט ער האָט געקירצט די שטריק. אמת, זי האָט נישט געצויגן מיט אַזאַ ברען ווי דער פּאַטריאָט, אָבער אַ דאגה, אַבי ער איז נישט אין געפאַר אָפּצושטיין פון דער אַנטלויפנדיקער אַרמיי. איצט, ווען דער דייטש יאָגט די צעקלאַפּטע רוסישע אַרמיי, וואָלט דאָס אָפּשטיין געווען אַ גרויס אומגליק פאַר אַהרקען. ס'האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שרעק, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס עס וואָלט מיט אים געשען אין דער איצטיקער סומאַטאָכע, ווען ער בלייבט מיט זיין וואָגן פון הינטן. ער האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין „זכות־אָבות" וואָס דער מאָסקווער אַבאַזניק האָט אים אין דער ריכטיקער צייט געגעבן די גוטע עצה ווי איינצושפּאַנען פערד אויף אַ געהעריקן אופן. זיינע פערד האָבן געשוויצט, געסטאַרעט זיך מיט אַלע כּוחות נישט אַרויסצופאַלן פון דער קאָליע, ווי זיי וואָלטן צוזאַמען מיט אים, אַהרקען, געפילט די סכנה.

כאַטש די סכנה איז געווען זייער גרויס, דאָך זענען אַהרקעס אויגן געלאָפן אויף אַלע זייטן. זיצנדיק אין וואַגן האָבן זיי געזען אַן אמתן חורבן אַרום. פון ביידע זייטן וועג זענען געלעגן געפּגרטע און גוססדיקע פערד, צעבראָכענע רעדער און וועגענער, צעוואָרפענע זעקלעך מעל, צוקער, גרויפּנס און נאָך אַנדערע מינים פּראָוויאַנטן, וואָס האָבן געזאָלט אָנקומען צו דער פיעכאָטע אויפן פראָנט. דאָס איז געווען נישט מער ווי איין ביטערער טראָפּן פון דעם וואָס מ׳רופט: מלחמה. די זון האָט געבאַקן, און די לופט האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן.

אַהרקע האָט געזען אַ פּאָפּ, אָנגעטאָן אין זיינע שווארצע קליידער, און אַ גרויסער צלם, אויף אַ גאָלדענער קייט, איז אַראָפּ־געהאָנגען פון זיין האַלדז. שוויים איז גערונען פון זיין אויסגעמאַטערט פּנים. ער איז געשטאַנען הילפלאָז לעבן זיין אויסגעשפּילט פערד. ער האָט געבעטן אין נאָמען פון יעזוס קריסטוס, אַז מ׳זאָל אים העלפן. קיינער האָט זיך אָבער נישט אָפּגערופן אויף זיין געבעט, וואָס איז געווען פול מיט הכנעה. צייט איז געווען טייער פאַר יעדן. די געוואַלדן, אַז די דייטשע קאַוואַלעריע יאָגט נאָך, האָבן אָן אויפהער געקלונגען אין אַלעמענס אויערן. יעדער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען וואָס שנעלער. אַז דער פּאָפּ האָט געזען, זיין געבעט איז אַרויסגעוואָרפן, האָט ער אויסגעשריען מיט פאַרגלאָצטע אויגן:

— ווי קאָנט איר געווינען די מלחמה, אַז איר היט נישט אָפּ דעם כבוד פון אייערע הייליקע!

זיין ביטער אויסגעשריי האָט אים אויך נישט געהאָלפן.

די צעטומלטקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אָפיצערן האָבן פאַרלוירן דאָס פּשוטע אָנשטענדיקייט. מיטן כוח פון געווער האָבן זיי צוגענומען פערד פון סאָלדאַטן און זענען אַנטלאָפן אין געאייל.

אַז דער טאָג איז אַריבער און די „דייטשע קאַוואַלעריע, וואָס שניידט ווי אין קרויט", איז נישט געקומען, האָבן זיך די געמיטער איינגעשטילט. ס׳איז שוין געווען טיף אין דער נאַכט, ווען דער קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט אָפּגעשטעלט דעם אָבאָז איבערצונעכטיקן לעבן אַ דאָרף.

ווייזט אויס, אַז דאָס געפאַר איז שוין געווען אַריבער, ווייל מ׳האָט דערלויבט מאַכן פייערלעך כדי אויסצוזידן קיפּיאַטאָק פאַר טיי.

ציווילע פּאָליאַקן, פאַרשווינען מיט פינצטערע צורות, האָבן זיך

באַוויזן אַרום די פייערן און געכאַפּט אַ שמועס מיט פּוילישע סאָלדאַטן. אין צווישנצייט האָבן זיי געקראָגן אַ קובאַקל טיי מיט ברויט. דער גאַנצער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום יידן. יעדער האָט זיך געסטאַרעט וואָס מער פּעך און שוועבל אויסצוגיסן אויף די „זשידעס״. אין אַלע מלחמות, אין אַלע צרות, וואָס די פעלקער האָבן, זענען שולדיק די יידן. אויך אין דער איצטיקער מפּלה ביי קעניגסבערג זענען די זשידעס שולדיק. זיי האָבן געצויגן טעלעפאָנען צום דייטש.

— באַמערקט דאָס קיינער נישט, — האָט איינער געפרעגט,

— ווען די זשידעס ציען די דראָטן?

— זשידעס קאָנען אָפּטאָן אַלץ, — האָט אַ צווייטער מיט זיכערקייט פעסטגעשטעלט. — זיי האָבן געצויגן די דראָטן אונטער דער ערד.

אַלע אַרומיקע האָבן צוגעשטימט צו דער לעצטער ידיעה. אַגב אורחא האָט נאָכדעם איינער דערציילט אַ מעשה נוראַ:

— מ׳האָט געכאַפּט צוויי זשידעס מיט קאַלטענעוואַטע בערד און פּאות. אין זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס האָט מען געפונען קאַרטעס פון דער וואַרשעווער פעסטונג, און אַ סך אַנדערע מיליטערישע סודות. זיי האָבן דאָס געזאָלט אַריבערשמוגלען צום דייטש. אָבער מ׳האָט זיי געכאַפּט אין צייט און דערשאָסן ווי די הינט.

די אַרומיקע צוהערערס האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ:

— אַלע זשידעס, ביז איינעם, האָט מען געדאַרפט אויסשיסן.

דערמוטיקט פון אַזאַ הארציקער איינשטימיקייט, האָט אַ דריטער פּאָליאַק דערציילט אַ נאָך גרעסערע פּאַסירונג:

— אָט דאָ, נישט ווייט פון אָסטראָלענקאַ, האָט מען געכאַפּט אַ זשיד מיט זיינע צוויי זין, וואָס האָבן געצויגן אַ טעלעפאָן אונטער אַ טייך.

אַהרקע האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַזוי פיל גיפט און טעמפּקייט. דערוואַקסענע מענטשן — האָט ער געטראַכט — דערציילן אומגעלומפּערטע באָבע־מעשות, און דערוואַקסענע מענטשן הערן זיך צו און גלייבן אין די ווילדע געשיכטעס. ער האָט זיי געוואָלט אויפ־קלערן ווי נאַריש און פאַלש ס׳זענען די אַלע רייד. זיי זענען פּשוט פאַנטאַסטישע בילבולים. דער קוזין חיים האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן

דערפֿון. ער איז נישט איבערראַשט געווען און נישט צעבראָכן פֿון די פֿאַרסמטע מוחות.

— אַן אַנטיסעמיט איז ווי אַ חזיר, — האָט ער געזאָגט. — קאָנסטו אים דערלאַנגען מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ, וועט ער דיך פֿאַרשטיין. מיט איידלקייט וועסטו גאַרנישט אויפֿטאָן.

און ער האָט זיי, די אַרומיקע פּאָליאַקן, מבטל געווען מיט זיין שאַרפֿן און בייזן בליק.

## .47

# גנבה און גזילה

די זעק מיט די פֿאַרשוואַרצטע, פֿאַרטריקנטע לאַבנס ברויט, וואָס דער אַבאַז האָט געהאַט צוריקגעפֿירט פֿון דער דייטשער גרענעץ, איז אָפּגעלייגט געוואָרן אין אַ מיליטערישן סקלאַד. די סאָלדאַטן, פֿאַר וועמען דאָס ברויט איז געהאַט געפֿירט געוואָרן, זענען געווען אָדער אויפֿן עולם-האמת, אָדער אין שפּיטעלער. לויט די קלאַנגען, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען, איז די רוסישע אַרמיי אין מזרח-פּרייסן אין־גאַנצן צעהאַקט און צעבראָכט געוואָרן. קליינע רעשטלעך האָבן זיך קוים געראַטעוועט מיט זייערע הויט און ביינער.

אַהרקעס אַבאַז איז געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט. ס'איז נישט געווען פֿאַר וועמען צו פֿירן פּראָוויאַנט, ביז נייע דיוויזיעס וועלן צונויפֿגעשטעלט ווערן.

נאָכן אָפּלייגן דאָס ברויט אין דעם מיליטערישן סקלאַד איז אַהרקעס אַבאַז געפֿאָרן מיט פּוסטע וועגענער אויפֿן וועג קיין וואַרשע. דער שאַסיי איז געווען אַ גלאַטיקער. די רעדער האָבן זיך געקייקלט גרינג. די פֿערד האָבן „שפּאַצירט". זיי האָבן זיך געטראָגן פֿריי און זענען געווען צופֿרידן. אויף די ברייטע פֿעלדער, וואָס פֿון ביידע זייטן שאָסיי, זענען געשטאַנען פֿרישע סנאָפּעס האָבער, איינגעטונקט אין פֿלאַמען פֿון דער זון.

אינדעם איז דער ווזוואָדנע פֿאַרבייגעריטן דעם אַבאַז און שטילערהייט געגעבן אַ באַפֿעל:

— חברה, גייט נעמט די סנאָפּעס! דער קאַפּיטאַן הייסט...

ווי אַ מחנה היישעריקן האָבן זיך די אַבאַזניקעס אַראָפּגעלאָזט

פון הויכן שאָסיי צום טאָל. זיי האָבן געכאַפּט די אומבאַשיצטע סנאָפּעס, געשלעפּט און צעטאָפּטשעט אַ סך. צעטראָטענע קופּקעס האָבער זענען געלעגן צעוואָרפן דאָ און דאָרטן איבער די פעלדער. אָן חשק האָט אַהרקע אַ נעם געטאָן אַ סנאָפּ האָבער און איז געווען גרייט אוועקצושלעפּן אים. פּלוצעם איז פון אַ נאָנטער כאַטע אַרויסגעקראָכן אַן אַלטיטשקער פּאָליאַק, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. מיט אַ וויינענדיקער שטימע האָט ער גענומען שרייען:

— רויבער! פאַרוואָס נעמט איר צו מיין גאַנצע האָרעוואַניע? מיינעביידע זין זענען אויפן פראָנט...

דער סנאָפּ, וואָס אַהרקע האָט געהאַלטן, איז שוין געווען דער לעצטער אויפן אַלטיטשקנס פעלד. אַלע אַנדערע סנאָפּעס האָבן זיינע ברידער פּאָליאַקן שוין געהאַט אוועקגענומען. דער פויער האָט זיך געכאַפּט צו שפּעט, אַז מען ראַבעוועט זיין האָב און גוטס. נו, האָט אַהרקע, דער שלימזל, געקראָגן די פּאַרציע מוסר פאַר אַלעמענס זינד.

„דער פּאָליאַק איז גערעכט”, — האָט אַהרקע געטראַכט. — „וואו איז יושר?” דער דאָזיקער עסק האָט אויסגעקוקט פּריקרע צו אים פון סאַמע אָנהייב. וואָס הייסט, צונעמען ביי יענעם זיין פּראַצע? און אַזוי קלערנדיק האָט אַהרקע געלאָזט שטיין דעם סנאָפּ און איז אַוועק מיטן ליידיקן. דאָס וואָס האָט געזאָלט זיין „זיינער”, איז געבליבן שטיין איינער אַליין, ווי אַ יתום, אין דעם אויסגעליידיקטן טאָל.

פאַרויס פון אַהרקעס געשפּאַן איז געפאָרן דער אַבאָזניק מיכאַלטשוק. אויף זיין וואָגן איז געווען אָנגעלייגט אַ סך אָנגעראַבעוועטער האָבער. ס'האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פון אַלע זייטן. אַהרקעס פערד האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם ניסיון און אויסגעצויגן זייערע העלדזער צו כאַפּן עטלעכע זאַנגען. מיכאַלטשוק האָט זיי אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש און זיך צעשריען אויף אַהרקען:

— זשיד, האַלט בעסער צוריק דיינע פערד!

„זיינס” איז אים, דעם מיכאַלטשוק, טייער, — האָט אַהרקע געטראַכט, — אָבער יענעמס נישט.

דער אַבאָז איז געפאָרן זייער גיך. און די פערד זענען געלאָפן מיט גרויס אימפּעט, דערוואַרטנדיק אַ פרישׂ, גוט מאָלצייט.

ס'איז נאָך געווען גוט ליכטיק, ווען דער אַבאָז האָט זיך אָפּ-

געשטעלט אין אַ פּלאַץ אויף איבערצונעכטיקן. אַלעמענס פערד האָבן געכראַמשטשעט דעם פרישן האָבער. אַהרקעס פערד זענען געשטאַנען צוגעבונדן צום לײדיקן װאָגן, געװאָרפן זיך, געשפּרונגען און געהירזשעט מוראדיק. צוזעענדיק װי אַלע אַנדערע פערד פרעסן איז די סלינע גערונען פון זײערע פּיסקעס. דער געשמאַקער ריח פון דעם פרישן האָבער האָט גערײצט זײערע ברײט־צעעפנטע נאָזדרעס.

אַהרקען האָט באמת װײ געטאָן דער צער פון די פערד. ער האָט זיך אויך געשעמט פאַר זײ. זײ האָבן געקוקט אויף אים, דעם באַלעבאָס, דעם בטלן, װאָס צוליב זײן רחמנות אויף אַ פרעמדן, אַ פּאַליאַק, שטײען זײ הונגעריקע. מיט זײן נאַרישער תמימות איז אַהרקע געשטאַנען װי אויף שפּילקעס און האָט געװאַרט אויף דער פּאַרציע האָבער, װאָס מ׳דאַרף דעם זעלבן טאָג אויסטײלן.

װאַרטנדיק אַזױ האָט ער פון װײטן געזען דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָװ. דער קאַפּיטאַן האָט זיך שפּאַצירט פאַרבײ און אַרום די װעגענער. ער האָט געפּאַכעט אין דער לופטן מיט זײן באַליבטער נאַגײקע אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ. אַ סימן, דער אָדון הגדול פילט זיך גוט.

אַז ער האָט דערזען אַהרקעס נערװעזע פערד און דעם לײדיקן װאָגן, האָט זיך זײן גאַנצער אויסזען געביטן. זײן פרײלעכע שטימונג איז פאַרשװאונדן אין אַ ים פון צאָרן. מיט אַ װילדן כעס האָט ער אַ געשרײ געטאָן:

— װעמעס פערד זענען זײ?

— זײ זענען מײנע, — האָט אַהרקע געענטפערט.

— פאַרװאָס עסן זײ נישט קײן האָבער?

— װײל מ׳האָט נאָך נישט געגעבן.

— אַך, זשידאָװסקאַיאַ מאָרדאַ!!

קלעפּ פון דעם קאַפּיטאַנס נאַגײקע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן איבער אַהרקעס פּנים און זײן גאַנצן גוף, ביז בלוט האָט אַנגעהױבן רינען.

אַהרקעס פערד האָבן נאָכדעם געקראָגן זײער מאָס האָבער — און אַהרקע איז אַװעק צום טײך.

שטײענדיק בײם װאַסער האָט אים עפּעס געצױגן צום טיפן אָפּגרונט, אָפּטאָן זיך אַ מיתה משונה — און אַן עק זאָל עס נעמען.

עפּעס אַ באַהאַלטענער כּוח, נישט צו באַנעמען מיטן גראָדן שׂכל, האָט אים אָבער צוריקגעהאַלטן. ער האָט זיך אָראָפּגעבויגן און מיט אַ שמוציקער אָניטשע האָט ער אָפּגעוואַשן זיין צעבלוטיקטע, פאַרשעמטע צורה.

דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע, קריטישסטע איבערלעבונג אין אַהרקעס יונג לעבן.

שפּעטער האָט זיך אַהרקע געטראָפן מיט חיימען, האָט דער קוזין אים מסביר געווען דעם גאַנצן ענין.

— כ׳האָב געהערט, — האָט חיים געזאָגט, — אַז דער קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט זיך געקויפט אַ גרויסע אימעניע אין צענטראַל רוס־לאַנד, און אַז ער קלייבט זיך צו קויפן נאָך. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט ער זיין אַ רייכער פּאָמעשטשיק, דאָס הייסט, אַן אייגנ־טימער פון אַ סך לאַנד. שווערע טויזנטער רובלס פאַלן אַריין אין זיינע קעשענעס. דער חשבון איז אַ פּשוטער. פיר הונדערט פערד דאַרפן קריגן צו צען פונט האָבער אַ טאָג. דאָס מאַכט אויס: פיר טויזנט פונט טעגלעך. ס׳גייען אָבער אַוועק טעג אינגאַנצן אָן האָבער. און אַ סך טעג גיט מען אַרוים בלויז האַלבע פּאַרציעס. צוליב אָט אַ־די אָנגעראַבעוועטע סנאָפּעס אין די פעלדער שפּאָרט ער, דער קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו, אַ מטמון מיט געלט. אין די ביכער עסן פערד צען פונט האָבער יעדן טאָג, אָבער אין אמתן מאַכט ער עס חצי שלי און חצי שלך. גנבה און גזילה ווערן אויך אָפּגעטאָן מיט היי, פלייש, גרויפּן, ברויט און מיט די איבעריקע זאַכן, וואָס די אָבאָזניקעס דאַרפן על־פּי דין קריגן. נישט אומזיסט ווערט דער קאַפּיטאַן ברייטער ווי לענגער.

נאָך דער דאָזיקער הסברה האָט אַהרקע ערשט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער קאַפּיטאַן איז אַזוי אויפגעקאָכט געוואָרן, ווען ער האָט געהערט פון אים, אַהרקען, אַז מ׳האָט נאָך נישט געגעבן קיין האָבער. ווי זאָגט אַ ווערטל: אויפן גנב ברענט דאָס היטל.

## .48

# דאָס הינטל

דער זומער האָט זיך געענדיקט — און דער אָסיען איז אָנגעקומען. קאַלטע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. אין משך פון דריי טעג און נעכט האָט געהאַלטן אין איין רעגענען און ס'האָט זיך נישט געוויזן קיין צייכן פון אויפהערן.

דער אַבאָז האָט זיך געשלעפּט איבער בלאָטיקע, ליימיקע וועגן. די פערד און מענטשן זענען געוואָרן דורכגעווייקט און אויסגעמוטשעט. קומענדיק נאָנט צו אַ וואַלד האָט זיך דער אַבאָז אָפּגעשטעלט אויף איבערצונאַכטיקן. ס'איז נישט געווען קיין הויז און קיין שטאָל אַרום און אַרום. די אַבאָזניקעס האָבן צוזאַמען אָנגעבראָכט צווייגן, שפּענער, קלעצלעך, כדי צו מאַכן אַ פייער. ס'איז אָבער נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. מ'האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע נאָך אַ שוועבעלע, ביז צום לעצטן. דער ווינט און דער רעגן און דאָס נאַסע האָלץ האָבן צוזאַמען געמאַכט יד־אחת נישט צו דערלאָזן מאַכן קיין פייער.

דעם קוזין חיימס לאַנג פּנים איז געוואָרן אָנגעבלאָזן און בייז. ער האָט געבורטשעט:

— אַ ניכפּה זאָל אים נעמען, דעם קאַפּיטאַן. נישט ווייט פון דאַנען איז פאַראַן אַ גרויס דאָרף, וואו מיר וואָלטן געקאָנט זיך אויסטריקענען און אויסוואַרעמען. אָבער זיין איידעלע נשמה פאַרגינט דאָס אונדז נישט. אַבי ער אַליין שעפּט נחת ערגעץ אין אַ ווייך בעט.

חיים איז געווען גערעכט, נאָר שריי שמע־ישראל אין אַ פינצטערן וואַלד. דאָ איז געווען זייער קבר, פאַר די אַבאָזניקעס, ביז אינדערפרי. מ'האָט זיך געמוזט צופּאַסן... מ'האָט נישט געקאָנט באַלאַמוטשען. מ'האָט געמוזט פּרובירן גיין שלאָפן. דאָס איינציקע פּלאַץ איז געווען אונטערן וואָגן — פאָרט פאַרשטעלט אַ ביסל קעגן דעם רעגן.

אַהרקע האָט געפונען עטלעכע צווייגן, אויסגעשפּרייט זיי אויף דער נאַסער ערד, איינגעקוטשעט זיך אין זיין שינעל, פאַרמאַכט די אויגן און געסטאַרעט זיך איינצושלאָפן, ס'הייסט ווי ס'איז איבער־קומען די נאַכט. ס'איז אָבער געוואָרן קעלטער און נאַסער. אַהרקע

האָט געררופן צו הילף זיין כוח־הדימיון. ער האָט זיך געוואָלט פאַר־טשאַדען מיט זיכרונות פון זיין פאַרגאַנגענהייט. זיין קאָפּ איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפענער קרעטשמע, וואו מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין קומען און גיין. ס׳זענען געקומען געשטאַלטן פון זיין גאַנצער משפחה און פון באַקאַנטע אין פינסק. אייניקע האָבן געזאַמט לענגער. אַנדערע זענען דורכגעלאָפן ווי אַ בליץ. די וואָרעמ־קייט, וואָס אַהרקע האָט שטאַרק באַגערט, איז אָבער נישט געקומען. אַ צונויפגעקאָרטשעטער, ווי אַ צונויפגעשאַרט בערגל מיסט, איז ער געזעסן אונטערן וואָגן און האָט זיך גענומען באַניצן מיט זיין אַלטער סגולה — ציילן, ציילן אָן אויפהער. ער האָט געוואָלט דערהרגענען צייט, איידער זי דערהרגעט אים.

ווי ער האָט אַזוי געהאַלטן אין ציילן — האָט ער פּלוצעם דערזען עפּעס אַ ווייסע זאַך, וואָס האָט זיך גערירט אין דער פינצטער־ניש. פּאַוואָליע, טריט ביי טריט, האָט עס זיך באַוועגט און דערנענטערט צו אים.

אַהרקע האָט אויסגעצויגן זיין האַנט און עס אַ שלעפּט געטאָן צו זיך. איצט האָט ער ערשט באַנומען, אַז דאָס איז אַ קליין דאַר הינטל. ער האָט עס אַ נעם געטאָן צו זיך אונטערן שינעל — און אַ הייסע פאַרע האָט גענומען זעצן פון זיין פעלכל.ביידע האָבן זיך צוגעטוליעט איינס צום צווייטן. דאָס הינטל האָט אויסגעצויגן זיינע לאַפּקעס און געריבן זיין מאָרדעטשקע אין אַהרקעס אַקסלען, ברומענ־דיק עפּעס אויף זיין הינטיש לשון.

אַ מידע וואָרעמקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אַהרקעס לייב — און ער איז איינגעשלאָפן צוזאַמען מיטן כלבל. ווי זאָגט זיך אין קהלת? כי לכלב חי הוא טוב מן האריה המת.

אומדערוואַרט האָט אַהרקע געקראָגן הילף פון אַ באַשעפעניש, וואָס יידן האָבן אַלע יאָרן פיינט געהאַט תכלית שינאה. נישט איין יידישער פּוס און נישט איין יידישע קאַפּאָטע איז צעריסן געוואָרן פון די הינטישע משחיתים. אַהרקע האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי זיין אָרעמע מאַמע האָט זיך געיאָגט נאָך אַ הונט, וואָס האָט זיך אַריינ־געגנבעט צו איר אין קיך און האָט פון דעם זאַלצבערעטל אַראָפּ־געשלעפּט אַ שטיק פלייש, וואָס האָט געזאָלט זיין פאַרן טשאָלנט. זיין שינאה צו הינט איז אָבער פאַרמינערט געוואָרן יענע נאַכט,

ווען ער און דאָס הינטל האָבן זיך צונויפגעגלידערט אין איין שטיק. איין גורל האָט זיי צונויפגעבונדן.

אינדערפרי, נאָכן אויפשטיין פון שלאָף, האָט אהרקע געדריקט צו זיך דאָס הינטל מיט אַ גרויסער ליבשאַפט. ווייזט אויס, האָט ער געטראַכט, אַז נישט אַלע הינט זענען אמתע כלבים, און נישט אַלע מענטשן זענען באמת אין גאַנצן געשטאַלט. ס'טרעפט, על־פי טעות, אַז נשמות פאַרבלאָנדזשען אין גופים, וואוהין זיי זענען נישט געשיקט געוואָרן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז אהרקע אַוועק ברענגען עפּעס פאַרן הינטל צום עסן. אַז ער האָט זיך צוריקגעקערט, איז דאָס הינטל שוין נישט געווען. אהרקע איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער. וואָס איז דאָס?

ווייזט אויס, — האָט אהרקע גענומען טראַכטן אין אַ מיסטיש־געשטימטן געמיט, — אַז דאָס הינטל איז געקומען פּלוצעם, ווי אַ פאַרבאָרגענע האַנט וואָלט עס צוגעשיקט גלייך צו אים, און עס איז, פונקט אַזוי פּלוצעם, פאַרשוואונדן נאָכדעם ווי ס'האָט אויפגעטאָן דאָס גוטע שליחות.

## .49

# פרומקייט פון אַ מה־יפיתניק

אין אהרקעס אָבאָז זענען געווען נאָך עטלעכע יידן. איינער פון זיי — קירש פון סקערניעוויץ.

ער איז געווען אַ נידעריק מענטשעלע, מיט אַ קליין נעבעכדיק פּנימל, באַוואַקסן מיט אַ רויטער ברייטער באָרד. זיינע געדיכטע ברעמען האָבן אַריבערגעסטאַרטשעט איבער אַ פּאָר זשוואַווע אויגן און אַ מאָנטשיק דין נעזעלע, וואו ס'זענען געוואַקסן עטלעכע רויטע האָר. דאָס סאָלדאַטסקע היטל זיינס איז געווען טיף אַראָפּגערוקט איבער דעם שטערן פון זיין קליין קעפּל. כאָטש ער איז געווען אַ מה־יפיתניק איינער אין דער וועלט, דאָך האָט אהרקע אים באַוואונדערט פאַר זיין עקשנות אָפּצוהיטן כשרות אונטער אַלע אומשטענדן. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי דער דאָזיקער קירש האָט

געקאָנט אויסהאַלטן — און נישט עסן פון דעם טריפהנעם קעסל. פון קאַזנאַ האָט ער געקראָגן נישט מער ווי ברויט און צוקער.

יעדעס מאָל וואָס דער אָבאָז האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ יידישן יישוב, האָט אָט דער קירש, טאַקע די זעלבע מינוט, איבער־געלאָזט האַק און פּאַק און גענומען לויפן איבער יידישע הייזער מיט אַ צער־בעלי־חיים פּנימל און געבעטן אַ ביסל געקעכץ. זיינע צוויי ביסטרע פערד האָבן געגוואַלדעוועט, געפאָדערט מעשים. זיי ווילן טרינקען. זיי ווילן עסן גלייך מיט לייטן. דער באַלעבאָס זייערער, קירש, איז אָבער נישט געווען.

דער וווזאַדנע, וואָס האָט געקראָגן פון קירשן אַ סך חניפה און עטוואָס לאַפּקעגעלט, האָט געשריען צו אַהרקען:

— גראָססמאַן, גיב דאָרטן אַכטונג אויף קירשעס כשרע פערד! דאָס איז געווען אַ באַפעל.

ווען אַהרקע איז פאַרטיק געוואָרן מיטן באַדינען זיינע אייגענע סוסים האָט ער ערשט גענדאַרפט זיך פאַרנעמען מיט קירשס פערד־לעך. ער האָט זיי געגעבן צו טרינקען און עסן. ס׳האָט געהייסן, אַז נישט צוויי, נאָר פיר פערד זענען געווען אויף זיינע פּלייצעס.

צייטנווייז האָט אים, אַהרקען, אָנגעכאַפּט אַ פאַרדראָס, פאַר־וואָס אַ ייד פּראָוועט כשרות אויף אַ צווייטנס חשבון. ער האָט זיך נישט געוואָלט אריינלאָזן אין די דינים פון בשר וחלב. וועדליג ער האָט פאַרשטאַנען די יידישע אמונה, האָט זי געהאַט געוויסע לינדע־רונגען וואָס שייך אייניקע לאַוות. אין כתובות זאָגט זיך: אין לך דבר העומד בפני פקוח־נפש. ס׳הייסט, מ׳קאָן פאָרן, מאַכן אַ פייער אין שבת, אויב ס׳העלפט ראַטעווען אַ נפש פון סכנה. און די מלחמה־צייט גייט אַריין אין דעם גדר פון סכנת־נפשות. איז אויב קירש האָט געמעגט מחלל־שבת זיין, וואָרעם ווען נישט, וואָלט זיין לעבן געווען אין געפאַר, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך מער געדאַגהט וועגן כשרות? כשרות איז דאָך אַ קלענערע מיצווה ווי דאָס אָפּהיטן שבת! אַחוץ דעם, ווי לאָזט מען עס פערד אויף הפקר? און וואָס איז ער, אַהרקע, זיינער אַ משרת? זיין מיצווה איז קיין מיצווה נישט, ווען ער איז גורם אַז אַ צווייטער ייד זאָל אַרבעטן פאַר אים אומזיסט, נישט אָנ־פרעגנדיק זיך אָפילו צי דער ייד איז מרוצה דאָס צו טאָן.

אומעטום האָט מען געזען דעם זשוואַווען קירש מיט זיין אונטער

טעניק שמייכעלע. מיט די פּאַליאַקן איז ער געווען פאַניבראַט און ער האָט פאַרהילכט די לופט מיט „פּאַן", „פּראָשען פּאַנאַ" און „צאָ פּאַן סאָביע זשיטשי?" ער האָט זיך געבויגן אין דרייען, געוואָרפן זיך אויף אַלע זייטן, כדי נושא־חן זיין אין די אויגן פון קאַפּיטאַן סעמיאַ־נאָוו, וואָס דאָס רוב אָבאַזניקעס האָבן אים געהאַסט און געווייכט פון זיין דוך. יעדער האָט זיך אַוועקגעשאַרט און געררוקט זיך אין אַלערליי נאָרעס, ווען מ'האָט געזען דעם קאַפּיטאַן אָנקומען. קיינער האָט זיך נישט געוואָלט באַגעגענען מיט דעם אָנגעפּרעסענעם און אָנגעזויפטן גוף, וואָס צעשיידט זיך קיינמאָל נישט מיט זיין נאַגייקע. קירש איז געווען אַ יוצא מן הכלל.

קירש האָט זיך געסטאַרעט צו טרעפן זיך מיטן קאַפּיטאַן וואָס אָפטער און נענטער. ער האָט אָפּגעלייגט וועג, אַבי אַרויסצוקומען פנים אל פנים. און אַז ס'איז אים געלונגען, דעמאָלט האָט ער ערשט געוויזן וואָס ער קאָן. ער האָט אַ קלאַפּ צונויף געטאָן מיט די אָפּצאַסן פון זיינע שטיוועלעך, אויסגעצויגן זיך ווי אַ סטרונעלע, צוגעלייגט דאָס הענטעלע צום קאָזיראָקל, פאַרריסן די ברייטע באָרד צום הימל, און מיט חניפהשער איבערגעגעבנקייט אָנגעשטעלט זיינע זשוואַווע אויגן אויף דעם קאַפּיטאַנס משוגונענעם פּרצוף.

אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף סעמיאָנאָווס צורה. אַ צו־פרידנקייט האָט אים אַרומגענומען דערפון וואָס כאָטש איינער פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע פּורמאַנעס ווייסט ווי צו שעצן און אָפּגעבן כבוד זיין קאָמאַנדיר. ער האָט זיך דעמאָלט גענומען שפּאַצירן פּאַמעלעך, כדי צו פאַרלענגערן זיך די הנאה, און געהייסן קירשן אַראָפּלאָזן די סאַלוטירנדיקע האַנט.

מחמת אָט די שטיק איז קירש באַפרייט געוואָרן פון זיינע פערד און איז געוואָרן דעם קאַפּיטאַנס דענשטשיק. דער עולם אָבאָז־ניקעס האָט אים דערפאַר גערופן מיט אַ זייער מיאוסן נאָמען, אָבער אים האָט עס נישט געאַרט. ער האָט זיין באַלעבאָס געדינט זייער פּלייסיק.

וואָס אָנבאַלאַנגט אהרקען — ער איז געווען זייער צופרידן פון דעם „שידוך". אַראָפּ אַ יאָך פון קאָפּ. ער וועט מער נישט דאַרפן אויפפּאַסן אויף קירשם פערד, ווען יענער וועט אַוועקגיין מקיים זיין די מיצווה פון כשרות.

## .50

# גאָטס באַשעפענישן און געשטאַלטן

נאָך פיל וואָכן און חדשים אַרומוואַלגערן זיך און אַרומגיין אין דעם זעלבן אוניפאָרם, קיינמאָל נישט אויסגעטאָן, און אָן אַ באָד, איז געקומען דאָס, וואָס אַהרקע און זיין קוזין חיים האָבן שוין לאַנג זיך געריכט דערויף. דאָס איז געווען איינע פון די צען מכות, וואָס פרעה איז מיט זיי געשלאָגן געוואָרן: די מכה כינים.

יאָ, ביידע, סיי אַהרקע און סיי חיים, זענען „באַגליקט" געוואָרן מיט דעם דאָזיקן אומפּליים.

אַז זיי האָבן אָנגעטאָן אַ פרישע העמד, וואָס איז ערשט אויס־געשווענקט געוואָרן אין קאַלטן וואַסער פון אַ טייך, האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן. דאָס אומפּליים איז צוריקגעקומען מיט מער חוצפה, ווי עס וואָלט זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דעם פרישן ביסן.

חיים איז געווען אַ גרויסער מפונק. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען — צוליב וואָס אָט די מיאוסע באַשעפענישן זענען באַשאַפן געוואָרן. זיי האָבן געריסן שטיקער פון זיין ווייס, פעט לייב.

— זיי עסן מיך אויף אַ לעבעדיקן, — האָט ער געשריען קרעכצנדיק.

—קירצלעך וועלן מיר אָנקומען קיין וואַרשע, — האָט אַהרקע פּרובירט אים טרייסטן, — וועלן מיר גיין אין אַ באָד אַריין.

איין מאָל זענען זיי ביידע געשטאַנען האַלב־נאַקעט אין אַ וואַלד און זיי האָבן אויסגעטרייסלט זייערע בגדים פון דעם זלידנעם אָנשי־קעניש. זיי האָבן זיך געפּילט גוט אָן די בייסיקע באַשעפענישן. די קאַלטע, פרישע לופט האָט געריייניקט דאָס נאַקעטע לייב. אַהרקע און חיים האָבן געקלאַפּט איינער דעם צווייטן איבער די פּלייצעס מיט האַרטע צווייגן, ווי מ'טוט עס מיט בעזעמלעך אויף די הויכע בענק אין אַ שוויצבאָד. אַ שאָד נאָר, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צוריק אַריינ־קריכן אין די זעלבע שמאַטעס. די קריכנדיקע צוטשעפענישן וועלן דאָך ווידער אָנהייבן בייסן, און נאָך מיט מער רציחה, איבערהויפּט אונטער די פאַכוועס.

אין מיטן דערינען איז אַנגעקומען — קירש.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער געפרעגט.

מיר האַלטן מלחמה מיט פרעהס איינִיקלעך, — האָט חיים געענטפערט.

— איך האָב זיי נישט, — האָט קירש געזאָגט מיט שטאָלץ.

— ווי קומט עס? — האָט אַהרקע געפרעגט מיט נייגער.

— ווייל איך טראָג אַ קרייקע.

— וואָס איז דאָס? — האָט אַהרקע געקוקט מיט אומגלויבן.

— אַ מיטל קעגן כינים.

— וואָס?

— יאָ, אַ מיטל קעגן כינים.

— נו, גיט-זשע אַהער דעם רעצעפּט!

— דאָס איז נישט קיין רעצעפּט.

— וואָס דען איז עס?

— הערט-זשע זיך איין מיט קאָפּ.

אַהרקע און חיים זענען געשטאַנען מיט אָפענע מיילער און האָבן זיך גוט צוגעהערט צו קירשס רייד.

— אַז מיר וועלן, אם ירצה השם, קומען קיין סאָקאָלאָוו, — האָט קירש געזאָגט, — גייט אַריין צו אַ שניידער און בעט ביי אים אַ לאַנגן שמאָלן פּאַסעק געוואַנט. דערנאָך גייט אַריין אין אַן אַפּטייק, קויפט קוועקזילבער. דערנאָך גייט אַריין אין אַ שפּייזגעוועלב, קויפט אַן איי. מיט אָט די דריי זאַכן, אַ פּאַסעק געוואַנט, קוועקזילבער, און אַן איי, גייט אַריין אין דעם ערשטן יידישן הויז און בעט מ׳זאָל אייך לייען אַ שטיסל אויף אַ ווייַלע. דערנאָך לייגט אַריין דעם פּאַסעק געוואַנט אין דעם שטייסל, גיסט אַריין דעם קוועקזילבער, צעקלאַפּט דאָס איי, גיט אָפּ דאָס געלכל צו דער באַלעבאָסטע, און דאָס ווייסל פון איי גיסט אַריין אין דעם שטייסל. דערנאָך זאָלט איר דאָס ווייסל רייבן אַזוי לאַנג, ביז דער קוועקזילבער וועט זיך אַננעמען אויפן געוואַנט. דערנאָך נעמט אַרויס דאָס געוואַנט, הענגט עס אויף ערגעץ וואו, ביז ס׳וועט גוט טרוקן ווערן. צום סוף טוט עס אָן אויפן האַלדז און טראָגט עס די גאַנצע צייט אונטערן העמד. דעמאָלט וועט אייך גאָט העלפן. די לייז וועלן זיך צעלויפן פון אייך ווי פון אַ פייער.

געענדיקט די לעקציע, צעשפּילעט קירש זיין העמד — און

אַהרקע און חיים האָבן טאַקע דערזען אַ באַזילבערטן פּאַסעק שוואַרצן געוואַנט, וואָס איז געהאָנגען איבער זיין ברוסט. אַבי ס׳איז פאַראַן אַ מיטל קעגן דער פּלאָג — האָט אַהרקע געטראַכט — וועט חיים שוין נישט רוען און קרייקעס וועלן געווים געמאַכט ווערן פאַר זיי ביידן.

און אָט זענען זיי שוין אין סאָקאָלאָוו. דער אָבאָז האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן די גערטנער, האַרט לעבן יידישע הייזער. ס׳זענען געווען די לעצטע טעג פון סוכות.

אַהרקע האָט געשמירט די רעדער פון זיין וואָגן. יידישע יינגלעך, אין נייע קאַשקעטלעך, האָבן זיך געדרייט אַרום אים, זיין באָרד האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד. זיי האָבן רחמנות געהאַט אויף אים וואָס ער מוז, נעבעך, אַרבעטן אין יום־טוב. אַ יינגלע, פול מיט חן, האָט אים פאַרבעטן צו אים אין הויז אויף וועטשערע. אַהרקע האָט זיין איינלאַדונג נישט אָנגענומען. ער האָט געהאַט אַ סך צו טאָן אַרום די פערד. אחוץ דעם, ווי גייט מען עפּעס צו יענעם אין הויז אַריין עסן אויף דער בקשה פון אַ קליין יינגעלע?

שפּעטער, אַז ער האָט צופרידנגעשטעלט זיינע פערד, געגעבן זיי וואָס עס איז זיי געקומען על־פי דין און יושר, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט שפּאַצירן אין די גערטנער. פונעם אויסגעשטערנטן הימל האָט אַראָפּגעלייכט די לבנה. זי איז געווען קיילעכיק און דורכזיכטיק... ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי הענגט אויף דינינקע, נישט־געזעענע פעדעמלעך. קוקנדיק אויף איר פּנים, האָט אַהרקע „דערקענט" די זעלבע היימישע לבנה, וואָס שיינט איבער דער גרויסער בריק, איבער דעם טייך סלוטש און איבער זיין גאַנץ שטעטעלע לוליך. אַ פיינלעכע בענקשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט, אַ בענקשאַפט נאָך זיין היים און אויך נאָך פינסק. אָט אַזוי שפּאַצירנדיק איז ער פאַמעלעך אַרויס פון די גערטנער און אַריין אין אַ שמאָלער גאַס.

אַ פאַרשפּעטיקטער ייד איז געלאָפן פון דער שול. דערזען דעם זעלנער, האָט ער אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— קומט צו מיר עסן.

אַהרקע האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— אַ גרויסן דאַנק. איך בין נישט הונגעריק.

דאָס איז טאַקע געווען אמת. אחוץ דעם האָט ער געוואָלט זיין אינגאַנצן אַליין מיט זיין בענקשאַפט, אָן וועלכע־ס׳איז שטערונגען.

— ניין, איר מוזט גיין מיט מיר, — האָט דער ייד ממש זיך צוגעטשעפּעט צו אַהרקען. און אַזוי רעדנדיק האָט ער אַהרקען געשלעפּט פאַרן אַרבל צו זיך אַהיים. — איך וויל האָבן אַ יידישן זעלנער אויף יום־טוב.

אַהרקע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. אַז אַ ייד וויל פאַרדינען אַ מיצווה, זאָל ער.

דער ריח פון יום־טובדיקע מאַכלים, געגרייט אויף אַ ווייס טישטעך, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט איבערן טיש, באַלייכט מיט ליכט־פלעמלעך, איז אַהרקען געקראָכן אין דער נאָז אַריין און האָט אַרויסגערופן אַ פריש־צאַפּלדיקן אַפּעטיט. די הויפּטזאַך האָט אָבער געפעלט — אַ היימישע, פריילעכע אַטמאָספערע. ס׳איז נישט געווען קיין יונגוואַרג. מאַן און ווייב זענען געווען צוויי שווייגנדיקע מענטשן. פון צייט צו צייט האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט בעת אַהרקע האָט גערעדט, און נאָכדעם ווידער געשוויגן. זייערע ווערטער האָבן אָבער אָפּגעקלונגען ווי אַרבעס פאַלנדיק אויף אַ ליידיקער פאַן. ס׳האָט זיך געפילט אין הויז עלנטקייט, טרויער, קאַלטקייט.

דער בליציק־גיך געקומענער אַפּעטיט ביי אַהרקען איז פאַר־שוואונדן. דאָס עסן האָט אָנגעוואוירן דעם טעם פון אַ יום־טובדיק מאָלצייט. שלינגען הייסע לאָקשן נאָך דערפאַר וואָס זיי זענען לאָקשן האָט נישט קיין גרויסן באַדייט, אָדער בעסער געזאָגט, קיין שום באַדייט. דער עיקר איז — אין וואָסער מסיבה מ׳געפינט זיך. אַהרקע איז געזעסן ביים טיש ווי אַ געפּענטעטער. ער האָט זיך קוים דער־וואַרט אויף מים־אחרונים.

נאָכן בענטשן האָט דער באַלעבאָס אָנגעזאָגט אַהרקען, ער זאָל למען־השם נישט פאַרגעסן צו קומען מאָרגן אויף וואַרעמעס. אַהרקע האָט נישט געהאַט קיין חשק צו קומען נאָך אַ מאָל, נאָר טענהן מיטן ייד וועגן דעם וואָלט נישט געהאָלפן. האָט ער צוגעשטימט.

יעדעס מאָל אין די פרימאָרגנס איז געווען אַ סך אַרבעט אַרום די פערד, ביז מ׳האָט אַלץ אַרום זיי צוריקגעבראַכט אין אָרדענונג נאָך אַ נאַכט פון זייער וואַלגערן זיך. דאָס מאָל האָט אַהרקעס „פּאַטריאָט" זיך גראָד אויסגעצייכנט... ער האָט זיך פאַרפּאַטשקעט אין זיין גנוי

ווי גרויס ער איז געווען. ס׳האָט גענומען אַ היפּשע צייט אים צו סקראַבען, וואַשן, באַרשטן, ביז אַהרקע האָט אים געמאַכט אויסקוקן לייטיש. אין איילעניש האָט אַהרקע נאָכדעם אָפּגעוואַשן זיין באַוואַקסן פּנים, אויסגעטרייסלט דאָס אייבערשטע מלבוש פון אַלערליי אָנטשע־פּענישן, אָפּגעווישט זיינע שטיוול, פון וועלכע ס׳האָט זיך געהערט אַ גערוך פון גנוי און געריינייקט זיך די הענט.

אַן „אויסגעפּוצטער״ איז ער אַוועקגעלאָפן צום ייד. ער האָט געעפנט די טיר און בגילופנדיק אַ זאָג געטאָן:

— גוט יום־טוב!

אָנשטאָט צוריקביטן מיט „גוט יום־טוב״, האָט דער ייד אַ זאָג געטאָן:

— כ׳האָב אייך נישט געזען אין שול... — און גלייך אים גענומען שטופּן אַ סידור אין די הענט אַריין. — נעמט דעם סידור און דאַווענט.

אַהרקע איז מטושטש געוואָרן. דער ייד האָט אים געמאַכט זיך פילן ווי ער וואָלט געווען אַ חדר־יינגעלע, וואָס ווערט באַשטראָפט פון זיין שטרענגן טאַטען. אַ טיפער פאַרדראָס האָט אים אַרומגעכאַפּט אויף דעם ייד, דעם איינגעשפּאַרטן, וואָס זוכט מיצוות אָן פּגימות, אויף אַ סוחרישן אופן. געבן עסן אַ יידישן זעלנער, וואָס דאַווענט נישט, איז ביי אים געווען ווי פאַרקויפן סחורה אָן ריווח. אַהרקען איז נימאָס געוואָרן דאָס גאַנצע הויז. ער האָט נישט געוואָלט אַזעלכע טובות. ער איז נישט געקומען קיין סאָקאָלאָוו הערן מוסר, וואָס ער האָט נאָך מיט יאָרן צוריק איבערגעריסן מיט דעם. ער האָט געדאַווענט צום אַלמעכטיקן מיט זיינע אייגענע ווערטער, ווען נאָר און וואו ער האָט געוואָלט און געקאָנט. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, וואָס גיכער אַנטרינען ווערן פון הויז. ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויגן אויף דער טיר און — ווי נאָר דער ייד האָט זיך פאַרדרייט אין אַ זייט — פאַרנומען זיך בליצשנעל אין דער גאַס אַריין.

נישט ווויסנדיק צי ער וועט נאָך אַ מאָל זיין אין שטאָט, האָט אַהרקע געוואָלט אויסניצן די געלעגנהייט און אַ קוק טאָן אויף אַ חסידישן רבין. זיין פאָטער איז געווען אַ פאַרברענטער מתנגד. אויך דאָס גאַנצע שטעטל לולין האָט זיך געהאַלטן אויפן דרך פון מתנגדים. אַהרקע האָט אַ סך געהערט און געליינט וועגן חסדים. זייערע האַרציקע

ניגונים האָבן אים נישט געלאָזט גלייכגילטיק. ער האָט אָבער קיין־מאָל נישט געהאַט באַגעגענט אַ חסידישן רבין. האָט ער בײַ זיך אָפּגעמאַכט אַרײַנצוגיין צום רבין פֿון סאַקאָלאָוו.

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אין הויז האָט ער געטראָפֿן עטלעכע מנינים חסידים. אייניקע פֿון זיי זענען צוגעלאָפֿן צו אים, דעם זעלנער, און אַרײַנגעשטעקט אים אַ האַנט:

— שלום עליכם, אַ ייד...

פֿון זיי האָט אַהרקע אויסגעפֿונען, אַז דער רבי געפֿינט זיך אין זײַן חדר־מיוחד. אַז ער האָט אַרויסגעזאָגט זײַן באַגער, צו זען דעם רבין, האָבן זיי געפֿרעגט:

— צו וואָס?

— מחמת וואָס?

— דהינו?

אַהרקעס תשובה איז געווען:

— כ'וויל אים געבן שלום.

אויפֿן אָרט האָבן זיי אים גלייך מתקן געווען:

— אָנשטאָט זאָגן „געבן", דאַרף מען זאָגן, „נעמען שלום פֿון רבין".

דערנאָך האָט מען גלייך מודיע געווען דעם רבין, אַז אַ זעלנער וויל אים זען. דער רבי, אַ שטאַרק באַווירקנדיק געשטאַלט, מיט אַ מיסטישן בליק אין זײַנע אויגן, איז אָן לאַנגע שהיות אַרויסגעקומען, געגעבן אַהרקען זײַן האַנט, עפּעס געזאָגט שטילערהייט און האָט זיך אומגעקערט צוריק אין זײַן חדר־מיוחד.

די חסידים אַרום האָבן געזאָגט אַז נאָר אַ ליטוואַק האָט אַזאַ מזל:

— דער רבי זאָל תיכף אַרויסקומען פֿון זײַן חדר־מיוחד!

— באַגעגענען אַן אומבאַקאַנטן זעלנער!

— געבן שלום און אַ ברכה דערצו!

אַהרקע האָט זיי, די וואַרעמע טייערע יידן, באַדאַנקט פֿאַר זייער ברידערלעכן קבלת־פּנים, וואָס זיי האָבן אים געגעבן אין דעם רבינס הויז, אויך פֿאַר זייער טירחה, אַז ער זאָל זיך נישט מייאש זײַן, און ער איז אַוועק אַ צעוואַרעמטער, מיט אַ התפּעלות וואָס האָט אים אָן אויפֿהער באַגלייט אויף זײַן ווײַטערדיקן מלחמה־וועג.

## .51

# וואַרעם בעטגעוואַנט

אויפן וועג פון סאָקאָלאָוו קיין וואַרשע האָט זיך דער אָבאָז אָפּגעשטעלט ביי אַ יידישן יישוב. אַ דריבנע רעגנדל האָט זיך איינגעגעסן אין דיביינער. חיים האָט אַהרקען פאַרגעשלאָגן צו גיין ערגעץ שלאָפן אונטער אַ דאַך און אין אַן אמת בעט מיט היימיש בעטגעוואַנט.

— ס'האָט זיך מיר שוין דערעסן דאָס הינטישע לעבן, — האָט ער געזאָגט.

אין די קליינע שטעטלעך זענען די יידישע הייזער געווען אָפן פאַר די יידן־זעלנער. מ'האָט זיי אויפגענומען מיט אמתער ליבשאַפט. אַהרקע האָט בפועל ממש געפילט דאָס ריזלדיקע בלוט פון „כל ישראל חברים". ער גלייבט נישט — האָט ער געטראַכט — צי מ'קאָן עפּעס ענלעכם זען ביי אַן אַנדערער אומה.

נאָך אַ קורץ זוכעניש האָבן די צוויי קוזינען, אַהרקע און חיים, געפונען אַ הויז, וואו מ'האָט זיי, מיט גרוים כבוד, אָפּגעגעבן אַ ברייט בעט מיט אַ סך פוכענע קישנס און פּערינעס. ס'האָט נישט גענומען לאַנג און חיים, איינגעדעקט ביז צום האַלדז, איז איינגעשלאָפן געוואָרן.

פון דער אַנדערער זייט וואַנט האָבן זיך געהערט קולות פון קינדער. ווייזט אויס, אַז ס'איז זיי געווען שווער איינצואָרדענען זיך אין די נייע, צונויפגעשטופּעוועטע פלעצער. אַהרקע און חיים האָבן פאַרנומען דאָס גרעסטע בעט אין דעם בעסטן חדר פון הויז. מסתמא האָט עס באַלאַנגט צו די קינדער.

צו ביסלעך האָט זיך איינגעשטעלט דער יאַריד — און ס'איז געוואָרן שטיל. אַהרקע האָט אָבער נישט געקאָנט איינשלאָפן אונטער די פוכינע פּערינעס. עפּעס אַן אומרואיקייט האָט אים געטאָטשעט.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אַ ווייט קלאַפּערייַ פון רעדער. זאָל דאָס אַמאָל נישט זיין דער אָבאָז? — איז אַהרקען געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ. — איז נישט דער אָבאָז אין מיטן דערינען אַוועק?

שטילערהייט האָט ער זיך אָנגעטאָן און איז געלאָפן צום פּלאַץ, וואו דער אָבאָז האָט געלאַגערט. ערשט, ווי דאָס האַרץ האָט

אים געזאָגט, דער אָבאָז איז נישטאָ. בלויז זיינע פערדלעך זענען געשטאַנען צוגעבונדן צום וואָגן.

אין גרוים איילעניש האָט אַהרקע איינגעשפּאַנט די פערד צום וואָגן און ער איז האַסטיק צוגעפאָרן צום הויז, וואו חיים איז געשלאָפן. ס׳איז אים געווען אַ גרוים רחמנות אַרויסצושלעפן דעם קוזין פון אַזאַ ווייכקייט און וואַרעמקייט. ווי אַ באַרעמהאַרציקער פאָטער וואָס וועקט זיין יינגל צו סליחות, אַזוי איז אַהרקע געשטאַנען איבער זיין קוזין. זיינע הענט האָבן זיך אין דער פינצטער געצויגן צו אים און ער האָט געשעפּטשעט:

— חיים... חיים, שטיי אויף.

חיים איז אָבער געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער.

אַהרקע האָט אים אָנגענומען פאַר די אַקסלען, געטרייסלט, אָבער אַ נעכטיקער טאָג. צום סוף האָט ער אַ כאַפּ געטאָן חיימס היפּשע נאָז, זי אַ קוועטש געטאָן ווי אַ גומקע, און דאָס האָט געהאָלפן.

חיים האָט זיך אויסגעטשוכעט, בליצשנעל זיך אָנגעטאָן — און ביידע, ער און אַהרקע, זענען אַרוים פון הויז און האָבן גענומען אָניאָגן זייער אָבאָז, וואָס, ווי זיי האָבן געוואוסט, האָט געדאַרפט גיין מיטן וועג קיין וואַרשע.

ווי אויף להכעיס זענען אָבער די פערד געלאָפן נישט אַזוי גלאַטיק ווי ס׳האָט געדאַרפט זיין. דער וואָגן איז געשלעפּט געוואָרן נישט אין אַ גלייכער ליניע, נאָר קרום און מער צו איין זייט. אַהרקע האָט געהאַלטן אין איין ציען מיט די לייצעס כדי אַרויפצופירן די פערד אויפן גלייכן וועג. זיי האָבן אָבער נישט געפאָלגט. זיי האָבן געטאָן זייערס ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל. דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען, ביז דער וואָגן און אַהרקע און דער פּאַסאַזשיר חיים האָבן זיך אַלע צוזאַמען אַראָפּגעקייקלט אין אַ קאַנאַווע.

מיט דער הילף פון חיימס פּלייצעס איז אַהרקען געלונגען אַרויפצושלעפּן זיין באַלעבאַטישקייט צוריק אויפן שאָסיי.

אַז פערד באַנעמען זיך אויף אַ מאָדנעם אופן טאָר מען זיך נישט מאַכן געפּגרט. מ׳דאַרף זוכן די סיבה, אָנשטאָט וואַרפן די שולד אויף זייער פערדישקייט, ווי אַהרקע האָט עס געטאָן. נאָך אַ גרינט־לעכער אונטערזוכונג האָט חיים אויסגעפונען, אַז דער שולדיקער איז טאַקע געווען אַהרקע. און אָט פאַרוואָס: אין גרוים איילעניש, ווען

אַהרקע האָט איינגעשפּאַנט די פערד, האָט ער נישט ריכטיק צוגע־טשעפּעט די לייצעס צו די ציימלעך. אַנשטאָט איבערקרייצן זיי האָט ער זיי צוגעריכט אין אַ גלייכער ליניע. פון דעם האָבן זיך דאָס גענומען אַלע צרות.

נאָכדעם, ווען אַלץ איז שוין צוריק געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג, האָבן זיך די פערד געטראָגן ווי אָדלערס. די קלעפּ פון די רעדער פון אַהרקעס איינזאַם־פאָרנדיקן וואָגן האָבן פאַרהילכט די שטילקייט פון דער נאַכט.

פלוצעם האָט זיך דערהערט אַ האַסטיקער גאַלאָפּ פון אַ פערד. די קלעפּ פון די פערדישע קאָפּיטעס האָבן זיך גענומען הערן אַלץ נענטער און נענטער. און אָט האָט זיך דאָס פערד באַוויזן. און דאָס, נישט אַליין — מיט אַ רייטער. און ווער איז געווען דער רייטער? נישט קיין אַנדערער ווי נאָר אַהרקעס „ליבער" ווזוואָדנע.

מיט אַ ווילדער רציחה האָט ער זיך אין דער געדיכטער פינצטערניש אַ וואָרף געטאָן צום וואָגן, געהאַקט, געבראַקט, געשמיסן, ווי ער וואָלט דאָ דעם שונא אַטאַקירט. דאָס איז ער געקומען זיי, אַהרקען און חיימען, מקבל־פּנים זיין. זיינע אומגעהאַרישע קולות האָבן זיך געהערט ווייט און ברייט אין דער שטילער נאַכט:

— זשידאָווסקע מאָרדעס! איך וועל אייך אָנלערנען ווי אַוועק־צוגיין אָן אַ דערלויבעניש פון נאַטשאַלסטווע! איר, זשידאָווסקע מאָרדעס...

אַהרקע האָט זיך צוגענייגט צו חיימען און געשושקעט:

— דו וועסט מיר נאָך אַ מאָל נישט איינרעדן צו גיין זוכן אַ לייטיש בעט מיט וואַרעמע פערינעס... אָט האָסטו דיר דעם טעם פון אַ לייטיש בעט מיט וואַרעמע פערינעס...

חיים האָט געבורטשעט דורך זיינע דינע אָנגעצויגענע ליפּן:

— נאָך דער מלחמה, אַז דער שייגעץ וועט אַריינפאַלן אין מיינע הענט, וועל איך אים צערייסן ווי אַ הערינג.

ענדלעך זענען זיי געפאָרן איבער די קאָכיקע גאַסן פון וואַרשע. צוויי פאַרפוצטע אַלטע פריצטעס, מיט גאָטספאָרכטיקע מינעס אויף זייערע פרומע פּנימער, האָבן אויסגעטיילט פּאַפּיראָסן צו יעדן פון די אָבאָזניקעס. יעדער האָט געקראָגן צו צוויי שטיק. פּינקטלעך צו צוויי. קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו, מעשה העלד, איז געזעסן אָנגעצויגן אויף

זיין פערד, אין וועמעס זייטן ער האָט אריינגעשניטן זיינע שפּאָרן, און איז געפלויגן מיט גדלות אַהין און צוריק.

הינטער אים איז נאָכגעריטן דער פּאָרוטשיק — אַ יונגער שטילער שייגעץ, בלוט און מילך. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שעמעוודיקער חתן. זיינע בעקעלעך האָבן זיך גערויטלט. די אויגן זענען געווען האַלב פאַרמאַכט. זיין פאַררים נעזל האָט געשוויצט. ער האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין אָנשטעל. דאָרפישקייט האָט ארויסגעשפּראָצט פון זיין גאַנץ געביין. ווען מ'וואָלט פון אים אראָפּגעשלעפּט די בגדים מיט די מעשענע קנעפּ, — האָט אַהרקע געטראַכט, — וואָלט מען אין אים דערקענט דעם פּאַסטעך קיצעס זון, וואָס האָט געפּאַשעט די יידישע בהמות אין זיין שטעטל לולין.

אויך איז דער ווזוואָדנע געווען פאַרהאַוועט. ער האָט זיך געסטאַרעט נאָכצומאַכן דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאַוום האַוואַיעס. ער האָט זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר די שפּאַצירנדיקע פּאָליאַטשקעס. ער איז געפלויגן דאָ צו איין אָבאָזניק, דאָ צו אַ צווייטן, געגעבן נאַרישע באַפעלן און האָט זיך געיאָגט ווייטער. ער האָט געמאַכט די פוריע פון אַ זייער פאַרנומענעם מענטש, וואָס דאַגהט נאָר פאַרן וואוילזיין פון פאָלק.

אַהרקע איז געזעסן רואיק אויף דער קעלניע און האָט הנאה געהאַט פון דעם גאַנצן געזינדל. דער אָבאָז האָט זיך געצויגן אויף אַ לאַנגער שטרעקע, אַזש מיטן אויג נישט צו כאַפּן. גערדאַנקען, ערנסטע און שפּאַסיקע, זענען ביי אַהרקען אין קאָפּ געקומען און געגאַנגען.

אָט — האָט זיך ביי אים אין קאָפּ געטראַכט — איז דער אָבאָז אַ צוזאַמענשטעל פון הונדערטער מענטשן, פערד און וועגענער. יעדער איז מיט גוואַלד ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין צוגעבונדנקייט און פלאַץ. זיי זענען אריין אין דער גרויסער שטאָט מיט טומל און געפילדער. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די באַוועגונג פון טראַמווייען, פון דראָזשקעס און פוסגייערס. וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן די ציווילע לייט אין דער אָנוועזנהייט פון דער מיליטערישער מאַשין? אַלע מאָל און אומעטום זענען די מיליטערלייט די אייבערשטע פון שטייסל. שוין דריי חדשים ווי די אָבאָזניקעס שלעפּן זיך איבער וועגן און שטעגן. מ'פאָרט אַהין און מ'פאָרט אַהער. וואָס איז דער סך־הכל פון דעם אַלעם? צוויי זעקלעך מעל דערפירט צו אַ פּלאַץ. נאָכדעם אָנגעלאָדן

ברויט, געפּירט דאָס און געפּירט, און צום סוף צוריק עס אויסגעלאָדן ערגעץ וואו אין אַ שפּייכלער. דאָס איז געווען דער גאַנצער אויפטו פון דעם אַבאַז אין די דריי חדשים. אָבער זיי, די אָפיצערן און זייערע אונטערשטופּערס? זיי מאַכן דעם אָנשטעל ווי זיי וואָלטן געראַטעוועט די וועלט!

און אַזוי טראַכטנדיק און סומירנדיק איז ער, אַהרקע, צוזאַמען מיטן אָבאַז אַריינגעפאָרן אין אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, אין מאָקאָטאָוו, וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

## .52

# ווען מ׳איז זאַט און אָן אַ צוועק

ס׳איז שוין געווען מער ווי אַ חודש, זינט דער אָבאַז האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט רוען אין מאָקאָטאָוו.

די פורמאַנעס זענען געווען אָן אַ שטאָך אַרבעט. די פערד, אונטערן פרייען הימל, זענען געשטאַנען צוגעדעקט מיט דעקעס, וואָס מ׳האָט גערופן „פּאָפּאָנעס". די אָבאָזניקעס זענען געווען איינגע־קוואַרטירט אונטער די דעכער פון מיליטערישע באַראַקן. ס׳האָט זיך געפילט גוט צו ליגן אויף די הילצערנע נאַרעס, מיטן זעקל צוקאָפּנס, בשעת אין דרויסן האָט געבושעוועט דער ווינטער מיט זיינע זאַווערוכעס. אַ דאַך מיט פיר ווענט איז געווען די בעסטע מתנה וואָס אַ סאָלדאַט האָט זיך געקאָנט ווינטשן אין אַזעלכע נעכט.

קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו, ווייזט אויס, האָט זיך אָבער נישט געדאַגהט וועגן דעם וואוילזיין פון „זיינע" מענטשן, וואָס האָבן געפּטרט „זיין" צייט אויף אַזעלכע נאַרישקייטן ווי עסן און שלאָפן. ער האָט געגלייבט, ס׳וועט נישט שאַטן אַריינצוגעבן אין די מוחות פון די פורמאַנעס אַ ביסעלע „אָבראַזאָוואַניע", בילדונג, אַזוי צו זאָגן. והא ראיה, מ׳האָט טאַקע לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן דערויף.

מ׳האָט די אָבאָזניקעס אויפסניי אָנגעהויבן לערנען — ווי ס׳וואָלט געווען אַ שפּאָגל נייע תורה — די דינים פון סאַלוטירן, אויך דאָס מאַרשירן צום ריטעם פון טראָט: רעכט-לינק, רעכט-לינק. ועל כולם האָט מען זיי געלערנט לויפן איבערן פעלד צו אַ באַשטימטע

פּלאַץ, וואו דער שונא, כדומה למשל, קאָן זיך געפינען, און אָנטראַסקען אים די זייטן מיט די נאַקעטע הענט.

די ביקסן האָט מען שוין לאַנג געהאַט צוגענומען פון די פּור־מאַנעס. אַ סברה, מ׳האָט זיי געדאַרפט האָבן נייטיקער אויפן שלאַכט־פעלד, וואו די „געשעפטן״, לויט די קלאַנגען, זענען נישט געווען אַזוי פויגלדיק.

קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט געפאָדערט פון „זיינע״ מענטשן, די פּוסטעפּאַסניקעס, דעם מאַקסימום פון ריינקייט אַרום די פערד. די פעל האָט געמוזט בלישטשען, ווי אַ שפּיגל. די גריוועס — געבאַרשט און געקעמט ווי, להבדיל, די קעפּלעך ביי יידישע מיידלעך ערב־שבת. כדי די פערדישע פיס זאָלן נישט פאַרגליווערט ווערן פון שטיין אויף איין אָרט, האָט מען זיי געמוזט טעגלעך אַרויסנעמען אויף אַ שפּאַציר. דאָס לויפן רייטנדיק אויף אַ פערד אָן אַ זאָטל, ווי די פּאַסטעכער ביי אַהרקען אין דער היים, איז אים, אַהרקען, אין אָנהייב אָנגעקומען שווערלעך. די גלאַטע פערדישע פעל איז געווען צו גליטשיק פאַר אַהרקעס געזעס. ער האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען מיט אַלע זיינע כוחות כדי נישט אַראָפּצופאַלן. צו ביסלעך האָט ער אָבער געכאַפּט דעם שניט ווי צו זיצן פעסט — און דאָס האָפּקען זיך אויפן פערד, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אריין, האָט אים פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן. האָפּ! האָפּ! ס׳איז געווען דער ריכטיקער עולם־הזה. ס׳האָט מער נישט געפעלט ווי אַ זאָטל. דעמאָלט וואָלט די שימחה שוין געווען פאַרפולט, פּונקט ווי ס׳פילן זיך פריצים אויף זייערע מאַיאָנט־קעס.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. אין די אָוונטן זענען די אָבאָזניקעס געווען פריי. דאָס האָט אָבער נישט געמיינט, אַז זיי האָבן געקאָנט אַוועקגיין וואוהין זיי האָבן געוואָלט. נאָך אַלעמען, די מלחמה איז דאָך אָנגעגאַנגען! יעדע מינוט האָט מען געקאָנט דערוואַרטן אַ טרעוואָגע און אַ באַפעל — צו שפּאַנען די פערד. נאַר וואָסזשע דען? נאָך וועטשערע, פאַרשוויצטע, מיט אָנגעבלאָזענע בייכער, איז מען געלעגן אויסגעשטרעקט אויף די נאַרעס אין די באַראַקן, מ׳האָט געשמועסט וועגן דער מלחמה און אויך וועגן די אויסזיכטן אויף אַ גיכן שלום. קיין פאַקטן האָבן די אָבאָזניקעס נישט געהאַט און נישט געוואוסט. אַלץ איז געווען פאַרדעקט פון זיי. קיין צייטונגען האָט מען

נישט געקראַגן. מ׳האָט זיך בלויז גענערט פון סברות, פון קלאַנגען: דער האָט גערעדט מיט אַ דענשטשיק פון אַ גענעראַל, אָדער יענער האָט געהאַט אַ שמועס מיט אַ דינסט פון אַ פּאָלקאָווניק, איינער פון סאַמע שטאַב. זייערע געשפּרעכן זענען געוואויגן און געמאָסטן געוואָרן. מ׳האָט זיי צעלייגט אויף טעלערלעך און אַנאַליזירט, ווי זיי וואָלטן געווען טייערע איידל־שטיינער. יעדער האָט געוואָלט וויסן דעם אמת — נישט מער און נישט ווייניקער. צום סוף איז מען געקומען צום אויספיר, אַז די מלחמה קאָן נישט און וועט נישט לאַנג אָנהאַלטן. כמעט אַלע זענען געווען איינשטימיק, אַז אַרום פּסח־צייט וועט זי זיך ענדיקן.

ס׳איז אָבער געקומען צו אַנטוישונג.

— ווער האָט עס זיך געקאָנט ריכטן, — האָט זיך צערעדט אַן אָבאָזניק, — אַז צום נייעם יאָר וועט מען נאָך דאַרפן זיך וואַלגערן אָט דאָ, אויף די האַרטע שמוציקע ברעטער. אַ כאָלערע זאָל זיי נעמען, אָט די בלוט־צאַפּערס!

— אַצינד זענען מיר אַלע קלוג... — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער. — פאַרוואָס זענען מיר געלאָפן צו דער פּריסוטסטווע ווי פאַרשפּעטיקטע מחותנים צו אַ חתונה?

— ווייל מיר זענען געווען נאַראָנים.

— אָט קומט אונדזער ברויטגעבער, דער ווזוואָדנע.

— כאַפּט אים דער טייוול, דעם כאַם!

— פאַר נאַטשאַלסטווע טרייסלט ער זיך ווי אַ ריטל אין שטורעם, און צו אונדז צייגט ער אַרויס וועלפישע באַקציינער.

— איך האָב אַ גוטע קאָרט קעגן אים...

— לאָמיר הערן, אדרבה ———

— נעכטן ביינאַכט הייסט ער מיך שפּאַנען די פערד. אַז דער ווזוואָדנע הייסט, פאָלג איך. מיר זענען צוגעפאָרן צו אַ פינצטערן באַראַק און פון דאָרט האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסע צאָל זעקלעך מיט האָבער. נאָכדעם האָט ער זיי אָנגעלאָדנט אויפן וואָגן און זיי צוגעדעקט. מיר זענען געפאָרן און געפאָרן, ביז מ׳האָט זיך פאַרקי־רעוועט אין אַ זייטיק געסל. דאָרטן זענען די זעקלעך האָבער גיך־גיך אויסגעלאָדנט געוואָרן אין אַ פּירהויז. ער, דער הייליקער, האָט מסתמא געקראָגן עטלעכע רובל פאַר דעם געגנבעטן האָבער, און שאַ־שטיל...

— אזא נידעריק נפש! גנבענען פון אזעלכע מאגערע פארציעס, וואס זענען באשטימט פאר די שטומע חיות...

— מ'האט דאס געדארפט דאלאזשען...

— דערציילן וועמען? ס'איז דאך א לאנגע לייטער פון שטאפלען, כ'מיין פון גנבים... פון וואוואדנע ביז צום גענעראל.

— וואס איין גנב לאזט איבער, נעמט עס צו א צווייטער. צו אונדז און די פערד קומט שוין אן קדחת.

— אמת, אלע זענען זיי גנבים. אמת — — —

די טיר האט זיך געעפנט — און דער אבאזניק קאכוטא איז ארייגעקומען מיט א צעפלאמטער צורה. ער האט געמאלן גיך-גיך מיט זיין מויל, נישט קוקנדיק אויף קיינעם:

— אט ערשט געהאט א נקבה. צוויי גריוווניקעס באצאלט. אט רא טאקע, נישט ווייט... אין א פוסטן באראק... אן אטשערעד שטייט דארטן. ווער עס וויל קאן נאך פארכאפן. אזוי לאנג ווי די סטערווע לעבט נאך. זי איז גאר א יונגינקע...

דער עולם האט געלאכט. אייניקע האבן אים געשטעלט קלאץ-קשיות.

אפגעווארט א ווײַלע, איז דער אבאזניק מיכאלטשוק ארוים פון באראק און פארשוואונדן געווארן אין דער פינצטערניש. די איבעריקע אבאזניקעס האבן זיך נישט גערירט פון ארט. די פריער-דיקע טעמעס זענען אבער אראפ פון „טאג-ארדענונג". ס'האט זיך אנגעהויבן א סדרה פון מיידלעך. דעם אויבנאן האט פארנומען — פלאקסין. דער דאזיקער אבאזניק פלאקסין האט דערציילט, מיט אלע פיטשעווקעס, ווי אזוי ער האט די לעצטע נאכט אויף א סטויג היי איינגערעדט אגאפאן, זיין „כלה", זי זאל זיך אים איבערגעבן.

— אט די אגאפא — האט ער איבערגעגעבן — איז שטארק ווי א דעמב און פארמאגט אן ערלעכע נשמה. זי האט זיך נישט געוואלט אונטערגעבן, כאטש נעם און דערהרגע זי. א שטיק נאכט האב איך אוועקגעפטרט, גערעדט, געטענהט. ערשט ביים בליאסק אויף טאג, ווען כ'האב א זאג געטאן: שעמען מעגסטו זיך! איך גיי און ברענג זיך אוועק איינגאנצן פאר דער מוטער רוסלאנד, און דו, אן איינ-געשפארטע, האסט בלויז זיך אין זינען... ווי א חיהלע... דו ווילסט אפילו דיין נישטיק מיידלישקייט נישט מאכן ניצלעך פאר אזא

אידעאַלנעם מענטש ווי איך בין... דאָס האָט זי אינגאַנצן צענור־מען... נאָך דעם עסק האָט די ערלעכע נשמה ביטער געוויינט און זיך שטאַרק געקלאָמערט צו מיר... נישט געוואָלט מיך אָפּלאָזן...

פלאַקסין האָט זיך נאָכדעם אַראָפּגערעדט פון האַרץ וועגן זיין בענקעניש נאָך דער טייערער אַגאַפּאַ. זיין איינציקער וואונטש איז געווען, כאָטש נאָך איין נאַכט איבערשלאָפן זיך מיט איר אויף דעם זעלבן סטויג היי.

— איז דיין אַגאַפּאַ אַ שיינע? — האָט אַן אַבאַזניק געפרעגט.

— פרעג גאָרנישט, — האָט פלאַקסין מיט אַ קרעכץ געבור־טשעט, — אַן אמתע קראַסאַוויצע! ווען זי גייט דורך די גאַס, קריגן מענער די אַפּאָפּלעקציע, קוקנדיק אויף אירע באַקעס ווי זיי ווארפן זיך...

— טאַקע אַ שאָד — האָט זיך געהערט אַ שטים — וואָס אַזאַ שיינע נקבה גייט אַוועק אין ניוועץ.

— ברעך זיך נישט דעם קאָפּ פאַר אַ שיינקייט, — האָט אים געענטפערט אַ צווייטע שטים. — ס׳וועלן זיך שוין געפינען גענוג בעלנים אויף אירע באַקעס...

— אמת, אמת, — האָט זיך אַריינגעמישט קאַכוטאַ. — איך וואָלט איר שוין געגעבן צוויי גריוווניקעס...

— דו, קאַכוטאַ, בעסער שווייג. דו ביסט דאָך ווי אַ חזיר... האָט זיך אָפּגערופן דער ערנסטער טימאָפעוו.

קאַכוטאַ האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז טאַקע נישט בעסער ווי אַ חזיר. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מער נישט גערעדט.

קאַראַטקאָוו, וואָס האַלט זיך פאַר אַ געלערנטן, ס׳הייסט, אַ „גראַמאָטנעם", און זוכט געדעכטיקייט מיט ליכט, האָט אַרויסגעבראַנגט אַ געדאַנק, אַ פרישן צאַפּלדיקן, וואָס אַלע אַרום האָבן מיט אים איינגעשטימט. דער געדאַנק איז באַשטאַנען אין אָט וואָס: — די מלוכה וואָלט באַדאַרפט צושטעלן נקבות פאַר די סאָלדאַטן, ווי זי שטעלט צו ברויט, קרויט און פלייש. מיידלעך זענען אַזוי וויכטיק ווי עסן.

נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן האָט זיך פלאַקסין געלאָזט הערן:

— די אַפּיצערן, אַ כאָלערע זאָל זיי נעמען, לעבן אַ חזרשן טאָג. וואוהין זיי קומען, קריגן זיי געווג נקבות.

אָן אומעט האָט זיך פאַרצויגן איבער זיין בלייך פנים. די אָבאָזניקעס האָבן סימפּאַטיזירט מיט פלאַקסינען. די אומבאַקאַנטע אַגאַפּאַ מיט אירע באַקעס, וואָס שאָקלען זיך, האָט צערייצט די נערוון פון די זאַטע פורמאַנעס. זיי האָבן גערעדט און גערעדט, ביז זיי זענען איינגעשלאָפן. יעדער מיט זיינע חלומות און האָפענונגען אויף אַ גיכן שלום, ווען ס'וועט זיין לייכט צו קריגן אַן אייגענע באַשערטע אַגאַפּאַ.

אַהרקע האָט אין זיין חלום געזען זיין „הארעם”. ער האָט געפילט די נאָענטקייט פון יעדן מיידל. זייערע אויגן האָבן געבלישטשעט מיט אַ מאָדנעם פייערל. זייער געלעכטער האָט זיך צונויפגעמישט מיט טרערן. אַהרקע האָט פּרובירט עפענען זיין מויל, געוואָלט עפּעס זאָגן די מיידלעך. זיין צונג איז אָבער געווען געליימט.

— גראָססמאַן, מרוקע נישט. שטיי אויף! — האָט אַ מאַן אים געוועקט צו גיין בייטן די וואַך אַרום די פערד. — גיך טו זיך אָן!

דער קאַלטער ווינט אין דרויסן האָט פאַרטריבן אַלע זיינע חלומות. פון ווייטן האָבן זיך געהערט קלעפּ פון פאָדקאָוועס און אַ הירזשעריי. צוויי פערד האָבן זיך געשלאָגן. ווייזט אויס, האָט אַהרקע געטראַכט, אַז מאַקאָטאָוו איז געווען צו קליין פאַר זייביידן. אייגנטלעך, פאַרוואָס זאָלן פערד זיין בעסער און קליגער פון מענטשן? דאָך, כדי צו זיין גערעכט צו די פערד, מוז מען זאָגן, אַז ס'איז פאַראַן אַ חילוק. פערד גיבן זיך אַ בריקע, צעהירזשען זיך, און פּטור אַן עסק. מענטשן באַנוגענען זיך אָבער נישט מיט אַזעלכע קלייניקייטן. זיי מאָרדעווען איינע די אַנדערע צום טויט.

ס'איז אים געווען קאַלעמוטנע אויפן האַרץ. איין האָפענונג איז געבליבן: די זון מוז דאָך אויפגיין.

## .53

# ליבע איבעררַאשונגען

יאָ אַ צופאַל, צי נישט, ס׳האָט זיך אָבער אַזוי אויסגעלייגט, אַז אַהרקע און זיין קוזין חיים האָבן אין דער זעלבער צייט געקראָגן אַ דערלויבעניש צו גיין באַזוכן וואַרשע.

אויפגעהייטערטע, זענען זיי ביידע אַוועק אין שטאָט אַריין דורכצופירן אַן עובדה, וואָס האָט זיי שוין לאַנג נישט געלאָזט רוען. איין טייל פון דער עובדה איז געווען — איינהאַנדלען וואַרעמע מלבו־שים: שעפּסענע פעלצלעך, קוטשמעס, וואָלענע סקאַרפּעטקעס און הענטש־קעס. אָט אָ־די נייטיקע זאַכן האָט קאַזנאַ נישט געגעבן. ס׳האָט געהייסן: אויב דו ווילסט נישט פרירן, טאָ קויף דאָס אַלץ איין מיט דיינע אייגענע געלטער.

חיימען איז וואַרשע גוט באַקאַנט געווען. ער האָט געוואוסט, וואו־איין און וואו־אויס. דערצו איז ער געווען אַ מבין אויף סחורה. ער האָט טאַקע אָט די אַלע זאַכן איינגעקויפט גיך און גוט.

פאַרפּוצט אין זייערע נייע בגדים, זענען זיי אַריין צו אַ פאָטאָ־גראַפטשיק, און ער האָט אַראָפּגענומען בילדער פון זיי ביידן אויף איין קאַרטע. נאָכדעם זענען זיי געגאַנגען דורכפירן דאָס איבעריקע פון זייער עובדה. זיי זענען אַוועק אין באָד אַריין אויסצופּאַרען זיך און אויך געבן זייערע אונטערוועש אַ ברי אין זודיק וואַסער. פון דעם אומפליייט זענען זיי שוין לאַנג געהאַט פטור געוואָרן. קיין זכר איז פון דעם נישט געבליבן — אַזאַ קראַפט האָבן געהאַט די קרייקעס!

אַ שטאָטיש באָד איז געווען אַ מין קלוב פאַר סאָלדאַטן. אַהין איז מען געקומען פון אַלע עקן פראָנט. דאָרטן האָט מען באַגעגנט לאַנדס־לייט, באַקאַנטע און פריינד. דאָס סאַמע פרישסטע, ראַיעלסטע נייס איז דאָרטן צעטראָגן געוואָרן גלייך פון די נאַסע בענק. זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז אַהרקע געווען נייגעריק צו טרעפן זיך מיט עמעצן פון זיין געוועזענער זיבעטער ראָטע. ער האָט געוואָלט אויסגעפינען וועגן די מזלות פון זיינע איבערגעבליבענע חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַט געזעגנט ערשט נישט לאַנג צוריק פאַר פּסח. ער האָט זיך געהאַט איינגעקוקט אין די פּנימער פון פאַרביי־

מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן, מיט דער האָפענונג צו דערזען עמעצן פון זיינע באַקאַנטע. זיין מי איז אָבער געווען אומזיסט. פאַרברענגענדיק אין באַד עטלעכע שעה, האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטן אַן אויג אויף די וואָס זענען געקומען און געגאַנגען. אָבער אַן דערפאָלג.

אַז זיין האַנט האָט שוין געהאַלטן די קליאַמקע פון דער טיר, און אַ קאַלטער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן אויף זיין צעפאַרעטע, פאַרפלאַמטע פנים, האָט ער זיך צונויפגעשטויסן מיט פּראָלענקאָ, דעם קאַנצעלאַריע־שרייבער פון דער זיבעטער ראָטע. ביידע האָבן איינצייטיק אַרויסגעלאָזט אַ געשריי:

— פּראָלענקאָ!

— גראָסמאַן!

צו זייער פרייד איז גאָר קיין שיעור נישט געווען.

פאַר דעם קאַרגן יאָר פון זייער צעשיידט זיין איינער פון צווייטן איז פּראָלענקאָ שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן. זיינע וואָנצעס, אַלעמאָל אָנגעשמירט מיט פּאָמאַדע, זענען מער נישט געווען אַרויפגעדרייט און פאַרענדיקט מיט צוויי לאַנגע שפּיצן. ער האָט אויסגעזען דערשלאָגן, פאַראומערט.

פון אים האָט זיך אַהרקע דערוואוסט וועגן דעם שרעקלעכן סוף פון זיין געוועזענער זיבעטער ראָטע. זי איז געווען פון די סאַמע ערשטע אויפן שלאַכטפעלד. די מינוט וואָס די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן האָבן די ביקסן פון דער זיבעטער ראָטע געקנאַלט איבער דער דייטשער גרענעץ. אָבער מער ווי איין טאָג האָט די ראָטע נישט געלעבט. זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן צווישן צוויי פייערן — און כמעט אַלע אירע סאָלדאַטן זענען פאַרטיליקט געוואָרן. פּראָלענקאָ איז געווען איינער פון עטלעכע געציילטע וואָס האָבן זיך געראַטעוועט.

אַהרקעס אַלע חברים, יידן, זענען אומגעקומען. זיין „גוט מזל", צוזאַמען מיט „זכות־אבות" — האָט אַהרקע געטראַכט — האָבן אים געבראַכט אַהיים אין צייט. ווען נישט, וואָלט ער געטיילט דעם זעלבן גורל וואָס די אַנדערע. אַ מרה־שחורה האָט זיך אָנגערוקט אויף אים. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן די ליבע פנימער פון די געפאַלענע יידן און פון עטלעכע גוטע קריסטלעכע פריינד. צווישן זיי — איינער פון טולע, וואָס לעבן מאָסקווע. ער איז געווען אַן אמתער אוהב־ישראל. גוטסקייט האָט געשפּראָצט פון זיין פנים, ממש ווי פון אַ פאָנטאַן.

צוריקגעקומען קיין מאָקאָטאָוו, האָט אַהרקע אָנגעטראָפֿן אויף אַ נייער איבערראַשונג — זיין פֿאָטער איז געקומען צו אים אויף באַזוך.

די פֿרייד, וואָס זיין קומען און אָנוועזנהייט האָבן אים פֿאַר־שאַפֿט, איז געווען אין־לשער. ס'איז אָבער געווען געמישט מיט אַ ביסל צער. דער פֿאָטער האָט געקוקט אויפֿן זונס הילוך מיט אומעטיקע אויגן. די גרויע קוטשמע, דאָס זאַמד־קאָליר פּעלצל, די שטיוואַלעס, באַשמירט מיט דזשעגעכץ — דאָס אַלץ האָט אים פֿאַרקלעמט ביים האַרץ. אין דעם אויסשטאַפּ האָט אַהרקע ביי אים אויסגעזען ווי כוועדאַר, דער שבת־גוי אין לולין, וואָס האָט דאָרטן געהייצט די יידישע הרובעס און אָראָפּגענומען די לייכטערס פֿון טיש פֿאַר אַ שטיקל חלה.

אַהרקען האָט דאָס שרעקלעך וויי געטאָן. ער האָט אין זיין פֿאָטערס אויגן געזען אַ ים מיט טרויער. ער האָט געפֿילט ווי דער פֿאָטער איז טיף דערדריקט פֿון זיין זונס ביטערער לאַגע, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט צי ער וועט פֿון איר אַמאָל אַרויסקריכן. און דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס ער, דער פֿאָטער, איז געווען מאַכטלאָז עפּעס צו טאָן פֿאַרן זון.

מיטגעבראַכט מיט זיך האָט דער פֿאָטער אַ זעקל ווייסע סוכאַ־רעס, באַשפּריצט מיט צוקער און צימערינג. דאָס זעקל האָט די מוטער געשיקט פֿאַר אַהרקען. אַהרקע האָט די סוכאַרעס אַוועק־געשטעלט אין מיטן פֿון זיין באַראַק און פֿאַרבעטן אַלעמען צו פֿאַר־זוכן זיי. ס'איז געווען אַ יום־טובדיקע שטימונג. די גאַנצע חברה האָט זיך אַ נעם געטאָן כראָמשטשען די סוכאַרעס און פֿאַרטרונקען זיי מיט טיי. דער גרעסטער בעל־שימחה איז געווען דער ווזוואָדנע.

ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויפֿן זעקל, געשלעפּט אַ סוכאַר נאָך אַ סוכאַר, געקייט אויף ביידע באַקן און אַכטונג געגעבן אויפֿן עולם, מ'זאָל זיך באַנעמען איידל, נישט ווי חזירים, אַזוי צו זאָגן.

אין אַ קורצער ווײַלע איז קיין זכר נישט געבליבן פֿון אַהרקעס מוטערס מתנה.

דער פֿאָטער איז געווען אָנגעטאָן ציכטיק, אין זיין שבתדיקן פּוטער. זיין שיינע קיילעכדיקע שוואַרצע באָרד האָט אויסגעזען ווי ביי אַ פּאַטריאַרך. ער האָט נושא־חן געווען אין די אויגן פֿון דעם ווזוואָדנע. מ'האָט געקאָנט זען ווי ער האָט גרויס דרך־ארץ פֿאַר דעם

ייד, וואָס זעט אוים ווי אַ פֿאַרנעמער קופּעץ. און אפֿשר האָט אויך אַ ביסל געווירקט דער רובל, וואָס דער פּאָטער האָט אים אַריינגעשטעקט אין יד אַריין, מעשה גאַסטינעץ.

אויך האָט דאָס טייערע באָבעלע שפּרינצע מיטגעשיקט מיטן פּאָטער אַ מתנהלע פֿאַר אַהרקען. דאָס איז געווען אַ שפּאָגל נייער אַרבע־כנפֿות מיט פֿיר נייע ציצית, אַריינגעפּלאָכטן, וואָס זאָלן זיין גוטע שומרים קעגן די שלעכטע רוחות וואָס לויערן אַרום און אַרום. פֿיר מלאָכים וועלן אים, אַהרקען, היטן פֿון אַלע פֿיר זייטן, ס׳זאָל אים קיין שלעכטס נישט געשען — און אַהיים זאָל ער קומען אַ לעבעדיקער און אַ געזונטער. אַזוי האָט די באָבע שפּרינצע געוואָלט און גע־וואונטשן.

דער פּאָטער האָט פֿאַרבראַכט מיט אַהרקען דריי טעג. זיין קומען און אַוועקפֿאָרן האָט אַהרקען היפּשלעך צעשרויפֿט. ס׳האָט גענומען אַ שטיקל צייט ביז ער איז צוריק אַריין אין דער קאָליע פֿון סאָלדאַטסקן לעבן.

## .54

## נאָנט פֿון די טויט־פֿעלדער

דערווייל האָט זיך געמאַכט אַ נסיעהלע. פֿון דריישטאָקיקע שפּייכלערס, אָנגעשטאָפּטע מיט תבֿואה פֿון אַ גרויסן פּריצישן מאַ־יאָנטעק, האָבן די אָבאָזניקעס אָנגעלאָדן האָבער אויף זייערע וועגענער. דאָס איז געווען פֿאַר די פֿערד, וואָס געפֿינען זיך נאָנט פֿון פֿראָנט.

נענטער און נענטער האָט זיך דער אָבאָז גערוקט צו זיין ציל. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס אַהרקע האָט געהערט אַזוי נאָנט אַ קאַנאָנאַדע פֿון האַרמאַטן. מ׳האָט געקאָנט פּאַרטוּיבט ווערן. בום און בום! ווי גרויסע ריזיקע שטיינער וואָלטן זיך געקייקלט באַרג אַראָפּ. ס׳איז געווען שווער צו גלייבן, אַז יעדער בום מיינט פֿאַר־וויסטונג פֿון מענטשנס אָפּגעשפּאָרט האָב־און־גוטס, און טויט פֿון לעבעדיקע נפֿשות, וואָס זענען באַשאַפֿן געוואָרן בצלם אלהים. אַן אומרואיקייט האָט באַהערשט די פֿערד. זיי האָבן געשמאָרקעט, גע־צויגן מיט זייערע נאָזלעכער. דער גערוך פֿון פּולווער, דער גאַנצער טאַראַ־

ראַם איז זיי נישט געפעלן געוועזן. זיי זענען נישט געווען צוגע־וואוינט צו הערן אַזאַ קלאַפּעריי, און ס׳האָט זיי נישט געשמעקט די אומריינע לופט. זייער חיהשער אינסטינקט האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַט. בום, בום, און ווידער בום. אין מיטן דערינען זענען זיי ווי פאַרווילדעוועט געוואָרן. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געגעבן אין אַ זייט, ווי זיי וואָלטן דעם מלאך־המוות דערזען. די אַבאַזניקעס האָבן געיאָגט די פערד, כדי וואָס גיכער צו דערשלעפּן די משא און נאָכדעם צוריקלויפן צו רואיקייט און שטילקייט.

אין גרוים איילעניש איז דער האָבער אויסגעלאָדנט געוואָרן ערגעץ אין אַ וואלד. דער קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט פאַרקירעוועט דעם אָבאָז גיך־גיך אויף צוריק.

דער האָלדז און די פּלייצעס ביי אַהרקען זענען געוואָרן אָנ־געצויגן, שטייף, ווי פאַרגליווערט פון דער קעלט. זיין האַרץ איז אָבער אָנגעפילט געווען מיט פרייד וואָס ער און דער גאַנצער אָבאָז דער־ווייטערן זיך פון די קולות וברקים.

אויף ביידע זייטן פון וועג האָבן זיך געשלעפּט מחנות פּיעכאָטע צום פראָנט. אַ ראָטע נאָך אַ ראָטע. זיי האָבן געטאָפּטשעט אין בלאָטע. זיי זענען נישט געגאַנגען מיט פאַררייסענע קעפּ, אויך נישט אין גע־שלאָסענע רייען, אויך נישט מיט די פיס געהויבן צום ריטעם פון טראָט, ווי חכמת־סאָלדאַטשינע האָט זיי געלערנט פאַר יאָרן און יאָרן. דערשלאָגענע, אויסגעמוטשעטע, פאַרשמוצטע, האָבן זיי זיך גע־צויגן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אויף זייערע פּנימער איז געווען אויס־געגאָסן די תוכחה. אַן ענדלאָזע פינצטערע כמאַרע פון ייאוש האָט ווי געשוועבט פאַר זייערע אויגן.

מיט אַ ווינקל פון אַן אויג האָט אַהרקע געקוקט אויף זיי. ער האָט זיך געשעמט צו באַגעגענען זיך מיט די בליקן פון די וואָס זענען געשלעפּט געוואָרן צו דער שחיטה. זיין פריערדיקע פרייד איז צע־שטערט געוואָרן. ווי קומט פרייד אין אַזאַ ים פון צרות און פּורעניות? געוואַלד געשריען! ווען וועט שוין די וועלט אויסגעלייזט ווערן פון די בלוטיקע הערשערס, וואָס דער מענטשלעכער גוף איז ביי זיי ביליקער פון אַ שייטל האָלץ? אַ שווער געמיט האָט געדריקט און געצופּט אַהרקעס גאַנץ געביין.

ס׳האָט גענומען פאַלן אַ שניי. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין

דריבנע שטיקלעך. זיי זענען אַריינגעקראָכן אין די אויערן, געזעצט זיך אויף די ברעמען און ליפּן. אַז זיי זענען צעשמאָלצן געוואָרן, זענען אָנגעקומען נייע, און אויך זיי זענען צעשמאָלצן געוואָרן. אָט אַזוי אָן אַ סוף.

אַ ביטערע שניידנדיקע קעלט האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום יעדן, און די קאַנאַנאַדע איז געוואָרן שוואַכער און אַלץ ווייטער און ווייטער... די אומגליקלעכע פּיעכאָטע איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן.

## 55.

## רחמנות פון פערד

אַז ס׳האָט זיך געענדיקט די סדרה האָבער, האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה היי. די דאָזיקע סדרה איז געווען די ערגסטע פון די פיינלעכסטע נסיעות, וואָס אַהרקע האָט דורכגעמאַכט מיטן אָבאָז.

אין מיטן פון דער נאַכט האָט מען די אָבאָזניקעס אַראָפּגעשלעפּט פון די נאַרעס. אין יאַגעניש האָבן זיי געשפּאַנט די פערד, און אין יאָגעניש זענען זיי געלאָפן צו אַ באַן־סטאַנציע, וואו מ׳האָט אָנגעלאָדן געפּרעסטע פּעקלעך היי הויך אויף די וועגענער. נאָכדעם איז דער אָבאָז געפאָרן איבער אַ שמאָלן וועג, וואָס איז געווען געדיכט באַזעצט מיט ביימער אויף ביידע זייטן.

אַהרקע איז געזעסן הויך אויפן היי, ווי אויף אַ קאַרעטע. ער האָט געמוזט זיצן האַלב איינגעבויגן, כדי אויסצומיידן די שמיץ פון די לאַנגע צווייגן, וואָס האָבן זיך אויסגעשטרעקט ווייט פון די ביימער. אַ פרעסטל, וואָס איז אָנגעקומען גלייך נאָך אַ רעגן, האָט פאַרגליטשט די ערד און געמאַכט זי אויסזען ווי אַ גרויסער פלאַכער שפּיגל. דאָס איז געווען אין באַגינען. אויף די אָבאָזניקעס איז, הייסט עס, אויסגעפאַלן דער גורל, זיי זאָלן זיין די ערשטע אויסצוקנעטן די קאָליע. די פערד האָבן זיך געגליטשט און אָפט זענען זיי געפאַלן אויף זייערע קניען. אַז אַהרקעס „פּאַטריאָט״ איז געפאַלן, האָט ער זיך פּאַוואָליע גלייך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען ווייטער. אָבער ווען די קליאַטשע איז געפאַלן, איז זי זיך געלעגן רואיק, ביז אַהרקע האָט זיך מטריח געווען, אַראָפּגעקראָכן פון זיין הויכן „קאַרעטע״־זיצפּלאַץ, געגעבן איר

אַ טאַרקע מיטן בייטש־שטעקעלע אין אירע זייטן און — ערשט דעמאָלט האָט זי זיך אויפגעשטעלט, נישט פריער.

דאָס איז ווידער געווען אַהרקעס אייגענע שולד. ס׳איז שוין לאַנג צייט געווען אָנצוטאָן נייע פּאַדקאָוועס אויףביידע פערדס קאָפּיטעס. ווייזט אויס, אַז דעם שולחן־ערוך פון די באַלעגאָלעס האָט ער נאָך נישט געהאַט גרינטלעך איינגעשטודירט. דערווייל האָט ער געקראָגן אַן עצה פון דעם פורמאַן, וואָס איז געפאָרן הינטער אים: — צי איין שטאַרקער די לייצעס, וועט עס איינהאַלטן די פערד פון פאַלן...

ווי אַלע מאָל האָט אַהרקע אָנגענומען די עצה פון אַ געניטן פורמאַן. ס׳איז טאַקע געוואָרן בעסער, נאָר, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט אָנגעצויגן די לייצעס מיט צו פיל התמדה. די ציימלעך האָבן זיך צו טיף אַריינגעשניטן אין די מיילער פון זיינע פערד. זיי האָבן דאָס נישט געוואָלט ליידן און אַרויסגעוויזן די אָפּגעטויטנע עוולה דורך דרייען מיט זייערע קעפּ אומגעדולדיק. פּלוצעם האָבן ביידע אַ קרעפּטיקן צי געטאָן און זענען געפאַלן.

דער צי איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אַהרקע האָט געטאָן אַ פלי פון זיין הויכן „קאַרעטע"־פּלאַץ, אַ פלי איבער די פערדס קעפּ, גלייך צו דער ערד אַראָפּ, און אַ פּעקל היי איז מיטגעפלויגן נאָך אים צום דישל, וואו ס׳איז געבליבן שטעקן ווי אַן עקשן. די פערד האָבן זיך בליצשנעל אויפגעכאַפּט און זיך געלאָזט גיין גלייך איבער אַהרקעס גוף. זיי האָבן געשפּאַנט ווי צירק־פערד, פּאַוואָליע, נישט אָנצוטרעטן אויף זייער באַלעבאָס, וואָס האָט זיך געקייקלט ווי אַ קנויל פּאַדעם. זיין קאָפּ איז געווען אונטער דער קליאַטשע, און די פיס אונטער דעם „פּאַטריאָט". איין נישט געלונגענע באַוועגונג — און אַהרקע וואָלט געוואָרן אַ בעל־מום. ס׳איז געווען צו באַוואונדערן די געשיקטקייט פון זיינע פערד. יעדער טראָט זייערער איז געווען אויסגערעכנט, כדי צו שאַנעווען, נישט ווי טאָן אָט דעם וואָס גיט זיי עסן און טרינקען.

דערווייל האָט אַהרקע געשריען צו זיי „טפּרו! טפּרו!", ס׳הייסט, שטעלט זיך אָפּ, איר ממזרים! לאָזט מיך אַרויסקריכן פון אונטער

אייערע בייכער! נאָר — נייַן. גראָד איצט איז אויף זיי אָנגעפאַלן דער חשק צו ווייזן קונצן, זיך שפּאַצירן איבער זיין קערפּער. זיין קייקלען זיך האָט מסתמא אויסגעקוקט זייער קאָמיש, ווייל די קאַוואַ־לעריסטן, וואָס זענען פאַרבייגעריטן, האָבן געלאַכט זייער געשמאַק. קיינער פון אָט די רשעים האָט זיך נישט באַמיט אַרויסצוהעלפן אַ זשיד, וואָס צאַפּלט זיך אונטער די פיס פון זיינע פערד.

ענדלעך האָבן זיך די פערד אָפּגעשטעלט — און אַהרקע איז אַרויפגעקראָכן צוריק אויפן וואָגן.

דערווייל איז דער גאַנצער אָבאָז אַוועק ווייט פאָרויס, און אַהרקע איז געבליבן הינטערשטעליק מיט זיינע פערד און מיטן היי. געזען אַ גוטע געלעגנהייט צו איזדיעקעווען זיך איבער אַ יידל, האָבן די קאַוואַלעריסטן, ווי אַ כאָפּטע גזלנים, אַרומגערינגלט אַהרקעס וואָגן מיט זייערע הונגעריקע פערד. די פערד זייערע האָבן געריסן, געצופּט דאָס היי, ביז אַ פּעקל איז אַראָפּגעפאַלן צו דער ערד. איינער פון די רייטערס האָט דאָס גלייך אַ כאַפּ געטאָן און גענומען אַנטלויפן.

געדענקענדיק גוט דעם קאַפּיטאַנס נאַגייקע, האָט אַהרקע, אין פאַרצווייפלונג, אָנגעהויבן שרייען:

— גנב! גנב! דו וועסט גיין פאַר סוד!

דאָס האָט געווירקט — און אַהרקע האָט געקראָגן זיין פּעקל היי צוריק אויפן וואָגן. דערפאַר האָבן די קאַוואַלעריסטן אים אָפּגעטאָן אַזעלכעס, וואָס נאָר די ערגסטע רשעים קאָנען זיך אויף אַזוינס דער־טראַכטן. זי האָבן אומיסטנע זיך אַ לאָז געטאָן גאַלאָפּ מיט אַ הילכיקן הור־הא געשריי פאַרביי זיינע פערד. אַהרקעס היציקער „פּאַטריאָט" האָט זיך איבערגעשראָקן און זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייט. פון דעם וואָרף האָט זיך דאָס רעכטע ראָד אַריינגעגליטשט אין אַ גרוב. און גלייכצייטיק האָט זיך אַהרקעס גאַנצע מלוכה איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

אַ פאַרכמורעטע פּוילע זון האָט זיך באַוויזן אויפן מיזרח־הימל און באַלייכט אַהרקעס איבערגעקערטן וואָגן און דאָס היי. גוטע מענטשן (פון וואַנען זיי האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן האָט אַהרקע נישט

געוואוסט) האָבן אים געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס — און ער האָט בשלום אָנגעיאָגט זיין טראַנספּאָרט. דערמיט האָט זיך געענדיקט איינע פון די שווידערלעכסטע נעכט, וואָס אהרקע האָט ווען־ס׳איז איבערגעלעבט.

אהרקעס מערכה איז אָבער נאָכדעם געוואָרן בעסער. ער איז מער נישט געבליבן הינטערשטעליק פון אַלעמען. אויך זיין וואָגן האָט זיך מער נישט איבערגעקוליעט און אַריינגעשמעטערט אין קאַנאַוועס און גריבער. פאַרבאַרגענע כוחות האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין זיין גאַנץ געביין. ער איז געוואָרן אַן עכטער באַלעגאָלע, מיט אַן „אַטעסטאַט", אפשר אַזוי אויסטויגלעך ווי ליפּע אוורעמטשעס, דער זון פון דעם סטאַראָבינער באַלעגאָלע. דאָס וואָס פאַר אים איז געווען שווער מיט עטלעכע חדשים צוריק, איז נאָך דער שוידערלעכער נאַכט געוואָרן גרינג. ער איז, אַזוי צו זאָגן, געוואָרן אַ פאַלנער מענטש. אַ פינף־פודיק זעקל מעל האָט מער נישט אויסגעקוקט צו אים ווי אַ באַרג, וואָס ער קאָן נישט רירן פון אָרט. דאָס האַלטן די הינטער־שטע פיס פון זיינע פערד, בעת דער קאָוואַל האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי פּאַדקאָוועס, האָט מער נישט אָנגעוואָרפן אויף אים קיין פּחד. מיט אַ דריק פון זיין אַקסל האָט ער געקאָנט אַ הייב טאָן אַן אָנגעלאָ־דענעם וואָגן און אָנשמירן די רעדער. ער און זיינע פערד האָבן אָנגע־הויבן פאַרשטיין איינע די אַנדערע אויפן וואונק. ערשט דעמאָלט — פופצן יאָר שפּעטער — האָט ער פאַרשטאַנען ווי אַזוי אוורעמטשע, דער סטאַראָבינער באַלעגאָלע, האָט געקאָנט אויסשטיין דאָס וואַלגערן זיך אויף די וועגן גאַנצע פיר־פינף טעג אַ וואָך. דער דרוק פון לעבן מאַכט דעם מענטש שטאַרקער פון אייזן. מ׳ווערט צוגעוואוינט צו סיטואַציעס, אפילו צו די ערגסטע, פונקט אַזוי ווי צום קלימאַט. און אַז מ׳איז נאָך דערצו תופס, אַז קיין אַנדערע ברירה איז נישטאַ, דעמאָלט פאַרשווינדן אַלע שוועריקייטן.

## 56.
# חיימס עקשנות

דער ווינטער פון יאָר 1915 איז געווען זייער אַ שווערער. שנייען, זאַווערוכעס און ביטערע קעלטן האָבן אָנגעהאַלטן אָן איבער־רייס.

נאָך דער פיינלעכער יאַזדע מיט היי האָט אַהרקע, און אויך די אַבאַזניקעס, געפירט ברויט, מעל, צוקער און דיקע בלישטשענדיקע סנאַראַדן. אַנשטאָט שלאָפן אויף די נאַרעס האָט ער יוצא געווען מיט אַ קורצן דרעמל אויפן וואָגן. די אַרבעט האָט געברענט טאָג און נאַכט. די פורמאַנעס האָבן כשר פאַרדינט זייער ברויט.

פון מאָקאָטאָוו, וואו אַהרקע און די אַבאַזניקעס האָבן געהאַט זייער „היים" אין משך פון איבער דריי חדשים, זענען זיי אַוועקגע־פאָרן אין איילעניש, ווי דער שונא וואָלט זיי געיאָגט. אין וואַרשעווער ציטאַדעל האָבן זיי אָנגעלאָדן שווערע, גרויסע סנאַראַדן אויף זייערע וועגענער. דער מאַרשרוט איז געווען קיין לאָדזש.

אַ נייע הויט האָט זיך אָנגעצויגן אויף אַהרקעס קוזין, חיים. לעצטנס איז ער געווען זייער פאַראומערט. די מלחמה איז נישט גע־גאַנגען וועדליג זיינע אויסרעכענונגען. זי האָט שוין געדאַרפט זיין פאַרענדיקט מיט אַ נצחון פאַר רוסלאַנד — און ער, חיים, האָט שוין געדאַרפט האָבן געווען אין לאָדזש אויף זיין שטעלע ביי כאַזינען און שטייגען העכער און העכער, ס'הייסט, פאַרווירקלעכן זיינע אָנגע־צייכנטע פּלענער פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט. אָבער דערווייל האָט מען גאָר געהערט פון דייטשע נצחונות, פון לאָדזש ווערט אַ תל, און וועגן שלום איז אַ נעכטיקער טאָג.

אין אָן אָוונט, ווען דער הימל איז געווען געדיכט באַזעצט מיט פינקלדיקע שטערן, איז אַהרקע, און אויך דער אַבאַז, אָנגעקומען קיין זגערזש, די פאָרשטאָט פון לאָדזש. חיים האָט נישט געוואַרט לאַנג און מיט גרויס אימפּעט איז ער אַוועק אין שטאָט אַריין צו זען זיין ווייב און קינד. אַהרקען האָט ער צוגעזאָגט צו ברענגען זיי מאָרגן באַגינען צום אַבאַז.

— זאָלן זיי האָבן אַ געלעגנהייט צו זען דיך, אַהרקע, — האָט ער מיט וואַרעמקייט געזאָגט.

אָבער איידער דער באַגינען איז געקומען האָט אויסגעבראָכן א טרעוואָגע. וואָס איז געשען? מ'האָט דערהערט א שיסעריי פון גאָר נאָנט. פון דער קאָמאַנדע האָט מען געלאָזט וויסן, אַז דער דייטש איז שוין לעבן לאַדוש. איז וואָס דערפון געדרונגען? מען מוז אַנטלויפן. די אַבאָזניקעס האָבן גענומען לויפן צוריק, בחיפזון, ווי אַמאָל די יידן פון מצרים.

אין דער דאָזיקער סומאַטאָכע האָט אהרקע אָנגעוואוירן חיימען. דער קוזין איז געבליבן אין לאַדוש. ס'איז געווען א גרויסער פאַרלוסט פאַר אהרקען, אָבער א גליקלעכער צופאַל פאַר חיימען. ער איז פריי. ער איז ביי זיך אין דער היים. אומדערוואַרט, פלוצעם, איז ער פטור געוואָרן פון א ביטער לעבן. אוים מיט וואַלגערן זיך! אוים מיט שמוץ! אוים מיט בענקעניש נאָך זיין משפחה.

אהרקע האָט אָבער געמאַכט דעם חשבון אָן דעם בעל־דבר.

פון דעם געדיכטן טומאַן אין שטעטל פּזשעזין, וואו אהרקע און דער אָבאָז האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט צו געבן די פערד עסן, האָט זיך אַרויסגעמאַרשירט א יונגערמאַן, מיט א פּנים וואָס איז געווען אַזוי שוואַרץ ווי א פאַרסאַזשעט אייזערן פענדל. ווער איז דאָס געווען דער „קוימענקערער"? חיים!

אהרקע איז דערשטוינט געוואָרן, ווי ער וואָלט דערזען א בר־מינן פון א באַקאַנטן.

— פאַרוואָס ביסטו נישט געבליבן אין לאַדוש ביי דיין ווייב און קינד? — האָט אהרקע געפרעגט א פאַרבליפטער.

— מיין צוקונפט — האָט חיים געבורטשעט — קאָן איך נישט פאַרבינדן מיט די דייטשן. אָן די מערק פון טיף רוסלאַנד וועט לאַדוש אָפּשטאַרבן.

ווידער זיינע אַלטע טענות. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיינע איבערצייגונגען. ער האָט געוואָלט א זיכערע צוקונפט. און דאָס האָט ער געפונען אין רוסלאַנד וואָס וועט געווינען די מלחמה.

— כ'בין קוים אַנטלאָפן פון די דייטשן, — האָט ער אהרקען איבערגעגעבן. — די דייטשן האָבן שוין פאַרנומען לאַדוש. כ'האָב געדונגען א דראָשקע און געהייסן זיך יאָגן נאָך מיין אָבאָז. און אָט האָב איך אייך געפונען...

אהרקע האָט געקוקט אויפן קוזין ווי אויף אַ ליבן אַנגעלייגטן גאַסט, וועמעס צוריקקומען איז פאַר אים געווען אַ גרויס געווינס.

חיים איז אָבער געווען צעטראָגן. ער איז געשטאַנען פאַר אהרקען אַ בייזער. זיינע דינע ליפּן זענען געווען פאַרהאַקט און פאַרשלאָסן. ער האָט געטרויערט אויף זיין לאָדזש, וואָס איז אריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט. ס'איז פאַר אים געווען אַ גרויס אומגליק.

אהרקע האָט געפילט, אַז דער קוזין האָט געמאַכט דעם גרעסטן טעות אין זיין לעבן. אָבער פאַרפאַלן. ער האָט שוין די נאַרישקייט אָפּגעטאָן. ער קאָן זי שוין נישט צוריקציען. וואָס אַנבאַלאַנגט די סנאַראַדן, איז געווען השיבנו-נאַזאַד. מ'האָט זיי צוריק אויסגעלאָדנט אין דעם וואַרשעווער ציטאַדעל, פון וואַנען מ'האָט זיי געהאַט גענומען.

## .57
##ביים רב אין גראָכאָוו

פון ציטאַדעל איז דער אָבאָז אריבערגעפאָרן די בריק, וואָס איבער פוילנס גרעסטן טייך, די ווייסל, און די פורמאַנעס האָבן געמאַכט „שבת" אויף די פעלדער ארום גראָכאָוו, אַ פאַרשטאָט פון וואַרשע.

אַ רעגן האָט אראָפּגעוואַשן דעם שניי און, איין מאָל פאַר אלע מאָל, געמאַכט אַ סוף פון דעם לאַנגן ביטערן ווינטער. ריחות, גוטע און שלעכטע, האָבן זיך דערטראָגן פון דער פריש-צעעפנטער, צעפּאַרעטער ערד. אַ שטאַרקער ווינט האָט געשמיסן דעם רעגן גלייך אין פּנים אריין.

ס'איז געווען בין-השמשות, אין אַ וואָכעדיקן טאָג, צווישן פּורים און פּסח. נאַטשאַלסטווע האָט דערלויבט די אָבאָזניקעס צו גיין שלאָפן אין די ארומיקע ציווילע הייזער.

אהרקע האָט זיך געלאָזט גיין איבער גראָכאָוו זוכן אַ דאַך, וואו איבערצושלאָפן. צוויי שורות פינצטערע הייזער זענען געשטאַנען צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער. איין הויז איז געווען ענלעך צום אַנדערן. אהרקע איז אריין אין אַ פירהויז און האָט געעפנט אַ טיר פון אַ שמאָלער, קאַרגלעך באַלייכטער קיך.

אויפֿן פּריפּעטשיק האָט געזשאַרעט אַ מאַנטשיק פּייערל אונטער אַ דרייפוס. אַ פּרויענלעכע פיגור איז געשטאַנען איינגעבויגן מיט אַ העקל איבער אַ שטיקל האָלץ, וואָס עס איז געווען שווער צו צע־האַקן. דערבײַ, אויף דער פּאָדלאָגע, איז געזעסן אַ קליין מיידעלע, איינגעוויקלט אין אַ פּאַטשיילע, און האָט באַלאָקעט הויך אויפֿן קול. דערזען אַ מאַן אין מיליטערישע מלבושים, האָט דאָס מיידעלע גע־שריען:

— חיה שיינדל, חיה שיינדל! אַ זעלנער!

די איינגעבויגענע פּרויענלעכע פיגור, וואָס איז געווען חיה שיינדל, האָט זיך אויסגעגלייכט. אַ בליאַסק פֿון דעם פּריפּעטשיק־פּייערל האָט באַלייכט אַ שיינענדיק, לאַכנדיק פּנים פֿון אַ יונג מיידל. אַ פֿאַררויטלטע האָט זי געזאָגט:

— קומט אַריין... דער טאַטעשי מיט מיינע ברידער קומען באַלד פֿון שול, וועלן מיר עסן קליסקעלעך.

זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ וואַרעמקייט, מיט אַזאַ פּשטות, ווי זי וואָלט אַהרקען געקענט פֿאַר יאָרן און יאָרן. איר ליב־לעכע גאַסטפֿריינדלעכקייט האָט אַהרקען פֿאַרכאַפּט. אונטערן האַרץ האָט אים אָנגעהויבן טיאָכקען — און ער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל ווי אַ געפּענטעטער.

— נו זשע, פֿאַרמאַכט די טיר. ס'איז קאַלט... — האָט זי געזאָגט און געלאַכט אַזוי זיס, אַזוי באַטעמט.

אַהרקען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ באַקאַנטע שטים, וואָס אַן אָפּקלאַנג פֿון איר האָט זיך אַהערגעטראָגן פֿון דער ווייטנס.

נאָך עטלעכע מינוט שטיין ווי אַ געליימטער האָט ער פֿאַר־מאַכט די טיר. ביידע, ער און זי, האָבן געקוקט איינס אויפֿן צווייטן גלייך אין פּנים — און זיי האָבן זיך צעלאַכט זייער זאַפּטיק.

עלטערע מענטשן אין אַהרקעס שטעטל פֿלעגן אַזאַ געלעכטער אָנרופֿן אַ „לייכטזיניק געלעכטערל", אָדער „כאַכאַטשען" פֿון יונג־וואַרג. טאַקע אמת, האָט אַהרקע געטראַכט. יונגוואַרג כאַכאַטשעט ביי יעדער געלעגנהייט. דורך דעם מין געלעכטער רייסן זיך אַרויס פֿון אונטער דער הויט באַהאַלטענע געפֿילן, פֿאַרבאַרגענע באַגערן. שטיקער לעבן זענען אויסגעדריקט געוואָרן דורך אַזאַ לאַכן. דאָס האָט געזאָגט מער ווי ווערטער.

אהרקע האָט דערפילט אַ היימישקייט אין חיה שיינדלס קיך. נישט טראַכטנדיק לאַנג האָט ער צעהאַקט דאָס פּאַרעקשנטע שטיקל האָלץ. פון דעם פייערל אין אויוון איז געוואָרן אַ פייער.

דאָס קליינע שוועסטערל, וואָס חיה שיינדל האָט פריער גערופן טייבעלע, איז אויפגעשפּרונגען פון פרייד. די באַקאַנטשאַפט איז אַלעמען געווען צום האַרץ. אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט אַהרקע אויסגעפונען, אַז ער איז אַרייַנגעפאַלן צו אַ רב אין הויז. די רביצין איז נישט לאַנג צוריק אַוועק פון דער וועלט. חיה שיינדל האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט. ס׳איז אָבער נישט געווען מיט וואָס צו פירן... די רייכערע באַלעבאַטים זענען זיך צעלאָפן פון שטעטל. דער רב און זיין הויזגעזינד הונגערן און פרירן, פונקט אַזוי ווי די איבער־געבליבענע יידן. דאָס הויז איז פול מיט תורה, מיט ספרים, אָבער ברויט, צוקער, האָלץ, דאָס איז נישט געווען. וועגן פלייש, אייער, מילך, וועגן דעם האָט מען אפילו נישט געחלומט. אויפן טיש איז גע־לעגן אַ שטיקל טייג, דאָס איז אָבער געווען דאָס לעצטע. און די שטיקלעך האָלץ, וואָס האָבן געברענט אין אויוון, זענען אויך געווען די לעצטע. ס׳איז געווען קאַלט, ביטער און פינצטער. וואָס מאָרגן וועט זיין, דאָס האָט געוואוסט נאָר איין גאָט. דער רב מיט זיינע צוויי זין האָבן זיך נישט געאיילט צו קומען אַהיים. זיי איז גרינגער געווען צו הונגערן בציבור, אין שול.

ראַפּטעם איז ביי אַהרקען געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן: אָנצופילן דעם רבס הויז, וואו חיה שיינדל איז די בעלעבאָסטע, מיט „אַלדאָס גוטס״, וועדליג די אומשטענדן. נישט געבאַלעמוטשעט, איז ער אַוועק־געלאָפן צו דער קיך פון זיין אָבאָז. דער קוכער באַגאַלובאַוו איז געווען זיין פריינד — דורך חיימען, וואָס איז געווען דער אָנטרייבער פון דער קיך.

פון אַ באַרג אָנגעוואָרפן ברען־האָלץ האָט אַהרקע, און דער צוגעשטאַנענער אַרויסהעלפער, חיים, אויסגעקליבן גענוג טרוקענע שייטלעך — און ביידע האָבן דאָס אַוועקגעשלעפּט צום רב אין הויז אַריין. זיי זענען געגאַנגען הין און צוריק היפּשע עטלעכע מאָל, ביז זיי האָבן אָנגעפּאַקט די האָלץ־קאַמער אַזוי, אַז ס׳זאָל שוין סטייען ביז דעם קומענדיקן ווינטער. אגב האָט זיך צו אַהרקעס פּלייצעס „צוגעקלעפּט״ אַ זעקל קאַרטאָפל און זיך אַראָפּגעגליטשט ערשט אין דער קאַמער

צוזאַמען מיטן האָלץ. גראָד יענעם טאָג האָט אַהרקע געקראָגן זיין פּאָרציע טיי, ברויט און צוקער. אויך דאָס האָט ער אַריינגעבראַכט צו חיה שיינדלען אין הויז אַריין.

אין הויז איז געוואָרן יום-טוב. דאָס קליינע טייבעלע האָט געטאַנצט פון פרייד און איז אַרויפגעקראָכן אויף אַהרקעס קניען. מיט אירע קליינע הענטלעך האָט זי זיך געקלאַמערט אַרום זיין האַלדז און געשעפּטשעט אים אין אויער:

— איך וויל דו זאָלסט זיין חיה שיינדלס חתן. דו ביסט אַ בעסערער ווי איטשע מאיר.

— איר וועט עסן קליסקעלעך מיט אונדז אַלע טעג... — האָט זיך אָפּגערופן חיה שיינדל.

אַהרקע האָט איינגעשטימט מיט פאַרגעניגן.

ווען דער רב מיט זיינע זין האָבן אָן עפן געטאָן די טיר, זענען זיי דערשטוינטע געבליבן שטיין אויף דער שוועל:

— פון וואַנען פּלוצעם אַזאַ שפע?

— אליהו הנביאס ניסים!

— דאַנקען גאָט, ער פאַרלאָזט אונדז נישט...

טייבעלע האָט אָבער איבערגעשריען דעם פאָטער און די ברידער בעת זיי האָבן געהאַלטן אין רעדן:

— טאַטעשי, און אויך איר, יאָסל און פּנחס, קומט זעט, וואָס דער זעלנער האָט געבראַכט! — און זי האָט אַלעמען געשלעפּט פאַר זייערע קאַפּאָטעס צו דער קאַמער צו ווייזן זיי דאָס האָלץ און די בולבעס.

אַהרקע האָט פון זיי געקראָגן אַ האַרציקן שלום-עליכם, וואָס איז געווען באַגלייט מיט דאַנקבאַרע בליקן.

די קליסקעלעך, וואָס חיה שיינדל האָט געהאַט צוגעגרייט, האָבן געהאַט טויזנט טעמים. אַהרקעס נשמה האָט געפונען איר תיקון ביי אַן עכט יידישן טיש, אין אַ הויז, וואו ס׳האָט געהערשט דער גייסט פון אַן אשת-חיל, וואָס פאַרמאָגט פונדן חן. געזוכט האָט ער אַ פּשוטן „דאַך״ און געפונען האָט ער אַ היים, אַ ליבע, וואַרעמע היים. זינט ער איז געווען געצוואונגען אַרומצוּוואַנדערן מיטן אָבאָז איבער שטעט און שטעטלעך, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט באַגעגנט אַזאַ זאַפטיק, געשמאַק וועזן ווי חיה שיינדל. זי

האָט אים באַצויבערט און צוגעצויגן ווי מיט אַ מאַגנעט. ער האָט געבעטן גאָט, ער זאָל זיך מרחם זיין אויף אים און האַלטן דעם אַבאַז אין גראַכאָוו פאַר אַ לאַנגער, לאַנגער צייט. קוקנדיק אין חיה שיינדלס אויגן האָט ער געפילט, אַז זי בעט דאָס זעלבע.

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט גאָט זיך צוגעהערט צו זייער ביידנס געבעט.

## 58.

# פרילינג

ס'האָט זיך דערנענטערט דער אייגנאַרטיקער יידישער פריי־לינג, דער נאַציאָנאַלער יום־טוב, ווען ס'ווערט געפייערט דער פריי־הייט־אויסברוך און די באַפרייאונג פון די פאַרקנעכטע יידן אין מצרים.

אַהרקע און זיין אַבאַז זענען אָבער אַלציינס נאָך אַלץ געווען אין גראַכאָוו.

עטלעכע טעג פאַר פסח האָבן דער גראַכאָווער רב און זיין הויזגעזינד פאַרבעטן אַהרקען, ער זאָל זיין מיט זיי ביי די סדרים, אויך אַלע יום־טוב טעג — און ער, אַהרקע, האָט מיט זיי פאַרברענגט אין גרויס נחת־רוח.

די טעג זענען געוואָרן לענגער, די נעכט קירצער. די זון האָט געוואַרעמט ליבלעך. אַלץ, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַ שטיקל יניקה, האָט אָנגעהויבן שפּראָצן און בליען. אפילו אונטער אַהרקעס וואָגן האָט זיך באַוויזן אַ פּאָס גרין גראָז.

די קליאַטשע, אַהרקעס, איז אָבער עפּעס נישט געווען מיט אַלעמען. אַן אומרו איז זי באַפאַלן. זי האָט געבריקעט מיט אירע הינטערשטע פיס, נישט געלאָזט זיך באַרשטן, קעמען. טאָג און נאַכט איז זי געשטאַנען אַן אָנגעבלאָזענע, ברוגז אויף דער וועלט. ס'איז איר געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. איר אַפּעטיט איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער.

ביי אַהרקען אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ פאַרדאַכט: אפשר נעמען זיך אָט די צרות פון איר בענקשאַפט נאָך אַן „ער"? ס'איז דאָך פרילינג אויך פאַר חיות! זיין דערפאַרונג האָט אים אונטערגעזאָגט,

אַז וועגן אַזעלכע זאַכן דאַרף מען „דאַלאַזשען", ס'הייסט צו וויסן טאָן דעם ווזוואָדנע.

דער ווזוואָדנע, אַ בקי אין אַזעלכע ענינים, האָט טאַקע באַשטעטיקט אַהרקעס פאַרדאַכט.

דעם זעלבן טאָג האָט מען געבראַכט אַן אָגער. זיין שוואַרצע פעל האָט געגלאַנצט, די שטאָלצע מאָרדע איז געווען הויך פאַררייסן. זיין ווילד הירזשען האָט אָנגעיאָגט אַן אימה. ער האָט געטופּעט בייז מיט זיינע לאַנגע פיס, געריסן זיך פון די קייטן, ווי ער וואָלט וועלן חרוב מאַכן אַ וועלט. מ'האָט פאַר אים פריי געמאַכט דעם וועג צו דער שקאַפּע. מיט אַ קרעפטיקן ברום איז ער געלאָפן, אַ שאַר געטאָן מיט זיין גרויסן קאָפּ אויף איר האַלדז.

די קליאַטשע האָט זיך געבריקעט, מכלומרשט אים אָפּגעשטויסן פון זיך. ס'איז אָבער געווען אַ שוואַך בריקען. דער אָגער האָט געטאַנצט און איז געשפּרונגען אַרום איר עטלעכע מאָל ביז די באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן. „חתן־כלה" זענען זיך געפעלן געוואָרן איינס דאָס אַנדערע.

אויפן פרייען פעלד איז פאָרגעקומען אַ שטורמישע באַהעפטונג פון צוויי חיות, אַן ער און אַ זי, אין דער אָנוועזנהייט פון הונדערטער מענטשן־זכרים. דער אָבאַזניק קאַכוטאַ האָט פאַרזשמורעט זיינע קליינע אייגעלעך און געבורטשעט עפּעס מיט כעס.

אַ מילד פרילינג־ווינטל האָט געבלאָזן. ס'האָט זיך געוויקלט אַרום די קעפּ, אַריינגעזשומזשעט אין די אויערן און געשעפּטשעט אַ גרוס פון ווייטע געגנטן, פון ווייטע פעלדער.

ס'איז שוין געווען נאָנט צו שבועות, דער יום־טוב פון מתן־תורה, און דאָך האָט זיך אַהרקעס אָבאַז נאָך אַלץ נישט געזעגנט מיט גראַכאָוו.

אַהרקע איז געווען אין זיבעטן הימל פון דער סיטואַציע. דעם רבס הויז איז פאַר אים געווען אַ גוטע היים און אַ גייסטיקע דערקוויקונג. יעדעס מאָל, ווען דער אָבאַז איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ קורצער צייט צו אַן אַנדער שטעטל, האָט ער, אַהרקע, געקראָגן „אָהובי ידידי"־בריוולעך פון רב און זיינע קינדער. און אַז ער איז צוריקגעקומען, האָבן זיי אַלע אים מקבל־פּנים געווען מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

יעדן אָוונט איז ער געקומען אין רבנישן הויז צו עסן קלים־קעלעך צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה. אָן אים האָבן זיי זיך נישט געזעצט צום טיש.

גאַנץ אָפט האָט זיך דער רב מיישב געווען מיט אַהרקען וועגן זיינע היימישע עסקים. און עסקים האָט ער געהאַט גענוג, ווי אַ שטייגער: דאַגת־פרנסה, דעם זונס, יאָסלס, פריזיוו; ווי צונויפשטור־קעווען עפּעס אַ שטיקל חתונה פאַר חיה שיינדלען מיט איר חתן איטשע מאיר, אַזוי גיך ווי ער וועט באַפרייט ווערן פון מיליטער, און נאָך אַ סך דאגות.

וועגן איטשע מאירן האָט אַהרקע געטראַכט, און איז טאַקע אויך געווען זיכער, אַז יענער וועט אָן ספק באַפרייט ווערן. און דאָס, ווי ער האָט געהערט, איבער דעם ברוך, וואָס ער האָט זיך געלאָזט מאַכן. דער מום איז דעם „ספּעציאַליסט” געלונגען. ס'איז געווען אַ ריכטיקע קילע, וואָס האָט זיך נישקשהדיק אָנגעזען.

איין מאָל, אין אַ טאָג פון יענעם פרילינג, האָט אַהרקע, נישט געבעטענערהייט, אַפילו געהאָלפן דעם רב דורכפירן אַ דין־תורה. די מעשה איז געווען אַזאַ:

צוויי יידן זענען געקומען צום רב, ער זאָל אויסגלייכן אַ סיכסוך וועגן 150 רובל. נאָך אַ היפּשער צייט אויסהערן זייערע טענות און זייער שפּאַרן זיך איינער מיטן צווייטן, האָט דער רב אַרויסגעגעבן אַ פּסק:

— איר — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם פאַרלירער — וועט געבן אייער בעל־דין 50 רובל.

דער פאַרלירער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון מקיים זיין דעם רבס מישפּט. דער ייד איז געווען אַן עקשן. ער האָט נישט געוואָלט באַצאָלן — און טו אים עפּעס.

— טאָ צוליב וואָס — האָט מען געפרעגט דעם ייד — זענט איר געקומען צום רב, אויב איר זענט נישט געווען גרייט צו פאָלגן אים?

— ס'איז נישט יושרדיק... — האָט ער געטענהט.

צוהערנדיק זיך צו די טענות און מענות פון ביידע צדדים איז אַהרקע געקומען צו דער מסקנא, אַז דעם רבס מישפּט איז געווען אַ גערעכטער. ס'האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן אויף דעם ייד, דעם

פאַרלירער, וואָס ער איז געקומען באַלאַמוטשען דעם רב אומזיסט. אין זיינע אויגן האָט דאָס אויסגעזען ווי שפיכת־דמים. דער רב, נעבעך, האָט געהאָרעוועט, געשוויצט, געזוכט אַ וועג, ווי ווייט מעגלעך, אַרויסצוברענגען אַ גערעכטן משפּט אויפן בעסטן אופן. צום סוף, נאָך אַלע זיינע באַמיאונגען, האָט זיך גאָר דער ייד איינגעשפּאַרט און איז מבטל דעם רבס פּסק־דין.

פּלוצעם האָט זיך אין אים, אַהרקען, אָנגעצונדן עפּעס אַ פייערל. אָן אויפגערעגטער איז ער צוגעגאַנגען צו דעם דערווידער־דיקן ייד, אַ נעם געטאָן אים פאַר די לאַצן און געזאָגט בלחש:

— פאָלגט דעם רב!

אַ דערשראָקענער, האָט דער ייד באַצאָלט די 50 רובל און זיך אַרויסגערוקט פון הויז.

דער רב, שמייכלענדיק אין זיין לאַנגער, שמאָלער באָרד אַריין, האָט אַ זאָג געטאָן צו אַהרקען:

— איר האָט געהאַנדלט אַ קאָפּעטשקע צו שטרענג. ס'איז נישט דער יידישער דרך...

— ס'טוט מיר לייד... כ'פאַרשטיי...

דאָס מאָל האָט דעם רב ווייי געטאָן פאַר אַהרקעס בזיון. ער האָט געפילט, אַז זיינע ווערטער זענען געווען שאַרפער מוסר, הגם אַ ביסעלע פאַרזיסט. ער האָט געמאַכט אַ טראַט צו אַהרקען און אים געטרייסט:

— מילא, לאחר המעשה איז דאָס נישט אַזוי שלעכט...

נאָכדעם האָט ער אים, אַהרקען, פאַרבעטן צום טיש און גע־פליסטערט צו חיה שיינדלען, זי זאָל דערלאַנגען אַ גלעזעלע טיי.

דאָס טרינקען איז אַהרקען אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן. כאָטש דער רב האָט אויף אַ האַלב פאַרשטעלטן אופן באַגערט, ער, אַהרקע, זאָל אים מוחל זיין, דאָך האָט עס נישט געלינדערט די פּיין. זיין האַלדז, אַהרקעס, איז געווען פאַרשלאָסן. דאָס געפיל, אַז ער האָט זיך אויפגעפירט לגבי דעם חוצפּהדיקן ייד ווי אַ בור־דאורייתאָ האָט אים שטאַרק דערנידעריקט אין די אייגענע אויגן. און נאָך ערגער. אפשר — האָט ער געקלערט — איז זיין אויפפירן זיך אויך נישט געפעלן געוואָרן חיה שיינדלען?

## 59.

# פריינדשאַפט און אַ באָרד

מיטאַמאָל איז אָבער דעם רבם גוטע באַציאונג צו אַהרקען טאַקע אויף אַן אמת אַ ביסעלע קאַליע געוואָרן. און דאָס, צוליב אַהרקעס באָרד.

אין איינעם אַ טאָג האָט אַהרקע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואַרעמע קוטשמע, דאָס שעפּסענע פּעלצל, און איז אַריינגעקראָכן אין די לייכטע זומערדיקע בגדים. איינצייטיק איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַ באַגער — אַ פּוץ טאָן זיך לכבוד פרילינג און, למען האמת, אויך לכבוד חיה שיינדלען. ווערליג אַלע סימנים האָבן אָנגעדייט, איז ער איר געפעלן געוואָרן אַזוי ווי ער גייט און שטייט. אלאַ, וואָס דען? אָט אַזוי זיך, צוליב אַ קאַפּריז פון אַ מאַנסביל, וואָס וויל זיך אויס־פיינען פאַר אַ „זי" מיט אַ שיין קעפּעלע.

נו, איז ער אַריין צו אַ שערער, געגעבן זיך אַ זעץ אַוועק אויף דער ווייכער שטול און געהייסן שניידן די האָר פון קאָפּ און באָרד.

שוין לאַנג ווי ער איז נישט געזעסן אויף אַזאַ ווייכקייט. ס'האָט זיך געפילט אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געכאַפּט אַ דרעמל אונטער די „קלאַנגען" פון דעם שערעלע, וואָס האָט געקיצלט אַזוי ליבלעך, אַזוי אָפּגעהיט. ס'האָט זיך אים, אַהרקען, געוואָלט דאַכטן, אַז עמעצער טוט דאָס פון גוט־ברודערשאַפט. דער געענום פון באַדינט ווערן, אָנשטאָט צו באַדינען יענעם, איז געווען אַזוי מחיהדיק, אַז ער וואָלט אַזוי געזעסן אָן אַ סוף.

צו לאַנג צערעמאָניעוועט זיך אָבער נישט אַ שערער מיט אַ זעלנערם קאָפּ. איינס־צוויי — און פּטור. אַ טורקע אין פּלייצע איז אַ סימן, אַז מ'דאַרף אויפשטיין.

אַראָפּגעקראָכן פון דער שטול, האָט אַהרקע דערזען אין שפּיגל אַ פרעמד פּנים מיט אַ גלאַטער פעטלעכער מאָרדע אָן קיין שום יידישן חן. אַ חרטה־געפיל, און אַ יאַדעניש, האָט אים אַרומגעכאַפּט. אויב ס'וואָלט נאָר מעגלעך געווען צוצוקלעפּן די באָרד צוריק צו זיין פּנים, וואָלט ער דאָס געטאָן מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן. אָבער — פאַר־פאַלן. אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט.

פאַרנאַכט, ווען ער איז אַריינגעקומען צום רב אין הויז, האָט טייבעלע די ערשטע אויסגעשריען:

— אוי, ס'אַ שיינער דו ביסט אָן אַ באָרד!

די בני־הרב, יאָסל און פנחס, האָבן זיך געוואונדערט אויף אַהרקעס אויפטו און געזאָגט שטילערהייט, אַז דאָס פּאַסט אים נישט.

זייערע רייד האָבן אים געערגערט. דערצו דערפאַר, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אמת.

חיה שיינדל האָט אויף אים געוואָרפן וואַרעמע בליקן, אָבער זי האָט געשוויגן. ער וואָלט מי יודע וואָס געגעבן כדי אויסצוגעפינען איר אמתע מיינונג.

דער רב איז געווען אָנגעצויגן. ער האָט געהאַלטן זיינע ליפּן צונויפגעפּרעסט. פּלוצעם האָט ער אָבער אויסגעשאָסן:

— אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק...

געמיינט האָט עס פשוט: ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַ גלות.

אין די ערשטע טעג פון זיין באַקאַנטשאַפט מיטן רב האָט ער, אַהרקע, אים דערציילט די מעשה מיטן סידור ביים סאָקאָלאָווער ייד אין הויז. דער רב האָט געשמייכלט מיט זיין דין קוים־באַמערקטן שמייכעלע און גראָד געזאָגט, אַז דער ייד איז געווען אומגערעכט. אָבער כדי זייער פריינדשאַפט זאָל האָבן אַ קיום, האָבן זיי צווישן זיך אָפּגעמאַכט נישט צו פאַרטשעפּען דעם ענין פון פרומקייט. ווי ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, איז אַ גלות שוין געווען איבער דעם רבס כוחות — און ער האָט געמוזט אַרויספּלאַצן מיטן זאָג: אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק.

אַ פאַרשעמטער, האָט אַהרקע זיך אַרויסגעשאַרט פון הויז — אָן אַ „זייט געזונט". ער איז געגאַנגען צו זיינע פערד מיט אַ שווער געמיט. אַ פאַרדראָס, ווי זשאַווער, האָט אים געגעסן.

אמת, שוין איין מאָל פריער האָט ער געהאַט אַן איבעררייד מיטן רב. דעמאָלט האָט זיך אָבער געהאַט אַריינגעמישט חיה שיינדל, און זי האָט איינגעשטילט די געמיטער. געווען איז דאָס אין טאָג, ווען י. ל. פּרץ איז ניפטר געוואָרן. אַהרקע האָט דעמאָלט אַרויסגעזאָגט זיין באַדויער וואָס ער קאָן נישט פאָרן צו דער לוויה פון זיין באַליבטן שרייבער. אויף דעם האָט זיך דער רב אָפּגערופן:

— עט, אויך מיר א צאַצקע, פּרץ... אַ פּושע-ישׂראל! אַנומלט בין איך געווען אין דער גמינע, אין וואַרשע, ערשט פּרץ שפּאַצירט זיך אַרום איבערן צימער אָן אַ היטל, ווי אַ גוי, און עסט אַ בייגל, ווי אַ כּלב.

זיינע רייד האָבן אויפגעקאָכט אַהרקעס בלוטן.

— ווי קאָנט איר גאָר אויסרעדן אַזעלכע ווערטער? — האָט אַהרקע געפרעגט.

— אין וואָס באַשטייט זיין גרויסקייט? — האָט דער רב געהאַלטן אין טענהן. — אפשר אין זיין אָנשרייבן „דאָס שטריימל"?

די גוטע חיה שיינדל האָט איבערגעשלאָגן אין דער „פּלוגתא":

— נו, נו, די קליסקעלעך זענען שוין פאַרטיק!

אַהרקע האָט דערזען ביי איר בעטנדיקע בליקן: „אַמפּערט זיך נישט מיטן טאַטעשי, אַהרקע... אַמפּערט זיך נישט..." ער האָט זי געפאָלגט. זאָל זיין שלום. און עס איז געווען שטיל ביז דעם אָקאָרשט פאָרגעקומענעם צוזאַמענשטויס. דעם רבס ביישיקער טאָן אין דעם זאָג, „אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק", האָט אים געגנאָגט אונטערן האַרץ. אים האָט אויך וויי געטאָן וואָס אַזאַ וואַרעמע היים איז אים צעשטערט געוואָרן — איבער אַ באָרד.

אין גאַס, גייענדיק צו זיין אָבאַז האָט אַהרקע מיטאַמאָל דער-הערט קולות:

— גראָסמאַן! גראָסמאַן!

ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען די צוויי רבנישע זין, יאָסל און פּנחס. זיי האָבן געשטעלט גיכע טריט און גערופן אים צוריק צו זייער היים.

— דער טאַטעשי וועט נישט עסן אָן אייך, — האָט יאָסל מיט ווייטיק אין קול געזאָגט.

— אים פאַרדריסט זייער די גאַנצע פאַרקימעניש, — האָט פּנחס מבשׂר געווען מיט אַ פאַרטרויערט פּנים, — און ער בעט אייך איבער...

אָן קווענקלענישן איז אַהרקע צוריקגעגאַנגען. זיינע באַציאונגען מיטן רב זענען אָבער שוין געווען „געדראַטעוועטע", ווי זיין מוטערס ליימענע טעפּלעך. „אַ געדראַטעוועט טעפּל איז גוט", האָט זיין מוטער געפלעגט זאָגן, „אָבער אַ ניי טעפּל איז בעסער".

## .60

# דאָס דרשה־געשאַנק

ענדלעך האָט מען זיך ביים רב אין הויז געגרייט חתונה מאַכן חיה שיינדלען.

דער רב האָט געהאַט אין וואַרשע אַ צאָל רייכע באַלעבאַטים, איז ער געפאָרן צו זיי צונויפצוקלייבן אַ ביסל געלט. אַ חופּה־קלייד וועט מען צונויפשטשאָבען, און אַ שטיקל שימחהלע וועט מען מאַכן.

חיה שיינדל האָט געוויינט זייער אָפט. זי האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט אירע לאַנגע ברוינע האָר, די קרוין פון איר שיינעם קאָפּ. די האָר וועט מען ביי איר אָראָפּשניידן אין טאָג פון דער חתונה. זי האָט מקנא געווען די ליטווישע מיידלעך, וואָס וויסן נישט פון אַזאַ אָנשיקעניש. מ׳האָט איר דערציילט, אַז אפילו נאָך זייערע חתונות טראָגן די ליטווישע פרויען בלישטשענדיקע קאַמען אין זייערע אייגענע האָר. זי איז אַ רבס אַ טאָכטער, און איטשע מאיר, איר חתן, קומט אויך אַרויס פון אַ בכבודיקער פרומער משפּחה, דאָס מיינט אַז זי וועט זיך מוזן אונטערוואַרפן דעם אומפאַרמיידלעך טרויעריקן גורל. אַנדערש קאָן עס נישט זיין.

דאָס קליינע שוועסטערל, טייבעלע, האָט געפילט, אַז עפּעס איז אין הויז נישט גלאַט. זי האָט געוואָלט העלפן איר עלטערער שוועסטער, וואָס האָט זי געהאַדעוועט ווי אַ מאַמע. איר „הילף" איז באַשטאַנען אין מיטגעפיל מיט דער שוועסטער, און אין אָפענער קעגנערשאַפט צו איטשע מאירן. זי האָט זיך געסטאַרעט צונויפצו־פאָרן אַהרקען מיט חיה שיינדלען. און אין מיטן דערינען האָט זי אַרויסגעפּלאַפּלט, אַז חיה שיינדלען האָט זיך אַ חלום געחלומט:

— דער שידוך מיט איטשע מאירן איז אויס, און זי האָט חתונה מיט אַ זעלנער...

פאַרכלינענדיק זיך פון טרערן האָט חיה שיינדל אויסגעשריען:

— שווייג, טייבעלע! שווייג!

— ס׳איז אמת! ס׳איז אמת! — האָט טייבעלע נישט אָפּגע־לאָזט. — דו האָסט דאָס פאַרציילט דיין חברטע. איך האָב אַליין געהערט...

אהרקע האָט געבורטשעט צו חיה שיינדלען טרייסט־ווערטער, וואָס האָבן פאַר אים און אויך פאַר איר קיין ממשות נישט געהאַט. ער האָט פאַרלאָשן אין זיך דעם פלאַם, וואָס האָט אַ ברען געטאָן ביי זיין ערשטער באַגעגעניש מיט חיה שיינדלען. ער האָט דערשטיקט אין זיך יעדן באַגער, וואָס האָט זיך געריסן צו דער שיינינקער רבנישער טאָכטער. ער האָט נישט געוואָלט צעמישן אירע געדאַנקען און נישט אירע געפילן. זיי וואָלטן אַריינגעבראַכט אַ מישעניגע אין איר לעבן, ווען ער טוט עס יאָ. אחוץ דעם איז געווען נאָך עפּעס, וואָס האָט אים צוריקגעהאַלטן. ער האָט נישט געקאָנט פּלוצעם ווערן אַ חתן און אַ חיונה־פאַרזאָרגער. ער האָט דאָס נישט געקאָנט, אַפילו ווען ער וואָלט נישט געווען אַ זעלנער. ער האָט מורא געהאַט פאַר דאגת־פּרנסה. דאָס האָט באַגעוועלטיקט זיין גאַנג אין לעבן. און דער סוף איז געווען: צו זיין „הארעם" פון פלאַטאָנישע ליבעס מיט שיינע און איידעלע יידישע טעכטער איז צוגעקומען נאָך אַ פּרעכטיק געשטאַלט מיט אַ שיינענדיק פּנים — חיה שיינדל.

די חתונה פאַר חיה שיינדלען און איטשע מאירן האָט דער רב געפּראַוועט ביי זיך אין הויז. ס'איז געווען אַן אָפענע טיר מיטן אמתן „כל דכפין".

דאָס הויז איז געווען געפּאַקט. ס'איז געווען קאָפּ אויף קאָפּ, אַ טומל, אַ געפּילדער, אַ שטיקעניש.

איבער אַלץ און אַלעמען האָט געהילכט דאָס קול פון דעם בדחן. ער האָט געריסן שטיקער פון דער כלה — די יתומה אָן אַ מאַמען. ס'איז געווען מער טרערן ווי פרייד.

אהרקע האָט זיך אַרומגעדרייט אויף דער חתונה ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. דורך פּנחסן, דער כלהס ברודער, האָט ער צוגעשיקט פאַר חיה שיינדלען צוויי שטיקלעך שמעקנדיקער זייף. דאָס איז געווען זיין דרשה־געשאַנק — נישט קיין פאַרכאַפּנדיקע מתנה, אָבער זי איז געגעבן געוואָרן מיט אַ ים פון ליבשאַפט, הגם אויך מיט נישט ווייניק באַדויער און צער וואָס ער האָט נישט געקאָנט ווערן חיה שיינדלס מאַן.

## .61

# עפּעס אַנדערש

איינמאָל, בעתן אַריינקומען אין דעם רבס הויז, האָט אַהרקע געזען די קליינע טייבעלע שטיין אין מיטן שטוב און מיט איינגע־שפּאַרטקייט און נייגער פרעגן איר עלטערן ברודער:

— יאָסל, זאָג מיר, דו האָסט שוין אַ קילע?

יאָסל האָט געוואָלט זי זאָל זיך אָפּטשעפּען פון אים און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ניין.

— פאַרוואָס?

— שווייג!

— פאַרוואָס האָט איטשע מאיר אַ קילע?

יאָסל איז געוואָרן אין כעס:

— שווייג, זאָג איך דיר!

די קליינע טייבעלע האָט אָבער געטרייבערט מיט אירע קשיות דעם ברודער, וואָס האָט אין גיכן געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו:

— ניין, כ'על נישט שווייגן. זאָג מיר!

געוואוסט האָט אַהרקע, אַז דער רב איז מיט אַ צייט צוריק געפאָרן צו אַ רבין פרעגן אַן עצה.

— וואָס, הייליקער צדיק, — האָט ער מיט תחנונים געפרעגט ביים רבין, — דאַרף איך טאָן כדי אַרויסצורייסן מיין זון פון די יווניםס הענט? ער איז, אַ דאַנק דעם השם יתברך, בקו הבריאות. זאָל איך אים מאַכן געבריכט, אָדער אַרויסנעמען די ציין?

דעם רבינס תשובה איז געווען:

— נישט מאַכן געבריכט און נישט אַרויסנעמען די ציין.

— וואָס־זשע דען?

— עפּעס אַנדערש... — האָט דער רבי געזאָגט. — און השם יתברך וועט העלפן...

נאָך דעם רבינס עצה איז דער רב געפאָרן מיט יאָסלען קיין וואַרשע צו אַלערליי מום־מאַכערס, ביז זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף דעם ריכטיקן „ספּעציאַליסט", וואָס זיי האָבן געזוכט.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, נאָכן קומען אַהיים פון וואַרשע, איז יאָסל געוואָרן בלייכער און איינגעצויגענער פון טאָג צו טאָג. אַזוי לאַנג און ברייט, ביז ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

דאָס מאָל, ווען אַהרקע האָט אים געטראָפן שרייען אויף זיין קליין שוועסטערל טייבעלע, איז יאָסל לאַנג נישט געווען אין שטוב. ער איז אַוועק אין אַ זייטיק שטיבל און האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, מיט אַ האַנטעך אַרומגעוויקלט אַרום זיין האַלדז.

אַהרקע האָט משער געווען, אַז יאָסלס שוואַכקייט און אָפּ־געצערטקייט, און אויך דאָס לייגן זיך אין בעט אַריין, דאָס אַל׳ץ האָט צו טאָן מיטן „עפּעס אַנדערש״.

שפּעטער האָט אים דער יינגערער ברודער, פּנחס, איבערגע־געבן אַ סוד, אַז ס׳איז דאָ אַ פרישע דערפינדונג פון אַ שפּאָגל נייעם מאַכער:

— אַ וואונדער־זאַך, — האָט פּנחס געזאָגט אַהרקען וויספּערנ־דיק. — פּלאי פּלאים..., ס׳איז נישט גורם דעם גוף קיין שאָדן, חס וחלילה... און ס׳לאָזט אויך נישט איבער קיין מום. ס׳איז נישט מער ווי אויף לעת־עתה. מיט אַ שטאָך פון אַ נאָדל אין פּלייצע לאָזט מען אַריין אַזאַ מין פליסיקייט, וואָס בייגט אוים דעם גוף און מאַכט דעם בויג אויסקוקן ווי אַ הויקער. נאָכן פּריזיוו גלייכט מען דאָס אוים און מ׳ווערט צוריק גלייך, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען. יאָסל דאַרף ליגן אין בעט לכל הפּחות צוויי וואָכן... דאָס צוליב זיין אָפּגע־שוואַכטקייט און אויך איבער לייטן... ער דאַרף מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ר׳האָט אַ קאַטער...

די צייט איז געקומען — און יאָסל איז געשטאַנען צום פּריזיוו אין פּולטוסק. וואָס דאַרטן איז געשען? מ׳האָט אים ממש אַרוים־געטריבן פון דער פּריסוטסטווע. ווער דאַרף אַ הויקער אין מיליטער?

צוואַנציק בחורים מיט קילעם האָט מען צוגענומען צום מיליטער. פערציק בחורים אָן צייַן האָט מען באַפרייט, אָבער — מ׳האָט זיי געשטעלט „פּאָד סוד״. מ׳וועט זיי מישפּטן גאָר אין גיכן.

יאָסל איז אָבער אינגאַנצן באַפרייט געוואָרן, און דאָס, אַ דאַנק „פריער גאָט״ און דערנאָך „דעם רבין״.

אַ קורצע צייט נאָכן באַפרייט ווערן האָט זיך יאָסל געמוטשעט

מיט דעם „עפּעס אַנדערש”, ס'הייסט מיטן הויקער, און צום סוף איז ער ניפטר געוואָרן.

## .62

## אומעט אַרום און אַרום

ס'האָבן זיך געוויזן שלעכטע סימנים. אהרקעס אַבאַז איז פאַראָרדנט געוואָרן צו העלפן עוואַקואירן דעם וואַרשעווער ציטאַדעל.

די וועגענער זענען כסדר אָנגעלאָדנט געוואָרן מיט אַלדאָס גוטס — און די אַבאָזניקעס האָבן עס אַוועקגעפירט צו פאַרשידענע סטאַנציעס. מ'האָט באַשיימפערלעך געזען אַז די רוסישע אַרמיי קלייבט זיך צו פאַרלאָזן וואַרשע.

חיים, אַהרקעס קוזין, האָט זיך דאָס מאָל אויף קלאָר אַרומ־געזען, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות אין זיינע חשבונות. די מלחמה וועט זיך אַזוי גיך נישט ענדיקן. ס'איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק. ס'זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די יינגערע אַבאָזניקעס וועט מען אַוועק־שיקן צום פראָנט. מ'וועט זיי פאַרבייטן מיט עלטערע מענטשן. האָט חיים באַשלאָסן צו מאַכן זיך אַ ברוך, פראָסט און פשוט — אַ קילע. אָט אַזוי וועט ער פּטור ווערן פון דער „סלוזשבע”. דער באַלעבאָס פון זיין דירה, זרח דער מלמד, אַן ערלעכער פרומער ייד, וועט דער־לויבן דעם מום־מאַכער צו קומען צו אים אין הויז און מאַכן דעם ברוך. חיים האָט משער געווען אַז ר' זרח דערלויבט דאָס — כאָטש דאָס איז געווען אַ גרויסע סכנה פאַר אים — ווייל ער האָט געוואָלט מקיים זיין די מיצווה פון פּדיון־שבויים.

חיים האָט פּרובירט אַהרקען איינרעדן, ער זאָל טאָן דאָס זעלבע. אַהרקע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון, פשוט דערפאַר ווייל ס'איז אים געווען פריקרע צו צעקאַליעטשען זיך אויף אַזאַ אופן. דאָס איז געווען דער איינציקער אָפּהאַלט. דער „פרינציפּ” דער־פון איז שוין ביי אים געווען כשר, ווייל ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נישטאָ פאַר וועמען צו יוצא זיין. נו, טאַקע פאַר וועמען, פאַר די סעמיאָנאָווס, די רשעים און זייערע קנעכט די ווזוואָדנעס? זיי וועט מען קיין מאָל נישט צופרידנשטעלן. דעם יידישן כבוד קאָן מען נישט אויפהאַלטן אין די אויגן פון אַזעלכע בלוט־צאַפּערס. איי,

די סעמיאַנאַווס און זייערע אונטערשטופּערס זענען נישט די אמתע פאַרשטייערס פון זיין באַליבטן רוסלאַנד? דערווייל זענען אָבער די הומאַניסטן נישט קיין דעה־זאָגערס.

חיים האָט דורכגעפירט זיין באַשלוס לויט זיין פּלאַן. קיין דערפאָלג האָט ער אָבער נישט געהאַט. פּשוט, דער ברוך האָט זיך נישט איינגעגעבן. „ער איז נישט געווען געניג בולט”, ווי ר׳ זרח האָט געזאָגט. חיים האָט וועגן זיין דורכפאַל נישט גערעדט. ר׳ זרח האָט אים פאָרגעלייגט אַן אַנדערן וועג פון באַפרייען זיך, און דאָס, אויף אַ גאָר פּשוטן אופן — איבערבלייבן אין וואַרשע, אַראָפּוואַרפן די זעלנערישע בגדים, אַנטאָן זיך ציוויל און פאַרטיק אַן עסק.

— ביים דייטש ווערט מען אויך נישט פאַרפאַלן, — האָט ער געזאָגט. — וואָס ס׳וועט זיין מיט כל ישראל וועט זיין מיט ר׳ ישראל.

חיים האָט נישט געוואָלט אָננעמען ר׳ זרחס עצה. ער איז, ווי אַלעמאָל, געווען אַן עקשן. ער האָט נישט געוואָלט אויפגעבן זיין האָפענונג צו ווערן אַן אייגנטימער פון אַ קאָמיסיאָנערסקער קאַנטאָר אין לאָדזש. ער האָט געטענהט:

— אונטער דער דייטשער הערשאַפט קאָן איך דאָס נישט דערוואַרטן. די וואָרצלען פון דעם לאָדזשער מיסחר זענען איינגעגראָבן אין צענטראַל־רוסלאַנד. איך טאָר נישט איבעררייסן מיט רוסלאַנד אויף אַן אומלעגאַלן אופן. סוף־כל־סוף וועט רוסלאַנד געווינען די מלחמה. דער צוריקטריט פון וואַרשע איז נישט מער ווי אַ סטראַטעגישער.

און וואָס מכוח אַהרקען? וואָס האָט ער געדענקט? גאָרנישט. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף חיימען. חיים איז פאָרט עלטער און מיט מער דערפאַרונג פון אים.

אין אַ שיינעם זומערדיקן טאָג זענען די דייטשן צוגעקומען נאָענט פון וואַרשע. זיי זענען שוין געווען לעבן דער ראַגאַטקע, ווען אַהרקע און די פורמאַנעס זענען געזעסן אויף זייערע וועגענער, מיט די צוגעשפּאַנטע פערד, און האָבן געוואַרט אויף אַ באַפעל צו רירן זיך פון אָרט.

ביי אַהרקעס וואָגן איז געשטאַנען דער בן־הרב, פּנחסל, און האָט גערעדט שטילערהייט:

— קריכט אַראָפּ פון וואָגן. לאָזט דאָס איבער און בלייבט מיט אונדז, כל־זמן ס'איז נאָך נישט שפּעט.

— אַ דאַנק, טייערער פּנחסל, — האָט אַהרקע געשעפּטשעט.
— כ'קאָן עס נישט טאָן.

אַ ליב ייִנגל געווען, אָט דער פּנחסל מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעבלישטשעט פון זיין איידל, בלייך פּנים. אין גאַנצן איז ער געווען זעכצן יאָר אַלט און האָט שוין געטראָגן דעם יאָך פון ייִדישקייט ווי ער וואָלט געווען אַ זקן.

אַהרקע האָט נישט פאַרגעסן ווי אָט דער פּנחסל האָט אויסגעזוכט דעם פאַרגאַנגענעם חול־המועד פּסח, ווען ער האָט אַריינגעטראָגן אין הויז אַן עמער וואַסער פון דעם דערבייאיקן ברונעם. זיינע אויגן האָבן מיט שרעק אַריינגעקוקט אין דעם עמער און ער האָט אויסגעשריען:

— טאַטעשי, חמץ! אַ גערשט אין וואַסער...

דער רב האָט אַרויפגעלייגט אַן איסור אויפן ברונעם ביז נאָך פּסח. פּנחסל איז געווען מלא־שימחה וואָס ער האָט געראַטעוועט אַן עדה ייִדן פון עסן חמץ אין פּסח.

איצט, שטייענדיק ביים וואָגן, האָט פּנחסל געוואָלט אויסלייזן אַהרקען פון פּאַניעס הענט. ס'איז אים, נעבעך, געווען שטאַרק אומעטיק. און אומעטיק איז אויך געווען אַהרקען. נישט לאַנג צוריק איז ער, אַהרקע, געווען אין רבס הויז. און וואָס האָט ער דאָרטן אָנגעטראָפן?

די פרייד האָט זיך אָפּגעטאָן פון דעם רבס הויז. חיה שיינדל האָט אויסגעמיטן מענטשן, זינט זי האָט חתונה געהאַט. פאַר אַהרקען האָט זי זיך געשעמט ווייזן מיט איר גרויסן פאַרזוק אויף איר קליין, אָפּגעגאָלט קעפּל. אַ פאַראומערטע, אַ פאַררויטלטע, האָט זי זיך פאַר־בייגעשאַרט און איז פאַרשוואונדן אין איר קעמערל. מ'האָט מער נישט געהערט איר זיס געלעכטער. און איר שוועסטערל, טייבעלע, וואָס איר קולכל האָט געקלונגען, ווי אַ גלעקעלע, איז אַרומגעגאַנגען פאַר־כמורעט ווי אַן אַלטע ייִדענע. זי איז געווען אין כעס אויפן שלעכטן איטשע מאירן פאַרוואָס ער האָט צוגענומען איר שוועסטער — און זי, דאָס יונגע נפשל, דאַרף איינע אַליין שלאָפן אין אַ ברייט בעט.

## .63

# דער ערשטער עראָפּלאַן

ס׳האָט זיך דערהערט אַ דונערן פון אַרטילעריע אַרום וואַרשע. און דאָס, וואָס אַ מאָל אַלץ שטאַרקער.

אַהרקעם אָבאָז האָט געקראָגן דעם באַפעל צו מאַכן ויברח. מיט אַ נאָגעניש אין האַרץ האָט אַהרקע פאַרלאָזט גראָכאָוו.

די וואַרשעווער פּאָליציי, מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס, האָט אַנגעיאָגט דעם אָבאָז. די פּאָליציסטן האָבן אויסגעקוקט נעבעכדיק, דערשלאָגן.

אַהרקע איז געזעסן ווי אַ צוגעשמידטער צום וואָגן, געפינטלט מיט די אויגן און גאָרנישט געטראַכט. אַ פוסטקייט איז געווען אין זיין קאָפּ. דאָס מאָל איז די רוסישע אַרמיי — און, פאַרשטייט זיך, אויך דער אָבאָז — אָפּגעטראָטן אין אָרדענונג. ס׳איז נישט געווען אַזאַ אומגעלומפּערט, בהלהדיק געלאָף ווי פון מיזרח־פּרייסן. ווייזט אויס די אויבער־קאָמאַנדע האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון לויפן. ס׳איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אויך פאַר חיימען, אַז דאָס איז נישט סתם אַ „סטראַטעגישער צוריקטריט״, נאָר גאָר פּשוט, דער גאַנצער פראָנט רוקט זיך אויף צוריק אונטערן דרוק פון דעם שונא. אָפּגעשטעלט האָט זיך דער אָבאָז אין אַ שטעטעלע, גרויס ווי אַ טל־ומטר. דער נאָמען דערפון איז געווען: באָטשקי.

ווען אַהרקע האָט געשעפּט וואַסער פון אַ ברונעם אָנצופּאָיען זיינע פערד, איז די פאַרנאַכטיקע שטילקייט פּלוצעם צעשטערט גע־וואָרן פון אַ גערויש אין הימל. ס׳האָט זיך באַוויזן אַן עראָפּלאַן — און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קראַך. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט געוואַלדן:

— באָמבעס!!!

אַהרקעס פערד האָבן זיך אַ ריס געטאָן און גענומען לויפן ווילד וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן.

אַהרקע איז שטיין געבליבן מיט פאַרגאַפטע אויגן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט געזען אַן עראָפּלאַן. ער איז געשטאַנען און האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי אַזאַ שווערע משא קאָן

זיך האַלטן אין דער לופטן און פליען דערצו אויך. דעם „שכל" פון אַ לופט־באַלאָן האָט ער שוין ווי־ס'איז צעקייט. אָבער דאָס־אַ נייע פּאַרזועניש, דער עראָפּלאַן, האָט פאַרכאַפּט זיין אָטעם. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט חיימס קול פול מיט וואָרענונג און כעס:

— לויף! באַהאַלט זיך!! וואָס שטייסטו, אַהרקע, ווי אַ ליימענער גולם?

דאָס האָט ער געשריען פון ערגעץ אַ פירהויז דערביי.

חיים איז טאַקע גערעכט געווען. ס'איז נישט געווען די ריכטיקע צייט פאַר אַהרקען צו גריבלען זיך אין דעם „מיסטישן כוח" פון דעם פליענדיקן עראָפּלאַן. אגב, דאָס איז געווען דאָס סאַמע ערשטע מאָל וואָס די דייטשן האָבן „מכבד" געווען דעם אָבאָז פון דער לופטן. צום גליק האָבן זיי מער ווי איין באָמבע נישט אַראָפּגעוואָרפן. דער עראָפּלאַן איז אַוועקגעפלויגן ווייטער זוכן נייע קרבנות. ס'איז געוואָרן אוים געררויש און ווידער שטיל...

אויף דער ערד, אַ פּאָר טריט פון אַהרקען, איז געלעגן אויס־געצויגן אַ פערד, וואָס פון זיין האַלדז האָט געפליסט אַ דינער שטראָם בלוט. פון דעם הויז, וואָס קעגנאיבער דעם ברונעם, האָט מען אַרויס־געטראָגן דעם שניידער פון אָבאָז, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן. ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין ביידע הענט, זיצנדיק ביי זיין „זינגער"־ניימאַשין. ער איז געווען דער ערשטער קרבן, וואָס אַהרקע האָט געזען אין דער מלחמה.

אויפן ווייטערדיקן וועג פון צוריקציען זיך האָט אַהרקע באַגעגנט נאָך דייטשע עראָפּלאַנען. זיי האָבן איבערגעשראָקן דעם אָבאָז, אָבער נישט געטשעפּעט. זיי האָבן, מסתמא, געוואוסט, אַז די פורמאַנעס זענען נישט קיין גרויסע מציאה פאַר זיי. די באָמבעס האָבן זיי גע־האַלטן פאַר בעסערע, „רייכערע" קונדן.

אין דער שטאָט שעדלעץ איז אַ צעפּעלין געקומען באַזוכן דעם אָבאָז אין מיטן דער פינצטערער נאַכט. געשוואומען איז ער ווי אַ פיש. ער האָט אַרונטערגעלאָזט עטלעכע באָמבעס אויף דער שטאָט און זיך אַוועקגעגליטשט ווייטער אונטער דעם ענדלאָזן הימל.

יום־כיפור צו נעילה איז דער אָבאָז דורכגעפאָרן דאָס שטעטל ראַקאָוו. דורך די אָפענע פענסטער פון דער שול האָט אַהרקע געזען יידן, איינגעהילט אין קיטלען און טליתים. ער האָט זיך דערמאָנט

אין זיין פאַטער, געזעזן אים שטיין אין דער נייער שול אַ וויינענדיקן בעת ער האָט געבעטן דעם רבונו־של־עולם פאַר זיין זון, דעם זעלנער, אַז ער זאָל ניצול ווערן פון חרב, רעב וצמא...

די רעדער פון אהרקעס וואָגן האָבן געקרעכצט אין דער טיפער בלאָטע — און אַ רעגן האָט נישט אויפגעהערט גיסן.

## .64

## די האַרבע שטראָף

ביי חיימען איז אַוועקגעפאַלן אַ פערד. דער וועטערינאַר האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט. ער האָט אַריינגעגאָסן פלעשער רפואות אין דעם פערדס צונויפגעשטשעמעט מויל, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער „רויטינקער״ איז אַוועק אויפן „עולם האמת״.

מענטשן קרענקען און שטאַרבן... — האָט אהרקע מעדיטירט און „מספיד״ געווען דאָס רויטינקע פערד. — און פערד, להבדיל, קרענקען און פגרן. אַזוי איז דער סדר־העולם. קיינער ווייסט נישט געגוי פון וואָס און פאַרוואָס, אחוץ — — —

יאָ, קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט געוואוסט „פון וואָס און פאַר־וואָס״. ער איז געווען זיכער, אַז חיים איר שולדיק אין דעם פערדס גאַנג... חיים האָט, הייסט עס, צו פרי געגעבן זיין פאַרשוויצט פערד קאַלט וואַסער צו טרינקען. דאָס מיינט, אַז חיים איז שולדיק פאַר אומברענגען אַ לעבעדיק נפש, וואָס באַלאַנגט צו קאַזנאַ, און דער־פאַר קומט אים — פעטש.

פאַר סעמיאָנאָוון איז געשטאַנען חיימס הויכע פיגור, אויס־געצויגן ווי אַ סטרונע, די רעכטע האַנט אונטערן קאַזיראָק, און זיינע אויגן האָבן געשאָסן שטאָלענע בליקן צום הימל. זיינע ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט. ער האָט זיך פּרובירט פאַרענטפערן, ס׳איז אָבער געווען אַן אומזיסטער אָנשטרענג.

דער קורץ־גופיקער קאַפּיטאַן איז אונטערגעשפּרונגען און האָט געפּאַטשט חיימען אויף ביידע באַקן. גלייכצייטיק האָט ער געשריען מיט באַנומענע קולות, גלייך ווי חיים וואָלט אים באַגזלט. דער קלאַנג פון יעדן פּאַטש האָט אָפּגעקלונגען אין אהרקעס אויערן. אהרקע איז

געשטאַנען עטלעכע טריט פון דעם צעשרויפטן קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו און האָט פאַרמאַכט די אויגן יעדעס מאָל וואָס זיין קוזין האָט אַריינ־געקראָגן איבערן פּנים.

חיימס געפּאַטשטע צורה, אַלעמאָל מיט האָנאָר, מיט שטאָלץ, איז איצט געווען העסלעך פאַרקרימט.

אַהרקעס גאַנץ אינגעווייד האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק. ער וואָלט ליבערשט גענומען די פּעטש אויף זיך. פאַר חיימען איז דאָס געווען די גרעסטע דערנידערונג. דערצו האָבן סעמיאָנאָווס זידלע־רייען גאָרנישט אויפגעהערט. ווידער די זעלבע מיאוסע נעמען און בילבולים, און אויפסניי די זעלבע. זיי האָבן דורכגעלעכערט די לופט:

— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! שפּיאָנען!!

פאַרוואָס דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעקליבן פּעטש פאַר חיימען, אַנשטאָט זיין באַוואוסטע נאַגייקע, האָט אַהרקע נישט געקאָנט פאַר־שטיין. איז עס נישט מער ווי אַ צופאַל, אָדער אַן אויסגערעכנטער שריט? אייגנטלעך, ווער קאָן אַזעלכעס וויסן אַחוץ סעמיאָנאָוון, וואָס איז מער געלערנט און ווייסט וואָס איז מער עפעקטיוו פּעטש, אָדער שמיץ? ער איז אַרומגעגאַנגען איבער זיין „מלוכה", שטענדיק געזוכט עבירות און האָט באַשטראָפט אויף אַזאַ אופן ווי ס'איז אים איינגע־פאַלן, אָדער ווי זיין ווילדער קאַפּריז האָט אים אונטערגעזאָגט.

אַגב, אויך די פּאָליאַקן האָט ער נישט געשאַנעוועט. איין מאָל האָט זיך מיכאַלטשוק פאַרזינדיקט. ער איז אַוועק אין שטאָט אַריין אָן אַ דערלויבעניש. דריי טעג און נעכט האָט ער דאָרטן געהוליעט. „פאַרשטייט זיך", אַז אים איז געקומען אַ שטראָף. און אָט וואָס ער האָט געקראָגן: אין מיטן העלן טאָג, ביי דער שיין פון דער צעפלאַמ־טער זון, אויף אַ פעלד הינטער דער גרויסער שטאָט מינסק, פאַר די אויגן פון הונדערטער סאָלדאַטן־פורמאַנעס, האָט מען פון מיכאַלטשוק אַראָפּגעצויגן די הויזן און געשמיסן אים אויפן הוילן לייב. מ'האָט געצוואונגען דעם עולם שטיין אין אַ קרייז און צוזען ווי דער אוממעכ־טיקער אָבאָזניק ווערט דערנידעריקט, באַשפּיגן און צעטראָטן. געמיינט האָט דאָס: היינט מיכאַלטשוק, מאָרגן פּלאַקסין, איבערמאָרגן גראָס־מאַן. די צוקוקנדיקע האָבן פאַרקריצט די ציינער, פאַרביסן די ליפּן און געהאַלטן זייערע קעפּ אַראָפּגעלאָזט אין פאַרשעמטקייט.

אַהרקע האָט געקוקט אויף דעם שמייסער, דעם ווזוואָדנע, און

געזען ביי אים ווי זיין פּנים, בעתן שמייסן, איז געוואָרן אָנגעגאָסן מיט בלוט, ווי ביי אַ רוצח.

מיכאַלטשוק איז געלעגן מיטן פּנים איינגעגראָבן אין זאַמד — און דעם ווזוואָדנעם נאַגייקע האָט געסווישטשעט איבער זיין לייב. די לופט איז געווען שווער, ווי זי וואָלט אָנגעפילט געוואָרן מיט בליי. איין קנעכט האָט געשמיסן אַ צווייטן קנעכט. און דער אַרומיקער עולם, די אָבאָזניקעס, ווי אַ סטאַדע בהמות, האָט זיך צוגעקוקט און — גאָרנישט. איינער האָט געציטערט פאַרן צווייטן. ס'איז געווען אַ לאַנגע קייט פון פּחד און שרעק.

אַהרקע האָט זיך דערפילט נישט גוט. אַ חרטה-געפיל האָט אים געעגבערט: פאַרוואָס האָסטו נישט געפאָלגט פּנחסלען? דו וואָלסט דאָך איצט שוין געווען אַ פרייער מענטש, דו פּיקהאָלץ איינער!

נאָכן „ספּעקטאַקל" האָט זיך אַהרקע געטראָפן מיט חיימען. דאָס מאָל האָט חיים שוין גערעדט אַנדערע דיבורים. אויך ער האָט חרטה געהאַט פאַר נישט פאָלגן זרחן דעם מלמד. די מלחמה איז שוין סיווי פאַרלוירן פאַר רוסלאַנד. נישטאָ וואָס צו האָפן אויף לאָדזש. חיים האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין מינסק, אַריינפאַלן דאָרטן צו די דייטשן, ווען זיי וועלן אָקופּירן די שטאָט, און וואָס גיכער זיך צופּאַסן צו זייער שטייגער לעבן. און חיים האָט זיך נישט באַנוגנט מיט גלאַט רייד. תיכף-ומיד האָט ער זיך גענומען גרייטן פאַר דעם וויכטיקן מאָמענט, ס'הייסט, צו אַנטלויפן פון דעם אָבאָז. און נישט נאָר אַליין. מיט אַהרקען!

אַז אַהרקע האָט זיך אָנגעהויבן קווענקלען, האָט חיים מיט רוגזא אַ זאָג געטאָן צו אים:

— דו ווילסט וואַרטן ביז מ'וועט אויך דיינע הויזן אַראָפּציען און דיין לייב קאַטעווען?

ביידע האָבן זיך נאָכדעם געזען מיט דעם קוזין יודקע — און אויך ער האָט צוגעשטימט צו אַנטלויפן און בלייבן אין מינסק.

## .65

# די אַנטרינונג

**וועדליג** די ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען צו דער טרויקע — אַהרקע, חיים און יודקע — האָט דער אָבאָז געדאַרפט אַוועק פון מינסק צומאָרגנס אין דער פרי. געהייסן האָט עס פאַר זיי — די לעצטע שעה האָט געשלאָגן.

אין דער פינצטער פון דער נאַכט איז אַהרקע געשטאַנען ביי זיינע פערד און האָט געגלעט זייערע קעפּ. מיט האַלב-פאַרשלאָפנע, פוילבלעכע אויגן האָבן זיי אים באַטראַכט. זיי האָבן געלעקט די הויט פון זיינע הענט און געשטופּט זייערע מאָרדעס גלייך אין זיין פּנים אַריין, ווי זיי וואָלטן געזוכט, גענישטערט די סיבה פון אַזאַ ליבע אין מיטן דערינען. „האָט מיר אַ גוטע נאַכט" — האָט ער זיי געזאָגט אויף שטום לשון און געוואונטשן „אַ גוטן תמיד".

בעת דעם „ליובעניש" איז צוגעקומען חיים.

— די צייט שטייט נישט... — האָט ער געברומט מיט אַ טרוקענעם, באַפעלערישן טאָן. — איך וועל גיין פאָרויס, און דו וועסט נאָכקומען פינף מינוט שפּעטער.

— חיים, אפשר זאָלן מיר זיך גוט איבערלייגן און בלייבן דאָ מיט די פערד? — האָט אַהרקע געזאָגט פרעגנדיק.

ער איז אַרויסגעקומען מיט די דאָזיקע רייד, ווייל אַ שאַרף-שניידנדיקער געדאַנק האָט אַ בליץ געטאָן אין זיין קאָפּ: ווי לאַנג קאָן מען זיך אויסבאַהאַלטן, אויב דער דייטש פאַרנעמט נישט מינסק?

— מיין באַשלוס בייט איך נישט... — האָט חיים ווידער געזאָגט מיט אַ טרוקענעם טאָן. — אויב דו ווילסט בלייבן, טאָ בלייב.

נאָכדעם איז ער פאַרשוואונדן.

קעגנאיבער דעם שליאַך איז געשטאַנען אַ נידעריקע הייזקע. אויפן אָרט פון עטלעכע אויסגעבראָכענע שייבלעך פון צוויי קליינע פענסטערלעך זענען געווען אַריינגעשטאָפּט קנוילן שמאַטעס. אין אָט דער הייזקע האָט געוואוינט אַן אָרעמער ייד. אים האָט חיים געגעבן געלט איינצוקויפן פאַר זיי, ס'הייסט פאַר חיימען און אַהרקען, גענוצטע אָנצוגן, שיך, קאַפּעליושן, העמדער און סקאַרפּעטקעס.

ווי אַזוי חיים האָט דערטאַפּט אַט דעם ייד, דאָס האָט אַהרקע נישט געוואוסט. אָבער אויף חיימען האָט ער זיך געקאָנט פאַרלאָזן. אַז ער האָט זיך עפּעס גענומען אין קאָפּ אַריין, האָט ער דאָס דורכגעפירט פּינקטלעך, נישט קוקנדיק אויף וואָסערע־ס'איז שוועריקייטן. ער, אַהרקע, וואָלט דאָס קיינמאָל נישט באַוויזן מיט הצלחה. ער איז נישט מסוגל געווען אָנצוקניפּן אַזעלכע פאַרבינדונגען און אויספּלאַנירן אַלע פּרטים, כדי צו מצליח זיין. אָן חיימען וואָלט אַהרקע געבליבן אין אָבאָז ביז צום סוף און געוואַרט, אַז זיין גוט מזל און „זכות־אָבות" זאָלן זיך דאַגהן פאַר אים. צי אים וואָלט זיך בעסער געפירט, דאָס האָט נאָר איין גאָט געוואוסט.

ווען אַהרקע איז אַריין אין דער קוים־קוים באַלייכטער הייזקע, איז חיים שוין געווען געקליידט ציוויל. זיינע סאָלדאַטסקע בגדים זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע. אין עטלעכע ווייל־עס אַרום איז ער שטומערהייט אַוועק שלאָפן צו זיינס אַ וויטן קרוב.

עטלעכע מינוט שפּעטער איז אויך אַהרקע שוין געווען אָנגעטאָן אין אַנדערע קליידער. ער האָט געטראָגן אַ קורץ רעקל, הויזן, אַ קאַפּעליוש, אַ פּאָר צו גרויסע שיך און אַ העמד אָן אַ שניפּס. מיט אַזאַ הילוך האָט ער זיך אַרויסגערוקט אין דער פינצטערער אָסיענדיקער נאַכט.

די קאַלטע לופט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן און זיך אַרומגעוויקלט אַרום אים. ס'איז געווען טויט־שטיל. מ'האָט נישט געזען קיין נפש. אַהרקע — דורכגענומען מיט קעלט, וואָס זיינע לייכטע מלבושים האָבן אים קענען איר נישט געקאָנט שיצן — האָט זיך פּאַמעלעך גערוקט נענטער און נענטער צו דער שטאָט, וואָס איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ געדיכטער פינצטערניש. פון די הייזער־פענסטער האָט זיך נישט געזען קיין פּיצל ליכט. ס'איז דאָרטן געווען חושך איבער דער געפּאַר פון דייטשע צעפּעלינען, וואָס האָבן באַזוכט די שטאָט גאַנץ אָפט. ספקות האָבן גענומען מוטשען אַהרקען. וואוהין גייט ער? טייל מאָל האָט ער געהאַט אַ באַגער צו לויפן צוריק — צום ייד אין זיין הייזקע אַריין, איבערטאָן זיך אין זיינע סאָלדאַטסקע בגדים און ווידער שלעפּן דעם יאָך צוזאַמען מיט זיינע פערד.

ווי פון אונטער דער ערד איז אָנגעפאַרן אַן איזוואָשטשיק מיט אַ ליידיקער קאַרעטע. אַהרקע האָט אים אָפּגעשטעלט. אַ געדאַנק

פון פאַרצווייפלונג האָט אויפגעבליצט אין זיין קאָפּ: נאַר, בהמה... נעם זיך הוליען... נעם שיכורן... איין נאַכט, צוויי נעכט... פרעס זיך אָן מיט נקבות אויף ווייכע, פוכענע בעטן, און פאַרטרינק מיט שטאַרקער משקה... דערנאָך? דערנאָך מעג דער טייוול נעמען דיין גוף און נשמה גלייך אין גיהנום אַריין... אַ דאגה האָסטו... זאָל אַלין צום טייוול גיין!

— הער זיך איין, גוטער מענטש, — האָט זיך אַהרקע געבעטן ביים פורמאַן, — פיר מיך צו אַ נפקה־הויז... כ׳וועל דיר גוט באַצאָלן.

— כ׳קאָן דיר נישט העלפן, מיין טייערער, — האָט דער פור־מאַן געברומט. — כ׳ווייס נישט פון אַזעלכע פלעצער.

ער האָט פאַרקירעוועט די דראָשקע צו אַ זייטיקער גאַס און איז אַוועק. אַהרקעס אויסזען און רייד האָבן אים מסתמא דערשראָקן.

אַ דערשלאָגענער — ווי אַלע בריקן הינטער אים וואָלטן פאַר־ברענט געוואָרן — האָט זיך אַהרקע געשאַרט פאַרויס, פאַרביי די הייזער, וואָס אויף די פוסטע גאַסן. ער איז געגאַנגען צו נחמה משה דודס.

נחמה איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי אַהרקען אין שטעטל. זי איז נישט געווען זיינס אַ קרובה. זי איז אינגאַנצן אַ פרעמדע געווען צו אים. און זיין משפחה, די בית־דוד, האָט זיך קיין מאָל נישט געחברט מיט איר משפחה. זיי זענען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן. לעצטנס, ווען ער איז געווען מיטן אָבאָז אין מינסק, איז ער אָבער אַריין צו איר אין הויז — און זי האָט אים דערמאָלט געזאָגט, אַז צו יעדער צייט איז זי גרייט צו העלפן אים אין אַן עת־צרה. זי האָט אים אַפילו צוגערעדט, ער זאָל אַוועק פון אָבאָז און בלייבן אין מינסק. זי איז געווען אַ טיפּיש־יידישע טאָכטער, וואָס איר לעבן איז באַשטאַנען פון טאָן טובות לייטן, אייגענע, אָדער פרעמדע, אָן חילוק. די דאָזיקע נחמה האָט חתונה געהאַט פאַר אַ לערער פון דער מינסקער שולע אין דער רוסישער שפּראַך פאַר יידישע קינדער. מ׳האָט דאָס גערופן, יעווריייסקי אוטשילישטשע.

אָבער, רבונו־של־עולם! ווי קאָן ער געפינען נחמהס הויז אין דער שוואַרצקייט פון דער פינצטערער נאַכט? דאַכט זיך, ס׳האָט געדאַרפט זיין אָט־אָ דאָ... דאָס דריטע הויז ביים עק סעפּוכאָווסקע גאַס. ס׳איז אַן איין־שטאָקיקע געביידע מיט גרינע לאָדנס. אָנשטאָט

דעם האָט אַהרקע גאָר געזען אַ הויכע אומבאַקאַנטע מויער. וואו איז נחמהס הויז? אין דער זעלבער צייט האָט עס אים געוואָרפן פון קעלט און היץ. באו מים עד נפש... — האָט ער צו זיך געברומט. כאַטש נעם און לייג זיך אַוועק אויפן ברוק אין מיטן גאַס און שריי: שמע ישראל! ער האָט שוין געוואָלט אַריינקריכן ערגעץ צווישן פיר ווענט, באַהאַלטן זיך אין אַ לאָך, ווי אַ מויז. ער וואָלט געוואָלט פאַר־מאַכן זיינע אויגן און שלאָפן, שלאָפן אָן אַ סוף... פרעמדע הייזער, שורה נאָך שורה, האָבן אָבער געקוקט גלייכגילטיק אויף אים. זייערע פענסטער, ווי לעכער אין אַ טויטן שאַרבן, האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה. טיר און טויער זענען געווען פאַרשלאָסן, פאַררינגלט. אַלע איינוואוינ־ערס זענען געלעגן באַהאַלטן אין זייערע נאָרעס, נאָר ער, אַהרקע, אַ דעזערטיר, האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און נישט געקאָנט געפינען קיין מקום־מנוחה.

פלוצעם האָט אין זיין זכרון אויפגעוואַכט — און פאַר זיינע אויגן האָט אַ שיין געטאָן — דער אַדרעס פון סאָניע ציקליק, נחמהס אַ קרובה. דער זכרון האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ ווייט הויז לעבן דער גובערנאַטאָרסקע גאַס. מיט פרישן מוט האָט ער זיך געלאָזט אַוועק זוכן סאָניע ציקליקס דירה.

סאָניע, אַן אַלמנה, האָט אַמאָל געוואוינט אין זיין שטעטל לולין. מאיר, איר בן־יחיד, האָט געלערנט צוזאַמען מיט אים אין חדר. צייטנווייז האָט ער אים, אַהרקען, אַריינגענומען צו זיי אין סאָד און זאַלבעצווייט האָבן זיי פאַרברענגט אונטער די שמעקנדיקע עפּל־און באַרן־ביימער.

ס'האָט אים, אַהרקען, אָבער גענומען צו לאַנג צו געפינען דאָס ווייסע הויז. אַ שרעקלעכער אומרו האָט אים באַהערשט. אין דער לעצטער מינוט, ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים אויפגעבן דאָס זוכן, איז אים — ווי ער האָט געטראַכט — זיין גוט מזל געקומען צו הילף.

— דאַנקען גאָט, — האָט ער הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן צו זיך, — אָט איז עס!

האַסטיק האָט ער אַ שלעפּ געטאָן דאָס גלעקל פון דער טיר. אַז דער ערשטער צי האָט נישט געהאָלפן, האָט ער אַ צי געטאָן אַ צווייט מאָל, און גלייכצייטיק אַ ביסעלע שטאַרקער. נאָכדעם האָט ער

דערהערט אַ שושקעריי הינטער דער טיר און אַ שוואַכע שטים האָט געפרעגט:

— ווער איז דאָרט?

— איך, אַהרקע אַברהם איטשעס...

די טיר האָט זיך פּאַוואָלינקע געעפנט.

אין טונקעלן קאָרידאָר זענען געשטאַנען: סאָניע, אירע דריי טעכטער, און אַ יונגער בחור — אַ קוואַרטיראַנט. זיין נאָמען איז געוועזן מישאַ. איבערגעשראָקענע, מיט אָפענע מיילער, האָבן זיי געקוקט אויף אַהרקען און שטומערהייט ווי געפרעגט: „ווי קומסטו אַהער ביינאַכט אין אַ ציווילן אָנטועכץ?".

אין מיטן דערינען — איידער אַהרקע האָט צייט געהאַט עפּעס צו זאָגן — האָט איינע פון סאָניעס טעכטער, די שוואַכע דינה, גענומען און פאַרחלשט. אַהרקע איז געבליבן שטיין כעני בפּתח, ביז מ'האָט אָפּגעמינטערט דינהן.

— גיי חלש נישט, — האָט סאָניע געמורמלט, — אַז דעם גאַסטס באַזוך שמעקט מיט סיביר...

פּאַרטיק געוואָרן מיטן אָפּמינטערן, האָט זיך דאָס געזעמל, צוזאַמען מיט סאָניען, גענומען מיישב זיין וואָס צו טאָן מיט אַהרקען. זיי וואָלטן שוין ריזיקירט און אַריינגענומען אַהרקען ביז אינדערפרי, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער דינסט. זי קאָן נאָך מסרן. אייערנעכטן האָט זי דאָך אים, אַהרקען, געזען דאָ אין סאָלדאַטסקע מלבושים. זי וועט געוויס אים דערקענען.

— כ'בין נישט געקומען אַהער נעכטיקן, — האָט אַהרקע איבערגעשלאָגן אַלעמען אין די רייד. — כ'וויל ביי אייך בלויז אויס־געפינען נחמהס אַדרעס. צו איר גיי איך דאָס.

אַלע האָבן מיט איין מאָל, ענטפערנדיק, גערעדט:

— מיר ווייסן נישט דעם נומער פון איר הויז.

— אַפילו ווען מיר וואָלטן געוואוסט, וואָלט אויך נישט גע־האָלפן.

— ס'איז שווער צו געפינען אין אַזאַ פינצטערניש.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט סאָניע, אין פאַרצווייפלונג, ווי געפרעגט זיך אַליין:

— וואָס־זשע טוט מען פאָרט?

— ווייסט איר גאָר וואָס? — האָט מישאַ זיך אָפּגערופֿן. — איך וועל אים צופֿירן.

און ער האָט זיך געווענדט צו אַהרקען בזה הלשון:

— פֿאַר מיר איז אַ סכנה צו גיין צוזאַמען מיט אייך. איז אָט וואָס מירן טאָן. איך וועל גיין פֿאָרויס און פּאַמעלעך קלאַפּן אין טראָטואַר מיט מיין שטעקעלע. ווען איך וועל צוקומען צו נחמהס הויז, וועל איך זיך אָפּשטעלן און געבן דריי קליינינקע קלעפּלעך. דעמאָלט וועט איר וויסן, אַז דאָס איז עס.

געזאָגט און געטאָן. ער איז געגאַנגען גיך. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער אָראָפּטרן זיין געפֿערלעך שליחות.

אַהרקעס צו גרויסע שיך האָבן אים געריבן די פֿיס. ס׳איז אים אָנגעקומען זייער שווער נאָכצוגיין מישאַן אַזוי האַסטיק. ער האָט אָבער זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע זיינע כוחות נישט אָפּצושטיין פֿון אים.

די קלעפּ פֿון מישאַס שטעקעלע האָבן אָפּגעהילכט אין דער קאַלטער לופֿט און געזאָגט אַהרקען וואוהין צו גיין. די שטאָט מינסק איז געווען טויט. אַפֿילו קיין הונט האָט מען נישט געזען. ס׳איז געווען אומגלייבלעך אַז לעבעדיקע נפֿשות געפֿינען זיך אין די הייזער, וואָס שטייען איינגענורעט אויףביידע זייטן, גאַס נאָך גאַס. מישאַ איז געגאַנגען און געגאַנגען. דאָס שטעקעלע האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט. ס׳האָט אויסגעזען אָן אַ סוף. עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענער כוח האָט אַהר־קען געשטופּט פֿאָרויס, כאָטש זיינע פֿיס האָבן זיך געשלעפּט, ווי זיי וואָלטן געווען אַ פּאָר קלעצער.

ענדלעך האָט זיך מישאַ אָפּגעשטעלט, געגעבן די אָפּגערעדטע דריי קלעפּ און איז פֿאַרשוואונדן אין דער פֿינצטערניש.

פֿאַר אַ היפּשער ווייַלע האָט אַהרקע זיך נישט געקאָנט רירן פֿון אָרט. גאָט, האָט ער מיט האַרצקלאַפּעניש געטראַכט, וואו נעמט מען מוט אויפֿצוואַועקן פֿון שלאָף פֿרעמדע מענטשן, כדי זיי זאָלן אַריינלאָזן צו זיך אַ דעזערטיר, וואָס קאָן אויף זיי ברענגען צרות און פּורעניות? זיין גלייך־פֿירנדיקער מזל האָט אים אָבער אַרויפֿגעשטופּט אויפֿן גאַניקל, גלייך צו דער טיר. ער האָט גענומען זוכן דאָס גלעקל. ער האָט אַרומגעטאַפּט די טיר אין דער גאַנצער לענג און ברייט, אָבער נישט געקאָנט געפֿינען. טאַפּ אַהין, טאַפּ אַהער. אַ נעכטיקער

טאָג! נישטאָ! וואָס טוט מען? באין ברירה האָבן זיינע פינגער אָנגעהויבן פּאַמעלעכינקע, ווי אַ מייזעלע, קראַצן די שויבן פון אַ דער־בייאיק פענסטער. דאָס קראַצן איז אַריבער אין דראָבנינקע קלעפּלעך. ס'האָט לאַנג נישט גענומען און ער האָט דערהערט אַ געלאַף פון באָרוועסע פיס און אויך — נחמהס קול:

— ווער איז דאָרט?

— איך, אַהרקע...

די טיר האָט זיך גלייך געעפנט — און אַהרקע איז אַריין אין הויז.

נחמה, אין אַ נאַכטהעמד מיט אַ מאַנטל אַריבערגעוואָרפן דערויף, איז געשטאַנען לעבן אַהרקען און האָט ליבלעך געקלאַפּט איבער זיינע פּלייצעס.

— גוט, גוט, וואָס דו ביסט דאָ, — האָט זי גערעדט צו אים שטילערהייט, — נאָר מיין מאַן זאָלסטו זאָגן, אַז דו ביסט אַהער־געקומען פון אונדזער שטעטל לולין צו זוכן אַ דירה פאַר דיין פאַמיליע. ער טאָר נישט וויסן דעם אמת. ער איז אַ זייער שרעקעוודיקער... — און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן, — גיי שלאָפן אָט דאָ... זעסט די קושעטקע? אַ קישן און אַ צודעק וועל'ך באַלד אַריינברענגען.

אָפּגעזאָגט דאָס איריקע, איז זי גיך פאַרשוואונדן צו איר מאַן אין שלאָפצימער אַריין.

## 66.

# אַבראַשאַס חקירה ודרישה

אַ מאַמע וואָלט איר אייגן קינד נישט אויפגענומען בעסער ווי נחמה האָט אויפגענומען אַהרקען. אַ קוואַל פון גוטסקייט האָט אַרויסגעשפּראָצט פון אירע אויגן און פון אַלץ וואָס זי האָט געטאָן און גערעדט. אין אַ וועלט פון רישעות איז זי געווען איינע פון גאָטס וואונדערס.

אַהרקע איז געלעגן אויף דער קושעטקע מיט אָפענע אויגן — און דער קאָפּ האָט אים פאַרטראָגן ווייט. אָט האָט ער געזען דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוום נאַגייקע... אָט דעם ווזוואָדנעס רויטע צורה... און אָט זיינע פאַריתומטע צוויי פערד... פון דער ווייטער ווייט האָט

ער צוריקגעוואַנדערט צו נחמהס הויז, און מיטאַמאָל האָט אים אין מוח געגומען עגבערן: ווי קומסטו איינצושטעלן נחמהס שלום-בית פאַר דיין אייגענער שקורע? וואָס איז דאָס פאַר אַן עובדה אַרויפ־צואוואַרפן זיך אויף אַ מענטש צוליב זיין גוטהאַרציקייט? ס'מיינט דאָך פשוט אויסניצן נחמהן פאַר דיינע אייגענע אינטערעסן! דאָס איז חוצפה, העזה... דו אַליין וואָלסט מעגלעך אַזאַ זאַך נישט געטאָן פאַר קיינעם.

דער יצר-טוב האָט זיך אָבער משתדל געווען פאַר זיין „איך״. ער האָט אַהרקען פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָרפן די גאַנצע שולד אויף חיימען. חיים, הייסט עס, האָט אים, אַהרקען, איינגערעדט צו דעזערטירן, און צוזאַמען מיט דעם איז געקומען דאָס איבעריקע. ווען נישט חיים וואָלט אַהרקע אַוודאי ווידער זיך גע־האַצקעט אויפן וואָגן.

אַזוי, צי אַזוי, ס'איז שוין געווען פאַרפאַלן. אָפּשטעלן זיך האָט ער, אַהרקע, שוין נישט געקאָנט. אויב ס'איז זיין גורל צו קייקלען זיך באַרג-אַראָפּ, אַפילו ביז אין דער שאול-תחתיה אַריין, טאָ זאָל עס געשען. צום טייוול מיט אַלץ!

מיטן בליאַסק אויף טאָג האָט נחמה אָנגעהויבן אַרומפּאַדען אין הויז. אויסגעפונען אַז אַהרקע האָט נישט קיין שניפּס, וואָס דאָס קאָן אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט ביי די שטוביקע, איבערהויפּט ביי איר מאַן, איז זי אַוועקגעלאָפן צו אים, ס'הייסט צו איר מאַן אַבראַשאַ, און דערציילט אים אַ מעשה, אַז אַהרקע האָט דאָס פאַרלוירן אין וועג. על-כן, זאָל ער אויסלייען איינעם פון זיינע.

אַהרקע — אַ ברוטאַל אָפנהאַרציקער — האָט זיך מודה געווען פאַר נחמהן, אַז ער ווייסט נישט ווי אויסצובינדן אַ שניפּס, ווייל ער האָט קיינמאָל פריער נישט געטראָגן אַזעלכעס אויף זיינע רוסישע רובאַשקעס, און אויף די סאָלדאַטסקע העמדער האָט ער דאָך דאָס אַוודאי נישט גענדאַרפט האָבן... נחמה, מיט אירע פלינקע פינגער, האָט אויסגעבונדן אויף אים דעם שניפּס, וואָס פאַר אים איז ער טאַקע געווען דער ערשטער, און זי האָט אים געלערנט ווי דאָס צו טאָן אויף ווייטער.

אַבראַשאַ זעליקמאַן, נחמהס מאַן, איז אַריינגעקומען אין עס־צימער. ער האָט אַהרקען אָפּגעגעבן אַ וואַרעמען שלום-עליכם און זיך

געמסטאַרעט צו פאַרבינדן אַ שמועס מיטן גאַסט. מיט זיינע אומשולדיקע פראַגעס האָט ער אָבער אַהרקען געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. און אַהרקע האָט דעריבער געמוזט האַקן ליגנס, איינעם נאָכן אַנדערן.

— איר קוקט מיר אויס באַקאַנט, — האָט אַבראַשאַ זעליקמאַן געזאָגט. — מיר דאַכט זיך, כ'האָב אייך באַגעגנט ערגעץ־וואו פריער.

דאָס איז געווען זיין ערשטער אַרויספאַר.

אַהרקען האָט אַ היץ אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. אין דער אמתן האָט דער אַבראַשאַ טאַקע אים דאָ אין הויז געזען. ערשט מיט אַ וואָך צוריק. אַהרקע איז דעמאָלט געווען געקליידט ווי אַ סאָלדאַט. נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט זעליקמאַנס דיקע ברילן־גלעזלעך און זיין קורצזיכטיקייט, האָט זיך אַהרקע אָנגענומען מיט מוט און גע־ענטפערט:

— ניין, הער זעליקמאַן, איר זעט מיך דאָס ערשטע מאָל.

דערנאָך איז אַוועק אַ סדרה פון אַן אַ שיעור אויפשוידערנדיקע קשיות, ווי:

— וואָס מאַכט נחמהס משפחה אין לולין? ווי לאַנג איז נאָך איער חתונה, הער גראָסמאַן? וויפל קינדערלעך האָט איר? וואָס איז אייער באַשעפטיקונג? און פאַרוואָס ווילט איר זיך באַזעצן אין מינסק?

ס'האָט אויך געטראָפן אַז איינע און די זעלבע פראַגע האָט ער איבערגעפרעגט עטלעכע מאָל. אַהרקען האָט זיך געדאַכט, אַז אַבראַשאַ טוט עס אומיסטנע, ווי אַ סליעדאָוואַטעל, צו כאַפּן אים ביי אַ ליגנט. זיין פנים האָט געפלאַמט און אַ שוויים האָט אים באַגאָסן.

אַקוראַט אין צייט איז אָבער נחמה געקומען אים צו הילף. מיט איר ליבלעכן שמייכל האָט זי אַ זאָג געטאָן צו איר מאַן:

— אַבראַשאַ טייערער... לאָז אים צורו. ער איז מיד פון וועג. וועסט נאָך האָבן גענוג צייט אויף שמועסן מיט אים.

אין דער אמתן האָט אַבראַשאַ קיין זאַך נישט פאַרדעכטיקט. אַהרקעס ענטפערס האָבן אים צופרידנגעשטעלט. אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער גאַסט איז דאָס דער זעלבער חברהמאַן, דער סאָלדאַט, וואָס איז געווען ביי אים אין הויז מיט אַ וואָך צוריק. ער איז געווען אַן ערלעכער און גוטער מענטש, נישט געוואוסט פון אָפּ־נאַרעריי. און ער האָט געגלייבט אַהרקעס רייד. געקומען האָט זיך דאָס מסתמא דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ „נאַאיווער מלמד", וואָס

גערופן האָט מען אים „לערער״, מחמת ער איז געווען אַן „אוטשיטעל״ אין דער יעווריסקע אוטשילישטשע.

איבער זיין שרעק, וואָס איז אַהרקען באַפאַלן, טאָמער כאַפּט זיך עפּעס אַרויס פון זיין מויל, עפּעס וואָס שטימט נישט מיט זיינע פריערדיקע ענטפערס, זענען זיינע נערוון שטאַרק אָנגעשטרענגט געוואָרן — און ער האָט חושד געווען דעם איידעלען אַבראַשאַ אין וועלן אים, אַהרקען, צעטומלען. זיין פּחד איז אָבער געווען אומזיסט.

ווען אַבראַשאַ איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן אָנביסן האָט ער אַ פריינדלעכן שמייכל געטאָן צו אַהרקען און איז אַוועק אין דער שולע.

נחמה האָט זיך פאַרנומען מיט ראַמען דאָס הויז, מיט קאָכן, און מיט אויפּפּאַסן אויף אירע פּיצלעך קינדער.

אַהרקע האָט זיך אָבער פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל און גענומען ווארטן אויפן דייטש, ער זאָל אַריינקומען קיין מינסק.

## 67.

# נחמה די באַשיצערין

איידער אַבראַשאַ האָט געדאַרפט קומען אַהיים, האָט נחמה געזאָגט אַהרקען, ער זאָל גיין אויפן מאַרק קויפן פאַר זיך אַ מאַנטל, און זי וועט זאָגן דעם מאַן, אַז ער איז געגאַנגען זוכן אַ דירה.

אַהרקע האָט זייער געוואָלט אָפּלייגן דאָס אויף אַן אַנדערש מאָל. ער האָט פּשוט מורא געהאַט זיך ווייזן בייטאָג אין גאַס. נחמהס עצה איז אָבער געווען, ער זאָל גיין אין גאַס אַריין היינט, באַלד.

— ס׳ווערט שוין גוט קאַלט, — האָט זי צוגעגעבן. — אחוץ דעם, וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַן אָנשטענדיקער מענטש אָן אַ מאַנטל?

דאָס איז געווען אַ גערעכטע טענה — און אַהרקע איז אַוועק.

ער איז געגאַנגען פון גאַס צו גאַס, לויט נחמהס אָנווייזונגען, ביז ער איז געקומען צו אַ באַרג, וואָס איז געווען באַזעצט מיט קראָמען אויף ביידע זייטן. ער איז פּאַמעלעך אַרויפגעקראָכן און האָט זיך אַרומגעקוקט, וואוהין אַריינצוגיין. ווען ער האָט שוין כמעט געהאַט דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג האָט ער זיך אָנגעשטויסן, פּנים

אַל פּנים, מיט קאַבלינסקין, דעם יידישן סאָלדאַט פון זיין אַבאַז. אַ פאַרגאַפטער איז ער געבליבן שטיין אַן לשון.

קאַבלינסקי איז פאַרבייגעגאַנגען און האַסטיק אַ זאָג געטאָן:

— יהודי, מאַכט פּליטה. דער גאַנצער וויוואָד גייט הינטער מיר. דער אַבאַז איז נישט אַוועקגעפאָרן.

אַ שווידער האָט אַהרקען אַרומגעכאַפּט, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס עס וואָלט געשען, אַז אַנשטאָט דעם ערלעכן ייד קאַבלינסקין וואָלט ער באַגעגנט דעם וויוואָדנע, אָדער אַן אַנדערן רשע. אַזוי ווי אַ שליח פון גאָט, האָט ער געטראַכט, איז געווען דער קאַבלינסקי. ער איז געקומען אויסהיטן אים פון דער סכנה, וואָס האָט זיך אָנגערוקט פון הינטער דעם באַרג.

צום גליק איז נאָנט פון אַהרקען געווען אַ קראָם פון מענער־מלבושים. דאָס איז געווען אין אַ קעלער. מיט אונטערגעהאַקטע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט דאָרטן און גענומען אַרומשמייען מיט דער כוונה איינצוהאַנדלען אַ מאַנטל. ער האָט דאָס געטאָן שטאַרק באריכות, כדי אַריינצוציען דאָס עסק אין דער נאַכט אַריין. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסגיין, כל־זמן ס'איז געווען ליכטיק.

געזען, אַז אַהרקע איז אַ נודניק, אַ גרויסער איבערקלייבער, האָט דער קרעמער אים צורו געלאָזט און איז אַוועק צו אַנדערע קונים.

אַהרקע האָט זיך געפּאַרקעט אין הינטערשטן טייל פון דער קראָם, געטאַפּט די שטאָפן און מכלומרשט נישט געקאָנט ביי זיך באַשליסן וועלכן סאָרט צו נעמען. אָבער אַ מאַנטל האָט ער ענדלעך געקויפט ערשט דעמאָלט, ווען דער קרעמער האָט זיך אָנגעהויבן קלייבן צו פאַרמאַכן זיין געשעפט. ס'איז שוין געווען גוט פינצטער.

— האָט איר שוין געפונען אַ דירה? איז געווען אַבראַשאַס פראַגע ווי נאָר אַהרקע האָט געעפנט די טיר פון הויז.

— נאָך נישט, — האָט אַהרקע געענטפערט.

— ווייסט איר גאָר וואָס, — האָט אַבראַשאַ געוואָלט אַהרקען טאָן אַ טובה, — מאָרגן וועל איך זיך דורכגיין מיט אייך אין שטאָט און איינס־צוויי וועל איך קריגן פאַר אייך וואָס איר ווילט.

— דו דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין, אַבראַשאַ טייערער, — האָט נחמה געענטפערט פאַר אַהרקען. — ס'איז נישט נייטיק. אַהרקע וועט שוין אַליין געפינען. ער האָט גענוג צייט.

דערווייל איז שוין געהאַט אַוועק אַ שפּאַר ביסל טעג, זינט אַהרקע איז אָנגעקומען אין הויז און האָט גענומען וואַרטן אויף זיין „משיח”, דעם דייטש. ווי אויף להכעיס איז ער נישט געקומען. עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן. דער טעם פון שטופּן די צייט איז פאַר אַהרקען נישט געווען ניי. דאָס מאָל האָט זיך אים אָבער געדאַכט, אַז ס'איז געווען ערגער. און טאָמער, חלילה, קומט ער גאָרנישט, דער דייטש?

ס'איז געווען אַ ביטערער ענין דאָס אויסבאַהאַלטן זיך צו לאַנג הינטער נחמהס פאַרטעך. און דער ליגנט פון זוכן אַ דירה וועט געוויס אינגיכן אויפגעדעקט ווערן. נישט ער וויל און נישט ער קאָן נאַרן דעם גוטמוטיקן און שטילן אַבראַשאַ. דערצו איז צוגעקומען נאָך אַ צרה.

סאָניע — אַבראַשאַס טאָכטער פון זיין ערשטער פרוי, אַ גימנאַזיסטקע פון אַ יאָר זעכצן — האָט נישט ליב געהאַט נחמהן, איר שטיפמוטער. זי האָט זי נישט ליב געהאַט דערפאַר, ווייל די שטיפמוטער איז צו גוט צו פרעמדע מענטשן. זי גיט אַוועק דעם טאַטנס פּראַצע צו אָרעמע שכנים, צו קרובים און צו יעדן איינעם וואָס שטרעקט אויס אַ האַנט. חוץ דעם איז סאָניע אין כעס וואָס נחמה האָט אָנגעפילט דאָס הויז מיט קינדער, וואָס מאַכן אָן אַ טומל און נעמען אַוועק פון פאָטער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו איר, דער „באַרישניע”.

אויף אַהרקען האָט סאָניע געקוקט קרום, כמעט אָנגעבלאָזן. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן איז איר נישט געפעלן געווען וואָס עפּעס אַ פאַרחלומטער ייד מיט אַ באָרד (אַהרקע האָט שוין ווידער געהאַט אַ באָרד) האָט זיך אַרומגעדרייט ביי איר אין די חדרים — און איר פאָטערס ווייב טראָגט אים אונטער עסן, טרינקען, און מיט אַ שמייכל דערצו.

אַהרקע האָט זיך נישט געפילט גוט אונטער סאָניעס, אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געגישטערט, געזוכט, ווי זיי וואָלטן אים אין עפּעס חושד געווען. ווער ווייסט, אפשר האָט זי געמיינט, אַז ער, אַהרקע, פירט אַ ליבע מיט איר שטיפמאַמע? וואָרעם, אויב נישט דאָס, איז צוליב וואָס אַנדערש זיצט אויס אַ מאַן טעג און נעכט אין הויז? סאָניעס פאַרדאַכט וואָלט אפשר געקאָנט האָבן אַ זין ביי אַנדערע אומשטענדן. נחמה איז געווען יונג און שיין: אַ מאַן האָט זיך גרינג געקאָנט פאַרליבן אין איר. סיידווי, צו בלייבן לענגער ביי נחמהן

איז געוואָרן אוממעגלעך. אַלץ איז אים געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ.

אין צווישנצייט האָט אַהרקע געקראָגן אַ ידיעה פון חיימען אַז ביי אים איז גאָר נישט פויגלדיק. זיין קרובס ווייב הייסט אים, פּשוט און פּראָסט, אַרויסקלייבן זיך, און טאַקע באַלד. דאָס זעלבע האָט זיך געהערט פון יודקען. נו, איז וואוהין גייט מען?

און ווידער איז נחמה געקומען צו הילף. זי האָט צוגעטראַכט אַ טשיקאַווען פּלאַן. די מעשה דערפון איז אַזאַ: מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט אַ דייטשער צעפּעלין געוואָרפן עטלעכע באָמבעס אויף מינסק. זיי זענען געפאַלן אין עק־שטאָט, וואו נחמהס אַ שוועסטער־קינד האָט אַ הויז. איבער שרעק פאַר נאָך באָמבעס זענען די דאָרטיקע איינוואוינערס זיך צעלאָפן, און דאָס הויז האָט געפּוסטעוועט. על־כן, דענקט נחמה, אַז אַלע דריי — אַהרקע, חיים און יודקע — זאָלן זיך אַריינציען אַהין. און וואָס וועט זיין מיט עסן? אויך אויף דעם האָט נחמה געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן. מינדל, נחמהס אַ שוועסטער, מיט אירע צוויי קינדער מוטשען זיך. ווען נישט נחמה וואָלטן זיי ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער. מינדלס מאַן איז אין אַמעריקע. נישט זי הערט פון אים און נישט זי קריגט שטיצע פון אים. צוליב אָט דעם מעמד וועט נחמה פועלן ביי איר שוועסטערקינד, דעם ווירט, ער זאָל אַריינלאָזן מינדלען מיט די קינדער אין דעם הויז, וואָס פּוסטעוועט סייווי. און וואָס דעמאָלט? דעמאָלט וועט מינדל אַרייננעמען אין הויז די דריי דעזערטירן. דערפאַר וועלן זיי, די דריי חברהלייט, זי אויס־האַלטן. דאָס הייסט, זיי וועלן שפּייזן מינדלען מיט די קינדער — און זי וועט פאַר זיי קאָכן.

גוט, אָבער קאָן דער פּלאַן דורכגעפירט ווערן?

נחמה האָט זיך מיט ברען גענומען צו דער אַרבעט. זי איז געלאָפן אַהין, געלאָפן אַהער, געהאָוועט אַ גאַנצן טאָג, צונויפגעפירט אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, ביז ס'האָט זיך איר איינגעגעבן צו מאַכן פון איר פּלאַן אַ ממשות.

## 68.

# אין דער נייער דירה

קעגן אָוונט האָבן די דריי דעזערטירן, צוזאַמען מיט מינדלען און אירע קינדער, געבאַלעבאַטעוועט אין אַ היפּשן טייל פון דעם ליידיקן הויז.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אַנדערער טייל פון הויז פאַר־נומען געוואָרן פון — סאָלדאַטן. אַ סך מיליטער האָט געהאַלטן אין דורכגיין מינסק. פיל פון זיי האָט מען איינגעקוואַרטירט וואו נאָר ס'איז געווען אַ ליידיק פּלאַץ. נו, איז אויך דאָס האַלב־ליידיקע הויז אין עק־שטאָט אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ סאָלדאַטסקער „היים".

צו האָבן אַזעלכע שכנים אונטער איין דאַך איז פאַר דעזערטירן גאַרנישט קיין באַטעמטע זאַך. ס'האָט אויף זיי אַלעמען געציטערט די הויט. איבערהויפּט אויף אַהרקען, וואָס האָט געדאַרפט גיין און רעדן צו זיי וועגן שטוביקע אַנגעלעגנהייטן. ווייזט אויס, אַז דער שלימזל האָט נישט דערלאָזט, אַז די דריי יונגעלייט זאָלן האָבן מנוחה.

צום גליק זענען די סאָלדאַטן, נאָך אַ קורצער צייט, אַוועק, און די צעטראָגענע געמיטער פון די דריי מאַנסבילן האָבן זיך איינגעשטילט.

אַהרקען איז אָבער — ווי ער האָט געגלייבט — נישט געווען באַשערט צו געניסן פון פרייד צו לאַנג. ווי נאָר ער האָט זיך באַרואיקט איז צו אים געקומען נחמה מיט אַ טרויעריקער ידיעה פון לולין, אַז זיין פעטער משה איז ניפטר געוואָרן.

— מ'האָט מיר געשריבן, — האָט זי איבערגעגעבן, — אַז ס'איז געווען די גרעסטע לוויה זינט לולין שטייט. יונג און אַלט האָבן אים באַגלייט צו זיין לעצטער רו. אַ סך גויים, אויך דער גלח פון שטעטל, האָבן מיט וויימיק אויסגעדריקט זייער באַדויער אויפן טויט פון אַזאַ הייליקן מענטש.

געזען, אַז אַהרקע נעמט זיך שטאַרק צום האַרץ די ידיעה וועגן זיין פעטערס טויט, האָט נחמה אויפגעהערט דערציילן.

— כ'האָב זיך באַנאַרישט... — האָט זי געזאָגט. — נישט געדאַרפט צוטראָגן די שלעכטע בשורה.

— דערצייל, נחמה... — האָט אַהרקע אויפגעהויבן זיינע

טריבע אויגן צו נחמהן און געבעטן נישט אָפּצוהאַלטן זיך פון איבער־געבן וואָס מ׳האָט איר געשריבן פון דער היים. — כ׳וויל הערן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט נחמה איבערגעריסן איר שווײַגן און איז, הגם אומגערן, ווידער אָנגעגאַנגען מיטן איבערגעבן דעם תוכן פון דעם בריוו צו איר.

— לויטן בריוו — האָט זי געזאָגט צו אַהרקען — האָט דײַן פעטער זיך שטאַרק מצער געווען וואָס מחמת זײַן קרענק האָט ער עטלעכע מאָל געמוזט איבערהיפּן דאָס לייגן תפילין. די לעצטע צײַט האָט ער אויך ווייניק געלערנט, אָבער דאָס, איבער מאַנגל פון גאַזע. אַ סך האָט ער געלערנט אויף אויסווייניק.

דעם ווײַטערדיקן טייל פון בריוו האָט זי אויף באַשטימט שוין נישט געוואָלט איבערגעבן. אַז זי איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט מיטן אָנזאָגן די שלעכטע בשורה, איז עס אַ טייל פון איר שוואַכקייט — נישט צו קאָנען האַלטן אַ סוד. אָבער צו וואָס מער באַטריבן אַהרקעס געמיט? דאָס קאָן זי געווים פאַרמײַדן. און זי האָט זיך פאַרנומען אויף אַ שמועס מיט איר שוועסטער מינדל, וואָס איז געווען אין קיך.

אַהרקע האָט זי אָבער צוריקגעהאַלטן מיט געבעט:

— דו האָסט דאָך מיר נישט אַלץ איבערגעגעבן, נחמה. וואָס איז שוין דער חילוק? מײַן פעטער משה וועט שוין נישט אויפשטיין פון קבר. דערצייל, דערצייל, נחמה.

ביי נחמהן האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג בעטן. זי האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן. אויך אַזוי דאָס מאָל.

— נישט לאַנג פאַר זײַן טויט — איז זי שטיין געבליבן און באַוויליקט אַהרקעס בקשה — האָט דײַן פעטער משה געהאַט אַ צו־זאַמענשטויס מיט דעם אוראַדניק פון שטעטל. דאָס איז געווען אין אַ פרײַטיק־צו־נאַכט. וואָס האָט דערצו געפירט? איבער דעם שונאס עראָפּלאַנען איז געווען פאַרבאָטן צו האָבן ליכט אין די הײַזער. דער פעטער דײַנער האָט זיך אָבער מיט דעם נישט גערעכנט. ער איז געזעסן ביי אַן אָנגעצונדן לעמפּעלע און האָט געלערנט. די שײַן פון דעם לעמפּעלע האָט זיך אָבער דורכגעריסן דורך די פענסטער אין דער גאַס אַרײַן. אַז דער אוראַדניק האָט דאָס באַמערקט איז ער אַרײַנ־געלאָפן צו דײַן פעטער אין הויז און האָט זיך צעשריען מיט כעס: „זאַטושי, זאַטושי!!‟ אַז דײַן פעטער האָט דאָס דערהערט, איז ער

נישט געוואָרן געפֿאַלן ביי זיך. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און אָנגע־קוקט דעם אוראַדניק מיט פֿאַרוואונדערונג. „וואָס?" — האָט ער מיט שטוינונג געפֿרעגט דעם אוראַדניק. „אַרונטערדרייען ס'פֿלעמל? דו גלייבסט טאַקע, ווירדיקער הער אוראַדניק, אַז איך וועל מחלל־שבת זיין, אַ? ביסט געקומען מיך ברענגען צו אַ ניסיון, אָדער איז עס ביי דיר בלויז אַ הלצה, אַ?". דער אוראַדניק האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינעם. ער האָט געשריען „זאַטושי!" און געוואָרנט מיט אַ פֿינגער. דיין פֿעטער איז אָבער אויך נישט שטיל געווען. ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון דער שטול, דאָ געבליבן שטיין פֿאַרן אוראַדניק, געברומט „שבת! שבת!" און דאָ אַרומגעלאָפֿן אין שטוב אַ צערודערטער און צו זיך געברומט: „איך וועל נישט מחלל־שבת זיין. נישט איך... שבת איז דעם יידס נשמה... די יידישע נשמה איז שבת... שבת...".

זי האָט אויפֿגעהערט אויף אַ ווײַלע און געוואַרט עפּעס צו הערן פֿון אַהרקען. געזען אַז ער שווייגט, קוקט זייטיק און טראַכט אוודאי וועגן זיין פֿעטער, וואָס האָט געהאַט די גרעסטע לוויה אין שטעטל, האָט זי פֿאַרענדיקט:

— פֿאַרשטייט זיך, אַהרקע, אַז דער אוראַדניק האָט פֿאַר־לוירן...

דעם פֿעטערס נצחון האָט אַהרקען נישט אויפֿגעהייטערט. די באַטריבטקייט האָט פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן.

נחמה איז אין דער שוועסטערס דירה געווען אַן אָפּטע אַריינ־גייערין. פּריייטיק פֿאַר זון־פֿאַרגאַנג איז זי אָבער נישט געקומען כדי אָפּצושטאַטן אַ וויזיט. זי האָט מיט זיך געבראַכט צו שלעפּן אַ קאָשיק, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט חלות, געפֿילטע פֿיש און מיט נאָך גוטע זאַכן וואָס זי האָט נאָר געקאָנט אַריינשטופּן אין אים. אַ דאַנק איר האָבן די דריי קוואַרטיראַנטן געוואוסט דעם טעם פֿון שבתדיקע מאַכלים.

אויף אַהרקעס פּנים האָט זיך אָבער סיווּוי נאָך אַלץ געזען די שאַק־ווירקונג פֿון זיין פֿעטערס פּטירה.

## .69

# יודקע

קיינעם פון די דריי יונגעלייט, אַהרקע, חיים און יודקע, איז קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז די נייע דירה איז פאַר זיי אַ זיכער פּלאַץ. זאָל עפּעס געשען, זענען זיי פאַרפאַלן. איבער־הויפּט, ווייל זיי האָבן נישט וואָס צו ווייזן ווער זיי זענען. זיי האָבן דערפאַר צווישן זיך אָפּגעמאַכט — צו קריגן פּעסער פאַר יעדן פּרייז... און געפאַלן איז דער גורל אויף חיימען, ער זאָל זיך אונטערנעמען דורכצופירן דאָס געשעפט...

און חיים, דער אויסטויגלעכער מענטש, דער פאַראַנטוואָרט־לעכער, האָט זיך פון דעם „שליחות" נישט אָפּגעזאָגט. אין משך פון טעג האָט ער אַרומגעוואַנדערט אין דער שטאָט און געזוכט מאַכערס פון פּאַספּאָרטן. ענדלעך האָט זיך אים איינגעגעבן צו פאַרבינדן זיך מיט איינעם פון זיי. דער מאַכער האָט געהאַט אַלע מכשירים אויף צו פאַבריצירן וואָס נאָר פאַר אַ פּאַספּאָרט מ'וויל. ס'האָט אים אָבער אויסגעפעלט די הויפּטזאַך — דאָס אמתע ווייסע פּאַפּיר. די זאַך איז געווען אַזוי:

פאַר מענער, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט, האָט מען גענוצט ווייסע פּאַספּאָרטן, די זעלבע ווי פאַר פרויען. האָט מען דערפאַר געמוזט קריגן ווייבערשע פּעסער און מיט אַ כעמיש געמיש אָפּוואַשן די נעמען, יאָרן און אַלץ מיטאַנאַנדער. נאָכדעם האָט מען ערשט געקאָנט אַריינשטעלן מאַנסבילשע נעמען און אַלע אַנדערע זאַכן פון דער הפטורה.

איז וואו נעמט מען ווייבערשע פּעסער? ס'האָט נישט גענומען לאַנג — און מ'האָט געקראָגן די רפואה, אָבער בלויז פאַר צוויי, פאַר חיימען און אַהרקען.

דער פעטער אריה — חיימס פאָטער — האָט פון לולין געבראַכט פאַר זיין זון און פאַר אַהרקען צוויי ווייבערשע פּאַספּאָרטן. חיים האָט געקראָגן זיין מוטערס פּאַס, און אַהרקע — זיין שוועסטער צירלס.

דער מאַכער האָט אָפּגעוואַשן אַלץ פון צירלס פּאַספּאָרט און

אויפן אָרט פון איר נאָמען און יאָרן אַריינגעשריבן אַהרקעס נייעם נאָמען און עלטער. זיין נאָמען איז געווען דוד גורעוויטש און דער עלטער — 41. אויך האָט ער געביטן אַלע אַנדערע קלייניקייטן. געבליבן נישט פאַרענדערט זענען בלויז דער שטעמפּל און די אונטער־שריפטן פון דער סטאַראָבינער קהילה. זיי זענען, הייסט עס, געווען כשרע און אויטענטישע עדות פאַר דער כשרות און אויטענטישקייט פון די פּאַספּאָרטן.

אויך חיימס פּאַספּאָרט, וואָס פון זיין מוטער, האָט מען אַזוי צוגעריכט. פאַרוואָס מ'האָט נישט געקאָנט קריגן אַ ווייבערשן פּאַס פאַר יודקען איז פאַר אַהרקען געווען אַ רעטעניש. נו, מילא, האָט ער זיך געמוטשעט אָן אַ דאָקומענט.

יודקע — אַ פּשוטער בשר־ודם, מיט אַ קאַלטער לונג־און־לעבער — האָט זיך נישט שטאַרק גענומען צום האַרץ פון אַזעלכע קלייניקייטן.

— אייערע פּעסער זענען קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט, — האָט ער געזאָגט. — זאָל, חלילה, קומען צו עפּעס, זענען מיר אַלע קאַפּוט. איך אָן אַ פּאַס, און איר מיט אייערע ווייבערשע פּעסער.

און נישט נאָר האָט ער נישט געהאַט קיין ציווילן דאָקומענט, ער האָט אויך נישט געהאַט קיין איינקונפט, אָדער שטיצע פון ערגעץ. אַהרקע און חיים האָבן געדעקט די הוצאות פון דער קיך פאַר דער גאַנצער חברותא, דאָס הייסט, אויך פאַר מינדלען און איר הויזגעזינד.

פון קיין אַנדערע אויסגאַבן האָבן זיי נישט געוואוסט, נישט פון קיין דירה־געלט און נישט אויף קיין נייע מלבושים. זיי האָבן גע־טראָגן וואָס עס איז געווען אויפן לייב. דערצו זענען זיי דאָך אין ערגעץ נישט געגאַנגען. זיי זענען געזעסן אין הויז און האָבן געקוקט אויף די ווענט, געוואַרט אויף די דונערן און בליצן, וואָס האָבן געזאָלט זיין דער „שופר של משיח", אַז דער דייטש קומט. דער דייטש איז אָבער נישט געקומען. אַפילו זיינע צעפּעלינען האָבן אויפגעהערט באַזוכן מינסק. ווי פון פעך האָבן זיך געשלעפּט די טעג און נעכט.

מיטאַמאָל האָט דער סוד מיטן באַהעלטעניש געפּלאַצט. דער באַלעבאָס פון הויז האָט זיך דערוואוסט וואָס פאַר אַ חברה מינדל האַלט אויס. ער האָט איר שטרענג פאַראָרדנט פּטור צו ווערן פון דעם געזינדל...

— תיכף ומיד, — האָט ער באַפוילן, — נאָך איידער די נאַכט

פּאַלט־צו... הערסט? ביינאַכט מאַכט מען אַבלאַוועס איבער די הייזער... און אַז אַך און וויי וועט זיין צו מיר, ווען מ׳וועט געפינען די דריי דעזערטירן אין מיין הויז. כ׳וויל נישט גיין אין תפיסה. פאַר וועלכע מעשים־טובים זאָל איך זיך מוסר־נפש זיין פאַר די דריי פרעמדע מענטשן?! הא?

נאָכדעם האָט ער די דריי יונגעלייט געגעבן די ברירה:

— פאַרנעמט זיך פון דאַנען, איר... אָדער כ׳וועל רופן די פּאָליציי.

וואוהין גייט מען אָבער?

אין דער גרויסער מהומה איז מינדל אַוועקגעלאָפן צו נחמהן אָנצוזאָגן איר די בייזע בשורה.

חיים האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט — אַרויסצוכאַפּן זיך פון מינסק מיט די סלוצקער באַלעגאָלעס. ער האָט געהאָפט איינצואָרדענען זיך אין סלוצק, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיינע ייִנגערע יאָרן ווי אַן עקסטערן.

אַהרקע איז אָבער געבליבן וואַרטן אויף זיין באַשיצערין נחמה. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען — און נחמה, צוזאַמען מיט מינדלען, איז געקומען צו לויפן.

— וואו איז יודקע? — האָט נחמה געפרעגט.

אַהרקע און די פרויען האָבן געזוכט יודקען, אָבער אים נישט געפונען. נישטאָ, ווי אין וואַסער אַריין.

בעת אַהרקע און נחמה האָבן געהאַלטן אין ברעכן זיך די קעפּ וועגן יודקען איז אַריינגעלאָפן מינדל פון איר צימער מיט אַ געשריי:

— געוואַלד, ער האָט דאָך מיך באַגנבעט! ער האָט צוגענומען מיין מאַנס פּאַס און בילעט, פאַר וועלכע מ׳האָט מיר געוואָלט געבן 500 רובל!

ס׳איז געוואָרן אַ טומל, אַ געוואַלד. אין אַלעמענס אויגן האָט דאָס אויסגעקוקט ווי אַ גרויסע עוולה. וואָס הייסט, מ׳נעמט אַריין אַ מענטש אין הויז, און ער טוט דיר אַפּ אויף טערקיש! ביי יעדן אין די אויגן האָט יודקעס אָפּטו אויסגעזען נידעריק, געמיין. ביי נחמהן האָט דאָס אָבער נישט אָנגעהאַלטן לאַנג.

— ער האָט גוט געטאָן, — האָט זי אים פאַרטיידיקט. — ווער

וואָלט עס אים אונטערגעטראָגן אַזױנע ראַיעלע פּאַפּירן? איצט איז ער אַ גערעטעװעטער!

— איך און די קינדער — האָט מינדל געשריען — זענען צוגעשריבן צום זעלבן פּאַס... װאָס װעל איך איצט טאָן?

— דו װעסט גײן צו דער פּאָליצײ — האָט נחמה זי געטרײסט — און זאָגן, אַז דו האָסט אים פאַרלױרן, װעט מען דיר אַרױסגעבן אַ צװײטן פּאַס.

— אַזױ גיך גיט מען נישט, — האָט מינדל געװײנט. — מען איזדיעקעװעט זיך גענוג איבער דיר... זײ זענען דיך חושד, אַז דו האָסט אים פאַרקױפט... און פאַרװאָס האָב איך טאַקע נישט גענומען די 500 רובל, װאָס מ'האָט מיר אָנגעבאָטן, אַנשטאָט אַ גנב זאָל פון אים הנאה האָבן?!

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— כ'װעל לױפן צום װאָקזאַל... ער איז געװיס דאָרטן. אפשר װעל איך אים נאָך קאָנען פאַרהאַלטן. כ'װײס, ער האָט זײן מאַמען און שװעסטער אין קיעװ. מסתמא פאָרט ער צו זײ.

נחמה האָט פּרובירט זי אָפּהאַלטן. ס'האָט זיך איר אָבער ניט אײנגעגעבן. מינדלס כעס איז געװען צו שטאַרק — און זי איז אַװעקגעלאָפן כאַפּן יודקען אױפן װאָקזאַל.

פאַר אַהרקען איז די גאַנצע מעשה מיט גנבענען דעם פּאַס־פּאָרט געװען קשה. פון װאַנען, האָט ער געטראַכט, האָט יודקע געװאוסט װאו דער פּאַס ליגט? דאָס איז אָבער געװען אין אָנהײב. שפּעטער האָט ער זיך דערמאָנט װי אַזױ דער פּראָסטער חי־וקים, יודקע, האָט זיך געכאַפּט אױף דעם געדאַנק. נישט לאַנג צוריק האָט מינדל אַרױסגענומען פון קופערט דעם פּאַספּאָרט מיטן בילעט און זיך באַרימט פאַר זײ, די דרײ יונגעלײט, אַז זי קאָן קריגן אַ מטמון מיט געלט פאַר אָט די פּאַפּירן, נאָר זי האָט מורא.

דערזעען דעם פּאַספּאָרט און בילעט, זענען יודקעס אױגן געװאָרן שמאָלציק, און ער האָט געקוקט אױף זײ װי אַ קאַץ אױף סמעטענע.

װאָס אמת, האָט אױך דעמאָלט אַהרקען אָנגעכאַפּט אַ באַגער צו האָבן אין זײן באַזיץ אַזאַ אוצר. ער האָט געקלערט, מיט דער צײט זאָל ער אײנרעדן מינדלען צו פאַרקױפן דאָס אים פאַר אַ גרעסערער סומע װי 500 רובל. זײן טאַטע װאָלט זיך נישט געקװענקלט קײן

איין רגע און באַצאָלט פאַר אַזעלכע טייערע דאָקומענטן יעדן פּרייז, ס'איז טאַקע נישט געווען יושרדיק פון יודקען אַוועקצונעמען אַזאַ גרויס פאַרמעגן פון אַן אָרעמער פרוי, אָבער גיי האָב טענות צו אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך! ווען נישט אַט די געלעגנהייט, איז ווער ווייסט צי יודקע וואָלט זיך אַרויסגעדרייט פון דעם טייוולס לאַפּעס. ער האָט זיך געמוזט פאַרלאָזן אויף זיינע אייגענע כוחות.

יונגערהייט איז יודקע געבליבן אַ יתום, אָן אַ טאַטן. ער האָט זיך געוואַלגערט אין פרעמדע שטעט, אָן קיין השגחה פון עמעצן. ער האָט קוים פאַרדינט אויף זיינע מאָגערע הוצאות. אויך איצט האָט ער נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין הילף פון קיינעם און פון ערגעץ נישט. ער איז געווען אָנגעוויזן אויף זיך זעלבסט. און מינדלס פּאַספּאָרט און בילעט זענען געווען זיין אונטערשפּאַר און שוץ. מינדל האָט בלויז געהאַט אַ היזק אין געלט. פאַר יודקען האָט עס געמיינט ווי לופט צום אָטעמען.

## .70
## געבליבן אַליין

ס'איז געווען זייער פיינלעך און דערשלאָגנדיק פאַר אַהרקען זיך צוקוקן צו זיין קוזין חיים ווי ער האָט זיך כמעט שטומערהייט געזעגנט מיט יעדן און נאָכדעם אַזוי ווי זיך אַרויסגעגליטשט פון הויז.

חיימס פּנים איז געווען אויסגעצויגן, בלייך, פול מיט צער, און מיט אַן אומזיכערקייט אין זיין באַטריבטן בליק. ער האָט זיך געלאָזט קיין סטאַראָבין, וואו ער וועט פּרובירן זיין מזל ווי אַן איבער־געטוענער סאָלדאַט מיט אַ ציווילן פּאַספּאָרט. ווער ווייסט — האָט אַהרקע געמורמלט צו זיך מיט ווייטיק — וואָס עס קאָן מיט אים גע־שען נישט נאָר אין סטאַראָבין, נאָר נאָך איידער ער גרייכט אַהין?

אויך מינדל איז געווען שטאַרק דורכגענומען פון חיימס אָפּ־שייד. זי האָט געוויינט הויך אויפן קול געפרעגט אין דער וועלט אַריין:

— ווי ווייט קאָן ער פאַרפאָרן מיט זיין אָפּגעוואַשענעם פּאַס?

כדי צו פאַרגעסן זיין ביטער געמיט האָט אַהרקע זיך גענומען באַשעפטיקן מיט שטוביקע באַדערפענישן. ער האָט געראַמט די

שטיבער, געשיילט קארטאָפל, וואָס ער און מינדלס הויזגעזינד האָבן אַ סך פאַרצערט. ער האָט אויך געוואַשן דאָס געפעס. דאָך, אַפילו מיט דעם אַלעם האָט ער זיך געפילט אַזוי ווי ער וואָלט געווען צעדולד.

געזען אים אין אַזאַ צעטראָגענער שטימונג, האָט נחמה נישט געקאָנט רוען. זי האָט זיך שואל־עצה געווען מיט איר שוועסטער מינדל און געהאַלטן אין איין זיך זאָרגן וועגן אים.

— וואָס טוט מען מיט אים? האָט זי גערעדט צו מינדלען און צו זיך. — וואוהין זאָל ער גיין וואוינען? דער שוועסטערקינד אונדזער־ער, דער הויז־באַלעבאָס, מיינט דאָך נישט קיין קאַטאָוועס מיט זיין וואָרענונג...

נישט געקראָגן קיין ענטפער פון מינדלען, איז זי אַוועק צו אַהרקען:

— כ'דענק אַז היינטיקע נאַכט וועסטו איבערשלאָפן ביי אונדז. כ'וועל שוין ווי ס'איז איינרעדן אַבראַשאַן... און מאָרגן וועל איך קריגן אַ דירה פאַר דיר.

אַהרקע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר גוטהאַרציקער איינלאַדונג. ער האָט נישט געוואָלט צעשטערן אַבראַשאַס רו און געזונט. ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ס'וועט זיין אַ סך בעסער איבערצומוטשען זיך ערגעץ דאָ אין די ליידיקע חדרים, וואָס זענען נישט פאַרנומען פון מינדלען, און וואו דער באַלעבאָס וועט געווים נישט אַריינקוקן.

נחמה איז אַוועק אַהיים מיט אַ צוזאָג, אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועט זי אָנהייבן זוכן עפּעס אַ מקום־מיקלט פאַר אַהרקען. נחמהס הבטחה האָט אים געגעבן מוט צו ראַנגלען זיך מיטן ייאוש, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ קאַלט פינצטער לאָך ערגעץ אויפן בוידעם און געשטופּט די ביטערע צייט וואָס איז אַלעמאָל געווען קידער־ווידער מיט אים, זינט ער האָט זיך געדענקט. כל־זמן — האָט ער, זיך טרייסטנדיק, געטראַכט — די וועלט פאַר־מאָגט אַזעלכע פרויען ווי נחמה, לוינט זיך צו מוטשען זיך, צו ליידן און וואַרטן אויף דעם פרימאָרגן.

אינדערפרי איז נחמה געקומען און האָט דערציילט, אַז זי איז אויסגעלאָפן די שטאָט צו זוכן אַ מקום־מנוחה פאַר אים, אַהרקען, אָבער אומזיסט איז געווען איר לויפעניש. נישטאָ.

— כ'מיין, — האָט זי אַ פאַרצווייפלטע געזאָגט, — ס'איז,

ברוך השם, יאָ דאָ. מ׳קאָן יאָ באַקומען. נאָר וואָס דען? מענטשן האָבן מורא אַריינצולאָזן אַ דעזערטיר.

אַהרקע האָט פאַרלוירן דעם בטחון און שוין געוואָלט זיך איבערגעבן אין די הענט פון דעם מינסקער קאָמענדאַנט — און זאָל עס גיין צום טייוול. קודם־כל איז שוין נישט געווען קיין אַנדערע אויף אַ מעגלעכקייט, אַז דער דייטש וועט אַריין קיין מינסק. און איצט, ווי לאַנג איז דער שיעור צו הענגען אויף נחמהס האַלדז? וואו איז יושר?

די ליבע נחמה האָט אָבער נישט געלאָזט. זי האָט געהייסן וואַרטן נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. אפשר וועט געשען אַ נס. אפשר וועט זיך עפּעס דאָך געפינען.

— דערווייל — האָט זי געזאָגט צו אַהרקען — קום הײַנטיקע נאַכט נעכטיקן ביי אונדז. אַפילו אַבראַשאַ איז מסכים. און נישט נאָר איז ער איינשטימיק, נאָר ער האָט בפירוש אַנגעזאָגט צו ברענגען דיך אין הויז אַריין. ווייבאַלד דו האָסט אַ פּאַס, האָט ער געזאָגט, קאָן מען זיך שוין אָנשפּאַרן אויף דעם.

אַהרקע איז געווען פאַרטרויערט און האָט גאָרנישט געזאָגט.

— ס׳איז טאַקע אמת, — האָט נחמה ווידער געזאָגט, — אַז לויטן געזעץ דאַרף מען גלייך מעלדן אין דער פּאָליציי, ווי נאָר אַ נייער מענטש קלייבט זיך אַריין אין הויז. נו, האָט אַבראַשאַ געזאָגט, וועט מען האָבן אַ תירוץ, אַז אַהרקע איז ערשט די מינוט אָנגעקומען, אויב די פּאָליציי זאָל זיך באַווייזן...

ס׳האָט געקלונגען לאַגיש — און אַהרקע האָט געפאָלגט נחמהן.

אַבראַשאַ האָט זיך געסטאַרעט צו זיין זייער פריינדלעך צו אַהרקען. ער האָט דאָס געטאָן נאָך מער ווי אַלע מאָל פריער, כאָטש מ׳האָט געקאָנט זען די צעטראָגנקייט אויף זיין פּנים.

סאָניע האָט, ווי תמיד, אויסגעקוקט פאַרכמורעט. מער נישט, נחמהס רייד און איר זיס געלעכטער האָבן דורכגעבראָכן די אָנגע־צויגענע שטימונג.

נישט אויסגעטאָן, מיט אַלע בגדים אויף זיין גוף, איז אַהרקע אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אויף דער קושעטקע און געווען גרייט אַרויס־צולויפן דורכן פענסטער, אויב מ׳וועט קלאַפּן אין דער טיר. מיט דעם האָט ער געוואָלט דערגרייכן צוויי צילן. ער וואָלט זיך גופא געראַטע־וועט און גלייכצייטיק אויסגעהיטן זיינע פריינד, נחמה און אַבראַשאַ,

פון אריינפאלן אין א צרה איבער אים. דאס צווייטע איז ביי אים געווען דער עיקר. אבער, די נאכט איז אדורך בשלום.

אינדערפרי, גלייך נאכן אנבייסן, האט נחמה אוועקגעווארפן אלע ארבעטן און זיך געלאזט איבער דער שטאט פאר זיינטוועגן. זי מוז אים איינארדענען ווי ס'איז ערגעץ וואו.

אהרקע האט פשוט אנגעהויבן צו פארגעטערן אט די נחמה, וועמעס פנים, מיט חן־גריבעלעך, האט געשיינט טאג־איין, טאג־אויס. זי האט נישט געוואלט וויסן פון קיין אומעט, כעס און זארג. וואס פאר א קראפט — האט ער געטראכט — טרייבט אט די באמת־שיינע פרוי צו טאן אזוי פיל גוטס פאר מענטשן? ער האט אין איר געזען אן עכטע צדקנית, איינע פון די לעגענדארע ל״ו, אויב א פרוי וואלט נישט געווען קיין שעטנז פאר זיי.

סאניע, די געלערנטע גימנאזיסטקע, האט בייזוויליק אפגע־שאצט איר שטיפמוטער נחמהן מיט אזא לשון:

— מיין מאמע איז ענדלאז גוט... זי איז אן א דעקל און אן א דנא.

זי האט דאס ארויסגערעדט מיט אזוי פיל גיפט, אז ס'איז געווען צו שטוינען פון וואנען דאס האט זיך גענומען צו אזא יונג מיידל.

מיט אומגעדולד האט אהרקע געווארט אויף נחמהס קומען. זיין גאנצע צוקונפט איז געהאנגען אויף דער וואגשאל. און ווען די טיר האט זיך ענדלעך געעפנט, און נחמה איז ממש ארייננגעפלויגן אין הויז, האט אהרקע אין אירע בלישטשענדיקע אויגן גלייך דער־קענט, אז זי איז געקומען מיט א גוטער בשורה.

— יא, — האט זי מיט אימפעט גערעדט צו אהרקען, — כ'האב געפונען א באהעלטעניש פאר דיר. דאס איז ביי לייזער דעם עסיק־מאכער אויף נעמיגע גאס. דאס וועט קאסטן 15 רובל א חודש. און פארן איינמעלדן אין דער פאליציי אויף דיין געפעלשטן פאס וועט מען דארפן גוט באצאלן.

דאגת־פרנסה האט אהרקע נישט געהאט. פון דער היים האט ער געקראגן געגוג מזומן אויף צו דעקן אלע זיינע הוצאות. נו, האט ער גענומען די פיס אויף די פלייצעס און אוועקגעשפאצירט מיט נחמהן צו לייזער דעם עסיקמאכער.

## .71

# אַ כשרער תושב

געוואוינט האָט לייזער דער עסיקמאַכער אין קלאָטשקינס הויף. אין הויף, אַקוראַט קעגנאיבער דעם טויער, זענען אַהרקע און נחמה אַראָפּ עטלעכע טרעפּלעך אין אַ שטאָק־פינצטערן פּאָדערהויז. פון דאָרטן זענען זיי אַראָפּ נאָך עטלעכע טרעפּלעך צו אַ האַלב־פינצטערער קיך, וואו אויבנאָן איז געשטאַנען אַ צעבער, אַרומגע־רינגלט מיט אַ סך פלעשער. פון דער קיך זענען זיי אַרויף צוויי טרעפּלעך, וואָס האָבן אַריינגעפירט אין אַ גרוים חדר, וואו דאָס פענסטער און די טיר זענען אַרוים צו ראַקאָווער גאַס. וויפל װענט דאָרטן זענען געװען, אַזוי פיל בעטלעך האָבן זיך דאָרטן געפונען. אַחוץ זיי איז ביי דער לינקער זייט פון חדר געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט בענק און שטולן. און אין דעם לײדיקן שטח זענען געשטאַנען ניי־מאַשינען, ביי וועלכע ס׳זענען געזעסן פרויען און האָבן גענייט זאַמד־זעקעלעך פאַר דער אַרמיי.

הורבעסוויז זענען געלעגן אָט די זאַמד־זעקעלעך, וואָס האָבן דערמאָנט אין תכריכים. אומעטום זענען זיי געלעגן און מיט זייער ווייסקייט פאַרדעקט אַלע געלעגערס, אויף דעם טיש, אויף די שטולן און די פּאָדלאָגע. די מאַשינען האָבן געקלאַפּט, די נייטאָרינס האָבן געזונגען, און דאָס הויז איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט ווייסע זעקעלעך.

ר׳ לייזער עסיקמאַכער האָט זיי צונויפגעבונדן אין פּעקלעך. אַ באַשטימטע צאָל אין יעדן פּעקל.

איינס פון די בעטלעך איז געשטאַנען ביי אַ נאַסער וואַנט, לעבן דער טיר. דאָס דאָזיקע בעטל איז געווען באַשטימט פאַר אַהרקען.

ווען נחמה איז אַוועק און האָט אַהרקען איבערגעלאָזט אין ר׳ לייזערס רשות, איז אַהרקע געבליבן שטיין אין מיט חדר און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער איז געשטאַנען ווי אַ גולם און האָט געהאַלטן אין איין קוקן און פינטלען מיט די אויגן. ס׳האָט זיך אים נישט געוואָלט גלייבן, אַז אָט דאָ אין דעם הו־האַ וועט דאָס זיין דאָס באַהעלטעניש זיינס.

אין מיטן פון זיין טראַכטן האָט ר׳ לייזער אים אַ שלעפּ געטאָן פאַרן אַרבל צו אַ ווינקל און שעפּטשענדיק פאַרלאַנגט, אַהרקע זאָל אים ווייזן דעם פּאַס.

— אַנו, — האָט ער געפאָדערט, — לאָמיך נאָר זען וואָס פאַר אַ פויגל דו האָסט.

אַהרקע האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַספּאָרט.

באַקוקט, האָט זיך ר׳ לייזער אָפּגערופן:

— ס׳איז נישט קיין צאַצקע...

— וואָס מיינט איר, ר׳ לייזער?

— כ׳מיין, אַז ס׳זענען דאָ בעסערע. כ׳וועל פּרובירן נאָך היינט צוגיין אין אוטשאַסטאָק איינמעלדן דאָס... מ׳וועט דאַרפן געבן שיינע ממתקים.

— ווייסט איר גאָר וואָס, ר׳ לייזער? — האָט אַהרקע, אַן אומרואיקער געזאָגט. — איך וועל צונויפלייגן די זעקעלעך, און איר גייט טאַקע באַלד אַריבער צום אוטשאַסטאָק, וועלן מיר ווּיסן וואו מיר האַלטן אין דער וועלט.

— ס׳אַ גוטער פּלאַן... — האָט ר׳ לייזער מסכים געווען. און טאַקע גלייך אויפן אָרט האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון הויז און איז אַוועק צו דער פּאָליציי.

ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און ר׳ לייזער איז צוריקגעקומען — מיט גאָרנישט.

— נישט געטראָפן דעם מאַן וואָס נעמט... — האָט ער גע־זאָגט. — מ׳וועט מוזן צוואַרטן. אַן אים קאָן מען גאָרנישט אויפטאָן.

דערווייל האָט ער אַהרקען געעצהט צו זיין אויף דער וואַך, זיך היטן. איבערהויפּט זאָל ער זיך היטן פאַר דעם הויף־אויפזעער, וואָס איז זייער שטרענג. ער לאָזט נישט שטיין אין הויף אפילו איין מינוט אָן אַן איינמעלדונג. ער קריכט פון איין דירה צו דער צווייטער. ער האַלט אַן אויג אויף יענע, וואָס ער האָט אַ חשד אויף זיי. אויף אים, ר׳ לייזערן, איז דער הויף־אויפזעער ברוגז דערפאַר, ווייל פון זיין דירה האָט ער געמאַכט אַ גאַנצע אכסניה. אַלע מאָל האָט ער נייע אורחים. על־כן איז געבליבן, אַז ביז וואָס און ווען זאָל אַהרקע אכטונג געבן אויף ביידע טירן — פון נעמיגע און ראַקאָווער גאַסן. ווען דער

הויף־אויפזעער וועט זיך ווייזן אין איין טיר, זאָל אהרקע ארויסלויפן דורך דער צווייטער טיר.

און אהרקע האָט געטאָן אַלץ לויט די אינסטרוקציעס. ער האָט געהאַלטן אין דרייען מיטן קאָפּ אויףביידע זייטן, ווי אויף אַ שרויף. אַהין, אַהער. אַהין, אַהער. ס׳זענען געווען שווערע פּיינלעכע טעג, ביז — דאַנקען גאָט — ר׳ לייזער האָט פּאַטשאַפּעט יענעם, וואָס נעמט...

פּאַר אַ פינף־און־צוואַנציקער האָט דער נעמער אָפּגעשטעמפּלט אהרקעס פּאַספּאָרט און פאַרשריבן אין „ספר הזכרונות": דוד גורע־וויטש... ער וואוינט איצט ביי לייזער קאַטשאַנאָווסקין כדת המדינה.

אָט אַזוי איז אהרקע געוואָרן אַ כשרער תושב אויף נעמיגע גאַס ביי ר׳ לייזערן דעם עסיקמאַכער.

## .72

## דער בינשטאָק

אייגנטלעך איז דאָס נייען זעקעלעך פאַר דער אַרמיי געווען אַ זייטיקע פּרנסה ביי ר׳ לייזערן. זיין הויפּט חיונה האָט ער געצויגן פון דעם צעבער, וואָס איז געשטאַנען אין דער קיך.

אויף די פלעשער, וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם צעבער, איז געווען אָנגעקלעפּט אַ צעטל, וואָס האָט זיך געליינט: אוקסיסני זאַוואָד קאַטשאַנאָווסקאַווא. אָבער דעם „זאַוואָד" האָט געשלעפּט אויף אירע שמאָלע יונגע פּלייצקעס די קליינע רייזעלע, ר׳ לייזערס יינגערע טאָכטער — אַ שמאָל, קוואַר מיידעלע פון אַ יאָר פופצן. אָנגעהאָנגען מיט אַ ברייטן קאָשיק האָט זי צעטראָגן די פלעשער עסיק צו די קרעמערס און געברענגט צוריק די ליידיקע. זי איז געווען חנעוודיק, קלוג און אַן אַרבעטסזאַמע. דערצו מיט אַ סוחרטעס קעפּעלע. זי האָט געוואוסט וואו־איין און וואו־אויס. ס׳איז ממש געווען צו באַוואונדערן איר פלייסיקייט אין אַלץ. צו וואָס נאָר זי האָט זיך גענומען איז זי געווען אויסטויגלעך. מ׳האָט געקאָנט זען, אַז זי וואַקסט אַן אשת־חיל. אירע אייגנאַרטיקע יידישע אויגן האָבן געפינטלט אָן אויפהער.

אהרקע האָט ליבערשט געוואָלט פאַרברענגען מיט איר ווי מיט די אַנדערע איינוואוינערס פון הויז. ס'האָט אים אָבער נישט געפּאַסט. די אַרומיקע וואָלטן געווים באַלד געזאָגט:

— זעט נאַר... אַ ייד מיט אַ באָרד האָט זיך פאַרנומען צו שמועסן מיט אַ פּופּצניעריק מיידל, וואָס קיינער קוקט זיך נישט אום אויף איר.

ר' לייזערס אַרבעט איז באַשטאַנען אין אָנפילן דעם צעבער מיט וואַסער, נאָכדעם אַריינגיסן דאָרטן פון דעם גאַנשער די ריכטיקע מאָס אמתן עסיק, אויסמישן דאָס ווי געהעריק, דערנאָך צעגיסן דאָס אין פלעשער, אָנקלעפּן צעטעלעך מיטן נאָמען פון דעם „זאַוואָד", פאַרקאָרקעווען — און פּטור. פאַרקויפן האָט דאָס שוין געדאַרפט די מאָגערע רייזעלע מיטן סוחריש קעפּל.

זלאַטע, ר' לייזערס ווייב, האָט זיך נישט געמישט אין די דאָזיקע זאַכן. ווייזט אויס, זי איז געווען קידער־ווידער מיטן אַלטן „נאַר", ווי זי האָט אים גערופן.

סיידוי, דעם עסיקמאַכערס דירה איז, קיין עין־הרע, געווען אָנגעפּאַקט מיט יידן און יידענעס, מיידלעך און בחורים, אַזוי אַז מ'האָט זיך נישט געקאָנט אויסדרייען.

אין אַ דערבייאיק צימער, אַ קליינס, מיט אַ פענסטער צו ראַקאָווער גאַס, האָט געוואוינט ר' שלמה מיט זיין פרוי, צוויי טעכטער, און אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר אַכט. זיי זענען געווען „בעזשענצעס" פון זאַמאָשטש.

אין אַ צווייט צימער, שמאָל און לאַנג, מיט אַ פענסטער אַרויס צום הויף, האָט געוואוינט אַן אַלטע מוטער מיט אַ זון און צוויי טעכטער. אויך זיי זענען געווען „בעזשענצעס", פון קאָוונע.

אין אַ פינצטערן אַלקער, לעבן אויוון, זענען געשטאַנען צוויי בעטן, האַרט איינס ביים צווייטן. אין דעם ברייטן בעט זענען געשלאָפן די באַלעבאָסטע זלאַטע און איר עלטערע טאָכטער, ציפּע. אין דעם קליינעם בעטל איז געשלאָפן אַ קוואַרטיראַנטקע, אַן עלטער מיידל פון דער שטאָט מיר.

אין דעם גרויסן חדר, וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַן עס־צימער, זענען געשלאָפן פיר אירע: דער באַלעבאָס ר' לייזער, זיין טעכטערל רייזעלע, אַ בחור אַ דעזערטיר, און אַהרקע.

אַרום און אַרום האָט זיך אין דעם בינשטאָק צונויפגעקליבן אַ שיינע קהילה, אַ קיימאַ־לן פון זעכצן נפשות.

מ׳האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ס׳איז געווען „צו געראַם". דאָך האָט מען זיך ווי ס׳איז פּאַמעשטשעט. פּאָרט יידן, אחינו־בני־ישראל. מ׳האָט געלעבט בשלום איינער מיטן אַנדערן.

בית־הכסאס זענען געווען גענוג און פריי פאַר אַלעמען אין אַ ווינקל פון קלאַטשקינס הויף. אַהרקע האָט אין די אָוונטן באַזוכט די בית־הכסאס. בייטאָג האָט ער מורא געהאַט דורכצוגיין די גאַנצע לענג פון הויף, סיידן באין־ברירה. נישט איין מאָל איז מען געקומען צו אַ בית־הכסא אים אָנזאָגן, ער זאָל זיך דאָרטן פאַרזאַמען אַ ביסל לענגער, ווייל אין הויז גייט אָן אַן אַבלאַווע. אַהרקע האָט געמוזט וואַרטן ביז אַ צווייטער שליח איז געקומען מודיע זיין, אַז דער וועג איז פריי, די זוכערס זענען אַוועק.

אַהרקע האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיינע גוטע, ליבע שכנים וואָס האָבן אים אויסגעהיט פון אַ סך צרות. ער האָט געפילט, אַז עפּעס אַ מיסטישער אינסטינקט האָט אים געקירעוועט צו גיין אַהין איצט, צו גיין אַהער שפּעטער, צו שטיין דאָ, אָדער דאָרטן. און אָט אַזוי האָט ער אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט אָט די אַלע בייזע רוחות.

אין דער פּיל־שטוביקער דירה האָבן אָבער די איינוואוינערס געליטן פון אומגעבעטענע געסט — וואַנצן. זיי זענען באַפאַלן דאָס הויז ווי היישעריקן. אַהרקע איז געווען דער איינציקער, וואָס צו אים האָט זיך די פּלאָג נישט פאַרקליבן. ביי אים איז פון אַ צרה אַרויסגע־קומען גאָר אַ טובה. דהיינו, די וואַנט, וואָס ביי איר איז אַהרקע געשלאָפן, איז געווען אַ נאַסע און קאַלטע. ווייזט אויס, אַז די זלידנע באַשעפענישן זענען איבערקלייבערס. זיי האָבן ליב טריקעניש און וואַרעמקייט.

ר׳ שלמה האָט געפירט אַן אייביקע מלחמה מיט דעם אַנשי־קעניש. ער האָט פּרובירט אַלערליי מיטלען צו פאַרטיליקן זיי. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. מחנותווייז זענען זיי צוריקגעקומען און מיט מער רוגזה האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו זייערע קרבנות. קיינער האָט זיך נישט געוואונדערט איבער דעם צושטאַנד. דאָס הויז איז געווען אַלט, נישט געפאַרבט פאַר יאָרן און יאָרן, דערצו, קיין עין־הרע, אַזוי פיל

מענטשן אויף אַזאַ קליינעם שטח. איז ווי האָט מען געקאָנט דערוואַרטן אַ פאַרלייכטערונג?

די איינוואוינערס פון דעם עסיקמאַכערס דירה זענען געווען צעטיילט אין באַזונדערע גרופּעס — לויט זייער געמיט:

די קאָוונער „בעזשענצעס" זענען געווען שטיל ווי טויבן. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם אַרבעטאַרישן עולם אין גרויסן חדר מיט גרינגע, דריבנע טריטעלעך, ווי אויף די שפּיצפינגער, אַריינגעכאַפּט זיך אין זייער אַלקער, און קיין פּיפּס האָט מען נישט געהערט פון זיי. זייער זעלטן האָט מען זיי געקאָנט אַריינציען אין אַ שמועס. ס'האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געציטערט פאַר מענטשן.

די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פון דער באַלעבאָסטע זלאַטע, איר פאַרזעסענער טאָכטער ציפּע און פון דעם מירער מיידל. זיי זענען געווען אַ נישט-צעשיידטע „טרויקע", אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. אָפּט האָבן זיי זיך געשושקעט איינע מיט דער אַנדערער, ווי זיי וואָלטן געהאַט זייער וויכטיקע סודות. ס'איז נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז זיי האָבן באַרעדט דעם און יענעם. אַליין אָפּגעלעבטע, אַנטוישטע, האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרטראָגן ווען עמעצער אין דעם בינשטאָק-געמויזעכץ האָט אַ מאָל אין אַ יובל געהאַט עפּעס אַ שטיקל הנאָה פון דער אָרעמער וועלט, וואָס האָט אַרומגערינגלט.

די דריטע גרופּע איז באַשטאַנען פון די זאַמאָשטשער פּליטים. דאָס איז ר' שלמה און זיין משפּחה. זיי אַלע זענען געווען איידעלע מענטשן, מיט וועלכע מ'האָט געקאָנט פאַרברענגען געמיטלעך. דאָס רוב צייט האָט אַהרקע טאַקע פאַרברענגט מיט זיי. דאָס איז געווען אין די אָוונטן. ביי־טאָג זענען זיי נישט געווען אין צימער. זיי האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע פאַכן. דעמאָלט איז אַהרקע אויסגעזעסן ביי זיי אין צימער און האָט דאָרטן געקאָכט אויף אַ ספּירט־מאַשינקע זיינע מאָלצייטן — יעדן טאָג דאָס זעלבע.

וואָס שייך קאָכן, דאָס האָבן אים די ווייבער אויסגעלערנט ווי צו טאָן.

— קודם־כל, — האָט איינע געזאָגט, — זאָלסטו אַריינבראָקן אין דער פאַן אַ ציבעלע און וואַרטן ביז ס'וועט ווערן ברוין פון פייער.

— דערנאָך — האָט אַ צווייטע איבערגעשלאָגן די ערשטע אין דער לעקציע — זאָלסטו אַריינלייגן דאָס שטיקל פלייש...

— צום סוף — האָט אַ דריטע געוואָלט באַווייזן איר בילדונג אין דער צוגרייטונג פון אַכילה — זאָלסטו אַריינטאָן די צעשניטענע קאַרטאָפּליעס. און דעמאָלט וועסטו האָבן אַ געשמאַק מאַלצייט.

— און ביליק... — האָט אַ פערטע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— גוט און ביליק...

און אַהרקע האָט געפאָלגט. יעדן טאָג האָט ער — לויטן ווייבערשן קורס — צוגעגרייט דאָס זעלבע. שבת און יום־טוב זענען געווען אַן אויסנאַם. דעמאָלט האָט ער, צוזאַמען מיט ר׳ לייזערס משפחה ביים טיש אין גרויסן חדר, געגעסן זלאַטקעס פּאַטראַוועס.

## .73

# אויסגעמיטן אַ צרה

דער בעסטער צייט־פאַרטרייב פאַר אַהרקען איז אָבער געווען ליינען ביכער. ער האָט זיי געשלונגען טאָג און נאַכט. פריינד האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין מי און אים צוגעשטעלט ביכער לרוב.

אין קאַטשאַנאָווסקים הויף איז אַהרקע אַריינגעקומען אין אַ קעלער קויפן ברויט ביי אַ בעקערין, אַן אַלמנה. איר עלטערע טאָכטער פּראַדל איז געווען זייער אַ וואוילע, אַ געלערנטע און אַ גוטע זינגערין דערצו. איר זינגען האָט אים באַצויבערט. זיי האָבן זיך באַקענט — און אַ נאָענטע פריינדשאַפט האָט זיך אַנטוויקלט צווישןביידן. אָפט איז אַהרקע אַראָפּגעקומען אין קעלער פאַרברענגען מיט פּראַדלען. אויך דורך איר האָט ער געקראָגן אַ סך ביכער צום ליינען.

צייטנווייז האָט ער אין אַ בוך געפונען אירס אַ בריוו, אַדרע־סירט צו אים, און ער האָט געענטפערט אויפן זעלבן שטייגער. ס׳איז געווען אַ מין שפּיל אַזאַ. אַזוי אַרום איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ קאָרעספּאָנדענץ, אַחוץ זייערע אָפטע פּערזענלעכע באַגעגענישן. דאָס האָט געהאָלפן אויספילן און פאַרזיסן זיינע טעג און נעכט אין דעם עסיקמאַכערס הויז.

אויך האָט אַהרקע געהאַט שטענדיקע געסט, וואָס זענען געקומען אים באַזוכן. זיי זענען געווען: זיין ליבינקע קוזינקע שרה

מערע, אויך אַבראַשאַ און — אַחרון אַחרון חביב — די שענסטע און בעסטע, זיין באַשיצערין נחמה.

זי, נחמה, האָט אים געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. נישט איין מאָל איז זי געקומען צו לויפן, אַוועקגעשלעפּט אים פון טיש און אַרונטערגעשטופּט אים אונטער אַ בעט מיט אַ געשריי:

— מ׳כאַפּט דאָ מענער גלייך לעבן דיין טיר, און דו זיצסט גאָרביים טיש אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט!

אַהרקע האָט ליב געקראָגן אָט די נחמה מיט אַ גרויסער ליב־שאַפט. ער האָט נישט געוואוסט ווי אָנצורופן אַזאַ ליבע. עפּעס אַ מאָדנע ליבע. דאָס איז נישט געווען אַזאַ ווי צו אַ פרוי־אַ־„זי", נישט ווי צו אַ מאַמען, נאָר עפּעס העכערס ווי צו זיי ביידן. ס׳האָט געשפּראָצט פון איר אַ ריינע, אַן איידעלע גוטסקייט, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהאַט קיין אַנדערע מענטשלעכע באַגערן און שוואַכקייטן, נאָר אַרויסצוציען מענטשן פון סכנות. און אַהרקע איז נישט געווען דער איינציקער ביי איר. זי האָט געהאַט אַ לאַנגן צעטל מיט נעמען פון מענטשן, וועמען זי האָט געהיט ווי אַן אוצר.

איינמאָל האָט אַהרקע געהאַט אַ זייער אָנגעלייגטן גאַסט — דעם פעטער יוסף וועלוולען, מיט וועמען ער האָט געהאַט געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה מיט אַ צאָל יאָרן צוריק. דער קאָלנער פון זיין פאַרגעלטן מאַנטל איז שוין געווען אָפּגעריבן. דאָס איז געווען דאָס זעלבע מלבוש, וואָס ער, דער פעטער יוסף וועלוול, האָט נאָך געטראָגן אין וואָלאָזשין. דער פעטער האָט אויסגעקוקט נעבעכדיק און דערשלאָגן. אויף אַהרקעס פראַגע וואָס עס האָט אים געבראַכט קיין מינסק, האָט ער שוואַכלעך געענטפערט:

— כ׳האָב געבראַכט אַ דייזשקע פוטער צו פאַרקויפן.

זיי האָבן לאַנג נישט געשמועסט. עפּעס האָט זיך נישט געקלעפּט. אַהרקען איז געווען אָנגעזאָלצן אויפן האַרץ, און דעם פעטער נאָך מער. שפּעטער האָט אַהרקע אויסגעפונען, אַז דער פעטער איז נישט געקומען מיט קיין פוטער קיין מינסק, נאָר מיט אַ מיאוס חולאַת צו אַ דאָקטער.

קורץ נאָך זיין וויזיט האָט די קוזינקע שרה מערע געבראַכט אַהרקען אַ ידיעה, אַז איר פאָטער, איטשע, איז געקומען צו גאַסט צו איר, און ער באַגערט זייער שטאַרק צו זען אים, אַהרקען. מחמת

זיין אַלטקייט איז דאָס אָבער אוממעגלעך. געמיינט האָט עס, אַז אַהרקע זאָל זיך אַריבערכאַפּן צו אים, דעם פעטער.

כאָטש ס'איז געווען אַן איינשטעלעניש, כמעט אַ סכנה, פאַר אַ יונגנמאַן אַרויסצוגיין אין גאַס, וואו מ'האָט זייער אָפט אָפּגעשטעלט אַזוינעם צו רעווידירן דעם פּאַס, דאָך האָט אַהרקע באַשלאָסן נישט דורכצולאָזן די געלעגנהייט און זיך זען מיט אַזאַ חשובן גאַסט ווי זיין פעטער איטשע, דעם ברודער פון דעם ניפטר געוואָרענעם פעטער משה. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון. ער האָט זיך אָנגעטאָן אין ר' שלמהס לאַנגער קאַפּאָטע, אין זיין האַרטן קאַפּעליוש, גענומען אַ פּאַראַסאָל אונטערן אָרעם, איינגעבויגן זיך אין דרייען, ווי אַ דושליוועך, און אָט אַזוי האָט ער אַוועקגעשפּאַצירט צו שרה מערעס דירה.

מיט ניסים האָט ער זיך דערשלעפּט אַהין בשלום. און ער האָט קיין חרטה נישט געהאַט, הגם ער האָט איבערן וועג געהאַט אַ סך האַרצקלאַפּעניש.

ס'איז פאַר אים, אַהרקען, געווען אַן אמתער עונג־רוחני צו פאַרברענגען מיט דעם קלוגן און וויציקן פעטער איטשע. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, גלייכצייטיק מיט אַ וועלטלעכן בליק און מיט אַ שנירעלע איידעלן הומאָר.

זיי האָבן גערעדט וועגן אַלץ און אַלעמען. ס'האָט זיך נישט געפילט דער אונטערשיד אין יאָרן צווישן זיי. אין לויף פון דעם שמועס האָט אַהרקע צווישן אַנדערע טשיקאַווקייטן אים אויך דערמאָנט די הויפנס קאָנפעקטן, וואָס ער, דער פעטער איטשע, האָט אויסגעטיילט אים, אַהרקען, און די שטוב־קינדער, מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז אַראָפּגעקומען צו זיי אין שטעטל. אָנשטאָט צוקערלעך האָט אָבער אַהרקע דאָס מאָל געקראָגן פון אים הויפנס תורה און חכמה אָן אַ שיעור.

צוריקגעקערט זיך צום עסיקמאַכער, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין באַזוך ביים פעטער איטשען איז געווען אַ מזלדיקער איבער נאָך עפּעס. אין דער צייט וואָס ער איז געווען ביים פעטער — האָט מען אים איבערגעגעבן — איז דאָ אין הויז אָנגעגאַנגען אַן אַבלאַווע. מ'האָט צעעפנט אַלע טירן אין הויף און געמאַכט אַ גרינטלעכע זוכונג. אין יעדן ווינקל האָבן זיי אַריינגעשטעקט די קעפּ און געזוכט דעזער־

טירן, וואָס מיט זיי איז מינסק געווען פול. אויך האָט מען אים איבער־געגעבן, אַז דער יונגערמאַן־דעזערטיר, וואָס איז געשלאָפן אין גרויסן חדר, וואו ער, אַהרקע, איז מער נישט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט. געוויינלעך זענען דעזערטירן געגאַנגען אַרבעטן, כדי צו קאָנען ווי ס'איז זיך דערנערן. אָבער בעתן גיין צו דער אַרבעט, אָדער בעתן גיין צוריק צו זייערע צימערן, זענען זיי אַריינגעפאַלן צו די „נישט־גוטע", וואָס האָבן געטשאַטעוועט אין די גאַסן. און אויך אַזאַ גורל האָט געווים געטראָפן מיט דעם דעזערטיר פון דעם עסיקמאַכערס גרויסן חדר.

אַהרקע איז געווען אין אַ בעסערער לאַגע. ער האָט נישט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט און אַרויסרופן פאַרדאַכט ביי די שפּיצלעס, אָדער „סישטשיקעס", ווי מ'האָט זיי גערופן. ער האָט געקאָנט אויסזיצן אין הויז, מחמת ער האָט געקראָגן פולע שטיצע פון זיין היים.

דאָס מאָל האָט ער אָבער סיווי גאָר לייכט געקאָנט אַריינפאַלן אויך ביי זיך אויף דער קוואַרטיר.

אַלע שכנים — און אַהרקע אַליין אויך — האָבן איינגעשטימט, אַז דאָס איז געווען אַ נס מן השמים.

## .74

## דער מיסטעריעזער שפּיאָן

די צוגעבונדנקייט, וואָס אַהרקע האָט געפילט צו ר' שלמהן און זיין משפחה, די פליטים פון זאַמאָשטש, איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז קיין מער ערנסטע האָט גאָרנישט געקאָנט זיין. דאָס זעלבע האָט געפילט ר' שלמה און זיין משפחה צו אַהרקען. מיטאַמאָל האָט זיך אָבער ר' שלמה גענומען טשעפּען צו זיין ידיד.

— ס'טייטש, — האָט ער געטענהט צו אַהרקען, — אַזאַ שיינער ייד ווי איר, אַ ייד מיט אַזאַ לאַנגער באָרד, און פון אַזאַ פיינער משפחה, זאָל נישט דאַווענען?!

— ר' שלמה, — האָט אַהרקע אים געענטפערט, — ווי וואָלט איר געפילט, ווען טאָג־איין, טאָג־אויס וואָלט איך געהאַלטן אין איין

חנפֿענען אייך, אַז איר זענט שיין, שטאַרק, גוט? וואָלט דאָס אייך נישט דערווידער געוואָרן? איך וואָלט דאָס נישט געקאָנט איבערטראָגן, אַ פּשיטא שוין דער אויבערשטער, דער אַלמעכטיקער גאָט... ער וויל נישט, ער דאַרף נישט אַזוי פֿיל אויסגעדראָשענע לויב־געזאַנגען. מ'קאָן זיין אַ גוטער, אַפֿילו אַ רעליגיעזער ייד, און נישט דאַווענען פֿון דעם סידור. מ'קאָן בעטן צום רבונו־של־עולם מיט אַן אייגענעם נוסח, מיט אייגענע ווערטער, און דאָס, ווען און וואו איינער וויל, און וויפֿל ער באַגערט...

— ר' אַהרן, האָט זיך דער מיטשמועסער אַזש פֿאַרצאַפּלט, — הערט אויף רעדן. כ'בעט אייך... כ'וועל אייך קיין מאָל מער נישט דערמאָנען וועגן אָט די זאַכן...

— ר' שלמה, איך האָב נישט ליב צו פֿירן וויכוחים מיט פֿרומע יידן. יעדער האָט אַ רעכט צו לעבן אַזוי ווי ער פֿאַרשטייט און פֿילט. די טויערן פֿון דעם געטלעכן מקום זענען אָפֿן פֿאַר אַלעמען.

— נו, לאָמיר זיין פֿריינד... איר גייט זיך אייער וועג, און איך וועל גיין מיינעם.

— גוט, כ'שטים איין מיט אייך. לאָמיר זיין פֿריינד.

און זיי זענען געבליבן פֿריינד ביז זייער צעשיידן זיך. און דאָס, ס'הייסט דאָס צעשיידן זיך, איז געקומען גיכער ווי אַהרקע האָט דערוואַרט.

ס'איז געווען אַ כמורנער טאָג. מיטאַמאָל האָט זיך אָן עפּן געטאָן די טיר פֿון ר' שלמהס חדר, וואו אַהרקע איז שטענדיק געווען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געעפֿנט די טיר וואָס גייט אַרויס צו ראַקאָווער גאַס און ס'איז אַריינגעקומען אַ מאַן מיט אַ קאָקאַרדע אויף זיין היטל. ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַהרקען און האָט זיך געלאָזן אַ זאָג געטאָן צו אים:

— פּאַספּאָרט, פּאָזשאַלוסטאַ...

אָפּגעזאָגט, איז ער אַריין אין דער קיך צו באַקוקן די פּלעשלעך עסיק.

אַהרקע, אַ בלאָס געוואָרענער, האָט געפֿילט, אַז איצט איז ער אַ פֿאַרפֿאַלענער. שוין לאַנג ווי ער האָט חושד געווען זיין פּעסער־מאַכער, אַז ער איז נישט קיין גוטער באַלמעלאָכע. אין זיין פּאַס האָבן אָנגעהויבן אַרויסקריכן די אַלטע אָפּגעוואַשענע אותיות. פֿון אונטער

זיין נאָמען „דוד גורעוויטש" איז אַרויסגעקומען אַ געל וואָרט „דעווי־צאַ", ס'הייסט, אַ מיידל. ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס כעמישע געמיש איז נישט געווען ריכטיק צוזאַמענגעשטעלט, דערפאַר האָט זיך בולט באַוויזן די פּרויעגלעכע באַצייכענונג „דעוויצאַ" פון אהרקעס שווע־סטערס פּאַספּאָרט.

איז וואָס איז פאַר אים איצט געבליבן צו טאָן? ווייזן דעם פּאַספּאָרט, איז דאָך דאָרט בפירוש אָנגעשריבן „דעוויצאַ"? און אַז ער זאָל זאָגן, ער האָט נישט קיין פּאַספּאָרט, וועט דאָך דער קאָקאַרדע־מאַן אים געוויס אַרעסטירן. און אָט אַזוי קלערנדיק נעמט ער און שלעפּט אַרויס פון דעם בוזעם־טאַש זיין שלימזל, דעם פּאַס, ווען דער „סישטשיק" האָט זיך צוריקגעקערט פון דער קיך.

גענומען דעם פּאַס פון אהרקען, האָט זיך דער שפּיצל אַוועק־געזעצט צום טיש, באַקוקט דעם דאָקומענט פון אַלע זייטן, געליינט וואָרט ביי וואָרט, און אָפּגעמאָסטן אהרקען פון קאָפּ ביז די פּיס.

אהרקע איז שוין געווען זיכער, אַז דער שפּיצל וועט אַ וואָרף טאָן אים דעם פּאַס אין פּנים אַריין און אים אַרעסטירן. ערשט יענער הייבט אָן פרעגן שאלות:

— האָסטו אַ בילעט, וואָס באַפרייט דיך פון מיליטער־דינסט?

— ניין.

— האָסטו באַקאַנטע דאָ אין מינסק?

— ניין.

— טאָ לאָמיר גיין צו די סלוצקער באַלעגאָלעס. אפשר וועלן זיי דיך דערקענען.

— איך בין שוין לאַנג אַוועק פון סלוצק. זיין קענען מיך נישט.

— מיר קאָנען טרעפן דאָ סטאַראָבינער מענטשן. מעגלעך אַז זיי וועלן דיך קענען.

— איך בין אַ צוגעשריבענער אין סטאַראָבין, אָבער איך קען קיינעם נישט, און קיינער קען מיט נישט.

— נו, טאָ טו זיך אָן און לאָמיר גיין אין אוטשאַסטאָק.

פון אַ זייט האָט זיך געהערט דער באַלעבאָסטע זלאַטעס קול:

— גיב אים חמשה...

דער קאָקאַרדע־מאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו זלאַטען און אַ ברום געטאָן:

— איך בין רייכער פון אים. איך דאַרף נישט זיין „חמשה".

אַהרקע איז אַוועק נעמען דעם מאַנטל, וואָס איז געהאַנגען אין גרויסן חדר אויף אַ וואַנט. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט דער קאָקאַרדע־מאַן זייטיק אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— למך... גיי אויפן מאַרק און געפין אַ ייד, וואָס זאָל „זאָגן", אַז ער קען דיך, און אַלץ וועט זיין כשר... — נאָכדעם האָט ער צו־געגעבן — אין דריי טעג אַרום וועל איך צוריקקומען.

דערנאָך האָט ער אַהרקען אַוועקגענומען אין אַ זייט און גערעדט שטיל:

— באַלבע נישט צו פיל מיט ווייבער... שלעפּ זיך נישט אַרום אין די גאַסן... ביינאַכט בין איך דער אָנפירער פון פּאַטרול, וואָס מאַכט אַבלאַוועס אין די הייזער, וועל איך אויסמיידן אָט דאָס הויז...

אַהרקע האָט אַרויסגענומען צען רובל און זיי דערלאַנגט דעם מאַן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון:

— כ'האָב דאָס נאָך נישט פאַרדינט...

אַהרקע האָט זיך דערמאָנט וועגן אַ גאַראַדאַוואָי, איוואַש, וואָס קומט אַריין צום עסיקמאַכער, און גלייך דערציילט דאָס דעם „סיש־טשיק".

— איוואַשן — האָט דער מאַן געזאָגט — קאָנסטו אָפּקויפן מיט איין רובל. טו עס, וועט ער דיך צו רו לאָזן...

אַהרקע איז נשתומם געוואָרן פון דעם שפּיאָנס האַנדלונג. אויך אַנדערע האָבן דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין. אי נישט אַרעסטירן און אי אַפילו זיך אָפּזאָגן פון אַ „מתנהלע"? זלאַטע האָט געזאָגט, אַז זיין בלייך פּנים, אַהרקעס, מיט דער שוואַרצער באָרד האָט דעם שפּיצל דערמאָנט אין כריסטוסן. ר' לייזערס מיינונג איז געווען, אַז מעגלעך איינער פון דעם קאָקאַרדע־מאַנס פריינד איז דער נעמער. דערפאַר האָט ער יענעם נישט געוואָלט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט.

— אַז ער פאַרשטייט דעם טייטש פון חמשה, — האָט אַהרקע געטראַכט און גערעדט צו די פאַרוואונדערטע הויז־מענטשן, — איז עס דאָך אַ סימן, אַז ער גופא איז אַ נעמער! טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון מיין צענערל? ער האָט געקאָנט אַרויסצאַפּן פון מיר אַ סך מער...

קיין ענטפער אויף דער אמתער סיבה פאַר דעם קאָקאַרדע־מאַנס גוטהאַרציקייט האָט קיינער נישט געהאַט.

גלייך אויפן שטעל איז, פאַרשטייט זיך, אָנגעזאָגט געוואָרן נחמהן וועגן דעם געשעעניש. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און זי איז געקומען צו לויפן צו אהרקען אין איין אָטעם. אַ לאַנגע צייט האָבן זיי געשמועסט און זיך געיישובט וואָס צו טאָן. ענדלעך האָט נחמה באַשלאָסן אויפצוזוכן אַ ייד, אַן אַרעמאַן, וואָס זאָל זיין גרייט צו באַשטעטיקן אַז אהרקע איז דאָס טאַקע דוד גורעוויטש פון סטאַראָבין.

און אַז נחמה האָט זיך צו עפּעס גענומען, איז נישט געווען קיין אָפּהאַלט פאַר איר. זי האָט טאַקע געפונען אַזאַ ייד. פון וואַנען? ווי אַזוי? מ׳פרעגט נישט קיין קשיות אויף נחמהס אויפטואונגען.

דער ייד איז אָפּגעזעסן ביי אהרקען דריי טעג. אהרקע האָט אים געגעבן עסן און טרינקען, אויך פינף רובל אַ טאָג, נאָר דער קאָקאַרדע־מאַן האָט זיך נישט באַוויזן. ערשט אויפן פינפטן טאָג איז ער געקומען.

אַז אהרקע האָט אים געזאָגט וועגן דעם ייד, וואָס קען אים, אהרקען, איז דעם „סישטשיקס” ענטפער געווען:

— לאָז צו רו. מ׳דאַרף גאָרנישט. זייַ רואיק. איך וועל דיך אויסהיטן פון אַלע צרות.

אהרקע האָט אָנגעהויבן גלייבן אין מזל. און דאָס איז דאָך נישט געווען דער ערשטער צופאַל! ווען נאָר עפּעס אַ „נישט־גוטער” האָט זיך באַוויזן ביים עסיקמאַכער, איז ער, אהרקע, געווען ביי דער בעקערין, אָדער ערגעץ אַנדערש אין הויף. אַזוי ווי גוטע מלאָכים האָבן אַלע שכנים אים געהיט. מ׳האָט אים יעדעס מאָל אָנגעזאָגט ווען און וואו צו באַהאַלטן זיך.

איינמאָל, זיצנדיק אין ר׳ שלמהס חדר, האָט ער דערהערט ווי די טיר, וואָס גייט אַרויס צו ראַקאָוווער גאַס, האָט זיך געעפנט און אַ סך מענטשן זענען אַריינגעקומען און האָבן גערעדט רוסיש. ביי אהרקען האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ. אַז ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום שליסל־לאָך פון דער טיר האָט ער דערזען פּאָליציי. אין דער זעלבער ווייַלע האָט זיך די טיר אַן עפן געטאָן און ער האָט דערזען „זיין” קאָקאַרדע־מאַן. דער שפּיצל האָט אים געגעבן אַ צייכן אָפּצוטרעטן אין אַ זייט און דערביי אַ געשריי געטאָן צו דער פּאָליציי:

— קיינער איז דאָ נישטאָ. קיינער. לאָמיר גיין.

אַ וואונדער פון גאָט! — האָט אַהרקע אויפסניי געטראַכט וועגן זיין מזל. — פאַרוואָס טוט ער דאָס פאַר אים, דער שפּיצל? ווי ר׳ לייזער דער עסיקמאַכער דערציילט, זעט ער טאָג־איין, טאָג־אויס ווי אָט דער זעלבער געהיים־אַגענט אַרעסטירט מענטשן אויף רעכטס און לינקס. אָבער אים, אַהרקען, היט ער ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג.

אַ צווייט מאָל, ביי טאָג, איז דער קאָקאַרדע־מאַן אָנגעקומען פון נעמיגע גאַס בראש פון אַ פּאַטרול. אין דער זעלבער צייט איז אַהרקע גראָד אַרוים פון פאָדערהויז אין הויף אַריין. ווי דער קאָקאַרדע־מאַן האָט אים דערזען האָט ער פאַרקירעוועט די גאַנצע כאַפּטע אין אַן אַנדער ריכטונג.

סייווי, זיצן רואיק ביים עסיקמאַכער האָט אַהרקע שוין מער נישט געקאָנט. וואָס וועט ער טאָן אַז זיין „דעוויצאַ״־פּאַספּאָרט וועט אַריינפאַלן צו אַן אַנדער שפּיק, אָדער צום פּריסטאַוו, אָדער צו עפּעס אַן אַנדער שוואַרציאַר, מיט וועמען זיין מזל איז נישט אַזוי שוה־בשוה?

צו יענער צייט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מענטשן פאָרן קיין אַמעריקע — דורך כינע און יאַפּאַן. איינס־צוויי האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט נישט צו בלייבן אין מינסק און ער האָט אַוועקגעשריבן אַ בריוו צו זיין פאָטער מיט אַ געבעט, ער זאָל אויסגעפינען אַ פּלאַץ, וואו ער קאָן קריגן אַ לייטישן פּאַספּאָרט מיט אַ בילעט, וואו ס׳זאָל געזאָגט ווערן, אַז ער, אַהרקע, איז פריי פון מיליטער־דינסט.

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג — און דער פאָטער, בכבודו ובעצמו, האָט געבראַכט פאַר אַהרקען אַ שפּאָגל נייעם פּאַס מיט אַ בילעט, פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט 300 רובל. אויך האָט דער פאָטער אים געבראַכט, ס׳הייסט געגעבן, צוויי אַסיגנאַציעס אויף 500 רובל יעדע. דאָס האָט געזאָלט זיין גענוג ביז אַמעריקע.

צוזאַמען מיטן פאָטער איז מיטגעקומען אַהרקעס שוועסטער, איטקע. זי האָט אין מינסק איינגעהאַנדלט פאַר אים נייע בגדים, ווי אַן אָנצוג, אַ מאַנטל מיט אַ קאַראַקולענעם קאָלנער, אויך אַ קוטשמע, שיך, און אַלע אַנדערע נייטיקע זאַכן. אויך האָט זי געקויפט צוויי באַן־בילעטן פון ערשטן קלאַס — פאַר אַהרקען און פאַר זיך. ס׳איז פּלאַנירט געוואָרן, אַז זי זאָל אים באַגלייטן אַ שטיקל וועג. אויך

איז פלאַנירט געוואָרן, אַז זיי זאָלן פאָרן ערשטן קלאַס, כדי ס'זאָל אויסזען ווי זיי זענען פון די רייכע לייט, קופּצעס. וואו דען וועלן אַזעלכע מיוחסדיקע „מאַן־און פרוי" פאָרן?

שטאַרק רירנדיק איז געווען אַהרקעס געזעגענען זיך. שכנים האָבן געדריקט זיין האַנט מיט וואַרעמקייט און אומעט. פרויען האָבן געשלוכצעט. אומגעוויינלעך איז געווען דאָס צעשיידן זיך פון נחמהן און אַהרקען. זי האָט אים אַרומגענומען, געהאַלדזט אים און נאָכדעם אַוועקגעדרייט איר פּנים מיט פאַרטרערטע אויגן.

אין אָוונט האָט אַהרקע פאַרלאָזט מינסק. אויף דער סטאַנציע אין אַשמינע איז די באַגלייטנדיקע שוועסטער איטקע אויסגעשטיגן פון דעם וואַגאָן — און אַהרקע איז געבליבן איינער אַליין אין דער קופּע.

## 75.

# אויפֿן סיבירער באַן־וועג

ווי אַ לאַנגע שלאַנג, אַזוי האָט זיך דער צוג דורכגעבראָדזשעט דורך די הויך־פֿאַרשנייטע פֿעלדער און פֿון צייט צו צייט האָט ער אַ פֿאַרטוּיבנדיקן פֿייף געטאָן, גלייך ער וואָלט מודיע געווען די ווייטע ווייטקייטן, אַז ער שטייט נישט, ער גיט זיך אַן עצה מיט די פֿאַרשאָטענע רעלסן, ער מאַכט קלאַפּטערס, ער קומט אָן, און אַז מ׳זאָל אים נישט לייגן קיין שטערונגען אויפֿן וועג.

אַהרקע — אין דער קוטשמע און אין פּאַלטן מיטן קאַראַקולענעם קאָלנער — איז געזעסן ביי אַ פֿענסטער און האָט אַרויסגעקוקט אויף דעם פֿאַרשנייטן האָריזאָנט און אויף דעם שניי, אין דער לופֿט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַראָפּנידערן פֿון די געדיכט־פֿאַרוואָלקנטע הימ־לישע הייכן און אָנוואַלגערן זיך אויף די ענדלאָזע רחבותן מיט אַלץ דיקערע שיכטן.

כאָטש די מיליע־מיליאָסן שניי־פֿליטערלעך אין זייער אַראָפּ־נידערן האָבן פֿאַרכישופֿט אַהרקעס אויג מיט זייער אַרומטאַנצן אין דער לופֿט, ווי ס׳וואָלט געווען די איינציקע פֿאַרוויילונג אין זייער קורץ אינדיווידועל לעבן, איידער זיי ווערן אַן אומבאַוועגלעכער טייל פֿון דער צונויפֿגעגאָסענער מאַסע, פֿון דעם פֿאַרפֿרוירענעם שיכט אויף די פּנימלאָזע פֿעלדער, דאָך האָט אַהרקע נישט געקאָנט פֿאַרגעסן זיינע וואָגל־חדשים אין מינסק.

פֿופֿצן חדשים איז ער אָפּגעזעסן פֿאַרשפּאַרט ביי ר׳ לייזערן דעם עסיקמאַכער. זיצן אין אַ תפיסה — האָט ער, זיצנדיק ביים פֿענסטער אין דער קופּע, געטראַכט — איז געווים ביטער, אָבער דער אַרעסטאַנט איז פּטור פֿון שרעק. ער ווייסט אַז דאָס איז עס — און פֿאַרטיק. דאָס לעבן פֿון אַ דעזערטיר איז אָבער גאָר אַן אַנדערע מעשה. די שטענדיקע מורא געכאַפּט צו ווערן עסט דיך אויף אַ לעבעדיקן. טאָ ווי אַזוי איז דאָס טאַקע געווען מעגלעך איבערצוהאַלטן?

דער ענטפֿער איז:

ערשטנס נחמה, און אַלע מאָל — נחמה.

צווייטנס, די מערסטע דעזערטירן האָבן געמוזט אַרבעטן אויף צו דערנערן זיך. זיי זענען דערפאַר געווען אויסגעשטעלט צו די שטענדיקע געפאַרן געכאַפּט צו ווערן אין דער גאַס. אַהרקע האָט פון דעם נישט געוואוסט. אַ דאַנק דער שטיצע, וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין היים, האָט ער קיין דאגת־פרנסה נישט געהאַט.

דריטנס, גוטע שכנים. זיי האָבן אים אַרויסגעהאָלפן מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט.

פערטנס, ביכער. ביכער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער רוסישער, און ביכער אין איבערזעצונג פון אַ צאָל אַנדערע שפּראַכן. זיי זענען געווען זיינע פּאַרווײַלערס און באַשיצערס קעגן ייאוש.

ועל כולם — מזל! וואו ער האָט זיך געקערט און וואוהין ער איז נאָר געגאַנגען, האָט זיין גוטער מזל אים נאָכגעפאָלגט.

ס׳איז פשוט אומגלייבלעך וויפל מאָל אין איין איינציקער רגע ער האָט אויסגעמיטן אַלערליי שלעכטע רוחות, ווי פּאָליציי, געהיים־אַגענטן און מיליטערישע פּאַטרולן. ס׳איז געווען איינס פון די ביידע: אָדער ער איז געקומען צו שפּעט פאַר זיי, אָדער צו פרי. קיין איין מאָל נישט אין צייט. דאָס איינציקע מאָל וואָס ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַ שפּיק איז געווען מיט יענעם, דעם גוטן מלאך „זיינעם". ער, אַהרקע, איז געווען ווי איינגעוויקלט אין אַ צונויפגעקניפּטן קנויל פון דינע, ווייך־זיידענע פעדעמלעך, וואָס האָבן אים אויסגעהיט פון אומ־גליקן און אונטערגאַנג.

די נסיעה האָט גענומען אַרום צוויי וואָכן. זי איז דורכגעגאַנגען כמעט רואיק. בלויז אויף איין סטאַנציע, וואו אַהרקע האָט געדאַרפט בייטן דעם צוג, האָט ער איבערגעלעבט אַ ביסל שרעק.

אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואו ער האָט — בעתן וואַרטן אויפן צווייטן צוג — געשפּאַצירט הין־און־צוריק, איז אים נאָכגעגאַנגען אַ מאַן. דער מאַן האָט געקוקט אויף אים מיט שפּיציקע אויגן, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. ס׳האָט אויסגעזען ווי אָט־אָט און ער פאַר־נעמט זיך צו אים מיט אַ בשורה: דו ביסט אונטער אַרעסט, דו דעזערטיר!

אַנשטאָט אַוועקצודרייען זיך פון אים, האָט אַהרקע זיך גע־

שטאַרקט, אָנגענומען זיך מיט קוראַזש און יעדעס מאָל זיך אומגעקערט צו אים פּנים אל פּנים, ווי ער וואָלט דערמיט געמיינט צו זאָגן: שוטה, וואָס פאַרדעכטיקסטו אַזוי פיל? אַ חשודיקער מענטש וואָלט דען געוואַגט צו קוקן דיר גלייך אין דיין פּרצוף אַריין?

אָנגעהאַלטן האָט אָט דער קידער־ווידער ביז די צווייטע באַן אין אָנגעקומען. דעמאָלט האָט זיך אַהרקע אָפּגעקערט פון דעם מאָד־נעם פאַרשויןְ, פאַרנומען זיך צום צוג און זיך אַריינגעזעצט אין אַ קופּע.

קיין אירקוטסק, וואָס אין סיביר, איז אַהרקע אָנגעקומען פּונקט אין טאָג פון דעם נייעם יאָר, 1917. די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט אַ טיף־איינגעטראָטענעם שניי. די טעמפּעראַטור האָט געהאַלטן ביי 40 אונטער נול. די לופט איז געווען זויבער און געשמאַק.

דאָ איז אַהרקע אויסגעשטיגן כדי זיך צוגרייטן אויף אַריבער־צוגיין די גרענעץ קיין כינע, און פון דאָרטן קיין אַמעריקע.

ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג ווי ער האָט אויסגעפונען, אַז מ׳האָט די גרענעץ אין גאַנצן פאַרמאַכט. זי איז פאַרהאַקט ביי אַלע דורכגאַנגען. אומעטום געפינען זיך רעגירונגס־לייט, זיי קאָנטראָלירן יעדן איינעם מיט שטרענגקייט און לאָזן קיינעם נישט אַריבער.

הכלל, אַהרקע האָט זיך פאַרשפּעטיקט. זיין קומען איז געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע מי.

וואָס וועט ער טאָן איצט? צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד? ווידער אַריינפאָרן קיין מינסק? דאָס איז דאָך ווי לאָזן זיך דער פאַרצוק־חיה גלייך אין איר שלונג אַריין...

## .76

# פֿאַרבעטן צו אַ חתונה

פֿאַר אהרקען איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי ווערן אַ תושב אין אירקוטסק. דאָ האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ סך דעזערטירן. דאָ האָבן זיך אויך געפונען אַ סך קעגנערס פֿון צאַר וואָס זענען פֿאַרשיקט געוואָרן אַהער ווי פּאָליטישע מצורעים, פֿאַר־ברעכערס. ביידע האָבן זיך אָפּט באַגעגנט איינע מיט די אַנדערע. זיי האָבן זיך אויסגעמישט, געשמועסט, געדיסקוטירט, אַזוי, אַז ס׳איז נישט געווען צו דערקענען ווער ס׳איז ווער.

איינער פֿון די פּאָליטיש־פֿאַרשיקטע איז געווען משה, ער איז געווען אַ זון פֿון אהרקעס פֿעטער, איטשע. צו אים איז אהרקע פֿאַר־פֿאָרן אויף צו האָבן דערוויייל אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ס׳איז טאַקע געווען אויף דערוויייל, ווייל משהס צימער איז געווען צו קליין פֿאַרביידן. עטלעכע טעג נאָכדעם האָט משהס אַ חבר געקראָגן פֿאַר אהרקען אַ וואוינונג ביי יידישע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט זייער דירה אויף קליין־בלינאָווסקע גאַס.

די באַלעבאַטים פֿון דער דירה זענען געווען געבוירענע אין סיביר. זייער מוטער־שפּראַך איז געווען רוסיש. גלייך ווי אהרקע האָט זיך אַריינגעצויגן האָט דער הויפּט פֿון דער משפּחה גענומען זיין פּאַספּאָרט און איז מיט אים אַוועק צו דער פּאָליציי, וואָס האָט נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן ביים איינמעלדן דעם קוואַרטיראַנט.

דאָ, אויף די אירקוטסקער גאַסן, האָט מען נישט געכאַפּט קיין יונגעלייט ווי אין מינסק. אָבער אין די יידישע עספּלעצער, וואו אהרקע איז אַריינגעקומען, האָט מען אָפּט יאָ געמאַכט אָבלאַוועס און אַרעסטירט אַ סך דעזערטירן. אהרקע איז אָבער אַלע מאָל ניצול געוואָרן ווי דורך אַ נס. צו פֿאַרלאָזן זיך שטענדיק אויף ניסים איז אָבער געווען אַן איינשטעלעניש. דערצו, צו וואָס יעדעס מאָל עסן מיט האַרצקלאַפּעניש? אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער טאַקע אויפגעגעבן די עפּנטלעכע פּלעצער און ער האָט אָנגעהויבן עסן אין אַ פּריוואַט הויז אָדער ביי זיך אין צימער.

צוליב זיין לאַנגער באַרד האָבן די באַלעבאַטים פֿון זיין וואוינונג

אים אָפּגעגעבן אַ סך כבוד. זיי האָבן געהאַט אַפּשיי פאַר אים, ווי ער וואָלט געווען אַ רב.

איינמאָל האָט דער פאָטער פון דער משפחה פאַרטרויט אַהרקען אַ סוד:

איך האָבן אַ שוועסטער. איר נאָמען איז וועראַטשקאַ. זי איז אַ יונג מיידל. איר דאַרפט זי קענען. כ׳גלייב אַזוי. זי פלעגט אויס־זיצן דאָ אויף דער סאָפע צו גאַנצענע טעג. זי איז, נעבעך, אַריינ־געפאַלן... ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זי מפיל געווען. דער פּאָסקודניאַק, וואָס האָט זי מעוברת געמאַכט, איז אַ סאָלדאַט, און ער איז גרייט צו חתונה האָבן מיט איר. נו, מילא, מיר וואָלטן אים שוין ווי ס׳איז מוחל געווען, אַבי ס׳וואָלט געווען אַ חתונה כדת משה וישראל. איז אָבער די צרה וואָס די אַרמיי דערלויבט עס נישט. און נאָך אַן אָנשיקעניש איז דאָ וואָס דער רב האָט מורא צו מסדר־קידושין זיין אָן אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג.

— איז וואָס קלייבט איר זיך טאָן? — האָט אַהרקע געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט.

דער באַלעבאָס האָט געקוקט אויף אַהרקען מיט צער אין זיינע אויגן און געשוויגן. ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער יישובט זיך. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער גענומען באַוועגן מיט זיינע ליפּן:

— כ׳ווייס... אין דער משפחה האָט מען גערעדט...

— וועגן וואָס? — האָט אַהרקע געפרעגט, ווען דער באַלע־באָס האָט זיך געהאַט פאַרהאַקט און ווידער געשוויגן.

— מ׳האָט געשמועסט, — האָט דער באַלעבאָס ווידער גענומען רעדן, — אַז... ס׳הייסט איך זאָל רעדן מיט אייך...

— מיט מיר? וועגן וואָס?

— אַז איר זאָלט דורכפירן דעם ריטואַל פון שטעלן די חופּה און דאָס איבעריקע...

— איך? — האָט אַהרקע געפרעגט מיט איבעררראַשטקייט.

— יאָ... ביי דעם סאָלדאַטס עלטערן אין הויז.

אַהרקע, נאָך אַלץ איבעררראַשט, האָט ווידער אַ פרעג געטאָן מיט אומגלויבן:

— איך?

— לויט מיין איינזעעניש און שׂכל — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט — זענט איר אַזוי גוט ווי אַ רב...

אָפּגעקילט זיך אַ ביסל, האָט אַהרקע גענומען דרייען מיטן קאָפּ — און ער האָט זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד.

—פאַרגעסט עס... — האָט ער געזאָגט. — איך בין נישט דער פּאַסיקער מענטש... נישט איך קען און נישט איך ווייס וואָס צו טאָן אין אַזינע פאַלן...

שטאַרק אַנטוישט, איז דער באַלעבאָס געזעסן אַ לענגערע ווײַלע שטום און שטיל. נאָכדעם האָט ער ווידער גענומען קוקן אויף אַהרקען און ווי שטאַמלענדיק געזאָגט:

— מיר וועלן אָבער סיווי מאַכן אַ גרויסע סעודה און פּראַווען אַ חתונה...

— וואָס פאַר אַ חתונה קאָן דאָס זיין אָן אַ רב? — האָט אַהרקע מיט נייגער געפרעגט.

— קומט צו גיין וועט איר זען... — האָט דער באַלעבאָס נאָך אַ ווײַלע שווייגן געקוקט זייטיק און געזאָגט. — און איך פאַרבעט אייך טאַקע גלייך אַצינד צו קומען צו דער חתונה... איר וועט זיין ביי אונדז אַ זייער חשובער גאַסט...

אַהרקע האָט גאַרנישט געהאַט קעגן דעם. פאַרקערט, ס'האָט אים געצויגן אַ קוק צו טאָן אויף אַ חתונה, וואָס ווערט געפּראַוועט אָן אַ רב. און ער האָט מיטן גאַנצן האַרץ אָנגענומען די פאַרבעטונג.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, איז צו אַהרקען געקומען דער חתן־בחור, דער סאָלדאַט. ער איז געווען אַ הויכער יונגאַטש, מיט ברייטע פּלייצעס, און מיט אַן עכט־קאַצאַפּישן אויסזען. אָן לאַנגע שהיות האָט ער דערלאַנגט אַהרקען די האַנט און מיט הכנעה אין זיין שטים געבעטן:

— ראַבין... לערנט מיך די מאָליטווע...

געמיינט האָט ער, ווי אַהרקע האָט עס באַנומען, דעם „הרי את". אַהרקע האָט איינשטימיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און באַשטימט די צייט פון קנעלונג.

— ווי איר זעט, — האָט אַהרקע נאָכדעם געזאָגט צו אים, — בין איך וויליק צו טאָן פאַר אייך אַלץ. אָבער טוט אויך עפּעס פאַר מיר...

— וואָס איר וועט פאַרלאַנגען, וועל איך טאָן פאַר אייך,

ראַבין... האָט דער חתן־סאָלדאַט געזאָגט מיט רויקייט אין זיין קול.

— רופט מיך נישט „ראַבין"... — האָט אַהרקע געזאָגט. — דאָס איז אַלץ וואָס איך בעט ביי אייך.

דער חתן איז געשטאַנען אַ ווײַלע צעטומלט. נאָכדעם האָט ער אומווייליק, ווי אונטער דרוק, געמורמלט:

— נו, גוט... אַז איר ווילט אַזוי...

אחוץ קנעלן מיט אים האָט אַהרקע אויסגעשריבן פאַר אים דעם „הרי את" מיט רוסישע בוכשטאַבן אויף אַ ווייסן בויגן פאַפיר און דאָס אים געגעבן אויף צו „שטודירן" אין זיין היים. די לעקציעס זענען פאַר אים געווען אַ שווערער ענין, אַ סך שווערער ווי זיך אַ שפיל טאָן מיט ווערעטשקאָן. איבערהויפּט איז אים אָנגעקומען ווי מיט גרינע ווערעם איינצובייסן דאָס וואָרט „מקודשת". ער האָט זיך געקנייטשט, געמאַכט אַלערליי העוויות. ס'איז געווען אַ רחמנות אויף אים.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז פאַרגעקומען די חתונה — און אַהרקע האָט זיך דאַרטן באַוויזן. צוגעזאָגט, האָט ער געהאַלטן וואָרט.

## .77

## דער מסדר־קידושין

דאָס הויז איז געווען איבערגעפּולט מיט מענער און פרויען, בחורים און מיידלעך. אויף לאַנגע טישן זענען געווען אָנגעשטעלט אַלערליי טאָרטן, זיסקייטן, וויינען, וואָדקאַ. און אין אַ ווינקל איז געזעסן אַ קאַפּעליע מוזיקאַנטן און האָט פאַרהילכט די לופט מיט הויכע און האַרצרייסנדיקע יאָמער־טענער פון פידלען און פון זבענקען מיט הילצערנע פייקלעך אין דער גרויסער פויק.

אַהרקען האָבן די מחותנים פון ביידע צדדים אָוועקגעזעצט אויבנאָן — און פרויען האָבן אים צוגעטראָגן דאָס בעסטע פון דעם וואָס איז געווען אָנגעגרייט. אחוץ געבן אים דאָס בכבודיקסטע פלאַץ און סערווירן פון די מעדני־מלך, האָבן די מחותנים נישט געלאָזט אים אַליין. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום אים, געבויגן זיך פאַר אים אין

דרייען, געשמייכלט חניפהדיק, ווי ער וואָלט געווען אַ געהויבענער מלוכה־גאַסט ביים טיש.

אהרקען איז געווען היפּש פאַריקרע וואָס מ׳שענקט אים אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, אַ דערשיינונג וואָס ביז איצט האָט עס אים קיינער נישט אַרויסגעוויזן. ער איז אַלעמאָל געוואוינט געווען צו זיין דער לעצטער און נישט דער ערשטער. איז פאַרוואָס קומט אים דאָ אַזאַ כבוד? פאַר וועלכע מעשים־טובים?

אַרום און אַרום איז געווען אַגיל ואשמח. דער עולם האָט געגעסן, געטרונקען, געטאַנצט, געלאַכט, געוואונטשן איינע די אַנדערע מזל־טוב, געזונט, אריכת־ימים. און כּמעט יעדער איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, דאָך האָבן זיי פון צייט צו צייט נישט אַראָפּ־גענומען קיין אויג פון אהרקען.

נאָך אַ מאָל און אָבער אַ מאָל האָט אהרקע געהאַלטן אין איין פרעגן זיך, פאַרוואָס אים קומט אַזוי פיל רעספּעקטפולע באַציאונג. וואָס אַזעלכעס זעט מען אין אים? איז ער מיט הערנער?

אַרום האַלבער נאַכט, ווען דאָס עסן און הוליען איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען, האָט זיך אָבער דער סוד אַנטפּלעקט.

מיטאַמאָל איז דער כלהס ברודער צוגעקומען צו אהרקען און האָט געפרעגט:

— נו, ווען וועט איר עס אָנהייבן?

— וואָס מיינט איר, — האָט אהרקע אַ געפּלעפּטער געזאָגט, — ווען איך וועל עס אָנהייבן?

— איך מיין, — ענטפערט דער כלהס ברודער, — ווען איר וועט שוין דורכפירן די צערעמאָניע...

אהרקען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז מ׳האָט אים אַריינגענאַרט אין זעקל. ער איז דאָס דער, וואָס דאַרף זיין דער מסדר־קידושין פאַר די חתן־כלה! אַ קלאָג... טשעפּען זיך צו די מחותנים, מאַכן זיך טענות, מוסרן זיי, אַט דאָס אַלץ האָט איצט קיין זין נישט געהאַט. זיי האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג. און ער, אהרקע, איז אַריין אין אַ פּלאָנטער. און לאָזן זיי ווי אויף אַ צעבראָכענער שיף דאַרף מען דאָך האָבן אַ האַרץ פון אַ מערדער.

אָבער ווי אַזוי הייבט מען דאָס אָן? אַפילו אַ חופּה מיט די

פיר שטעקנס איז נישט געווען. ער האָט געמוזט וואָס גיכער אָננעמען א פעסטע שטעלונג. אין דעם פאַל זענען אים שטאַרק צוניץ געקומען זיינע אַמאָליקע ידיעות אין די שוואַרצע פינטעלעך. אַמאָל האָט ער די גמרא קדושין געקענט אויף אויסווייניק. אין דעם ערשטן פרק פון דער מסכתא קדושין זאָגט זיך: האשה נקנית בשלש דרכים — — בכסף, בשטר ובביאה. אחוץ דעם האָט ער געדענקט א מעשה שהיה פון סלוצק. א בחור האָט אָנגעטאָן א רינגל אויף א מיידלס האַנטפינגער און דערביי געזאָגט דעם פולן „הרי את" פאַר צוויי עדות. דאָס האָט געזאָלט זיין א קאַטאָוועס. אָבער די רבנים האָבן דאָס גענומען ערנסט — און דאָס מיידל האָט געמוזט נעמען א גט פון דעם בחור, אויב זי האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט א צווייטן מאַן. פון דעם האָט אַהרקע געדרונגען, אַז ער וועט נישט באַגיין קיין אומ־פאַרגעבלעך פאַרברעכן קעגן דער הלכה, ווען ער וועט דורכפירן די צערעמאָניע, כאָטש ער האָט נישט קיין סמיכה אויף רבנות.

מיט אָט דעם באַגאַזש פון זיין וויסן איז ער צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. קודם־כל האָט ער געהייסן פיר מענטשן האַלטן די פיר עקן פון א גרויסער פאַטשיילע און אויסשפּרייטן זי הויך איבער די קעפּ פון חתן־כלה און זייערע עלטערן. דערנאָך האָט ער געהייסן דעם חתן נעמען דאָס רינגעלע און אָנטאָן עס אויף דער כלהס פינגער און דערביי נאָכזאָגן דעם „הרי את", וואָס ער, אַהרקע, וועט אים זאָגן. זיין נאָכזאָגן איז געווען זייער שטומפּיק. פאַר אַהרקען איז עס נישט געווען קיין איבערראשונג. ער האָט עס דערוואַרט פון דעם גוי גמור. נאָכדעם האָט אַהרקע אויסגערופן: מזל־טוב, מזל־טוב, און דער גאַנצער עולם האָט געטאָן דאָס זעלבע: מזל־טוב, מזל־טוב.

„פאַרטיק אָן עסק", האָט אַהרקע געברומט צו זיך. „וועראָטשקאַ איז פאַרקנסט געוואָרן לויט דעם יידישן דין — און דערמיט איז פון איר אַראָפּגענומען געוואָרן די חרפּה פון א יידישער טאָכטער".

בעתן שטיין אונטער דער חופּה האָט דער כלהס ברודער גע־שושקעט אַהרקען אין אויער, אַז ער זאָל דורכפירן אַלע צערעמאָניעס, ס'הייסט, זאָגן אַלץ וואָס מ'דאַרף נאָך דעם „הרי את". פון דעם האָט זיך אַהרקע אָבער אָפּגעזאָגט. ער האָט פּשוט נישט געוואוסט וועלכע ברכות מ'זאָגט ביי אַזא געלעגנהייט. יעדנפאַלס, דער כלה ברודער איז נישט צוגעשטאַנען מיט זיין פאַרלאַנג.

נאָך דער חופה האָט די משפחה געבעטן ביי אַהרקען, ער זאָל זיי פאַרגעבן וואָס זיי האָבן אים אויף אַזאַ נישט פיינעם אופן אַריינגעצויגן אין דער פּאַסטקע און כמעט ווי געצוואונגען אים צו מסדר־קידושין זיין.

— מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, — האָט אַ מחותן געזאָגט.

— מיר האָבן געמוזט ראַטעווען דעם כבוד פון וועראָטשקאַ, — האָט איר פאָטער, מיט אַ קרעכץ אין קול, זיך פאַרענטפערט. זי איז געווען אין שפּיטאָל נאָכן מפּיל זיין. אַ סך מענטשן ווייסן וועגן דעם.

— אַצינד איז אַראָפּ די בושה, — האָט דעם חתנס פאָטער צוגעגעבן מיט אויפגעלייגטקייט.

אַהרקע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ס'הייסט, ער האָט זיי פאַרגעבן, און געוואונטשן, זיי זאָלן האָבן אַ סך נחת פון דעם יונגן פאַרפאָלק...

## 78.

## וועראָטשקאַ

אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה האָט מען וועראָטשקאַס מאַן אוועקגעשיקט צום פראָנט.

געבליבן אַליין, האָט וועראָטשקאַ נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. ס'איז איר געווען אומעטיק. זי האָט זיך געפילט שטאַרק איינזאַם און דערשלאָגן. ס'איז געווען קענטיק, אַז זי בענקט נאָך איר מאַן. מיט קיין פריינד איז זי נישט אַרויסגעגאַנגען. און ווער ווייסט? אפשר האָט זי נישט געהאַט אַזעלכע? ס'איז אָבער געווען אַ פאַקט, אַז כדי צו צעשטרייען זיך איז זי אָפט געקומען צו איר ברודער אין הויז, וואו אַהרקע האָט געוואוינט. דאָרטן איז זי אָפּגעזעסן לאַנגע שעהן. זי האָט זיך גערן באַטייליקט אין די שמועסן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען צווישן איר משפּחה און אַהרקען, איר מסדר־קידושין. יעדעס מאָל וואָס אַהרקע האָט געקוקט אויף איר, האָט זי זיך פאַררויטלט. און אַז אַהרקע האָט גערעדט צו איר האָט זי אַנגעקוואָלן פון זיינע רייד און זיך צעלאַכט ווי אַ קינד וואָס מ'דערלאַנגט אַ צוקערקע און מ'זאָגט צו צו געבן מער.

ווי ס׳פּאַסט פּאַר אַ קאַוואַליער האָט אַהרקע זי אָפּגעפירט אַהיים אין די אָוונטן, יעדעס מאָל נאָך דעם ווי זי האָט פאַרבראַכט ביי איר ברודער אין הויז. אַנשטאָט אַריינגיין אין איר פאָטערס הויז, וואו זי האָט געוואוינט, האָבן זיי, אַהרקע און וועראָטשקאַ, געשפּאַצירט איבער די פוסטע גאַסן און געשמועסט. פאַר שעהן און שעהן זענען זיי אַזוי געגאַנגען און האָבן געשמועסט. זיי זענען גאָרנישט מיד געוואָרן פון גיין. און אויך האָבן זיך די רייד ביי זיי קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט. זיי זענען געקומען ווי פון אַ קוואַל.

מיט דער צייט האָט וועראָטשקאַ אָנגעהויבן ווערן זייער נאָנט צו אַהרקען. זי האָט ממש געקלעפּט צו אים. זי האָט געהאַלטן זיין האַנט אין אירער, אָדער אים אַרומגענומען מיט איר אָרעם. און אַהרקע, אַז ס׳איז געקומען צום אַוועקגיין פון איר, צו זאָגן איר אַ גוטע נאַכט, איז אים געוואָרן אומהיימלעך. וועראָטשקאַ איז געווען אַ שיינע און אַ ליבינקע. זי האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין האַרץ און באַפליגלט זיין פאַנטאַזיע.

איין מאָל האָבן זיי אַרומגעשפּאַצירט ביז פאַרטאָג. גערעדט האָבן זיי וועגן חתונה און ליבע. ביידע האָבן געוואוסט, אַז זיי רעדן וועגן זייער קעגנזייטיקער ליבע, כאָטש דער שמועס איז אָנגעגאַנגען מכלומרשט אין דער וועלט אַריין. אַהרקע האָט דערשפּירט, אַז ער האַלט ביים פאַרלירן זיין גלייכן וועג. אָט אָט, און ביידע וועלן זיי אַריינפאַלן אין דעם שטורמישן פייער פון דעם גיהנום.

פלוצעם האָט זיך זיין קאַלט-אויסגערעכנטער שכל אויפגע־כאַפּט פון „שלאָף” און ער האָט גענומען עגבערן מיט אַלערליי טענות און קשיות, אַז די קעגנזייטיקע וואַרעמקייט פון איינס צום צווייטן, ס׳הייסט צווישן אים און וועראָטשקאַן, קאָן אים פאַרפירן צו ווייט. ס׳וועט ברענגען מער צרות ווי פרייד. אַחוץ דעם איז עס באין־אופן נישט עטיש פאַר אַ דעזערטיר צו האָבן הנאה פון אַן אשת־איש, וועמעס מאַן איז אויפן פראָנט. נישט נאָר איז דער מאַן אין גרוים פחד פאַר זיין לעבן, וואָס איז כסדר אין געפאַר אונטער די פאַלנדיקע קוילן פון דעם שונא, נאָר ער טראַכט נאָך דערביי מיט אַ צעווייטיקט האַרץ פון ליבשאַפט וועגן זיין יונג ווייבל, וועראָטשקאַ, וואָס וואַרט אויף זיין צוריקקער אַ פאַרבענקטע, אַ כשרע, און וואָס ער וואָלט שוין געוואָלט זיין אין אירע אָרעמס. דאָס איז איינס. און וואָס וועגן

ווערֿאַטשקאַס משפחה? איז עס יושרדיק אַפּצונאַרן זיי אין זייער צוטרוי, וואָס זיי האָבן צו אים? איר פֿאָטער, די מוטער, דער ברודער, די אַנדערע קרובים, אַלע קוקן דאָך אויף אים ווי אויף אַ „פּאָלנעם רבֿ"!

אָט די טענות און קשיות האָבן אהרקען אין גאַנצן אויסגע־ניכטערט. ער האָט ווערֿאַטשקאַן צוגעפֿירט אַהיים — און אויפֿן וועג צוריק צו זיין קוואַרטיר האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אָפּהאַקן אָט די אויבנאויפֿיק־אומשולדיקע באַציאונגען. אמת, ער האָט לכתחילה נישט געזוכט אָט די באַציאונגען, טאַקע צוליב דעם וואָס ער האָט אין פֿאַרויס אין זיי געזען אַ ווייט־גייענדיקן שלום, אויך אָפּנאַרעריי, וואָס איז נישט עטיש, דאָך האָבן זיי זיך אים אונטער־געררוקט ווי נישט־געבעטענערהייט.

צו ביסלעך, צו ביסלעך האָט ער זיך טאַקע דערווייטערט פֿון איר. ער האָט געהאַלטן זיין באַשלוס. ס'קאָן, וואָס אָן אמת, זיין, אַז די דערווייטערונג וואָלט אפֿשר נישט געקומען אַזוי גיך, ווען ער וואָלט זיך נישט, אין דער צווישנצייט, געהאַט באַקענט מיט אַן אַנדערער פֿרוי. איר נאָמען איז געווען: מאַשאַ.

באַקענט האָט ער זיך מיט מאַשאַ — דורך זיין קוזין משה. זי איז געווען אַן עכטע יידישע סיביריאַטשקע און אין יאָרן איז זי געווען אַזוי אַלט ווי אהרקע, אָדער אפֿשר עטוואָס עלטער. זי האָט געהאַט אַ געשטופּלט פּנים, נאָר אירע גרויסע בלישטשענדיקע אויגן, אירע שיינע ווייסע ציין און איר חן־גריבעלע, דאָס אַלץ האָט פֿאַר־דעקט איר חסרון. און טאַקע נאָך מער ווי פֿאַרדעקט. ס'האָט ווי אין גאַנצן אָפּגעווישט. דערצו איז זי געווען קלוג און טאַקטפֿול. איר פּנים איז געווען אָן אַ מאַסקע, אַן אָפֿן בוך. ס'האָט געזאָגט: אָט דאָס בין איך. נישטאָ קיין סודות.

גלייך ביי דער ערשטער מינוט פֿון זייער באַגעגעניש זענען זיי צוגעצויגן געוואָרן איינס צום צווייטן. איר ערשטער דרוק פֿון זיין האַנט האָט אים אָנגעזאָגט אַז דאָס איז עס... דאָ וועט פֿאַרקאָכט ווערן אַ קאַשע...

נו, איז ווי האָט ער אין דער זעלבער צייט געקאָנט זיין פֿאַר־נומען אויך מיט ווערֿאַטשקאַ? צו האָבן דאָס האַרץ און דעם קאָפּ גלייכצייטיק אויף צוויי יאַרידים, דאָס איז געווען צו פֿיל פֿאַר אים.

און אויסגעקליבן האָט ער מאַשאַ. ווענן איר האָט ער נישט געהאַט קיין עטישע פּראָבלעמען צו פאַרענטפערן. זי האָט נישט געהאַט קיין מאַן, און ער האָט נישט געהאַט קיין פרוי. ביידע זענען געווען פריי־לידיק. קיינער איז נישט געווען פאַרמישט. וואָס קאָן זיין בעסער פאַר פרייע פייגל?

## .79

## אַראָפּ מיטן צאַר

אין מיטן דערינען איז קיין אירקוטסק אָנגעקומען די איבער־ראַשנדיקע נייס ווענן אַ רעוואָלוציע אין פּעטראָגראַד. ניקאָליי דער צווייטער, דער אַליינהערשער־צאַר, איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין כסא־מלוכה.

פריער איז געווען אַן אָנזאָג ווענן ראַספּוטינס טויט. נאָכדעם האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז עפּעס רודערט זיך אין די הויכע פענסטער. דערצו איז געווען אוממעגלעך צו באַהאַלטן די פינצטערע ידיעות פון פראָנט ווענן מפּלות, איינע נאָך דער אַנדערער. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַן אומרו צווישן דער באַפעלקערונג. פונדעסטוועגן האָט זיך נישט געקאָנט גלייבן, אַז דאָס אַראָפּזעצן דעם צאַר פון בענקל וועט געשען אַזוי גיך. דאַכט זיך, אָט־אָ גאָרנישט לאַנג צוריק האָט דעם צאַרס מעכטיקע אַרמיי געזונגען: באָזשע צאַרא כראַני — — — און אָט האָבן די זעלבע סאָלדאַטן איצט אַראָפּגעריסן פון אַלע עפנטלעכע געביידעס די פּאָרטרעטן פון קיסר, פון זיין ווייב, פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע און געטאָפּטשעט אויף זיי מיט זייערע שטיוול?

יאָ, ס'איז געווען אמת. דאָס געהאָפטע, דאָס אויסגעבענקטע איז געשען.

אירקוטסק האָט געקראָגן אַ יום־טובדיקן אויסזען. קינד און קייט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין די גאַסן און גענומען מאַרשירן צו דער באַן־סטאַנציע צו באַגעגענען די פּאָליטיש־פאַרשיקטע פון די וווייטע מקומות אין סיביר.

אַהרקע איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דער מאַסע און ער איז געווען איינער פון די ערשטע לעבן דעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט

געבראַכט די סיבירניקעס. זיי, די פּאָליטיש־פאַרשיקטע זענען געווען די העלדן פון טאָג. דער המון האָט זיי ממש געטראָגן אויף די הענט.

אַהרקע איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ טשאַד. ער האָט נישט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. אין משך פון זיבעצן חדשים האָט אויף אים געלויערט די געפאַר געכאַפּט צו ווערן און לויט דעם לעצטן אוקאַז פון צאַר איז אים געקומען טויט־שטראָף מיט אַ צוגאָב פון שמיץ... און איצט, מיטאַמאָל אוים דעזערטיר! ער איז פריי! און נישט נאָר ער, אַלע, אַלע! גאַנץ רוסלאַנד איז פריי! און אויך די יידן! די יידן וועלן זיין פרייע בירגערס, גלייך מיט אַלע איינוואוינערס פון לאַנד! ער, אַהרקע, וועט קאָנען פאָרן וואוהין ער וויל. ער וועט זיך קאָנען לערנען און טאָן וואָס ער באַגערט, גלייך מיטן רוס, מיטן טאַטאַר, מיטן גרוזינער, מיטן אוקריינער — — — נייע רייכע האָריזאָנטן האָבן זיך געעפנט פאַר אים, אַהרקען, און פאַר אַלע יידן. ס'איז נאָך נישט, הייסט עס, געווען צו שפּעט פאַר אים אַריינצוטרעטן אין איינעם פון די אוניווערסיטעטן פון מאָסקווע, אָדער פון כאַרקאָוו, אָדער אָן אַנדערער שטאָט, און אָנהייבן דאָרטן לערנען וואָס ער האָט געחלומט זיין גאַנץ לעבן. און געוויס וועט ער פאַרנעמען אָן אָנגעזען פּלאַץ צווישן דער יידישער און רוסישער אינטעליגענץ, אַ פּלאַץ וואָס ער וועט זיך כשר פאַרדינען נאָכדעם ווי ער וועט קריגן אַ דיפּלאָם פון אַ הויכשול.

אויפן זכרון איז אים געקומען אַ מאָל מיט זיינס אַ חבר, אַ פאַרמאַציסט, אין קיעוו. יענער חבר האָט אים, אַהרקען, געהאַט מיטגענומען אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואו ער האָט שטודירט. ער האָט געוואָלט, אַז אַהרקע זאָל זיך דאָרטן אַרומקוקן. און אַהרקע האָט אים מקנא געווען מער ווי דעם רייכסטן מענטש אין דער וועלט.

איצט — האָט אַהרקע געטראַכט — איז געקומען די צייט צו פאַרווירקלעכן זיין העכסטן וואונטש.

מיטאַמאָל האָט ער אויפגעגעבן זיינע פּלענער וועגן פאָרן קיין אַמעריקע, כאָטש ער האָט דאָס איצט געקאָנט דערגרייכן זייער גרינג. אַ פריי רוסלאַנד איז אים אָבער געווען מער ליב. ער דאַרף נישט זוכן קיין בעסערס. נישט קענענדיק די שפּראַך וואָלט ער דאָך אין אַמעריקע געווען אָן אָנפאַנגער, סיי גייסטיק און סיי וואָס אַנבאַלאַנגט אַ תכלית. ער וואָלט געווען אַ „גרינער”, ווי זיי רופן דאָרטן אַ נאָר־וואָס געקומע־

נעם אימיגראַנט. ער וואָלט געדאַרפט אָנהייבן זיך דראַפּען אויף אַ גליטשיק קלאָץ, כדי צו דערגרייכן צום שפּיץ, וואו ס'איז אָנגעגרייט אַ לייטישע פּרנסה. געווים — האָט ער געטראַכט — וואַרט דאָרטן אויף אים אַ ניי־מאַשין ביי וועלכער ער וועט אָוועקפּטרן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט מורא געהאַט פאַרן אַמעריקאַנער לעבן, זינט ער האָט געהאַט איבערגעליינט אַן אַרטיקל פון דעם באַוואוסטן רוסישן שרייבער מאַקסים גאָרקי, וואָס האָט געמאָלן דעם אַמעריקאַנער הו־האַ, דעם האַרי־אַפּ אין שוואַרצע פאַרבן. וואָלט די רעוואָלוציע נישט אויסגע־בראָכן, וואָלט ער, אַהרקע, געווען איבערגליקלעך צו אַנטלויפן פון זיין אָפּשטאַם־לאַנד. אָבער היינט? היינט ווען די כוואַליעס פון פריי־הייט רוישן און בלאָזן פון אַלע זייטן? ניין, קיין בעסערס ווי רוסלאַנד איז פאַר אים נישטאָ.

דערווייל האָט די נייע פּראָוויזאָרישע רעגירונג מיט קערענסקי בראש אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די דעזערטירן, זיי זאָלן זיך אומ־קערן צו דער אַרמיי ווי פרייע בירגער. אָן ספיקות, אָן קווענקלענישן האָט אַהרקע באַשלאָסן אויסצופאָלגן דעם רוף. זאָגסטו אַלף, — האָט ער צו זיך געטענהט, — דאַרפסטו אויך זאָגן בית, ביז תיו. ווילסטו געניסן פון אַלץ וואָס דאָס פרייע לאַנד וועט דיר געבן, דאַרפסטו אויך געבן אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, דיין גוף און דיין נשמה. דאָס איז אַ חוב וואָס יעדער בירגער דאַרף געדענקען. ווילסטו זיין אַ „נעמער", דאַרפסטו אויך קאָנען „געבן".

אַט אַזוי טראַכטנדיק האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט אַריינצו־טרעטן אין דער נייער אַרמיי, דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, אָבער נישט פריער ווי נאָך פּסח. פאַר אַ שטיקל צייט האָט ער געוואָלט זיך אָנזעטיקן מיט פרייער פרישער לופט — אָן מורא, אָן אויבערהערשאַפט פון אָפיצערן, אָן אַ דיסציפּלין, וואָס האָט זיך שוין געהאַט איינגע־געסן אין זיינע ביינער.

דער אמת איז, אַז קיין גרויס חשק האָט ער נישט געהאַט ווידער אַרויפצוציען אויף זיך דעם גרויען סאָלדאַטסקן שינעל, וואָס ער האָט פיינט געהאַט תכלית־שינאה. אָבער ווידער די זעלבע מעשה — פליכט, פרייהייט, התחייבות, רעוואָלוציע, יידישע רעכט. אויב נישט ער, און אַזוינע ווי ער, איז ווער יאָ? קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. די רעוואָלוציע מוז זיין אַ דערפאָלג. רוסלאַנד מוז ווערן אַ

דעמאָקראַטישע מדינה. דערווייל מוז זי אָנהאַלטן דעם פראָנט. זי מוז דערפילן אירע פאַרפליכטונגען צו אירע פאַרבינדעטע אין דער מלחמה, פראַנקרייך, ענגלאַנד. וועגן אַ באַזונדערן שלום מיטן דייטש טאָר זי אַפילו נישט טראַכטן. די מלחמה דאַרף אָנגיין נאָך מיט מער אימפּעט, ווי ס'פּאַסט פאַר רעוואָלוציאָנערן.

די זעלבע מחשבות, וואָס אַהרקע האָט געטראַכט, האָט מען אויך אויסגעדריקט שריפטלעך אין די צייטונגען. און די זעלבע געדאַנקען האָט מען אויך געלאָזט הערן אויף די פאַרזאַמלונגען, וואו אַהרקע איז געקומען. ער האָט באמונה שלמה געגלייבט אָט די שרייבערס פון די אַרטיקלען און אויך די פלאַמפּייערדיקע רעדנערס אויף די טריבונעס.

פרייוויליק וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי, ווען ער וואָלט נישט געגלייבט די שרייבערס און רעדנערס. כמעט יעדע נאַכט האָט ער באַזוכט די פאַרזאַמלונגען, וואו שטאַרקע רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אַלע ווי איינער האָבן זיי געוואָרנט אַז מען מוז אָנהאַלטן די מלחמה קעגן דייטשלאַנד, צוזאַמען מיט די אַלאַירטע מלוכות. און אַהרקע, ווי אַ פרומער ייד, האָט אין זיך איינגעזאַפּט זייערע רעוואָלוציאָנערע רייד.

## .80

# אויפגעבראָכענע דאַמבעס

צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער פרייהייט זענען ביי די מאַסן פריי-געוואָרן זייערע עמאָציאָנעלע צאַמען.

אין אירקוטסק איז געווען אויף טישן און בענק: בעלער, טענץ, געזאַנג און פּאַראַדן.

אויך אַהרקע איז אַריין אין שטראָם. דאָס געלט וואָס דער פאָטער האָט אים געהאַט געגעבן אויף הוצאות קיין אַמעריקע, האָט ער אָנגעהויבן אויסגעבן רעכטס און לינקס. צו וואָס דאַרף ער געלט, אַז אין גיכן גייט ער אַוועק אין דער אַרמיי? לכבוד דער רעוואָלוציע איז ער מיט אַ גרופּע — פיר מיידלעך און דריי בחורים — אַריין

אין דעם שענסטן רעסטאָראַן פון אירקוטסק, פאַרנומען אַ באַזונדערן קאַבינעט, ס׳הייסט אַ צימער, און זיי האָבן געפּראַוועט אַ סעודה כּיד־המלך. די שפּייזן זענען געווען אויסגעצייכנט, צוגעפּראַוועט אויפן סיבירער שטייגער. אַפילו דער רוסישער באָרשט איז געווען אַנדעריש ווי אין אַנדערע פּלעצער. הכלל, ס׳איז געווען אַגיל ואשמח.

וואָס אַנבאַלאַנגט פּאָליטיק איז די גאַנצע גרופּע געווען אַריינ־געטאָן אין די פּראָבלעמען פון לאַנד, אַזוי גוט ווי פון דער וועלט. זיי זענען געווען אינטעליגענטע מיידלעך און יונגעלייט. איין מאָל, נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך געהאַט גוט אָנגעטרונקען מיט שטאַרקע געטראַנקען, האָט זיך פּלוצעם איינע פון די מיידלעך אַ זאָג געטאָן:

— חבר גראָסמאַן, פאַרוואָס באַלאַמוטשעט איר? פאַרוואָס גייט איר שוין נישט אין דער אַרמיי אַריין? מ׳דאַרף דאָך האָבן מענטשן אויפן פראָנט!

אויף אַזאַ קלאָץ־קשיא האָט זיך אַהרקע נישט געריכט. די בלוטן אין אים האָבן אויפגעקאָכט.

מיט סאָלדאַטשינע האָט ער זיך שוין געהאַט איבערגעגעסן. ער האָט נאָך דערוויילע קיין צייט נישט געהאַט זיך אָנזעטיקן, כאָטש עטוואָס, מיטן פרייען לעבן. קומט צו גיין אַ פרעמדע „דאַמע" און יאָגט אים, ער זאָל וואָס גיכער אַוועק צו די קאַזאַרמעס, צוריק צום שמוץ, צו אַלערליי געפאַרן. און ווען טוט זי דאָס אים מוסרן, גראָד דעמאָלט ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך צו וואָלונטירן אין דער אַרמיי גלייך נאָך פּסח. און וואָס מיינט דען וואָלונטירן? מיינט עס, אַז מ׳וועט אים געבן דאָרטן לעקעך צו עסן? ווי נאָר ער טרעט אַריין אין דער אַרמיי וועט מען דאָך אים גלייך שיקן צום פראָנט, אָט אַזוי ווי ער דערוואַרט עס.

מיט גרויס כעס האָט ער מיטן קולאַק אַ זעץ געטאָן אינעם טיש, אַזוי שטאַרק, אַז אַלע גלעזער און טעלער האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען און פליען. און דערביי, ווענדנדיק זיך צו יענער רעוואָלוצ־יאָנערקע, האָט ער אויסגעשריען:

— וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר צו שיקן מיך אויפן פראָנט!?

אַצינד זענט איר אַזוי גוט צו מיר, אַזוי זיס... מיט וואָסער פּנים וועט איר אָבער מיך מקבל־פּנים זיין, אויב איך וועל צוריקקומען אַ לעבעדיקער, אָבער אַ בעל־מום, אפשר אָן אַ האַנט, אָדער אָן אַ פוס?

אַלע אַרום האָבן געשוויגן. ס'האָט זיך נישט געהערט קיין פּיפּס. אַ שטומעניש האָט געהערשט אין דער לופט. דערשראָקענע ווי גענדז, זענען זיי געזעסן אַן דער מינדסטער באַוועגונג. נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווײַגן האָט זיך „זײַן" מאַשאַ אָפּגערופן:

— אויב אָן אַ האַנט, גראָסמאַן, וועל איך אײַך נעמען...

אַהרקע האָט געהאַט גרויס הנאה פון מאַשאַס באַמערקונג. פאַרט בעסער ווי גאָרנישט. גלײַכצײַטיק האָט ער אָבער געהאַט פאַריבל אויף איר. פאַרוואָס זאָל זי נישט זאָגן, „אַפילו אָן אַ פוס אויך...".

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַהרקע באַרואיקט און ער האָט זיך צעשמייכלט. און צו איינעם פון די דרײַ יונגעלײַט האָט ער אַפילו געשמייכלט מיט אַ וואונק פון אַן אויג. געמיינט האָט עס: „האָסט געהערט וואָס מאַשאַ האָט געזאָגט? מײַן נישט, אַז דערמיט האָט זי מיך שוין אין גאַנצן אָפּגעקויפט. איך וועל איר זיווג נישט זײַן...".

דער יונגערמאַן איז געווען אַ פּאָליטיש־פאַרשיקטער. זײַן נאָמען איז געווען: יאַקאָב. דער דאָזיקער יאַקאָב איז געווען אַן ערנסטער מענטש און שטאַרק פאַרליבט אין מאַשאַ. ער איז געווען גרייט חתונה צו האָבן מיט איר. אַ גרויסער שטער אויף זײַן וועג האָט ער געזען אין אַהרקען וואָס וועט אפשר בײַ אים צונעמען זײַן זיווג. מיט דעם וואונק צו אים האָט אָבער אַהרקע אים געוואָלט פאַרזיכערן, אַז זײַן חשד איז אַן אומזיסטער.

אינסטינקטיוו האָט זיך בײַ אַהרקען אָנגעקליבן אַ צעטל מיט כללים — אין שייכות צו פרויען — וואָס ער האָט אויסגעפּאָלגט מיט אומבייגעוודיקייט.

ערשטנס: אַ פרוי האָט געדאַרפט זײַן אין גאַנצן פרײַ, ס'הייסט, נישט זײַן פאַרבונדן מיט קיין ליבהאָבער. אין דעם כלל איז אַרײַן אַן אשת־איש. ער האָט נישט געוואָלט פירן קיין קאָנקורענץ מיט קיינעם, אָדער זײַן אין דער ראָלע פון אַ כאַפּער און גורם זײַן אַ חורבן אין יענעמס הויז.

צווייטנס: אַ פרוי האָט געדאַרפט באַזיצן דאָס וואָס אַפּעלירט צו זײַן געשמאַק. זי האָט נישט געמוזט זײַן אַן אסתר המלכה. דערצו, און דאָס איז דער עיקר, האָט זי געמוזט זײַן אַן אײַדעלע אין כאַראַקטער, באַזיצן אינטעליגענץ.

דריטנס: זי האָט אין איר באַציאונג צו אים געמוזט אַרויסווייזן עכטע וואַרעמקייט, כדי דאָס זאָל אים געבן קוראַזש אויף צו דערנענטערן זיך צו איר. וואָרעם דער ווערט פון אַ פרוי צו אַ מאַן ווערט באַשטימט אויף דער באַזיס פון דעם גראַד וואַרעמקייט, וואָס זי האָט פאַר אים. אויב איר וואַרעמקייט איז נול, איז זי פאַרן מאַן ווערט פונקט אַזוי פיל.

פערטנס: קיינמאָל נישט פאַרדרייען אַ מיידל דעם קאָפּ, ווען זי איז גרייט צו גיין מיט אים אונטער דער חופּה, און ער — נישט. נישט טאָן אַזאַ זאַך אפילו דעמאָלט. ווען זי האָט אַלע חנען און באַזיצט אַלע מעלות, לויט זיין באַגריף.

לויט זיינע כללים האָט מאַשאַ געהאַט אַ פּגימה: יאַקאָב. ער איז געווען זייער אַ ליבער מענטש. און אַהרקע האָט נישט געוואָלט שטיין אין זיין וועג. און איבער דעם האָט ער זיך איבער דער גאַנצער צייט, זינט זיין באַקאַנטשאַפט מיט איר, אָפּגעזאָגט פון מאַשאַס ליבע, וואָס האָט זיך געשפּאַרט צו אים ווי אַ פאַרפלייצונג. ס'איז געווען אַזאַ אויפרייצנדיקע קראַפט, וואָס וויניק מאַנסבילן וואָלטן זי געקאָנט ווידערשטיין.

עטלעכע טעג נאָך דעם געשעעניש אין דעם רעסטאָראַן האָט אַהרקע איר, מאַשאַן, אויסדריקלעך געזאָגט, אַז זיי זענען נישט קיין פּאָר. און דאָס, צוליב אַ סך סיבות. און איינע פון די סיבות איז די דערוואַרטונג, מ'זאָל אים אָוועקשיקן צום פראָנט. מאַשאַ האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו זיינע רייד.

— איך בעט נישט ביי דיר קיין צוזאָגענישן. — האָט זי גע־טענהט. — איך זוך נישט קיין תכלית. איך וויל בלויז דיין נאָענט־קייט... דיין נאָענטקייט... דיין נאָענטקייט... בלויז צוליב נאָענטקייט אַליין...

אָפט האָבן זיי געשפּאַצירט אין דרייען: מאַשאַ אין מיטן, אַהרקע און יאַקאָב פון ביידע זייטן. אַהרקע האָט זיך נישט געפילט באַקוועם ווען מאַשאַ האָט אַרויסגעוויזן אירע ליבע־געפילן צו אים אין דער אָנוועזנהייט פון יאַקאָבן. זיין פּנים האָט געברענט פאַר בושה, ווען זי האָט געהאַלטן זיין האַנט, אָנשטאָט יאַקאָבס. ער איז געווען צו סענסיטיוו נישט צו פילן אַז דאָס טוט ווי יאַקאָבן. דער עיקר, ער האָט נישט געוואָלט צעקלאַפּן אַ גוטן שידוך פאַר מאַשאַ.

מאשא איז אָבער געווען איינגעשפּאַרט. ווייזט אויס, אַז זי איז נישט געווען פאַרליבט אין דעם, וואָס איז געווען אַזוי משוגע פאַר־ליבט אין איר.

איינמאָל, ווען יאַקאָב איז נישט געווען דערביי, האָט מאַשאַ פאַרגעלייגט אַהרקען צו דינגען אַ שליטן מיט אַ פּאָר פערד און אַוועק־שליטלען זיך מיט איר איבער די ווייס־פאַרשנייטע וועגן הינטער דער שטאָט. ס'איז גראָד געווען אַ פּראַסטיקער אָוונט. דער הימל איז געווען געדיכט באַזעצט מיט פינקלענדיקע שטערן, אַזעלכע גרויסע בלישטשענדיקע שטערן, וואָס נאָר סיביר פאַרמאָגט זיי.

און אָט זיצן זיי, אַהרקע און מאַשאַ, אין אַ שליטן, צוגעדעקט מיט אַ דיקער דעקע. די פערד האָפּקען, ווי זיי וואָלטן אונטער־געטאַנצט. און דער שליטן גליטשט זיך אַזוי ווייך, אַזוי געשווינד, ווי ער וואָלט געשוועבט אין דער לופטן. ס'איז אים, אַהרקען, געווען פריילעך אויפן האַרץ, אַזוי אָנגענעם ווארעם. ער האָט נישט געפילט קיין באַדערפעניש פאַר ווערטער. ווער וויל דען עפענען דאָס מויל און צעפּאַטשקען אַזאַ זיסע אידיליע פון פאַרליבטע מענטשן און הערלעך־שיינער נאַטור? קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ער ענלעכס נישט איבערגעלעבט. ער האָט אַפילו נישט געחלומט וועגן אַזאַ עולם־הזה. די גאַנצע געשעעניש איז צו אים געקומען אַזוי פּלוצעם, אַזוי אומגעריכט, אַז ער איז גאָרנישט געווען מסוגל איינצוזאַפּן אין זיך אַזוי פיל פרייד מיט איין מאָל.

ביידע זענען זיי געזעסן און האָבן געשוויגן.

מיטאַמאָל האָט אַהרקע דערהערט מאַשאַס שעפּטשענדיקע שטים:

— אַהרקע... כאָלאָדנאָ... אָטשען כאָלאָדנאָ...

ס'הייסט, ס'איז איר קאַלט, זייער קאַלט. און ער, אַהרקע, דער קאַוואַליער, דער מאָדערן־ציוויליזירטער מענטש, איז זיך געזעסן אָפּ־גערוקט פון איר און האָט מורא געהאַט זיך צורירן צו איר, ווי זי וואָלט געווען אַ שטיק מוקצה. אַוודאי, אַן אַנדערער יונגערמאַן וואָלט באַלד פאַרשטאַנען דאָס אָנצוהערעניש פון אירע רייד. אָבער ער, אַהרקע, אַ יונגערמאַן פון 27 יאָר, איז געזעסן ווי אַ גולם און האָט נישט באַנומען, אָדער געמאַכט אַזאַ אָנשטעל פון נישט פאַרשטיין, דעם זין פון איר פילן זיך קאַלט. אמת, ס'האָט אים ווייי געטאָן פאַר אירע הייסע באַגערן וואָס זי האָט אַרויסגעזיפצט אַזוי ווי אַ קראַנקע

וואָס נייטיקט זיך אין אַ טרונק פאַר איר פאַרשמאַכטקייט. ער האָט זיך אָבער באַצוואונגען, נישט געלאָזט זיך איבעררעדן פון דעם שיינעם בילד, וואָס דער יצר־הרע האָט פאַר אים געמאָלט, און בלויז דזשענטל־מעניש אַראָפּגעצויגן פון זיך זיין טייל דעקע און אים אַרויפגעטאָן אויף אירן.

— ווארעמער? — האָט ער געפרעגט, נישט דערוואַרטנדיק קיין ענטפער.

און ער האָט זיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט. זי האָט נישט געלאָזט הערן קיין וואָרט פון זיך.

דאָס איז געווען דער אָנהייב און דער סוף פון זייער שליטלען זיך.

## 81.

## מאָדנע געשעענישן

דער ווינטער איז אַוועק. ס׳האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַן אויסערגעוויינלעך שיינער, ווארעמער פרילינג. אַהרקען האָט זיך געדאַכט, אַזאַ אַזאַ פרילינג ווי אין סיביר איז אין דער גאַנצער וועלט נישטאָ.

איינמאָל אין אַזאַ פרילינג־טאָג — ס׳איז געווען זונטיק — האָט ער זיך אין גאַס באַגעגנט מיט מאַשאַן. ווי נאָר זי האָט אים דערזען איז זי צוגעשטאַנען צו אים, אַז אין אָוונט זאָלן זיי ביידע גיין אויף אַ שפּאַציר אין דעם גרויסן שטאָטישן גאָרטן. איר ליבשאַפט צו אים איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס׳האָט זי גאָרנישט געאַרט וואָס ער האָט איר געהאַט געזאָגט מיט אַ צייט צוריק און ווי ער האָט זיך מיט איר אויפגעפירט אין שליטן. בלויז צו זיין מיט אים איז פאַר איר געווען אַ דערהויבונג.

אַהרקע האָט צוגעשטימט צו איר אָנבאָט — און מאַשאַ, וואָס איז געווען אויפן וועג אַהיים, האָט גענומען אָפּשייד פון אים אַן אויפגעהייטערטע און מיט אַ שמייכל איבער איר גאַנץ פּנים.

אין אָוונט, ווען ס׳איז געקומען די צייט צו גיין צו מאַשאַ, האָט ער אומגעריכט געקראָגן בויכווייטיק. עפּעס האָט זיך ביי אים דער מאָגן געבונטעוועט, ער איז מסתמא קאַליע געוואָרן פון די אַלערליי

געקעכצער, וואָס ער האָט לעצטנס אין זיך אַריינגעגעסן. נישט גערן צו אַנטוישן מאַשאַן איז אַהרקע געגאַנגען, ווי צוגעזאָגט.

אויפֿן וועג מיט איר צום גאָרטן איז אים אָבער געוואָרן אַ סך ערגער. דערצו זענען זיינע נערוון געווען אַזוי אָנגעצויגן, אַז ס׳האָט אויסגעזען זיי וועלן אַ ליאַדע רגע פּלאַצן. דערלעבט אַריינצוקומען אין גאָרטן, האָט ער מאַשאַן אַוועקגעזעצט אויף דער ערשטער־בעסטער באַנק און געבעטן ביי איר אַנטשולדיקונג:

— כ׳וועל צוריקזיין אין אַ ווײַלע... כ׳דאַרף גיין דאָרטן וואו דער קיסר גייט...

ער איז כמעט אויף אַלע פיר געלאָפן זוכן אַ בית־הכסא. ביז וואָס־און־ווען איז אָבער געוואָרן צו שפּעט... אַ קלאָג איז אים! גלייך אין די תחתונים... ער איז געשטאַנען ווי אַ געליימטער, נישט צו קאָנען זיך רירן אַ טראָט. ווען אַ גרוב וואָלט זיך אונטער אים געעפֿנט, וואָלט ער זיך בככבוד גדול אַהינצו אַריינגעלייגט. זיין פּנים האָט געפֿלאַמט פֿון בושה. וואָס טוט מען איצט?

אין דער פֿינצטער האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון אַ הויכן ברעג צום טייך, וואָס איז דאָרטן געלאָפֿן, און גענומען זיך וואַשן. ער האָט געשייערט, געטאָן וויפֿל ס׳איז מעגלעך געווען, כדי אויסצוקוקן לייטיש, און נישט האָבן קיין חשד, אַז מאַשאַ וועט זיך כאַפּן וואָס ס׳איז געשען מיט אים. דאָס האָט אָבער פֿאַרנומען אַ היפּשע צייט.

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט ער געטראָפֿן מאַשאַן נישט די זעלבע וואָס פֿריער. זי איז געווען אָנגעבלאָזן און ברוגז אויף אים. דאָס, אַגב, האָט אים איבערראַשט. נישט געקוקט אויף וואָסער עגמת־נפש זי האָט געהאַט פֿון אים האָט זי אַלעמאָל דאָך געשמייכלט. איצט איז זי אָבער געווען אָנגעדרודלט.

לכתחילה האָט ער זיך געשעמט אויפֿצודעקן דעם סוד פֿון זיין איבערלאָזן זי אַזאַ היפּשע צייט. געזען אַז אָן אַרויסקומען מיטן אמת וועט ער איר נישט קאָנען פֿאַררעדן די ציין, האָט ער מיט געפּאַלנקייט און חרפּה גענומען דערציילן.

מאַשאַ האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז זי האָט זיך גענומען האַלטן ביי די זייטן.

— כ׳האָב געמיינט, — האָט זי קוים אַרויסגערעדט אירע ווערטער בעתן קייכן פֿון געלעכטער, — אַז דו האָסט מיך איבער־

געלאָזט אויף הפקר און ביסט אַנטלאָפן וואו דער פעפער וואַקסט...

נאָכדעם האָט זי אָנגענומען זיין אָרעם און אים מוטערלעך געמוסרט, הלמאי ער האָט איר פריער נישט אַנטפּלעקט די סיבה פון זיינע וויטיקן. ביידע וואָלטן זיי געוועזן אויסגעמיטן דאָס עגמת-נפש.

אָט אַזוי האָט זיך אויך פאַרענדיקט זייער ערשטער — און לעצטער — שפּאַציר זאַלבענאַנד אין דעם שיינעם גאָרטן פון אירקוטסק. געווײנלעך זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אין גרופּעס, בחורים און מיידלעך. אין כאַפּטעס איז געווען פריילעכער. און אַז ס'האָט שוין יאָ פּאַסירט אַ שפּאַציר אין צווייען, אָן באַגלייטערס, איז עס געווען אַ דורכ־אויסיקער דורכפאַל. קיין וואָרט האָט זיך בעת יענעם „שפּאַציר" נישט געקלעפּט. דער אָפּגעדעקטער סוד האָט צעשטערט אַלץ, וואָס ביידע האָבן, נישט אַרויסגערעדטערהייט, דערוואַרט.

די זעלבע וואָך איז מיט אַהרקען געשען אַ צווייטער נישט־אָנגענעמער צופאַל, ווי ס'וואָלט געווען דעם שטנס אַ שפּיל...

ס'איז געווען אין אַ פּריוואַטיק-צונאָכט. אַהרקע, מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די טרעפּ פון אַ גרויסן זאַל, וואו דער פּירער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, צערעטעלי, האָט געהאַלטן אַן איינדרוקספולע רעדע. פונקט קעגנאיבער אים האָט געהאַלטן אין אַרויפגיין מיט די טרעפּ אַ ייד, מיט אַ קורץ-געשוירן בערדל. מיט־אַמאָל איז ער שטיין געבליבן און מיט גרויס חידוש האָט ער געזאָגט:

— אוי, אוי, געוואַלד צו שרייען! אברהם איטשעס אַ זון זאָל רייכערן אין שבת?...

אַהרקע האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט איבערראַשטקייט געקוקט אויף דעם ייד:

— פון וואַנען ווייסט איר ווער איך בין? — האָט אַהרקע אים געפרעגט.

— אייער פּנים מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד זאָגן עדות אַז איר האָט אַ שייכות מיט ר' אברהם איטשען.

— איר האָט געטראָפן. און ווער זענט איר?

— איך קום פון סטאַראָבין. און דאָ אין אירקוטסק בין איך דער שמש פון שול.

אַהרקע איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער. וואָס פאַר אַ צופאַל! סטאַראָבין און סיביר... אַ קליין וועלטעלע...

ביים צעשיידן זיך האָט דער שמש געגעבן אַהרקען זיין אַדרעס — און אַהרקע האָט אים קירצלעך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט.

געוואוינט האָט דער שמש אין אַ שיין הויז, מיט אַ גרויסן הויף, אַקוראַטנע אַרומגעצאַמט מיט שטאַכעטן. אין הויף האָבן זיינע קינדער געשפּילט אין קראָקעט. דאָס הויז און דער לעבנס־שטייגער פון די קינדער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַהרקען. ס'איז גאָרנישט געווען קיין פאַרגלייך מיט דער וואוינונג פון די שמשים אין אַהרקעס קליין שטעטעלע לולין. און ווער שמועסט נאָך וועגן אַ פאַרגלייך מיט דעם שטייגער לעבן פון די שמשימס קינדער, דאָס וואָלט געווען טיפּשות.

זיצנדיק אין הויז, פּנים אל פּנים מיטן קמץ־בערדלדיקן ייד, האָט זיך אַהרקע פון אים דערוואוסט אַז צו זיין אַ שמש ביי די אירקוטסקער יידן איז נישט געווען קיין שווערע אַרבעט. די שול־יידן זענען געווען שטומפּיק אויף דער עברי, און אין הילכות יידישקייט האָבן זיי געוואוסט אַזוי פיל ווי די רוסישע פּאָפּעס. אָנשטאָט דעם האָבן זיי אָבער פאַרמאָגט עפּעס אַנדערש — אַ האַרץ פון גין־גאָלד. פאַר אַ פריינד וועלן זיי אָפּגעבן זייער לעצט העמד. זיי האָבן זייערע אייגענע באַגריפן וועגן פרומקייט. אַ גאַנץ יאָר עסן זיי פאַרפרוירן טריף פלייש, אָבער אויף פּסח מוז דאָס פלייש זיין פריש און כשר.

פאַר פּסח ווערט ביי זיי אַן אמתע מהומה. זיי קאַלכן די הייזער, סקראָבען די דילן, די פענסטער, די שענקלעך, פּונקט אַזוי ווי אין שטעטעלע לולין. זיי האָבן אָבער געטאָן נאָך עפּעס. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט די נעגל פון די ווענט און זיי פאַרביטן מיט נייע. די מורא פאַר חמץ איז ביי זיי געווען גוואַלדיק גרויס. פיל יונגע פאַר־פעלקערע זענען אָפּט אַוועקגעגאַנגען צו זייערע טאַטע־מאַמע פאַר דער גאַנצער וואָך פּסח, כדי נישט ניכשל ווערן אין עפּעס אַ זינד, וואָס האָט אַ שייכות מיט חמץ. אָפט זענען זיי געלאָפן צום רב מיט אומוויכטיקע שאלות, אָבער ביי זיי זענען די שאלות געווען פון אום־געהויערן באַדייט.

נישט לאַנג נאָך זיין וויזיט איז אַהרקען טאַקע אויסגעקומען צו הערן אַזאַ מינדערוויכטיקע שאלה. דאָס איז געווען אין הויז, וואו ער האָט געוואוינט. ס'איז געווען אין פּסח. ער איז געזעסן אין זיין צימער און האָט געטרונקען טיי פון דעם זעלבן גלאָז וואָס אַ גאַנץ

יאָר. זענען צו אים צוגעקומען דער באַלעבאָס און זיין ווייב און האָבן אים מיט גרויס פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט:

— חמץ, גאָספּאָדין גראָסמאַן? איר טרינקט פון אַ חמצדיק גלאָז? — האָבןביידע געפרעגט מיט פאַרצאַפּלטקייט אויף איין מאָל.

כאָטש אַהרקע האָט נישט געוואָלט פסקענען קיין שאלות, דאָך — צוליב זייער אָרויפקוקן צו אים און חשיבותדיקער באַציאונג — האָט ער זיי געגעבן אַ דערקלערונג:

— אַ גלאָז איז כשר לפסח, אויב מ׳וואַשט דאָס אויס מיט זודיק וואַסער.

זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי ער וואָלט אַראָפּגעבראַכט דעם הימל צו דער ערד. ס׳איז זיי גאָרנישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס איז מעגלעך. זיי האָבן נאָכדעם געקוקט איינס אויפן צווייטן און געהויבן מיט די אַקסלען:

— מ׳לעבט און מ׳ווייסט נישט...

— די אויגן עפענען זיך דיר, אַז מ׳רעדט מיט אַ געלערנטן...

גלייך נאָך פסח האָט אַהרקע זיך גענומען גרייטן צו מעלדן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. קודם כל איז ער אַריין צו אַ שערער און האָט געהייסן אים אָפּראַזירן די לאַנגע באָרד. דער שערער האָט זיך נישט געאיילט און איבערגעפרעגט עטלעכע מאָל:

— טאַקע ערנסט? אָפּשניידן די גאַנצע באָרד? אַזאַ שיינע באָרד?

אָן קווענקלענישן האָט אַהרקע אים פאַרזיכערט, אַז ער זאָל דאָס טאָן. טאַקע אַזוי ווי ער בעט אים.

אַז די דינסט פון זיין דירה האָט געעפנט פאַר אים די טיר איז זי געבליבן שטיין מיט אַרויסגעבאָלטע אויגן:

— ווער זענט איר, גאָספּאָדין?

געמיינט האָט זי, אַז זי האָט געעפנט די טיר פאַר דעם קוואַר־טיראַנט, אָבער דאָ שטייט גאָר פאַר איר אַ ווילד־פרעמדער מענטש.

— באָזשע מוי! — האָט זי אויסגעשריען נאָכדעם ווי אַהרקע האָט נישט באַנומען איר אויפפירן זיך און געשוויגן.

אַז ער האָט זיך געכאַפּט וועגן איר פאַרלעגנהייט, האָט ער זיך צעלאַכט:

— נאַטאַשאַ, דערקענסט מיך נישט?

לאַכנדיק האָט נאַטאַשאַ זיך אַנטשולדיקט פאַר איר טעות, אָבער מיט אויפריכטיקייט אים געזאָגט, אַז מיט דער באָרד האָט ער אויסגעזען אַ סך שענער.

— איר האָט אויסגעקוקט — האָט זי געפינטלט מיט אירע בלויע אויגן — ווי אַן אַריסטאָקראַט... ווי דער מאַן וואָס הענגט דאָ אויף דער וואַנט... כ'מיין... מ'רופט אים דאָקטער הערצל... און די וואָנצעס, וואָס איר האָט זיך איבערגעלאָזט זענען נישט אַזוי שיין פאַר אייך. איר זעט אויס ווי אַ קאָזאַק...

אַהרקע האָט געהאַט אַ ביסעלע עגמת-נפש דערפון. אפשר נישט געדאַרפט אָפּשערן די באָרד? אויב יאָ, אפשר שוין געדאַרפט אַראָפּ-האַקן אויך די קאָזאַצקע וואָנצעס? יעדנפאַלס, קיין וואָזשנער ענין איז דאָס ביי אים נישט געווען. יאָ געפעלן, נישט געפעלן, ער האָט געהאַט בילכערע דאגות אויף זיין קאָפּ. ער איז מיט זיין גאַנץ לייב-און-לעבן געווען אַריינגעטאָן אין סאָציאַלע ענינים, ווי צו פאַרבעסערן דעם קיום פון מענטשן, ווי צו פאַרגיכערן דעם אָנקום פון באחרית הימים. איז וואָס גייט אים אָן אַ באָרד, אָדער אַ פּאָר וואָנצעס, צי זיי מאַכן יאָ אַ געהויבענעם איינדרוק אויף אַ מיידל, צי נישט?

## .82

## נייע באַציאונגען

אַריינגעקומען אין דער קאָמענדאַנטור, האָט אַהרקע דער-פילט אַז ער איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט. יעדער האָט אַרויסגעוויזן צו אים אַ פריינדלעך פּנים. ס'איז גאָרנישט געווען צו פאַרגלייכן מיט דעם קבלת-פּנים, וואָס ער האָט אַמאָל געקראָגן אין דער לאָדזשער פּריסוטסטווע. די טשינאָווניקעס דאָ האָבן זיך געוואונדערט ווי אַזוי און וואו ער האָט זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן אַזאַ לאַנגע צייט ווי ניינצן חדשים. אָבער גיי דערצייל זיי על רגל אחת די פּרטים. אַהרקע האָט ווי אַ בעל-נצחון געשמייכלט אין זיינע וואָנצעס — און זיי האָבן מיטגעשמייכלט. נייע ווינטן האָבן געבלאָזן...

אין די קאַזאַרמעס איז נישט געווען די צאַרישע דיסציפּלין. יעדע נאַכט איז מען געגאַנגען אַהיים שלאָפן, ס'הייסט, יעדער צו

זיין געדונגן צימער. און בייטאָג האָט מען זיך נישט איבערגעאַרבעט. די אָפּיצערן האָבן מורא געהאַט פאַר די סאָלדאַטן צו זאָגן אַ קרום וואָרט. אַ שלעכטער אָפיצער האָט געמוזט באַהאַלטן זיין רישעות. אויב ער האָט נאָך געוואָלט זשיפּען אויף דער וועלט. אין אַ סך אָפּטיילונגען האָבן זעלנער גענומען נקמה אין די אָפיצערן אַפילו פאַר זייער אַמאָליקער שלאַנגישקייט. פאַר אַהרקען, וואָס איז דורכגעגאַנגען שבעה־מדורי־גיהנום אין צאַרס צייטן מיט אַזעלכע רשעים ווי קאַפּיטאַן שאָקע, קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו, האָט איצט אַלץ אויסגעקוקט ווי אַ קינדער־שפּיל.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם קאַפּיטאַן שאָקע, האָט אַהרקע שוין לאַנג געוואוסט, אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה. דאָס האָט אים דערציילט פּראָלענקאָ דער „פּיסאַר" פון דער זיבעטער ראָטע ווען זיי האָבן זיך געהאַט באַגעגנט אין אַ וואַרשעווער באָד. וועגן דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו האָט ער גאָרנישט געוואוסט. און אויב ער לעבט, איז וואָס וואָלט ער, אַהרקע, געטאָן ביי אַ באַגעגעניש מיט אים? וואָס, וואָס, אָבער ער וואָלט אים נישט דערשאָסן, כאָטש אַ מיתה־משונה איז אים געווים געקומען. ווי פאַר אַ דיסציפּלינירטן רעוואָלוציאָנער, וואָס פאָלגט אויס די באַפעלן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, נישט צו נעמען קיין נקמה אין אָפי־צערן פאַר זייערע אַמאָליקע זינד, וואָלט אַהרקע נישט אָפּגעגעבן דעם קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו קיין טשעפּט און נישט דערלאַנגט די האַנט. דאָס אַלץ... וואָס דען וועט טאָן אַ ייד, דערצו אַזעלעכער וואָס גלייבט נישט אַז דער מענטש ווערט געבוירן שלעכט, אָדער גוט? ער האָט אַלעמאָל געגלייבט, אַז דער מענטש דאַרף אונטער אַלע אומשטענדן ניצן זיין שכל, אָדער דעם פרייען ווילן. און אויב ער פירט זיך דאָך אויף שלעכט, דאַרף מען אים איבערדערציען.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אַהרקע און הונדערטער אַנדערע האָבן געקראָגן אַ באַפעל אָפּצופאָרן צום פראָנט, וואו זייער אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַן אָנגריף אויף די דייטשן.

דעם לעצטן אָוונט האָבן אַהרקעס חברים איינגעאָרדנט אַ הוליאַנקע ביי אים אין צימער. נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער טומל איז אַריבער, זענען אין צימער געבליבן דריי פּערזאָן: אַהרקע, זיינער

א חבר, א סאָלדאַט פון זיין ראָטע, און מאַשאַ. א מידער, א פאַר־שלאָפענער האָט אַהרקעס חבר א זאָג געטאָן:

— איר ווייסט דאָך, אז כ׳וואָלט צו ווייט פון דאַנען... וואָלט איך געקאָנט דאָ איבערנעכטיקן, אַהרקע?

אומגעריכט איז גלייך נאָך זיין אָנבאָט געשען אַזעלכעס, וואָס אַהרקע האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט עס זאָל געשען. נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו ענטפערן זיין חבר, האָט מאַשאַ, ווי א טיגערטע, א שפרינג אויף געטאָן פון איר שטול און מיט פאַר־צווייפלונג אין איר הילכיקער שטים אויסגעשריען צום רעוואָלוציאָ־נערן סאָלדאַט:

— וואָן אָטסודאַ! וואָן — — —!!

דער חבר, אַהרקעס, האָט זיך געפילט שטאַרק דערשלאָגן. פאַרוואָס קומט עס איר צו זאָגן, ער זאָל זיך אָפּטראָגן פון דאַנען? וואָס אַזעלכעס האָט ער געטאָן, אָדער געזאָגט? ער האָט זיך אָבער גאָרנישט אָפּגערופן און איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ גלייך אַוועק.

אַהרקע האָט געהאַט מיטלייד מיט זיין חבר. ער האָט אָבער אויך מיטגעפילט מיט מאַשאַן. דאָס איז דאָך דער לעצטער אָוונט וואָס זי האָט א געלעגנהייט צו זיין אַליין מיט אים, אַהרקע. זי האָט זיך לעצטנס א פאַרבענקטע א סך געגרייט דערצו. און ווען דאָס וואָלט זיך אויסגעלאָזט פאַר איר מיט גאָרנישט, וואָלט עס איר א גאַנץ לעבן געפעלט. זי וואָלט זיך געפילט ווי אויף אייביק פאַרוואונדעט. פּאַמעלעך, מיט דראָבנע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו דער „טיגערטע", וואָס איז געזעסן אויף זיין געלעגער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און זי אַרומגענומען.

— דיין אויסברוך, מאַשאַ, — האָט ער שעפּטשענדיק געזאָגט אין איר פּנים אַריין, — האָט מיך נאָך מער איבערצייגט ווי אומגע־ווינלעך שטאַרק דו ביסט צוגעבונדן צו מיר. קאָנסט נישט פאַרטראָגן קיינעם וואָס נעמט ביי דיר אַוועק די געלעגנהייט צו פאַרברענגען מיט מיר...

מאַשאַ האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט אים בלויז א ציי געטאָן צו זיך, אַרויפגעוואָרפן זיך מיט אירע ליפּן אויף זיין מויל און נישט אַרויסגעלאָזט אים פון זיינע אָרעמס פאַר דער לענגסטער צייט.

פאַרטאָג, נאָך אַ קורצן שלאָף אויף זיין געלעגער, האָט זי געעפנט די אויגן און געקוקט אויף אים.

— אַהרקע... — האָט זי געפליסטערט אין זיין פּנים אַריין.

— פאַר נישט צום פראָנט. בלייב דאָ... מיט מיר...

אַהרקע איז שוין לאַנג וואַך געווען. ער איז געלעגן האַרט לעבן איר און האָט מיט אַנטציקטקייט געקוקט אויף איר. געהערט איר געבעט און אָנבאָט, האָט ער אַ לענגערע צייט געשוויגן, נאָכדעם נישט-ווילנדיק פאַרבלאָזט איר האָפענונג.

— ס'איז צו שפּעט, מאַשאַ טייערע... — האָט ער מיט לענגערע פּויזעס צווישן די ווערטער געזאָגט. — איך טאָר נישט דעזערטירן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי...

מאַשאַ האָט אַוועקגעדרייט דאָס פּנים פון אים און נישט געענטפערט. זי האָט געשוויגן אַ פאַרקלעמטע און מיט טרערן אין אירע אויגן.

אַז זיי זענען אַרויס אין גאַס איז שוין געווען צייט פאַר מאַשאַ צו גיין צו דער אַרבעט. אַהרקע האָט זי צוגעפירט צו דער טיר פון דער קראָם, וואו זי איז געווען אַ פאַרקויפערין פון שיך, און נאָכדעם האָט ער זיך איינער אַליין געלאָזט צו וואָקזאַל, וואו זיינע חברים סאָלדאַטן האָבן געוואַרט אויף אים.

מאַשאַ האָט אַהרקען אין גאַנצן צענומען. זי האָט אים באמת באַצויבערט. איצט האָט ער זיך ערשט געכאַפּט ווי טיף און ברויזנדיק זי האָט אים ליב. גלייך פון וואָקזאַל האָט ער איר אַוועקגעשיקט אַ לאַנגן בריוו. און נאָכדעם האָט ער נישט פאַרפעלט צו טאָן דאָס זעלבע פון יעדער סטאַנציע, וואו נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געפילט איר ווייטיק. ער האָט געוואָלט דאָס פאַרגרינגערן אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען. ס'האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן הלמאַי ביז דער לעצטער מינוט האָט ער פאַרשטויסן אַזאַ ערלעכע, איבערגעגעבענע ליבשאַפט פון אַזאַ זויבערער פערזענלעכקייט ווי ס'איז די דאָזיקע מאַשאַ. ווען נישט דער כּוח פון זיין אמונה אין דער רעוואָלוציע, וואָלט ער, אָן דעם מינדסטן ספק, אומגעקערט זיך צוריק קיין אירקוטסק, צו זיין מאַשאַ, אַנשטאָט צו פאָרן צום פראָנט. בלויז אַ געוועזענער ישיבה-בחור — האָט ער אָן אָנגעדרודלטער, אַ געשלעכט-לעך צערייצטער פון מאַשאַס קערפּערלעכער נאָנטקייט, געטראַכט דעם

גאַנצן וועג, — און דערצו אַ פאַנאַטיקער פון דער רעוואָלוציע האָט געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ קאַפּוירדיקע זאַך... בלויז אַזוינער...

## 83.

## רעוואָלוציאָנערן

כאָטש די רעוואָלוציע האָט געפלאַקערט, דאָך האָט מען די סאָלדאַטן אַריינגעשטופּט אין די זעלביקע שמוציקע פראַכט־וואַגאָנען, ווי אין צאַרס צייטן. מ'האָט זיי אַריינגעפּאַקט ווי הערינג אין אַ פעסל. אָבער אויך דער קלאַסן־צוזאַמענשטעל פון די סאָלדאַטן איז געווען דער זעלביקער ווי פריער: מוזשיקעס, אַרבעטערס און גלאַט אָרעמע־לייט.

אין די וואַגאָנען האָט מען געררייכערט מאַכאָרקע. געשפּילט אין קאָרטן, די באַוואוסטע שפּיל „21", און געשאָסן מיט נבול־פּה. דער אַריינזאָג „אין דער מאַמען אַריין" איז נישט אַראָפּ פון זייערע ליפּן. אַ געוויסער אונטערשיד אין זייער אויפפירן זיך איז אָבער יאָ געווען. זיי, די סאָלדאַטן, האָבן געהאַט אַ שטיקל דעה. זיי האָבן געקאָנט שטעלן פאָדערונגען צו די קאָמאַנדירן און ניצן זיי פאַר זייער וואוילטאָג.

אין צוג האָט זיך פאָרמירט אַ קאָמיטעט, וואָס האָט אויס־געאַרבעט אַ פּלאַן. אין דעם פּלאַן האָט זיך געזאָגט, אַז דער עשעלאָן זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אַ מעת־לעת ערגעץ לעבן אַ גרויסער שטאָט, וואו מ'זאָל קאָנען אַ הוליען טאָן. דעם פּלאַן האָט מען איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדיר — און ער, פאַרשטייט זיך, האָט נישט געהאַט דעם קוראַזש אָפּצוזאָגן.

נו, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט ביי אָמסק. זאַטע, אויס־גערוטע, האָבן זיך די סאָלדאַטן אַ לאָז געטאָן אין דער שטאָט אַריין זוכן פריילעכע פלעצער, אַ הוליע טאָן, איידער זיי ווערן אַריינ־געוואָרפן אין די אָקאָפּעס פון דעם פראָנט. גרופּקעס פון זעקס, פון אַכט פערזאָן האָבן זיך צעשאָטן איבער די גאַסן מיט הונגעריקע אויגן, וואָס האָבן געזוכט, געשנישטערט.

גראַד האָט עס זיך געמאַכט אַזוי, אַז פונקט יענער נאַכט האָט

אַן אַפּיצערן־שולע פאַרענדיקט אירע קורסן, און די אַפּיצערן, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזעלכע, האָבן פאַרכאַפּט אַלע „הייזקעס״ פון שטאָט. די פּראָסטע סאָלדאַטן האָבן קיין צוטריט נישט געקאָנט קריגן.

אין די צאַרישע צייטן וואָלט דער נעבעכקע, דער סאָלדאַט, געשוויגן. ער האָט דען געהאַט אַ ברירה? איצט איז דאָך אָבער „סוואָבאָדאַ״, פרייהייט! האָבן זיי זיך געשלאָגן מיט די אַקאַדעמיע־אַפּיצערן, אַפילו געשאָסן איינע אויף די אַנדערע. איינע אַ גרופּע, מיט אַ פירער גאַווריליאָוו בראָש, איז געווען אַ געלאַסענע, מער באַוואוסטזיניק אין דעם ענין רעוואָלוציע. אַהרקע האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי. מיט „נאָכגעשלעפּט״ האָט עס געמיינט, אַז ער איז געווען אַ פּאַסיווער באַטייליקטער אין דער גרופּע. ער האָט נישט געהאַט בדעה איבערצוקערן קיין וועלטן אין אַמסק. אַלע זענען געגאַנגען, איז ער אויך געגאַנגען. וואָס וועט ער טאָן איינער אַליין אין וואַגאָן?

אָבער אויך דער באַוואוסטזיניקער רעוואָלוציאָנער גאַווריליאָוו מיט דער געלאַסענער גרופּע האָט פאַרלוירן זיין געדולד. וואָס וועט ער האַלטן אין אַרומלויפן פון איין פּלאַץ צום אַנדערן, וואָס זענען פול מיט אַפּיצערן? האָט ער באַשלאָסן צו באַלאַגערן אַ „הייזקע״ און היטן טיר און פענסטער. ס׳האָט געהייסן: אַרויסלאָזן די אַפּיצערן פון דאָרטן — יאָ, אָבער אַריינלאָזן אַנדערע אַפּיצערן — נישט. דאָס אַריינלאָזן איז רעזערווירט בלויז פאַר זיין גרופּע. נו, האָבן זיי געוואַרט אַ שעה נאָך אַ שעה — און קיינער איז נישט אַרויס. ס׳האָט שוין באַלד אָנגעהויבן צו טאָגן. דער עולם האָט גענומען מורמלען:

— ס׳איז נישט קיין עסק צו זיצן אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט...

— אַ נאַכט אַוועקגעהרגעט אויף גאָרנישט.

— באַלד, באַלד דאַרף מען שוין צוריקגיין צום צוג.

— ווער ווייסט צי ס׳וועט זיך מאַכן נאָך אַזאַ געלעגנהייט.

— די צייט לויפט. מ׳מוז עפּעס טאָן...

און גאַווריליאָוו, אַ יונג מיט ביינער, האָט טאַקע גענומען טאָן. ער האָט אויסגעבראָכן אַ שויב פון אַ פענסטער און אַריינגעשריען אין דער הייזקע מיט אַ פעסטן אולטימאַטום:

— שוין די מינוט זאָל מען עפענען די טיר! אויב נישט, וועלן די געסט, וואָס וואַרטן אין דרויסן, נעמען דאָס הויז מיט שטורעם...

ס'האָט געווירקט. די טיר האָט זיך געעפנט — און די „געסט" זענען אַריין. געבליבן שטיין זענען זיי אין דעם פֿאָדערשטן צימער. ס'האָט נישט געגומען לאַנג און צוויי יפהפיות, צעשראָקענע פעטע מיידן, האָבן זיך באַוויזן.

גאַווריִלאָוו און זיין שני־למלך פעטראָוו זענען גלייך פֿאַר־שוואונדן מיט די צוויי „ליאַלקעס". זיי זענען דאָך די אָנפֿירערס, קומט זיי, פֿאַרשטייט זיך, די בכורה! און די איבעריקע זענען געבליבן וואַרטן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף בענק און דערוואַרט אַ ליאַדע מינוט זאָל קומען זייער ריי. נו, האָבן זיי געוואַרט 15 מינוט, אַ האַלבע שעה. דריי פערטל שעה... ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואַרטן? צווישן עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברומעניש און אַ טענה:

— וואו זענען די איבעריקע מיידלעך?

געזעסן אַ שלאַנקע, דאַרע בלאָנדינקע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפֿן איבערן הויז, האָבן זיי, די חברה, זי אָפּגעשטעלט און אַלע אין איין קול האָבן געפֿרעגט:

— וואו זענען די איבעריקע מיידלעך?

געווען איז זי די „מאַדאַם". און זי האָט דאָס טאַקע פֿריער געעפֿנט די טיר. אויסגעהערט די טענה, האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט:

— מער ווי צוויי מיידלעך האָב איך נישט... און די צוויי האָבן געהאַט אַ זייער שווערע נאַכט. כ'ווייס נישט צי זיי וועלן קאָנען אויפֿנעמען מער געסט... און דאָס, צוליב די אָפֿיצערן, און אויך דערפֿאַר ווייל היינט איז מאָנטיק.

איינער פֿון דער גרופּע האָט איר איבערגעריסן אין די רייד:

— מיט וואָס איז מאָנטיק אַנדערש פֿון אַנדערע טעג?

— גאָר איינפֿאַך... — האָט די מאַדאַם געענטפֿערט. — אין די זונטיקס ווערן די ציווילע יונגעלייט אָנגעצונדן מיט דעם תאווה־פֿלאַם צו זייערע געליבטע פֿריילינס, און אין די מאָנטיקס קומען זיי צו אונדז אויסצולעשן דאָס פֿייער... איר פֿאַרשטייט? די צניעותדיקע געליבטע זייערע ווילן, אָדער מוזן, בלייבן בתולות ביז צו זייער חתונה, פֿאַרשטאַנען?

די גרופּע האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, אָבער זיי זענען סיי ווי נישט געווען צופֿרידן.

— אָבער — האָט די מאַדאַם ווידער גענומען רעדן — אויב

עמעצער פון אייך וועט איינשטימען, וועל איך אַליין אַרויסהעלפן... איך טו עס קיינמאָל נישט, נאָר פאַר אייך, בידנע סאָלדאַטשיקעס, וועל איך מאַכן אַן אויסנאַם... כ'שווער פאַר אייך, דאָס איז דער ריינער אמת.

אַ טויטע שטילקייט האָט אַלעמען באַהערשט. יעדער איינער האָט גענומען מעסטן די מאַדאַם פון קאָפּ ביז די פיס.

— עע, אויך מיר אַ מיידל! — האָט איינער אַ זאָג געטאָן צו זיין שכן. — נישטאָ אויף וואָס צו קוקן.

— ריכטיק, — האָט אַ צווייטער אַ ברום געטאָן. — דאַר, גלייך ווי אַ סטרונע, נישטאָ קיין שמאַלץ... נאָר ביי פּריצים זעט מען אַזאַ פּאַניענקע...

— ניין, זי צינד נישט אָן... — האָט אַ דריטער זיך געברעקלט מיט איר.

— מ'דאַרף איר גלייבן אויפן וואָרט, — האָט אַן אַנדערער שטיל געכאַכאַטשעט, — אַז זי איז נאָך אַ פריילין...

ניין, קיינער האָט זיך נישט גערירט. יעדער האָט געוואָלט פעטע, גרויסע מיידן. און זי, די מאַדאַם, איז געשטאַנען און האָט געוואַרט.

מיטאַמאָל האָט די גאַנצע גרופּע סאָלדאַטן אַנגעשטעלט די אויגן אויף אַהרקען דעם אינטעליגענט:

— גראַסמאַן, נעם זי! — האָט איינער פון דער גרופּע אַ זאָג געטאָן צו אַהרקען. — זי איז צוגעפּאַסט פאַר דיר...

דער מאַדאַמס ביינערדיק פּנים איז געוואָרן פאַרכמורעט. אירע ליפּן האָבן זיך צונויפגעשטשעמעט. זי האָט איצט געקוקט אויף אַהרקען און געוואַרט אויף זיין ווילקייט צו גיין מיט איר אין אַ באַזונדער צימערל. אָבער אַהרקע האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט זי צו נעמען. ער איז געזעסן אויף דער הילצערנער באַנק, ווי פאַר זיך, און האָט נישט געענטפערט. אַזאַ ווי זי — האָט ער געטראַכט — איז נישט די פרויען־פיגור פון זיינע חלומות. דערצו איז די סביבה נישט קיין ראָמאַנטישע. אַלץ איז דאָ בפרהסיא, ווי אַ מאַרק־פּלאַץ, וואו מ'פאַרקויפט אַלערליי סחורות. אחוץ דעם האָט אים אַרומגענומען אַ נודנעקייט צום גאַנצן אַרום, אויך אַ בושה פאַר זיין געפינען זיך אין

אַ זנות־הויז, און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום דרויסן נאָך פרישער לופט.

פּאַוואָליע, ווי שלעפּנדיק אַ שווערע משא, איז ער אַוועק צום וואַגאָן פון זיין באַן.

נישט לאַנג נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט האָט דער לאָקאָמאָטיוו פאַרהילכט די לופט מיט אַ פאַרטויבנדיק געפּייף, אָנזאָגנדיק די הוליענדיקע סאָלדאַטן אין זייערע פאַרשידענע פּלעצער פון שטאָט, אַז די באַן גייט קירצלעך אָפּ. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און מחנותווייז האָט דער עולם סאָלדאַטן אָנגעהויבן קומען צוריק פון די פּראָסטיטוציע־הייזער.

אין די וואַגאָנען האָבן די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן ווידער זיך גענומען צו דער קאָרטן־שפּיל „21״, און דער רויך פון מאַכאָרקע האָט אויפסניי פאַרעיפּושט די לופט.

## .84

## אַהרקעס ספקות וועגן זיך

צום צווייטן מאָל האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט אין וויאַטקע. דאָס איז געווען אַ שטילע שטאָט מיט אַ סך קלויסטערס. ס׳האָט זיך קוים געגלייבט, אַז דאָס איז די הויפּטשטאָט פון דער וויאַטקער גובערניע, מיט אַ גובערנאַטאָר און מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג.

ביי טאָג איז אַהרקע אַרומגעגאַנגען אין מאַרק. די קרעמערס זענען געזעסן ביי די טירן, האַלב־פאַרשלאָפן, און האָבן זיך געפּעכערט פון דער היץ. דאָס האָט אים שטאַרק דערמאָנט אין סלוצק.

אין אָוונט האָט זיך חברה סאָלדאַטן אַ לאָז געטאָן אין דער שטאָט אריין. אַהרקע האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצוגיין מיט זיי. ער האָט נישט געוואָלט זיין איינער פון אַ סטאַדע וועלף, וואָס זוכן עפּעס צו פאַרצוקן. ער האָט געוואָלט מאַכן שבת פאַר זיך. ער האָט געהאָפּט אויף אַ נס: אפשר וועט ער אַריינפאַלן אין אַ שיין ראָמאַנטיש פּלאַץ, וואו ער וואָלט פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען.

זיין כוח־הדימיון האָט פאַר אים געמאָלן קאָלירפולע בילדער פון גרויסאַרטיקע סאַלאָנען, מיט די שענסטע טעפּעכער און געשליפענע

שפּיגלען, וואו פּרויען, פול מיט חן, אויסגעפּוצטע אין עסיק און האָניק, זיצן אויף ווייכע קושעטקעס און הערן זיך איין אין דינע קלאַנגען פון אידילישער מוזיק, וואָס פאַרזיסט און פאַרהימלישט די אַטמאָספערע.

געווים — האָט ער געטראַכט — איז דאָס נישט קיין פאַנטאַזיע. ס'זענען געווים פאַראַנען אַזעלכע פּלעצער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, דערזען אַ דראָשקע און געבעטן דעם אַנטרייבער צו פירן אים צו אַ פריילעך הויז. דער אַנטרייבער האָט פאַרשטאַנען וואָס אַהרקע האָט געמיינט און ער האָט אים אָוועקגעפירט צום עק־שטאָט, וואו ס'איז געשטאַנען אַ קליינע כאַטקע מיט נידעריקע פענסטער, וואָס זענען געווען עטוואָס איבער דער ערד.

דער אויסקוק פון דעם „פּאַלאַץ" האָט אים נישט געשמעקט. ס'האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויף אים.

— וואַרט... — האָט ער געזאָגט צום אַנטרייבער. — וואַרט ביז מיין אַרויסקומען.

דער אַנטרייבער האָט איינגעשטימט.

דאָס ערשטע צימער, וואו אַהרקע איז אַריין, איז געווען די קיך. זי איז געווען כמעט פינצטער. דאָ האָט אים באַגעגנט די „מאַדאַם". צוערשט האָט זי פאַרלאַנגט דאָס געצאָלטס אין פאָרויס און נאָכדעם, ווען ער האָט עס געטאָן, האָט זי אים אַריינגעלאָזט אין אַ שמאָלן אַלקער, אָן פענסטער און אָן אַ טיר. בלויז אַ ציצינע פאָרהאַנג האָט פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג.

דער אַלקער איז באַלייכט געווען פון אַ קליין לעמפּעלע. אַ נקבה מיט אַ נאַריש פּנים איז געזעסן אויף אַ בעט, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ וואַנט. צופוסנס פון בעט אויפן דיל, איז געשטאַנען אַ בלעכענע שיסל. פון דער סטעליע האָבן געקאַפּעט טראָפּנס וואַסער. יעדער טראָפּן האָט הילכיק אָפּגעקלאַפּט אין דער בלעכענער שיסל, וואו ס'איז געווען וואַסער. דאָס זענען זיי אַראָפּגערונען פון דעם צעפוילטן דאַך.

ביי זיין אַריינקומען, אַהרקעס, האָט די נקבה, מיטן נאַריש פּנים, געהאַלטן אין שמועסן דורך אַ דין ווענטל מיט אירם אַ חברטע:

— וואו איז סאַניטשקע?

און פון יענער זייט ווענטל האָט זיך געהערט אַ צוגעכריפּעט קול:

— זי איז אוועק אין גאַס זוכן אַ קליענט...

— אַזאַ סטערווע... — האָט זיך צעבייזערט די נקבה אויפן בעט. — מיט אַזאַ קראַנקייט איז זי געגאַנגען אַריינברענגען געסט?

דאָס קול פון הינטער דעם ווענטל:

— נישט דיין דאגה!

דער דאַזיקער שמועס איז פאַר אהרקען געווען ווי אַ קלאַפּ מיט אַ דובינע איבער זיין קאָפּ.

— גענוג! — האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט געשריען אויף עמעצן, און איז אין געאייל אַרויס אין דרויסן.

ער איז אַריין אין דער וואַרטנדיקער דראָשקע און האָט אַ ברום געטאָן צום אָנטרייבער:

— פיר מיך צו מיין באַן... צו דער מיליטערישער באַן...

דער אָנטרייבער האָט אויסגעפאָלגט.

גענוג צו פאַנטאַזירן... — האָט אהרקע, פאַרנדיק אין דער דראָשקע געטראַכט אין פאַרצווייפלונג וועגן זיך. — ווייזט אויס, אַז די פּרעכטיקע סאַלאָנען מיט די אַריסטאָקראַטיש־אויסגעסטראַצטע, שיינע פרויען זענען צוגעגרייט פאַר בילכערע לייט ווי ס׳איז ער, אהרקע. פאַר אים, אהרקען, זענען געבליבן בלויז קבצנישע נפקה־הייזער מיט צעלעכערטע דעכער און מיט פאַרגרעבטע גאַסן־פרויען. ניין! — האָט ער, ווי אין גייסטיקער צערודערטקייט אַ געשריי געטאָן, אַזוי, אַז דער דראָשקע־אָנטרייבער האָט זיך אומגעקוקט פאַר שרעק. — ניין! — האָט ער, אהרקע, געהאַלטן אין שרייען און קלאַפּן זיך מיט דער פויסט אין האַרץ. — זאָלסט מיך מער נישט שטופּן צו אַזעלכע שמוציקע מקומות, דו טריפהנער יצר־הרע! גענוג מיט דיר! גענוג זיך געלאָזט פירן פון דיר!

איינגעשטילט זיך, איז אים געקומען אויפן געדאַנק די מימרא פון די חז״ל: „איזהו גבור הכובש את יצרו“. יאָ, אויב מ׳באַצווינגט נישט דעם צורעדער צו שלעכטס, גליטשט מען זיך אויס, מ׳פאַלט און מ׳זינקט... אַלע דערהויבענע צילן לאָזן זיך אויס מיט דורכפאַל. מ׳פאַרלירט די אייגענע חשיבות. מ׳האָט נישט מער קיין רעספּעקט צו זיך.

ליגנדיק שפּעטער אין זיין וואַגאָן האָבן אים אָבער גענומען גריזשען ספקות: העי, דו מוסרניק, דו מאָראַליסט... האָסטו אפשר

אַמאָל אַ טראַכט געטאָן, צי דיין אַנטלויפן פון קערפּערלעכער נאָענט־קייט מיט אַ פרוי איז דערפאַר, ווייל ס'איז עפּעס נישט גלאַט מיט דיין כוח־גברא? אפשר ביסטו נישט מסוגל צו געניסן פון דער נאָענט־קייט מיט אַ פרוי? אַלע מאָל אַנטלויפסטו... איבער איין סיבה, אָדער אַן אַנדערער. דו באַצאָלסט און אַנטלויפסט. און וואָסער סיבה האָסטו געהאַט ווען דו ביסט אַ גאַנצע נאַכט געלעגן מיט מאַשאַ אויף דיין געלעגער? זי איז דאָך אַן איידעלע פּערזאָן, פול מיט ליבשאַפט צו דיר. און אויך דו צו איר... איז פאַרוואָס האָסטו אויך מיט איר נישט געהאַט קיין געשלעכטלעכע באַציאונגען? זי איז דאָך געווען לויט דיין גוסט! אַ, דו וועסט מסתמא זאָגן, אַז דו האָסט זי נישט געוואָלט אומגליקלעך מאַכן, ווייל טיף אין זיך האָסטו געוואוסט, אַז דו וועסט מיט איר נישט חתונה האָבן. גוט... אָבער ווען דו וואָלסט געווען אַן אמתער מאַנסביל, וואָלסטו זיך נישט צוגעהערט צו דעם. געננום איז העכער פון אַלע מאָראַל־דרשות. דו וואָלסט זיך דערנענטערט צו מאַשאַס שיינעם גוף און געוואָרן איינס מיט איר, אַנשטאָט ליגן מיט איר אַ גאַנצע נאַכט און אָפּקומען מיט קושן און גלעטן זי... יאָ, אַהרקע, דו ביסט נישט קיין אמתער מאַנסביל... טראַכט וועגן דעם...

טאָג נאָך טאָג האָט אַהרקע געזוכט אַן ענטפער אויף זיינע ספקות וועגן זיך. ער האָט געוואָלט דערגיין ווי אַזוי ער קאָן וויסן צי ער האָט דעם כוח־גברא, אָדער נישט. איז עס טאַקע דער כוח־גברא, אָדער דאָס וואָס ער איז אַ גרויסער מפונק און אַ בעל־רחמנות אויף מענטשן, דאָס וואָס ער קאָן קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן, דאָס וואָס ער קאָן נישט מאַכן קיין הבטחות, געניסן פון די צוזאָגענישן, בעת דער צווייטער וועט בלויז האָבן אומגליק...

און ווייל ער האָט קיין ענטפער אויף זיינע שאלות און ספקות נישט געפונען, האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין קאָרטן־שפּילן, גלייך מיט אַלעמען. ער האָט געוואָלט פאַרגעסן. צעטרייבן די פינצטערע געדאַנקען אין מוח און די שווערע גרויע כמאַרעס, וואָס פאַר זיינע אויגן.

קיין גרויסער מומחה אין קאָרטן־שפּיל איז ער נישט געווען. און ווייל ער איז דאָס נישט געווען, האָט ער פאַרשפּילט זיין גאַנץ פאַרמעגן, טאַקע ביז אַ גראָשן. אַפילו אויף מאַכאָרקע איז אים גאָרנישט

געבליבן. נאָכדעם האָט ער פאַרקויפט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין זיין רשות — און אויך דאָס פאַרשפּילט. דערנאָך האָט ער געשפּילט אויף באָרג. די מיטשפּילערס זענען געווען זיכער, אַז ער, אַהרקע, וועט אויסצאָלן זיינע חובות פון זיינע חודשדיקע שכירות, וואָס זענען באַשטאַנען פון 7.50, אַ העכערונג פון זיבן רובל זינט דער רעוואָלוציע.

צווישן דער חברותא שפּילערס זענען געווען פאַרשווינען גאָלע אַנאַלפאַבעטן, אָבער אין קאָרטן־שפּיל זענען זיי געווען פולקומע „גאונים" און שווינדלערס דערצו. איז ווי האָט ער, אַ מפיל־קינד אין מישן און דערקענען קאָרטן, געקאָנט געווינען ביי אַזעלכע שפּיל־מייסטערס?... האָט ער טאַקע געהאַלטן אין איין פאַרלירן. אַז זיינע פאַרלוסטן האָבן דערגרייכט די סומע פון 50 רובל, האָט ער געשריבן אַ בריוו צו זיינע טאַטע־מאַמע און געבעטן, זיי זאָלן אים שיקן די סומע, כדי ער זאָל קאָנען פּטור ווערן פון זיינע „באָרגערס", וואָס האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט אומגעדולד.

ווער ווייסט ווי טיף ער וואָלט געזונקען אין דער טריפהנער שפּיל, ווען ער וואָלט נישט געגלייבט אין דער מאָראַל פון דער נייער צייט, וואָס איז אָנגעשטאַנען אין רוסלאַנד. טאַקע פונקט דעמאָלט איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון שטאַב: מ'זאָל זיך באַמיען מיט אַלע כוחות אָפּצושטעלן דאָס קאָרטן־שפּילן, וואָס גראָבט אונטער די מאָראַל פון דער אַרמיי. אַן איינגעגלייבטער אין יעדן וואָרט פון די רעוואָלוציאָנערע פירערס, האָט ער געפילט אַז ער דאַרף זיך האַלטן סטאַטעטשנע, כדי צו זיין אַ ביישפּיל פאַרן עולם... אויב נישט ער, ווער דען?

אָט אַזוי האָט ער זיך געראַטעוועט פון דער זלידנער פּלאָג, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ סגולה פאַר זיינע ספקות וועגן זיך.

## 85.

# דעם גלחס דרשה

אין פּעטראָגראַד, וואו די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ לענגערער פּויזע, איז געווען שאַ־שטיל. די גאַסן זענען געווען ליידיק. מ׳האָט קיין מענטש נישט געזען. די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די וואַגאָנען אויסצוגלייכן זייערע ביינער, זענען געוואָרן שטאַרק פאַרחידושט:

— אַזאַ שטאָט ווי פּעטראָגראַד זאָל זיין ווי אָפּגעשטאָרבן?

— וואָס איז געשען?

ווי אַזוי די אויפקלערונג פאַר דעם איז געקומען, דאָס איז פאַר אַהרקען געווען שווער אויסצוגעפינען. אָבער די אויפקלערונג האָט געגעבן אַ טיפן אַריינבליק אין דעם פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד. די אויפקלערונג, וואָס איז נאָכדעם געגאַנגען פון מויל צו מויל, איז געווען:

— אין שטאָט איז געווען אַן אויפשטאַנד... פון די באָלשעוויקעס... ער איז ערשט נאָר־וואָס אונטערגעדריקט געוואָרן...

סיידווי, דאָס איז געווען פאַר אַהרקען זיין ערשט מאָל אין דער דאָזיקער באַרימטער שטאָט. ער האָט זיך אָפּגעטיילט פון זיין עשעלאָן און גענומען אָנקוקן דאָס פּעטראָגראַד, וואו דער צאַר האָט געהאַט זיין כסא־מלוכה. ער איז געגאַנגען גאַס־איין, גאַס־אויס און נישט געהאַט צו וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן. פּוסט אַרום און אַרום. שפּאַצירנדיק אַזוי איינער אַליין, און קלערנדיק וואוהין צו גיין, רעכטס צי לינקס, איז ער אומדערוואַרט פאַרקראָכן צום זאָאָלאָגישן גאָרטן. דאָס איז פאַר אים געווען אַ געווינס, ווייל ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו זען ווילדע חיות.

אָבער אויך דאָ איז ער געווען דער איינציקער מענטש אונטערן פרייען הימל. אוים מורא זענען די פּעטראָגראַדער איינוואוינערס געזעסן פאַרשפּאַרט אין זייערע הייזער און האָבן נישט געוואָלט געניסן פון גאָרנישט.

דער רושם, וואָס די לייבן, די טיגערס און די אַנדערע פאַרצוק־באַשעפענישן האָבן געמאַכט אויף אַהרקען, איז געווען אַ טיפער. אָבער

ס׳איז געווען זייער אומעטיק ארומצודרייען זיך איינער אליין צווישן און ארום חיות. וואסער זין האט דאס לעבן אן מענטשן? — האט ער געטראכט א פארשמאכטער. ער האט איצט זייער שטארק געבענקט נאך מענטשן. וואו זענען זיי? זאל מען כאטש זען א שטיקל פנים! זאל מען באדיי הערן א פיפס, אויב נישט קיין ווארט, קיין ניגון!

נאך פעטראגראד איז אהרקע, צוזאמען מיט זיין עשעלאן, אנ־געקומען קיין ריגע, וואס איז געווען נישט ווייט פון דעם פראנט. דארטן האט מען געמאכט די לעצטע צוגרייטונגען אויף צונויפצו־שטעלן פארשידענע מיליטערישע איינהייטן.

אהרקע איז געווען צופרידן פרייוויליק זיך אנצושליסן אין אן ערשט־פארמירטער קאמאנדע, וואס איז געווען אויסגעשטאט מיט א פריש־צאפלדיק כלי־זיין, טאקע ערשט פון דער נאדל ארוים. געווען איז דאס א מאשינביקס, וואס מ׳האט גערופן „פולעמיאט". זי האט געקאנט ארויסשיסן 250 קוילן א מינוט. דער עיקר האט אהרקע געוואלט פטור ווערן פון דער ביקס מיטן באגנעט. ער האט אלעמאל מורא געהאט פאר דארפן ווען־ס׳איז גיין „נא שטיקי". מילא, שיסן איז לכל הפחות פון דערווייטנס. אבער אז מ׳דארף ניצן דעם באגנעט, דעמאלט איז שוין א מיאוסע מעשה. ארויסלאזן א מענטשס געדערעם, אדער אנווערן דיינע אייגענע, דאס איז געווען אזעלכעס וואס ער האט פאר דעם שטארק געציטערט.

דערווייל האט זיך אהרקע, צוזאמען מיט זיין קאמאנדע, איינ־געארדנט אין א גרויסער, גוט־געבויטער „זעמליאנקע", א כאטע אזא, אונטער דער ערד, און דאס — אין דער געדיכטעניש פון וואלד. דארט, אין וואלד, האט דער פארוטשיק געלערנט די סאלדאטן די תורה ווי זיך צו באגיין מיט דער מאשינביקס, וואס איז געווען אין גאנצן ניי פאר דער חברה.

אויפן דריטן טאג, נאכן אנקומען, האט די קאמאנדע אנגע־ווארירן צוויי חברים. זיי זענען געשיקט געווארן אויף א שליחות צום פראנט. אויפן שאסיי זענען זיי געטראפן געווארן פון א קויל — און זייער מיסיע איז געווען געענדיקט. מ׳האט זיי מקבר געווען נישט ווייט פון דעם וואלד. ביי די אפענע קברים האט א גלח זיי

מספּיד געווען. און בעתן הספּד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט זיינע אויגן אויף די אַרומיקע לעבעדיקע סאָלדאַטן און געזאָגט:

— יעדער פון אייך קאָן זיך ריכטן אויף אַזאַ סוף... דאָס איז מלחמה...

ס'איז טאַקע נישט געווען היימלעך צו הערן אַזאַ דרשה מיט אַזעלכע „גוטע" האָפענונגען, אָבער דער גלח האָט פּאָרט אַרויס־געזאָגט דעם ריינעם אמת. מ'טאָר זיך נישט נאַרן. אויב איינער איז אַ פּחדן, איז ער סיוויי אַ פאַרפאַלענער. ער וועט עס נישט אויס־האַלטן. און אויב איינער האָפט אויף האָבן דאָס מזל און בלייבן לעבן, איז ער ענלעך צום מאַן מיטן לאָטעריע־צעטל, וואָס זיצט טאָג און נאַכט און וואַרט אומגעדולדיק אויפן געווינס. דאָס קאָן אַזאַ בעל־בטחון סאָלדאַט טרייבן צו משוגעת. ווי קאָן ער כסדר האָפן צו בלייבן לעבן, ווען קוילן האָגלען אַרום אים אָן אויפהער?

ס'זענען דאָ זייער ווייניק העלדן, — האָט אַהרקע געטראַכט ביי די אָפענע קברים פון די סאָלדאַטן, — וואָס שטייען העכער פון מורא. יעדער, כמעט יעדער, האָט מורא, אַפילו דער „העלד". נאָר וואָס דען? מען צאַמט עס אין זיך. מען דערלאָזט נישט, אַז עס זאָל געוועלטיקן איבער דיר.

צוריקגעקערט זיך פון די קברים צו דער אונטערערדישער כאַטע, איז די קאָמאַנדע געזעסן מיט פאַרטרויערטע פּנימער. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן דעם גלחס דרשה. און אַהרקע — דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט בעתן צוהערן זיך צום גלח, האָט ער איצט אַרויס־געזאָגט אָפן צו די סאָלדאַטן.

אַהרקע איז געווען דער איינציקער ייד צווישן די דאָזיקע לייט, וואָס זענען אַלע געווען פון סיביר. זיי האָבן געהערט אַז ס'זענען דאָ יידן אויף דער וועלט, נאָר באַגעגנט אַזעלכע פּנים אל פּנים האָבן זיי קיינמאָל נישט. אַהרקע איז געווען דער ערשטער פאַר זיי.

אין אַ שטיקל צייט אַרום זענען זיי געקומען צו זיך פון דעם גלחס דרשה און געוואָרן אויפגעלייגט פון אַהרקעס מחשבות.

— דו ווייסט, גראָסמאַן, דו זעסט אויס ווי אַלע מענטשן... — האָט איינער געזאָגט.

נאָך מער, אַנדערע האָבן אים באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן...

— דו ביסט, גראָסמאַן, אַ סך בעסער ווי פיל קריסטן...

— יאָ, יאָ... מיר לעקן דיך נישט... ס׳איז דער אמת.

זיי האָבן זיך געטוליעט צו אים, ווי ער וואָלט געווען אַן אַלצווייסער. זיי האָבן געוואָלט ביי אים אויסגעפינען ווען ס׳וועט שוין נעמען אַ סוף צו דער בלוטיקער מלחמה. הכלל, זיי זענען געוואָרן פאַניבראַט מיט אים.

טעג שפּעטער האָט אהרקע אָפּט געליינט פאַר זיי רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און זיי דערקלערט אַלערליי פּאָליטישע סיטואַציעס, וואָס ביי זיי אין די אויגן האָט דאָס אויסגעקוקט שטאַרק פאַרפּלאָנטערט.

אין די אָוונטן, זיצנדיק אין דרויסן פאַר דער זעמליאַנקע, האָט אהרקע אויך זיי דערציילט וועגן די שטערן, וועגן דער זון, וועגן דער לבנה, ווי גרויס זיי זענען, ווי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, וועגן אָקעאַנען, ימען, טייכן, לופט — — — די סאָלדאַטן האָבן די „אַנטפּלעקונגען" געשלונגען מיט אָפענע מיילער און געקוקט אויף אים ווי ער וואָלט זיי דערציילט מעשׂות פון טויזנט און איין נאַכט.

פאַרן שלאָף, ליגנדיק אויף די נאַרעס, האָט ער זיי דערציילט די געשעענישן פון תנ״ך. זיי האָבן געבעטן נאָך און נאָך, ווי קליינע קינדער.

ס׳איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז זיי האָבן געקראָגן גרויס דרך־ארץ פאַר אים. וואָס נאָר פאַר אַ שאלה זיי האָבן געהאַט זענען זיי מיט איר געקומען צו אים. און זיין מיינונג איז פאַר זיי געווען אַ געזעץ. אהרקע האָט געפילט, אַז ער קאָן אויסקנעטן פון זיי וואָס נאָר זיין באַגער איז. ווי זאָגט זיך אין „ירמיה" און אין דער תפילה פון דער כל־נדרי נאַכט? — כחומר ביד היוצר... און זיי זענען טאַקע געווען ווי רוי־מאַטעריאַל וואָס מ׳קאָן דערמיט אַ סך אויפטאָן.

## .86

# פאַרטשעפּעט זיך ביי אַ צלם

ס'האָט נישט גענומען לאַנג און די חברה סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעלערנט ווי צו ניצן די נייע מלחמה־כּלי, די מאַשינביקס. און ווי נאָר זיי האָבן אויסגעהאַלטן דעם „עקזאַמען" האָט מען די חברה „סטודענטן" גענומען פּאַוואָליע צופירן צו די ערשטע ליניעס פון דעם פראָנט.

ס'איז געווען אין אַ שיינעם בין־השמשות. פון ביידע זייטן פעלדער האָבן זיך געזען איינצלנע קברים מיט צלמים איבער זיי. אויף יעדן צלם איז געווען צוגעקלאַפּט אַ ברעטל מיטן נאָמען, און אויך דאָס געבוירן־אָרט, פון דעם באַגראָבענעם סאָלדאַט.

טייל מאָל האָט אַהרקע זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ צלם און איבער־געליינט דאָס אָנגעשריבענע אויפן ברעטל. ער האָט געטראַכט, אפשר וועט ער זיך אָנשטויסן אויף אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן סאָלדאַט, אָדער אַ „זעמליאַק" פון זיינע געגנטן. איין מאָל האָט זיך אָן ארבל פון זיין שינעל, וואָס איז געהאָנגען איבער זיינע אַקסלען, זיך פאַרטשעפּעט אין אַ טשוואָק פון אַ צלם. דערזען דאָס, האָט זיין חבר מאַקסימאָוו אויסגערופן:

— גראָסמאַן, נאַזאַד טי אוזשע נע פּוידאָש!

דער צלם, הייסט עס, האָט אים, אַהרקען, נישט געלאָזט אַוועק־גיין. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן. צוריק וועט ער, אַהרקע, שוין נישט גיין.

מאַקסימאָוו האָט נישט געמיינט קיין שלעכטס. ער האָט דאָס גראָד אַרויסגעזאָגט מיט גרוים באַדויער, ווי דאָס וואָלט שוין ביי אים געווען אַ זיכערע זאַך.

אָט די באַמערקונג האָט זיך טיף אַריינגעקלאַפּט אין אַהרקעס קאָפּ. די ווערטער „נאַזאַד טי אוזשע נע פּוידאָש!" האָבן, ווי בינען, געפלאַטערט און געזשומעט פאַר זיינע אויגן. אָפט האָבן זיך די ווערטער אויסגעשטעלט אין אַ פאַרקערטער פּאָזיציע און גאָר געשריען:

— נע פּוידאָש... נע... נאַזאַד טי... אוזשע...

דאַכט זיך, אַ קלייניקייט. וואָס האָט דאָ געטראָפן? אָן אומ־

וויסנדיקער, נאַאיווער שייגעץ האָט עפּעס אַ זאַג געטאָן, איז הלמאי זאָל דאָס אים, אַהרקען, אַזוי צערודערן? פאַרוואָס זאָל עס אָנוואַרפן אַ פחד? ער, אַהרקע, גלייבט נישט אין זאַבאָבאָנעס, נישט אין עין־הרעס, און דאָס גלייכן. איז פאַרוואָס זאָל ער זיין אַזוי אויפגעטרייסלט? איז דאָס נישט אַ סתירה צווישן זיין טראַכטן און געפיל? אַז ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דעם ענין איז ער אָבער געקומען צום באַשלוס, אַז ס'איז געווען נאַטירלעך וואָס מאַקסימאָווס רייד האָבן צערייצט זיינע נערוון, וואָס זענען סייווי געווען אָנגעשפּאַנט. אין אַזעלכע מאָמענטן הערן אויף צו אַרבעטן די סאָלדאַטסקע קעפּ. די פּיס שלעפּן זיך נענטער און נענטער צום שונא, וואָס לויערט אויף דיין לעבן, אָדער אויף אַ טייל פון דיין גוף. ווי פון זיך אַליין ווערט דער סאָלדאַט מיסטיש. ער הייבט אָן צו פאַרלאָזן זיך אויף גאָטס בּאַראָט, אויף מזל, אָדער זכות־אָבות. אָבער ווען דיינער אַ פריינד זאָגט דיר בפה מלא, מיט אויפריכטיקן גלויבן, אַז דאָס איז דיין סוף, צוריק וועסטו שוין נישט גיין, דעמאָלט נעמט ער צו פון דיר דיין לעצטע רעטונג, דיין אָנהאַלטן זיך אין אַ שטרוי, און דו ווערסט מטושטש. אַ ביטערע מרה־שחורה כאַפּט דיך אַרום.

די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהערט מאַקסימאָווס פאָרויסזאָג, האָבן געשוויגן, ווי די צינגער וואָלטן ביי זיי צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען.

פּאַמעלעך, ווי מיט אונטערגעהאַקטע פּיס, איז די קאָמאַנדע אַריין אין אַ וועלדעל, פון וואַנען די סאָלדאַטן האָבן געקאָנט זען זייערע אָקאָפּעס פון דער ערשטער ליניע. דאָרטן האָבן זיך געפונען אַנדערע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געוואַרט אויף דער אָנקומענדיקער קאָמאַנדע צו פאַרנעמען זייערע פּלעצער. ס'איז געווען שוידערלעך שטיל.

פאַר אַהרקען איז געווען שווער צו גלייבן, אַז אין די טיפענישן פון דער ערד, פאַר מיילן און מיילן, אָטעמען טויזנטער איינגעגראָבענע מענטשן־סאָלדאַטן. בליץ שנעל האָבן די סאָלדאַטן פון זיין קאָמאַנדע, און ער, אַהרקע, בתוכם, געדאַרפט זיך אַריינכאַפּן אין יענע גריבער, איידער דער דייטש, וואָס האַלט אָן אויג אויף יעדער באַוועגונג פון דער רוסישער אַרמיי, וועט צייט האָבן אויסצושיסן איינעם ביי איינעם.

— אַצינד איז מיין יום־הדין... — האָט אַהרקע, פאַר שרעק, אַ ברום געטאָן צו זיך.

דער פאַרוטשיק פון דער קאָמאַנדע האָט געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס — און די סאָלדאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום ציל. ווי נאָר זיי האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע נעזער פון דעם וועלדעל האָט אַ האָגל פון קוילן זיך געטראָגן איבער זיי און אין פראָנט פון זיי. מאָמענטאַל האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, פלאַך אויף די בייכער.

ווען דאָס שיסן האָט אויפגעהערט, האָבן די סאָלדאַטן, ווי נאָר מעגלעך, צוגעפויזעט צו די אָקאָפּעס. אין איינעם פון פינצטערע גריבער האָבןביידע ווזוואָדנעס, דער אָנגעקומענער און דער איינגעגראָבענער, געהאַט אַ שטילן קורצן שמועס.

דער אָנגעקומענער:

— וויפיל הרוגים האָסטו געהאַט לעצטע וואָך?

דער איינגעגראָבענער:

— צוויי.

דער אָנגעקומענער:

— וויפל פאַרוואונדעטע?

דער איינגעגראָבענער:

— דריי.

דער אָנגעקומענער:

— פרובירט דער שונא צוקומען ביינאַכט?

דער איינגעגראָבענער:

— יאָ... שטעל אָן דיינע פולעמיאָטן אויף דער ווייסער בעריאָזקע, וואָס שטייט אַקוראַט קעגנאיבער אונדז. ווי נאָר דו וועסט הערן אַ שאָרך, עפן פייער... ביי טאָג שטעקט נישט אַרויס אייערע קעפּ. קריכט אויף די בייכער, ווען נייטיק.

דער שמועס איז אָנגעגאַנגען אַזוי ווי צווישן צוויי געשעפטס־לייט, וואָס רעדן זיך צונויף וועגן קלעצער, ברעטער...

נישט ווייט פון די צוויי ווזוואָדנעס, אין דעם פינצטערן גרוב, איז געזעסן אַהרקע און האָט גאָרנישט געקלערט, גאָרנישט געפילט. אַלץ אין אים איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן. ווי לאַנג ער איז אַזוי געזעסן

האָט ער נישט געוואוסט. אפשר אַ שעה, אפשר מער, אָדער ווייניקער. ער איז געזעסן ווי אַ סקעלעט.

צום וווואָדנע פון דער קאָמאַנדע איז געקומען אַ שליח מיט אַ באַפעל, ער זאָל צוריקשיקן אין הינטערלאַנד זיבן פון זיינע מענטשן, כדי נישט ריזיקירן מיט די לעבנס פון אַלע סאָלדאַטן אויף איין מאָל. צווישן די נעמען פון די זיבן, וואָס דער וווואָדנע האָט אויסגערופן, איז אויך געווען אַהרקעס נאָמען.

אַהרקעס טעמפּקייט איז פאַרשוואונדן. ער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אַ טויט־מידן מענטש.

באַגינען זענען די זיבן גליקלעכע סאָלדאַטן אַרויס פון די אָקאָפּעס. ווען די זון האָט זיך באַוויזן אויפן הימל איז די גרופּע אָנגעקומען צו זייער באַשטימטן פּלאַץ, פינף מייל אַוועק פון פראָנט. זיי האָבן זיך אויף דערווייל באַזעצט אין אַ פאַרלאָזטער כאַטע פון אַ לעטישן פויער און געמאַכט זיך דאָרטן זייער „היים".

— לעת־עתה — האָט אַהרקע צו זיך אַ רעד געטאָן — איז מאַקסימאָווס נבואה נישט מקוים געוואָרן. אין וועמעס זכות איז עס געווען?

בינתים איז אויפן פראָנט געווען אַ שטילשטאַנד. ביידע צדדים זענען געווען איינגעגראָבן טיף אין דער ערד. זיי האָבן געהיט איינע די אַנדערע, ס'זאָל נישט געמאַכט ווערן קיין טראָט פאָרויס. טייל מאָל, דורכן טאָג, האָט זיך איין צד, אָדער דער צווייטער אָפּגעריסן פון לאַנגווייליקייט און מכבד געווען דעם צווייטן מיט עטלעכע סנאַראַדן. אויב זיי זענען געקומען פון דעם דייטש, זענען זיי אָפּט געפלויגן איבער די קעפּ פון די רעזערוו־לייט, ווי אַ דערמאָנונג, אַז די מלחמה גייט נאָך אָן.

איין מאָל, ווען די רעזערוו־לייט זענען געזעסן אַרום אַ פּיטשינק פייערל און האָבן געוואַרט אויף זייער „קיפּיאַטאָק", האָבן זיי דערהערט אַ שאָס פון אַ דייטשישן האַרמאַט, אָבער אַנשטאָט פליען, ווי אַלע מאָל, הויך איבער זייערע קעפּ, האָבן זיי געהערט ווי דער סווישטש דערנענטערט זיך צו זיי. ס'האָט געזשומעט נידעריקער און נידעריקער. זיי האָבן דערפילט, אַז דער סנאַראַד דאַרף באַלד אַראָפּפאַלן ערגעץ

לעבן זיי. דער עולם האָט זיך ראַפּטעם צעשאָטן אין אַלע פיר זייטן. אהרקע איז אָבער געבליבן זיצן ביים פּייערל.

אינסטינקטיוו האָט אהרקע אַרויפגעלייגטביידע הענט אויף זיין קאָפּ, ווי דאָס וואָלט אים באַשיצט, ווען דער סנאַראַד וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אים. זיין מוח האָט געאַרבעט בליץ־שנעל: ווער ווייסט אויף באַשטימט וואו ס'איז דאָס זיכערע פּלאַץ? און ווער ווייסט, וואוהין מ'דאַרף לויפן? מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיינע נאָנטסטע און באַליבטסטע, וואָס זייערע פּנימער זענען אויף אַ מיסטעריעזן אופן פאַרבייגעפלויגן פאַר זיינע אויגן. און זיצנדיק אַזוי ווי אַ מבולבלער, האָט זיך דערהערט אַן אומגעוויינלעכער קראַך, אַזש די אויערן זענען פאַרטויבט געוואָרן.

אויפגעריסן האָט דער סנאַראַד אויפן שליאַך, אַקוראַט קעגנאיבער דער כאַטע, וואו די זעקס רעזערוו־לייט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. פון אונטער די נאַרעס אין דער כאַטע האָט מען נאָכדעם אַרויסגעשלעפּט איינעם פון אהרקעס חברים. זיין לינקע זייט איז געווען אָנגעפילט מיט שראַפּנעלן. ער האָט נאָך געזשיפּעט, ווען מ'האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

אהרקע האָט אים באַגלייט אַ שטיקל וועג, נאָכדעם איז ער געבליבן שטיין און האָט געקוקט אין דעם וויטן האָריזאָנט אַריין. ווי ס'זעט אויס — האָט ער געטראַכט — איז אויך דאָס מאָל מאַקסימאַוום פאַרויסזאָג נישט מקוים געוואָרן. וואָרעם וויפל האָט דען געפעלט, אַז ער זאָל מיטלויפן מיט די אַנדערע חברים? ס'קאָן זיין, אַז ווען ער וואָלט עס געטאָן, וואָלט ער געווען אויפן וועג צום שפּיטאָל, אָנשטאָט דער אַנדערער. איז וואָס האָט אין דעם איצטיקן פאַל גורם געווען, חכמה, אינסטינקט? ניין, פּשוט מזל. אָבער וואָס איז מזל? איז עס בלינדער טראַף, אָדער באַוויליקט פון אַן איבערנאַטירלעכן כוח?

## 87.

# דער קוריער

נאָך צוויי וואָכן אין הינטערלאַנד איז אַהרקע מיט די איבער־געבליבענע פינף סאָלדאַטן צוריקגעשיקט געוואָרן צו דער כאַטע אין וואַלד, וואו זיי זענען פריער איינגעשטאַנען. אַהין איז אויך אָנגעקומען די גאַנצע קאָמאַנדע פון די אָקאָפּעס. געהייסן האָט עס אָן אָפּרו פאַר דער גאַנצער אייִנהייט, וואָס איר פּלאַץ אויפן פראָנט האָבן אַנדערע פאַרנומען.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן ממש אַ פאַרפּלייצונג פון בריוו. אַהרקע האָט געקראָגן פון 10 ביז 20 בריוו טעגלעך. זיי זענען געקומען פון דער היים, פון קיעוו, וואו זיין שוועסטער איטקע האָט דעמאָלט געוואוינט, אויך פון מינסק, און פון מאַשאַ אין אירקוטסק.

אין איינעם פון אירע בריוו האָט מאַשאַ אים געשריבן, אַז זי וואָלט געוואָלט קומען צום פראָנט ווי אַ קראַנקנשוועסטער, אַבי צו זיין נאָנט פון אים. דאָס האָט אַהרקען מער צערודערט ווי הנאה געטאָן. כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרפליכטונג צו איר, מחמת איבער דער גאַנצער צייט פון זייער בחור־מיידל פריינדשאַפט האָט ער זיך געסטאַרעט צו דערווייטערן זיך פון איר, דאָך האָט איר הייסער באַגער אים פאַרשאַפן עגמת־נפש, אויך מיטגעפיל פאַר איר בענקשאַפט, אַ רירנדיקע בענקשאַפט וואָס ער האָט עס נישט פאַרדינט.

ער האָט איר אָוועקגעשיקט אַ בריוו, פול מיט ליוב פאַר איר ווייליקייט צו ברענגען אַזאַ קרבן צוליב אים, נאָר ס'וואָלט געווען נוצלאָז. זי און ער וואָלטן סיי ווי געווען צעשיידט. זי אין אַ שפּיטאָל, און ער אין די אָקאָפּעס. מיט דעם האָט זיך געענדיקט די סדרה מאַשאַ.

זיין חבר מאַקסימאָוו, דער פאַנאַטישער „נביא", האָט נישט געקראָגן קיין בריוו. ער איז געווען אין מיליטער זינט 1914, ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. ער איז שוין דורכגעגאַנגען קאַלטס און וואַרעמס. עטלעכע מאָל איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן. ער איז געווען אַ בראַווער סיביריאַק, האָט קיין מורא נישט געהאַט פאַרן טייוול. אָט דער פאַרהאַרטעוועטער מאַקסימאָוו האָט אים, אַהרקען, מקנא געווען וואָס ער קריגט אַזוי פיל בריוו, און ער, מאַקסימאָוו, גאָרנישט.

איינמאָל האָט ער געבעטן אַהרקען, ער זאָל ליינען פאַר אים זיינע בריוו. ער וויל וויסן וואָס אַזעלכעס עס שרייבן מענטשן אַזוי אָפט און אַזוי פיל.

אַהרקע האָט דאָס אים צוליב געטאָן.

מיט אַ פאַרטרויערטקייט אויף זיין פּנים האָט זיך מאַקסימאָוו צוגעהערט און, ווי אַ קינד, געבעטן נאָך און נאָך. ער האָט געוואָלט, אַהרקע זאָל ליינען מער פון די זיסע רייד וואָס מענטשן זשאַלעווען נישט פאַר אים.

אַ גרויס רחמנות האָט אַהרקען אַרומגענומען צו אָט דעם איינזאַמען מענטש וואָס די גאַנצע וועלט האָט אין אים פאַרגעסן. ער האָט גלייך געשריבן צו עטלעכע פון זיינע מיידלעך־פריינד און געבעטן, זיי זאָלן אויפמינטערן די פאַרגעסענע נשמה.

אין דער צווישנצייט האָבן אַ סך סאָלדאַטן אָנגעהויבן אַרויסקומען מיט טענות:

— פאַרוואָס ווערט אונדזער קאָמאַנדע נישט איבערגעפירט קיין ריגע?

— זאָלן די וואָס שטייען דאָרט קומען און פאַרבייטן אונדז!

— זיי האָבן זיך דאָרט שוין גענוג אָנגעהוליעט!

— שוין צייט צו לאָזן אַנדערע פאַרזוכן דעם טעם פון שטאָטישן לעבן...

— וואָס איז דען דער זין פון דער רעוואָלוציע?

— יעדער דאַרף האָבן אַ צוטריט צו דער שיסל...

— ס'איז נישט מער ווי אין די צאַרישע צייטן!

— היינט האָט אַ סאָלדאַט אַ דעה.

יאָ, ביים צאַר האָט נאַטשאַלסטווע געהאַט די גאַנצע דעה. אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט האָט מען זיך אָבער צוגעהערט צו די פאָדערונגען פון די געוויינלעכע סאָלדאַטן אין דער אַרמיי. און אין גיכן וואָלט מען טאַקע נאָכגעגעבן זייערע פאָדערונגען. ס'האָט שוין טאַקע געהאַלטן ביי דעם. דער באַפעל איז אָבער אָפּגעשטעלט געוואָרן איבער אַ נייעם דייטשישן אָנגריף.

ער האָט אויסגעבראָכן אין מיטן זומער פון 1917. ס'איז געשען אומגעריכט, בעת די סאָלדאַטן פון דער קאָמאַנדע זענען געלעגן אויסגעצויגן אויף די נאַרעס פון זייער כאַטע און האָבן צווישן זיך

געשמועסט. מאַקסימאָוו איז ערשט געהאַט געקומען פון ריגע. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך דאָרט באַקענט מיט אַ לעטיש מיידל און געשלאָסן מיט איר אַ נאָנטע פריינדשאַפט. זי האָט אים צוגעזאָגט שרייבן בריוו כמעט יעדן טאָג. נאָך דער מלחמה וועט ער חתונה האָבן מיט איר.

אויף דעם האָט זיך אָפּגערופן פּעטראָוו, אַ פּראָסטער חי־וקים:

— איך האָב נישט קיין גוטע מיינונג וועגן די לעטישע מיידלעך. זיי זענען באַרייסערס, אמתע בלוט־צאַפּערס. און זיי זענען נישט אַזוי ווייבלעך ווי די רוסישע... גיב מיר אַ קאַצאַפּקע, אָט אַזאַ ווי כ'האָב געהאַט אין אָמסק.

אַריינגעמישט האָט זיך ראַזאַנאָוו, אַ מענטש וואָס האָט געהאַלטן אַ סך פון זיך:

— בעסערס ווי יידישע מיידלעך איז גאָר נישטאָ.

פון אַ ווינקל האָט זיך געהערט אַ קול:

— פון וואַנען קענסטו יידישע מיידלעך?

— כ'האָב געהאַט אַ יידישקע אין ריגע.

פון ווינקל האָט זיך ווידער געהערט דאָס קול:

— פון איינער ווייסטו שוין אַז די יידישקעס זענען די בעסטע?

— איך דאַרף נישט מער ווי איינע, — האָט ראַזאַנאָוו גע־ענטפערט

עטלעכע סאָלדאַטן, וואָס זענען געלעגן נאָנט פון אהרקן, האָבן אויסגעשריען:

— לאָמיר פרעגן דעם חבר גראָסמאַן.

— חבר גראָסמאַן, וועלכע מיידלעך האָסטו בעסער ליב?

— זאָג... דו ווייסט דאָך אַלץ...

אהרקע האָט זיך געפילט אומבאַקוועם פון דעם פאַרלאַנג, אָבער ער האָט נישט געוואָלט בלייבן אָן אַן ענטפער.

— איך האָב ליב אייערע סיביריאַטשקעס... — האָט ער אונטערגעשטראָכן די געאָגראַפישקייט פון די מיידלעך.

דאָס האָט זיי שטאַרק הנאה געטאָן און זיי האָבן זיך אַלע האַרציק צעלאַכט.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, צייט צו לעשן דעם לאָמפּ און גיין שלאָפן. פּלוצעם האָט זיך דאָס נידעריקע טירעלע פון דער

כאַטשע אַן עפּן געטאָן — און אַ קוריער פון שטאַב האָט זיך שטילער־הייט אַריינגעשאַרט. ס'האָט אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרץ. אַ קוריער קומט נישט אומזיסט און אומנישט אין שפּעטער נאַכט. אַלע ווי איינער זענען אויפגעשפּרונגען, אַראָפּ פון די נאַרעס און האָבן אַרומגערינגלט דעם קוריער צו הערן דאָס נייס, וואָס ער האָט געבראַכט. און דאָס נייס איז טאַקע נישט געווען קיין פריילעכס:

— היינט דריי אַ זייגער פּאַרטאָג — האָט געזאָגט דער קוריער — וועלן די דייטשן אָנהייבן אַן אַטאַקע מיט זייער גאַנצער מאַכט... זיי וועלן אויך ניצן גאַז... איר דאַרפט דעריבער זען אַז אייערע מאַסקעס זאָלן זיין אין אָרדענונג. זייט אויך גרייט מיט אַלע אייערע אַנדערע קריגס־מכשירים... צו יעדער מינוט קאָנט איר דערוואַרטן אַ רוף צו לאָזן זיך צום פראָנט.

דאָס שלעפעריקייט ביי די סאָלדאַטן איז פאַרשוואונדן. אַ גע־דריקטע שטימונג האָט אַלעמען באַהערשט. אָן ווערטער, שאַ־שטיל, האָט אַהרקע אויסגעפּרובירט זיינע צוויי גאַז־מאַסקעס, וואָס ער האָט געהאַט, און אויסגעפונען, אַז זיי זענען געווען אין אַ שלעכטן צושטאַנד. וואָלט אַ גאַז־כוואַליע אָנגעקומען אומדערוואַרט, וואָלט ער געוויס דערשטיקט געוואָרן. די צרה מיט זיינע גאַז־מאַסקעס איז געווען דער שטאָפּער. אין ביידע זענען די שטאָפּערס געווען צו שטייף אַריינגעזעצט, אַזוי, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך זיי אַרויסצושלעפּן. נאָכדעם האָט ער אָנגעטאָן פריש־אויסגעוואַשענע אונטערוועש און אויך אַ העמד. צום לעצט האָט ער געמאַכט אָרדענונג אין זיין רוקזאַק. ער האָט אַרויס־געוואָרפן פון דאָרט אַלץ, אַחוץ די תפילין און מאַשאַס אַ טאָגביכעלע, וואָס זי האָט אים געהאַט געגעבן ווי אַן אָנדענק. אין דעם טאָגביכעלע האָט ער אַריינגעשריבן זיינע עלטערנס אַדרעס און עס איבערגעגעבן צו מאַקסימאָווען. טאָמער, מאַלע ווי ס'מאַכט זיך, זאָל ער לאָזן וויסן די טאַטע־מאַמע.

און מערקווירדיק, נישט צונויפגערעדנדיק זיך האָבן אַלע סאָלדאַטן אויסגעליידיקט זייערע רוקזעק און אָנגעטאָן זיך אין פרישע מלבושים.

פאַרטיק געוואָרן מיט די הכנות, זענען אַלע געזעסן צונויפ־געקוטשעט איינער לעבן אַנדערן, ווי אַ גרויסע משפחה, און האָבן שווייגנדיק געוואַרט.

# 88.

# די אָפּענסיווע

פּונקט דריי אַ זייגער פּאַרטאָג, טאַקע אין דער אָנגעזאָגטער צייט, האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע באָמבאַרדע. די סנאַראַדן זענען געדיכט געפלויגן איבערן וואַלד. די הויכע סאָסנאָווע ביימער האָבן זיך געבויגן צו דער ערד ווי זיי וואָלטן געווען דינע ריטלעך.

גראָד דעמאָלט האָט אַהרקע געדאַרפט אַרויסגיין טאָן זיינע מענטשלעכע באַדערפעניישן, אָבער ווען ער איז שוין געווען אין דרויסן, בעסער געזאָגט, אין וואַלד, איז דער דראַנג פאַרשוואונדן. נאָכדעם איז ער עטלעכע מאָל אַזוי געלאָפן פון דער כאַטע אין וואַלד אַריין און — גאָרנישט. די שרעק פאַר די סנאַראַדן האָט פאַרטריבן דעם „אָנזאָג" און די ווייען...

אין דער כאַטע האָט זיך ביי קיינעם דאָס מויל נישט געעפנט, נישט צום רעדן און נישט צום עסן. יעדער איז געזעסן אַזוי, ווי ער וואָלט געווען אויסגעליידיקט פון געדאַנקען און פאַרלאַנגען. זיי זענען געווען ווי מאַשינען, אָנגעפילט מיט דראָטן, אָנשטאָט נערוון. זיי האָבן גאָרנישט געשפּירט, לחלוטין גאָרנישט.

ביי אַהרקען אין קאָפּ זענען דורכגעלאָפן אַלערליי געדאַנקען. ס'איז שוין בעסער — האָבן זיי געטענהט — אין די אָקאָפּעס, אין געדיכטעניש פון פייער, ווי ערב דער שלאַכט. ווען דו ביסט שוין פאַרמישט אין דער שחיטה קומען צו דיר צוריק דיינע געפילן, דו ווערסט אַ מענטש פון בלוט און פלייש, דו ווערסט אַריינגעצויגן אין אַקטיוויטעט, דו ווילסט וואָס גיכער באַצווינגען דיין שונא, איידער ער פאַרטיליקט, אָדער צעקאַליעטשעט דיך. עס דערוועקט זיך אין דיר אַ דראַנג צו טאָן זאַכן, וואָס אין אַ געוויינלעכער צייט וואָלסטו זיי נישט געטאָן. אָבער ערב אַ שלאַכט ביסטו נישט אַהין און נישט אַהער. דו ביסט ווי אַ גולם.

אָט אַזוי איז אַהרקע, און אויך די גאַנצע קאָמאַנדע, געזעסן ביז אינדערפרי, ווען ס'איז געקומען דער פּאָרוטשיק מיט אַ באַפעל:

— צום פראָנט.

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט צו, האָט די קאָמאַנדע פאַרנומען

פּאָזיציעס אין דער צווייטער ליניע. אויב די ערשטע ריי וועט דורכ־געבראָכן ווערן, זאָל די קאָמאַנדע אונטערקומען מיט הילף...

אין אָוונט זענען די הימלען באַלייכט געוואָרן מיט ראַקעטן. אָפּט איז געווען אַזוי ליכטיק, ווי ס'וואָלט געווען בייטאָג.

אַהרקע איז געלעגן אין די אָקאָפּעס, מיט די אויגן געווענדט צו דער ערשטער ליניע, וואו ס'איז פאַרגעקומען אַ היים און העפטיק שיסעריי. מיטאַמאָל האָט זיך צו אים צוגערוקט דער ווזוואָדנע און אַ ברום געטאָן:

— מ'דאַרף זיך צוגרייטן מיט וואַסער פאַר די פּולעמיאָטן, גראַסמאַן. יעדע מינוט קאָן מען די קאָמאַנדע באַפעלן אַריינגיין אין דער ערשטער ליניע, וואו מ'וועט דאַרפן ניצן די פּולעמיאָטן אָן אויפ־הער. איז מוז מען האָבן וואַסער אויף אָפּצוקילן זייערע געדערעם. טאָ גיי און גרייט צו וואַסער. מיט דיר וועט מיטגיין נאָך אַ חבר.

אַהרקען איז געוואָרן קאַלט אין די ביינער. אַז מ'ליגט אין די אָקאָפּעס איז מען כאָטש אַ ביסל באַשיצט. מ'איז ווי מיט אַ קייט צוזאַמענגעבונדן מיטן גאַנצן עולם. מ'פילט ווי מ'וואָלט געהאַט אַ היים — דאָס גרוב. אָבער אַז דו גייסט אַרויס אין פרייען פעלד, וואו קוילן סווישטשען פון אַלע זייטן, דעמאָלט איז מען הילפלאָז און עלנד, אָפּ־געשניטן פון דעם שורש. אָבער אַז מ'הייסט גיין, איז נישטאָ קיין ברירה.

די שווערע באָמבאַרדע האָט גראָד דעמאָלט אויפגעהערט. בלויז איינצלנע האַרמאַטן־קוילן זענען געפלויגן איבער אַהרקען און זיין מיטגייענדיקן חבר.ביידע האָבן זיך געדרייט אַ מאָל אין איין זייט, און אַ מאָל אין אַ צווייטער. זיי האָבן געזוכט אַ ברונעם, אַ טייכל, אָדער עפּעס אַ לוזשע. אָבער זוך אַהין, זוך אַהער. נישטאָ און פאַרטיק.

אַהרקע האָט זיך דערמאָנט אין דער דיסציפּלין פון די צאַרישע צייטן. אַז אַ סאָלדאַט איז געשיקט געוואָרן ערגעץ עפּעס צו טאָן, זענען קיין תירוצים נישט געווען גילטיק. ער האָט געמוזט טאָן, אָדער צוריק־קערן זיך נאָך דעם, צוליב וואָס מ'האָט אים געשיקט. די אָפיצערן האָבן געהאַט אַ מיאוס ווערטל פאַר דעם. אויף אָרנטלעך לשון וואָלט עס געמיינט: פאַרלייייג אַפילו מיטן קאָפּ, אָבי דו פירסט אויס דעם באַפעל. אָבער אויך ביי דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי האָט מען זיך

נישט געקאָנט אָפּפטרן לייכט. דערצו האָט דאָס „רעוואָלוציאָנערע״ געוויסן געפּייניקט — נישט אָפּצואוואַשן זיך פון דער אחריות.

נאָך לאַנגע זוכענישן האָט אהרקע אַ זאָג געטאָן צום חבר:

— ווייסטו וואָס... לאָמיר גראָבן אַ גרוב... אפשר וועט אונדז אָפּגליקן.

ווי לאַנג זיי האָבן געגראָבן, און ווי טיף, דאָס האָבן זיי נישט געוואוסט. אָבער וואסער האָבן זיי, צו זייער בײדנס איבערראַשונג, יאָ געקראָגן. ווען זיי זענען צוריקגעקומען צו זייערע אָקאָפּעס, האָט מען שוין אָבער דאָס וואסער נישט געדאַרפט. ס׳איז אָנגעקומען אַ באַפעל — אָפּצוטרעטן וואָס גיכער.

אויפן וועג צוריק האָט דער פּאָרוטשיק דערקלערט דער קאָמאַנדע די סיבה פון דעם השיבנו־נאַזאַד:

— אונדזער גאַנצער קאָרפּוס איז ארומגערינגלט פון דריי זייטן. פאַר אונדז איז געבליבן אַ זייער שמאָלער פּליטה־וועג צו ראַטעווען זיך פון דעם שונאס לאַפּעס. מיר מוזן דאָס דערגרייכן וואָס גיכער, איידער דער דייטש וועט אויספּייען צו שליסן די רינג. אַנדערע אָפּטיילונגען פון אונדזער אַרמיי שלאָגן זיך פאַר אונדז. זיי האָט דער דייטש אַטאַקירט מיט גאַז און מיט אַ וואַנט פון אַרטילעריע־פייער. דער גאַנצער פראָנט איז צעבראָכן. אונדז וועט אפשר אויסקומען זיך קעגנשטעלן קליינע מחנות קאַוואַלעריסטן, וואָס וועלן זיך סטאַרען צו פאַרשטעלן אונדז דעם וועג.

אהרקע האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון עגמת־נפש און מיט נייגער געפרעגט:

— ווי אַזוי איז צו דעם געקומען, חבר פּאָרוטשיק?

דער פּאָרוטשיק האָט גוטוויליק, אָבער מיט באַדויער אין קול געענטפערט:

— דאָס אומגליק וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס, ווען נישט די גרויסע צאָל פאַררעטערס... מיר האָבן זיי אַ סך צווישן אונדזערע אָנפירערס... אָט ליגן אין די וועלדער גרויסע הורבעס סנאַראַדן פאַר אונדזער אַרטילעריע. זענען זיי גוט פאַר אונדזערע האַרמאַטן? ניין. פאַרוואָס? ווייל די פאַררעטערס האָבן דאָ אָפּגעטאָן אַ מיאוס שטיקל אַרבעט. דאָס זענען די סנאַראַדן, וואָס זיי האָבן געהייסן דעם פלאַט אַהערשיקן פון די קריגס־שיפן, און אונדזערע האָבן זיי אַוועקגעשיקט

צום פּלאַץ. דערפֿאַר האָט אונדזער אַרטילעריע געשוויגן. ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו שיסן. די איינציקע זאַך וואָס אונדז איז געבליבן, איז צו לויפֿן און לויפֿן.

דער פּאָרוטשיק, אַן אמת־איבערגעגעבענער רעוואָלוציאָנער, האָט פֿאַרענדיקט זיין דערקלערונג מיט אַ זיפֿץ, און אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ ים פֿון צער און ייאוש.

די סאָלדאַטן זענען געווען גערירט ביזן ביין, הלמאי זייער אַרמיי שטייט אוים אַזוי פֿיל פֿאַרלוסטן און מפּלות.

— טאָ וואָס איז דער זין פֿון אַרומשלעפּן אָט די פּולעמיאָטן

— האָט מאַקסימאָוו, אָפֿן און אין פּנים פֿון דעם פּאָרוטשיק, געבורטשעט

— אַז מ'גיט אונדז נישט די געלעגנהייט צו שיסן די פֿאַרפֿלוכטע דייטשן?

דער פּאָרוטשיק האָט נישט געענטפֿערט.

## .89

# אין געלאָף

נאָנט פֿון דער בריק, וואָס איבער דעם טייך דווינע, וואו די קאָמאַנדע האָט זיך אין איר צוריקטריט צוגעשלעפּט, האָט זיך מיט־אַמאָל באַוויזן אַ קליינע אָפּטיילונג פֿון דייטשער קאַוואַלעריע. ס'איז געוואָרן אַ בהלה.

ווי פֿון אונטער דער ערד איז, צו יעדנס איבערראַשונג, אונטער־געקומען אַ רוסישער געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל — און די קאַוואַלע־ריסטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן.

אויף דער בריק, וואו די קאָמאַנדע איז געגאַנגען, האָט זיך דערהערט אַ גערויש פֿון אַן עראָפּלאַן. די סאָלדאַטן, מיט שרעק, האָבן גענומען קוקן צום הימל און אינסטינקטיוו פֿאַרגיכערט דעם טראָט.

ביי אַהרקען האָט דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן גיכער. וואָס, וואָס, — האָט ער געטראַכט, — נאָר גלאַט אַזוי זיך דערטרינקען ווערן אין דער דווינע האָט ער קיין חשק נישט געהאַט. וואָסער טעם איז דאָ אין אַרומשווימען אַן אָנגעשוואָלענער אין די טיפֿענישן פֿון די וואַסערן און נאָכדעם אויף זייער אויבערפֿלאַך? ער האָט פֿרייער

אָפּגעאָטעמט ווען די קאָמאַנדע, און ער בתוכם, איז בשלום אַראָפּ פון דער בריק, וואָס די סאַפּיאָרן האָבן זי גלייך אויפגעריסן. דער פּאָרוטשיק האָט דערקלערט, פאַרוואָס.

— די דייטשן — האָט ער געזאָגט — זענען גלייך הינטער אונדזערע פּיאַטעס. און אונדזער קאָמאַנדע איז די לעצטע אַריבערצוגיין די בריק. די צעשטערונג פון דער בריק וועט אונדז געבן אַ ביסל רו...

די קאָמאַנדע איז דורכגעגאַנגען די שטאָט ריגע. אויף אַלעקסאַנדראָווער גאַס איז געווען אַ מהומה און אַ גרויסער כאַאָס. סאָלדאַטן האָבן געבראָכן שויבן פון קראָמען און גערויבעוועט וואָס נאָר ס׳איז זיי געקומען צו דער האַנט. זיי האָבן געטראָגן שיך, קאַפּעליושן, זאָנטיקס, מענערשע מאַנטלען, ווייבערשע. איין סאָלדאַט האָט געטראָגן אַ שטיק פוטער, אפשר מער ווי אַ פּוד, אויף די פּלעצעס פון זיין שינעל. אַנדערע האָבן גלאַט אין דער וועלט אַריין געבראָכן, געשטאָכן, און מיט רציחה געשריען:

— חורבן! צעשטערונג! אַלץ, אַלץ...

— זאָל דאָ גאָרנישט בלייבן פאַר די דייטשן־ממזרים...

אין דער סומאַטאָכע האָט איינער פון די פּאָגראָמשטשיקעס צוגעטראָגן אַהרקען אַ מתנה:

— נאַ, נעם דעם מאָליטוועניק... — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

געווען איז דער „מאָליטוועניק״ אַ צעפליקטער סידור, וואָס ער האָט געפונען אין אַ קראָם.

צוליב וואָס — האָט אַהרקע געטראַכט — האָט אָט דער פּאָגראָמשטשיק אים געבראַכט די מתנה? האָט אים ווי געטאָן פאַר דעם „מאָליטוועניק״, אויב ער וועט פאַרשוועכט ווערן אין דעם חורבן? אָדער האָט ער אפשר געהאַט אַן אַנדערע כוונה דערביי? סייווי, דער סידור האָט אים, אַהרקען, געלאָזט וויסן, אַז דאָס פּאָגראָמירט מען יידיש האָב־און־גוטס, אַז די אידייע פון דער רעוואָלוציע האָט זיך ווייניק־וואָס צוגעקלעפּט צו די אומוויסנדיקע מאַסן. דאָס האָט אים אַ שטאַרקן ברי געטאָן — און ער האָט זיך גענומען עפּעס טאָן.

מיט אַ צייט צוריק איז ביי זיין קאָמאַנדע, פּינקטלעך ווי ביי אַנדערע איינהייטן, אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן די סאָלדאַטן ביי די אָפיצערן, און די אָפיצערן זאָלן זיך באַראָטן מיט אים, ס׳הייסט מיטן קאָמיטעט, וועגן פּאָליטישע

אַנגעלעגנהייטן. דער סעקרעטאַר פון דעם קאָמיטעט איז געווען אַהרקע. איצט האָט אַהרקע אויסגענוצט זיין פונקציע און איז אַוועק צו די אָפיצערן.

— דאָס איז נישט פּאַסיק פּאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אַרמיי...

— האָט ער מיט צאָרן געטענהט צו די אָפיצערן. — צו באַנעמען זיך אַזוי בעסטיאַליש, שטעכן, ברעכן, ראַבירן, אויפצופירן זיך ווי אין די צאַרישע צייטן, דאָס איז אַ פאַרברעך, אַ שאַנד אויף דער פאָן פון דער רעוואָלוציע...

זיי האָבן איינגעשטימט מיט אים און געענטפערט:

— מיר זענען הילפלאָז, חבר גראָסמאַן... מיר מוזן פאַרמאַכן די אויגן און לאָזן די חברהלייט אַרויסוויכערן זייער פּאַרע...

צום גליק זענען קיין מענטשלעכע קרבנות נישט געווען, ווייל די ציווילע באַפעלקערונג איז געלעגן באַהאַלטן הינטער פאַרהאַקטע טירן.

אין עק־שטאָט האָט זיך אָבער באַוויזן אַ ייד. ווי פון אונטער דער ערד איז ער אויסגעוואַקסן. ער איז צוגעלאָפן צו אַהרקען און אין איילעניש געוואָלט ביי אים אויסגעפינען די לעצטע נייס.

— פאַרלאָזן די רוסן ריגע? — האָט ער געפרעגט.

אַהרקע האָט אים שטרענג אָנגעזאָגט — אָפּצוטראָגן זיך פון די פּוסטע גאַסן וואָס גיכער, איידער ס׳וועט צו שפּעט.

די קאָמאַנדע האָט געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן. ס׳האָט אַהרקען דערמאָנט אין דעם צוריקטריט פון מיזרח־פּרייסן מיט דריי יאָר צוריק. ס׳איז אָבער געווען אַ שטיקל אונטערשיד. דעמאָלט איז ער געווען צווישן די ערשטע צו לויפן. ער איז געזעסן אויף אַ וואָגן, געשלעפּט פון צוויי פערד, און האָט נישט געפילט קיין מידקייט. איצט איז ער אָבער איינער צווישן די לעצטע און ער גייט צופוס. ער דראַלעט הינטער די „דוואוקאָלקעס", ס׳הייסט די צוויי־רעדלעך־וועגענער, וואו ס׳זענען געלעגן די מאַשינביקסן. אָפט האָט מען נאָך אַפילו געדאַרפט אונטערשטופּן די „דוואוקאָלקעס", ווייל זיי זענען געשלעפּט געוואָרן בלויז פון איין פערד. און דאָס האָט קיין שטיק געזונט נישט צוגעגעבן. דערצו האָט זיך פון צייט צו צייט צעטראָגן אַ טרעוואָגע, „דייטשע קאַוואַלעריע קומט!" און ער, אַהרקע, און די אַנדערע סאָלדאַטן האָבן

געדאַרפֿט נישט נאָר לויפֿן. זיי האָבן נאָך געדאַרפֿט אונטערטרייבן די פֿערד פֿון די „דוואָקאָלקעס".

איין מאָל בשעת אַזאַ טרעוואָגע האָט זיך מיט דער קאָמאַנדע גראָד געפֿונען אַן אָפּטיילונג פֿון רוסישע קאַוואַלעריסטן. ס'איז געווען פֿיינלעך צו זען ווי זיי — זיצנדיק אויף זייערע פֿערד, צוגעשמידטע צו זייערע זאָטלען, מיט טויט־ערנסטע פּנימער — האָבן זיך אויס־געשפּרייט אין אַ גלייכער ליניע אין דער ברייט פֿון אַ פֿעלד, קעגנ־איבער אַ כמאַרע פֿון דייטשע קאַוואַלעריסטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין אָנקומען דורך אַ וואַלד. אַלע אויף איין מאָל האָבן זיך די רוסישע קאַוואַלעריסטן איבערגעצלמט. אַלע אויף איין מאָל האָבן זיי אַרויס־געכאַפּט די שאַשקעס פֿון די שיידן און זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַלאָפּ צום וואַלד, פֿון וואַנען דער שונא האָט געהאַלטן אין אַרויסקומען.

אַהרקע איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פֿון אַ שוידער, כאָטש ער האָט זיך געפֿונען אַ שטיק שטרעקע ווייט פֿון דער דערוואַרטער שחיטה. זיין גאַנץ וועזן איז צעטרייסלט געוואָרן.

אָפּט האָט געטראָפֿן, אַז די באַוועגונג פֿון די אָפּטרעטנדיקע איינהייטן האָט זיך פֿאַרהאַלטן. דעמאָלט זענען די סאָלדאַטן געבליבן שטעקן אַ לאַנגע צייט אויף איין אָרט.

איין מאָל, בעת אַזאַ פֿאַרהאַלטעניש, האָט זיך אַהרקע אַוועק־געזעצט אָפּרוען אויף אַ הויכן פֿעלד־ברעג ביים שאָסיי. און אָט אַזוי זיצנדיק איז ער איינגעשלאָפֿן. ס'איז געווען קרוב צו האַלבער נאַכט. און ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט איז נאָך געווען פֿינצטער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און נישט געזען קיין נפֿש אַרום און אַרום. ס'איז געווען שאַ־שטיל. ער איז האַסטיק אויפֿגעשטאַנען און געוואָלט אָניאָגן זיין קאָמאַנדע. אָבער אין וועלכער זייט דאַרף ער גיין? וואו געפֿינט זיך דער שונא? ער האָט אין גאַנצן נישט געוואוסט וואו ער געפֿינט זיך. שטייענדיק אַזוי פֿאַרקלערט האָט ער מיטאַמאָל דערהערט אַ גערויש פֿון אַן אָנקומענדיקן פֿערד־און־וואָגן.

צום גליק איז דער פֿורמאַן געווען אַ פֿאַרשפּעטיקטער רוסישער סאָלדאַט. אַהרקע איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן וואָגן — און ביידע זענען זיי געפֿאָרן צוזאַמען אַ היפּשע שטרעקע. זוכנדיק זיין קאָמאַנדע האָט אַהרקע אָנגעטראָפֿן אויף אַ סך אַזעלכע פֿאַרלוירענע ווי ער און דער פֿורמאַן. זיי האָבן געהונגערט צוזאַמען, פֿאַר טעג און טעג גענערט

זיך מיט רויע מערעלעך און בוריקעס, וואָס זיי האָבן געפונען אין די פעלדער.

שלעפנדיק זיך אַזוי, ווי וואַנדערנדיקע בעטלערס, האָבן זיי איינמאָל אויף אַ פעלד, לעבן שאָסיי, געפונען אַ גרויס זייטל פלייש. פון וואַנען און פון וואָס דאָס פלייש איז געקומען האָבן זיי קיין באַגריף נישט געהאַט. אָן שאלות האָבן זיי דאָס אַריינגעבראַכט אין אַ פויערס הויז, וואָס די משפחה האָט געהאַט פאַרלאָזט, און דאָרטן עס אָפּ־געקאָכט אין גרויסע משוגונענע טעפּ.

דאָס פלייש האָט געהאַט אַלע זיבן טעמים, כאָטש ס'איז נישט געווען באַזאַלצן און נישט פאַרבראָקט מיט ציבעלע. אָפּגעריסענע פון זייערע מיליטערישע איינהייטן, האָבן די פאַרבלאָנדזשעטע סאָלדאַטן געהאַט פאַרלוירן זייער מלוכהשע קעסט און געמוזט זיך שפּייזן מיט וואָס ס'איז זיי נאָר געקומען צו דער האַנט.

אַהרקע איז געווען אין דעם זעלבן מעמד און ער האָט זיך, ווילנדיק, נישט-ווילנדיק, מיטגעשלעפּט מיט זיי.

באַפרידיקט דעם מאָגן, איז אונטערגעקומען אַ צווייטע צרה. זייערע לייבער האָבן געשמאַרצט. זינט זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן צום פראָנט האָבן זיי נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ באָד. דערצו האָט אויך נישט גערעגנט. און קיין ברונעם, אָדער טייך, צי טייכל האָט זיך נישט געזען אויפן גאַנצן האָריזאָנט. איז ווי גיט מען זיך אַן עצה קעגן דעם הויט-בייסעניש?

איינמאָל, אויף זייערע וואַנדערונגען איבער די פאַרלאָזטע לעטישע דערפער, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטיבל, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט פולע פעסער וואַסער. דאָס איז געווען אין מיטן פעלד, נישט ווייט פון אַ יישוב. אַז זיי האָבן אַריינגעקוקט אין דעם שטיבל, האָבן זיי געפונען אַלע איינריכטונגען פאַר אַ שוויצבאָד. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי דאָס שוויצבאָד איז באַהייצט געוואָרן — און אַ פאַרע האָט געזעצט צו די הויכע בענק.

נאַקעטע, פאַרשוויצטע זענען די סאָלדאַטן געלאָפן הין און צוריק. זיי זענען אַרויסגעלאָפן צו שעפּן וואַסער פון די פעסער אין דרויסן און נאָכדעם צוריקגעאײַלט צום הייסן אויוון אין שוויצבאָד. דאָס בלאָזן פון די קילע ווינטן אין פעלד האָט זיי נישט אָפּגעשטעלט צו לויפן פון היץ צו קעלט. זיי האָבן זיך אָפּגעפרישט און מיט פרומע

פנימער געדאַנקט גאָט פאַר דעם געשאַנק, וואָס ציווילע מענטשן זייסן נישט ווי אָפּצושאַצן.

מיט באַנייטע כוחות האָבן זיי — און אַהרקע בתוכם — גענומען זוכן זייערע איינהייטן.

## .90

## גרעסערע סעקרעטאַר־פונקציע

נאָך לאַנגע זוכענישן האָט אַהרקע געפונען זיין קאָמאַנדע אין אַ שטאַל. ס'איז געווען פונקט דעמאָלט, ווען אויפן פראָנט איז געווען שטיל. דער דייטש האָט געהאַט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט.

די סאָלדאַטן פון דער קאָמאַנדע זענען געלעגן אויף שטרוי און האָבן געשפּילט אין קאָרטן די פאַרשפּרייטע שפּיל „21". וואָס, וואָס, אָבער די טעשלעך קאָרטן האָבן זיי אויסגעהיט. ס'איז געווען אַ מכת־מדינה. מ'האָט גערעדט, געשריבן, אַז דאָס שפּילן אין קאָרטן גראָבט אונטער די רעוואָלוציע, אַז די אַרמיי ווערט צעפּוילט, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. מ'האָט געשפּילט לשם שפּיל, אַבי אַוועקצוהרגענען די צייט. געלט האָט שוין קיין שום ראָלע נישט געהאַט, מ'האָט סיווי גאָרנישט געקאָנט קריגן פאַר דעם.

אַהרקע האָט געזען ווי סאָלדאַטן האָבן געוויקלט מאַכאָרקע אין פּאַפּירענע רובלס, ווען קיין אַנדער פּאַפּיר איז נישט געווען.

מאַכאָרקע איז געווען איינס פון די וויכטיקסטע נייטיקייטן, וואָס האָט אויסגעפעלט דעם סאָלדאַט. אייניקע זענען געלאָפן פאַר מיילן צו חברים, אויב זיי האָבן געהאַט אַ האָפענונג צו קריגן כאָטש אַ צי, אַ שמעק...

אַהרקע האָט געזען ווי טייל סאָלדאַטן האָבן מיט שטיינער צעריבן אַלטע ליולקעס, וואָס זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט מאַכאָרקע־ריח, דאָס צעריבענע האָבן זיי אַריינגעשאָטן אין אַ ליידיקער ליולקע און נאָכדעם אָנגעצונדן עס און גערייכערט.

קיין פּיצל ברויט האָבן די סאָלדאַטן אויך נישט געזען זינט די טראַנספּאָרטאַציע פון זייער קאָמאַנדע איז צעשעדיקט געוואָרן.

די זאַפּאַסן פון עסנוואַרג זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון שונא, אָדער צעשמעטערט געוואָרן פון זיינע סנאַראַדן. די קאָמאַנדע האָט זיך גענערט מיט קאַרטאָפל, וואָס די סאָלדאַטן האָבן אויסגעגראָבן פון די פאַרלאָזטע פעלדער. זיי האָבן די קאַרטאָפל אָפּגעשיילט, אָפּגעקאָכט אין אַ גרויסן טאָפּ און מיט אַ הילצערנעם קאָכלעפל צעריבן עס אין אַ קאַשע.

אהרקע איז געווען דער לעצטער אָוועקצוגיין פון דעם טאָפּ. אין אַ פאַרמעסט מיט עסערס וואָלט ער געוואונען אַ מעדאַל פאַר זיין אַפּעטיט צו אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל.

איינמאָל האָבן חברה פון דער קאָמאַנדע געפּאַקט אַ פאַר־בלאָנדזשעטן גרויסן קאַבאַן, ס'הייסט, אַ פעטן דבר־אַחר. האָבן זיי אים קונציק און גיך דערהרגעט, אָפּגעשונדן פון אים די פעל, צעהאַקט אויף שטיקער און זיי אָפּגעפּרעגלט אויף לאַנגע בלעכן. דער אָנפירער פון דער אונטערנעמונג איז געווען מאַקסימאָוו. ער האָט געאַרבעט ווי אַ געניטער פּאַכמאַן. דאָס פעטע פלייש פון דעם חזיר איז איינ־געשלונגען געוואָרן אין משך פון עטלעכע מינוט. ווען זיי וואָלטן נאָך געהאַט דערצו אַ שטיקל ברויט, וואָלט די סעודה געווען גאָר אַ געהויבענע.

די שטימונג איז אָבער סיוווי קאַליע געוואָרן. מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז די אַרמיי, וואָס די קאָמאַנדע איז געווען אַ טייל פון איר, איז אַזוי צעקלאַפּט געוואָרן, אַז זי וועט שוין קיין תחית־המתים נישט אויפשטיין. גאַנצע פּאָלקן זענען פאַרטיליקט געוואָרן. פון דעם ריגער גאַרניזאָן, וואָס אהרקעס חברים האָבן אַזוי שטאַרק מקנא געווען, ווייל ס'האָט זיך די דאָרטיקע סאָלדאַטן גוט געלעבט אין שטאָט, איז קיין שריד־ופליט נישט געבליבן. זיי האָבן געלייגט זייערע קעפּ פאַר דער נייער רוסלאַנד.

אין דער זעלבער צייט האָבן אויך צירקולירט ידיעות, אַז די באָלשעוויקעס זענען געוואָרן שטאַרק אַקטיוו. זיי האָבן געהייסן די סאָלדאַטן, זיי זאָלן אָוועקוואַרפן דאָס געווער און גיין אַהיים צו צעטיילן צווישן זיך די ערד פון די פּריצים. דאָס האָט אומגעווײנלעך אַפּעלירט צו די אויסגעמאַטערטע זעלנער.

צו יענער צייט איז אהרקעס פונקציע פון אַ קאָמיטעט־סעקרע־טאַר ביי דער קאָמאַנדע דערהויבן געוואָרן צום אַמט פון קאָמיטעט־

סעקרעטאר ביים גאנצן פאלק. זיין טיכטיקייט ווי א סעקרעטאר און זיין איינגעגליבטקייט אין קערענסקין האבן אים געשאפן אן אנזען ביי די רעוואלוציאנערע ווארט־זאגערס, וואס האבן אים אויסגעקליבן צו דעם פאראנטווארטלעכן אמט. און ווי נאר די אויסקלייב־צערעמאניע האט זיך פארענדיקט און מ׳האט אים געגעבן די געלעגנהייט צו באדאנ־קען, האט אהרקע אויסגענוצט די אקאזיע און אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגן די ידיעות, וואס זענען אנגעקומען מכוח דער נייער פאליטישער סיטואציע.

— חברים, — האט אהרקע געזאגט, — מיר, די קערענסקי־אנהענגערס, זענען איצט אריין אין א נייער סיטואציע... די באלשע־וויקעס זענען געווארן א כוח... זיי געווינען די סאלדאטן, וואס זענען שוין אויסגעמאטערט פון דער מלחמה און וואס צו זייער שמאכט נאך זייערע פאמיליעס איז גאר קיין גרענעץ נישטא. זיי לעכצן נאך שלום און נאך עקאנאמישער זיכערקייט, ווען זיי קומען אהיים. דערפאר אפעלירט צו זיי אזוי שטארק דער רוף פון די באלשעוויקעס: שלום און ערד. דאס איז די פראגראם, וואס האט געדארפט זיין אנגעשריבן אויף דער פאן פון אונדזער נייער רוסלאנד. לײדער האט אונדזער רעגירונג, די קערענסקי־רעגירונג, דאס נישט פארשטאנען אין צייט. זי האט געדארפט שליסן וועלכן־ס׳איז שלום מיט די דייטשן און באפרייען די סאלדאטן, זיי זאלן גיין אהיים און צעטיילן די פריצישע מאיאנטקעס, זייער ערד, צווישן זיך. דאס האט געדארפט געטאן ווערן אן אפלייגענישן, אן תירוצים, אן לאנגע בעראטונגען און וואסער־דיקע רעזאלוציעס... איצט איז אבער נאך נישט צו שפעט. אונדזער רעגירונג טאר נישט דערלאזן, אז די סיטואציע זאל אין גאנצן באהערשט ווערן פון די באלשעוויקעס. זי מוז שוין אננעמען ענערגישע מיטלען כדי ארויסצוקומען די זיגערין פון דעם נייעם פאליטישן קאמף...

דער פארזאמלטער זעלנערישער עולם האט פאר א לאנגער צייט נישט אויפגעהערט קלאפן מיט די הענט:

— בראווא, גראסמאן!

— בראווא!

— דאס וואס מיר טאקע ווילן...

— שלום און ערד...

— בראַוואָ, גראָסמאַן!

— בראַוואָ!

דער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי פּערזאָן — אַ פּאָרזיצער, אַ סעקרעטאַר און אַ קאַסירער — האָט זיך אַלע מאָל געפונען אין שכנות מיטן שטאַב פון פּאָלק. דער פּאָלקאָווניק האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן אָן דער הסכמה פון דעם קאָמיטעט. האָט דער פּאָלק געדאַרפט זיך אַ ריר טאָן פון איין פּלאַץ צו אַ צווייטן, האָט דער פּאָלקאָווניק צוערשט געדאַרפט מודיע זיין דעם קאָמיטעט און דער־קלערן די סיבות דערפון.

איין מאָל האָט אַ ראָטע פון דעם פּאָלק זיך אָפּגעזאָגט צו גיין צום פראָנט. האָט דער פּאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט דעלעגירט אַהרקען, ער זאָל גיין און רעדן צו די ברעכערס פון דער דיסציפּלין.

די מיסיע איז פאַר אַהרקען געווען אַ היפּש שווערע. וואָס קאָן ער זיי זאָגן? ער האָט געוואוסט די שטימונג פון די סאָלדאַטן. זיי האָבן געוואָלט שלום און גיין אַהיים. ער, אַהרקע, איז אויך נישט געווען פאַרליבט אין מלחמה. ער אַליין וואָלט אויך געוואָלט זיין אין דער היים אַנשטאָט זיך אַרומוואָלגערן. אָבער ער איז נישט דער מאַן וואָס קאָן אויסאַרבעטן די פּלענער פאַר רוסלאַנדס צוקונפט! ער מוז זיך פאַרלאָזן אויף דער צענטראַלער רעגירונג, אין וועלכער ער האָט געגלייבט באמונה שלמה, אַפילו מיט אירע טעותן. ער האָט געפילט, אַז סוף־כל־סוף וועט זי אַרויסשלעפּן דאָס לאַנד פון דער בלאָטע, אין וועלכער דער צאַר האָט עס אַריינגעשטופּט. אַז די רעגירונג הייסט האַלטן דעם פראָנט, מוזן דערפאַר די סאָלדאַטן אויספאָלגן. אָן אַרמיי אָן דיסציפּלין איז קיין אַרמיי נישט, נאָר אַ צעיושעטער המון וואָס צעשטערט, אַנשטאָט צו בויען. פון צעשטערונג קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

מיט אַזעלכע וואָגיקע געדאַנקען איז ער אַוועק צו דער צעבונטע־וועטער ראָטע. אייגנטלעך האָט ער נישט געוואוסט, פון וואַנען ס'האָט זיך צו אים גענומען אַזוי פיל מוט, צו אים, אַ שעמעוודיקן, אַמאָליקן ישיבה־בחור, אַרויסצוטרעטן קעגן אַ מחנה ווילדפאַרעמדע סיביריאַקעס. אָבער ער האָט עס געטאָן. ער איז געשטאַנען פאַר זייערע אָנגעכמורעטע פּנימער, שפּיזנדיקע אויגן, און האָט גערעדט צו זייערע הערצער, פּראָסט און פּשוט. פאַר אַ לאַנגער צייט זענען די פאַרזאַמלטע

געזעסן אייז־קאַלט, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעשטעלטע גיפּסענע פיגורן אין אַ שויפענסטער. אַז אַהרקע האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיין רעדע, האָט זיך אָבער באַוויזן אַן ענדערונג אין זייער געמיט. זיי האָבן אויפגעהערט שפּיזלען מיט זייערע אויגן און אויסגעשטרעקט די העלדזער כדי בעסער צו הערן.

— איך, אַ ייד, — האָט ער אין זיינע לעצטע ווערטער געזאָגט, — איך, אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס ליידט שוין איבער צוויי טויזנט יאָר, וויל אייך נישט מוסרן, נאָר געבן אַ לעבעדיקן ביישפּיל... איך זאָג אייך, אויב איר באַגערט נישט, אַז דאָס רוסישע פאָלק זאָל האָבן דעם זעלבן פיינלעכן גורל ווי מיר יידן, טאָ הערט זיך צו צום קול פון אייערע פירערס, אייערע פריינד. מיר יידן האָבן פאַרלוירן אונדזער לאַנד איבער אונדזערע פּאַרטיי־קאַמפן, איבער אונדזערע אָרומרייסע־נישן איינע מיט די אַנדערע...

אין אַהרקעס אויגן זענען געשטאַנען טרערן. ווען ער האָט גערעדט צו די סאָלדאַטן האָט ער פאַרגעסן, אַז ער רעדט צו מענטשן פון איצט, נאָר געזען זיך רעדן צו די יידן פון דעם אַמאָליקן יידישן היימלאַנד. ער האָט זיך געבעטן ביי זיי אָפּצושטעלן די סיכסוכים... אַז ער האָט פאַרענדיקט און גענומען קוקן אויף זיינע צוהערערס, האָט ער באַמערקט אין זייערע אויגן בלישטשענדיקע טראָפּנס, פּונקט ווי אין זיינע. אפנים, זיי האָבן דערשפּירט, אַז זיינע ווערטער זענען אַרויסגעקומען גלייך פון זיין האַרץ, און דערפאַר זענען זיי אויך גערירט געוואָרן.

נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט זיך די ראַטע געגרייט אָפּצוגיין צום פראָנט.

אַגב, דער פראָנט איז שוין נישט געווען היים... קיין שיסערייען זענען נישט פאָרגעקומען. מער נישט, מ'האָט געהיט איינע די אַנדערע. ביידע צדדים האָבן געוואַרט אויף דער גוטער בשורה פון — שלום. אין דער צווישנצייט האָבן די רוסישע סאָלדאַטן אויף שטום לשון זיך דורכגערעדט מיט די דייטשן. און בלויז על־פּי טעות זענען טייל מאָל פאָרגעקומען לאָקאַלע שיסערייען.

נאָך יענער רעדע פאַר דער צעבונטעוועטער ראַטע, וואָס איז נאָכדעם אַוועק צום פראָנט, איז אַהרקעס אָנזען ביי די אָפיצערן שטאַרק אויסגעוואַקסן. אָפט זענען זיי געקומען צו אים און הערן

זיין מיינונג וועגן געוויסע פּאָליטישע געשעענישן. און וואָס אָנבאַלאַנגט נישט־פּאָליטישע ענינים האָבן זיי זיך נישט גערירט און נישט געטאָן גאָרנישט אָן אים. האָבן זיי באַדאַרפט אַ פּאָר הויזן, אַ פּאָר שטיוול, זענען זיי געקומען צו אים נאָך אַ דערלויבעניש. אפילו דער גענעראַל גופא האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אים. ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין דער קאַנצעלאַריע האָט ער אַהרקען דערלאַנגט די האַנט ווי צו זיינס גלייכן.

ביי אַזעלכע געלעגנהייטן האָט זיך אַהרקע דערמאָנט אין די קלעפּ און פּעטש, וואָס ער האָט אַמאָל געקראָגן פון די צאַרישע שטיוול־פּוצערס. אויך סעמיאָנאָוום נאַגייקע איז אַרויפגעשוואומען אויף זיין געדאַנק. וואָס פאַר אַ ענדערונג! איצט, אין דער נייער צייט, זיצט ער פּנים אל פּנים מיטן סאַמע גענעראַל — און יענער בעט ביי אים, אַהרקען, אַ טובה וועגן גיין האַלטן אַ רעדע דאָ, אַ רעדע דאָרטן, אויך וועגן אַ דערלויבעניש אויף צו קריגן אַן אויטאָמאָביל, אַ לאַסט־וואָגן... אַן אינעווייניקסטער אויפברויז פון פרייד האָט אים אַרומ־געכאַפּט, וואָס ער, אַ ייד, האָט דערלעבט צו זען אַזאַ וואַרעמע באַצי־אונג אין דער רוסישער אַרמיי.

וואָס אים איז נישט געווען צום האַרץ, איז — די חניפה. ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן קריגן אַ סך חניפה פון אַלע זייטן. אַ סאָלדאַט פּלעגט אים אַריינברענגען דאָס עסן אין דער קאַנצעלאַריע. אויך פּלעגט ער רייניקן און פּוצן זיינע שטיוול, דאָסגלייכן די שטיוול פון די קאָמיטעט־לייט, אַ זאַך וואָס ער האָט נישט געבעטן און אוודאי נישט פאַרלאַנגט. משמעות, ווען דו שטייסט ביי דער מאַכט געפינען זיך שוין געגוג מענטשן, וואָס זענען גרייט צו בייגן זייערע רוקנס פאַר דיר, כאָטש דו פאָדערסט עס גאָרנישט פון זיי. ס'איז פּשוט אַ געוואוינהייט ביי זיי, זינט יאָרן און יאָרן. אָט אַזעלכע מענטשן מאַכן קאַליע זייערע פירערס. זיי שטעלן זיי אַוועק צו הויך. ווען ער, אַהרקע, וואָלט געווען אַן אַמביציעזער מענטש, וואָלט ער געקאָנט שטייגן אַ סך העכער, אַזש ביז צום קאָמיטעט פון קאָרפּוס. צו שטייגן אין מאַכט, דאָס איז אים אָבער דערווידער געווען. ער איז געווען צופרידן מיט זיין באַשיידענעם ביישטייער פאַר זיינע חברים, פאַר דער אַרמיי און פאַרן לאַנד.

## 91.

# רעוואָלוציע קעגן רעוואָלוציע

לויט די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען, האָט מען אין די שטעט נאָך אַלץ געפּראַוועט בעלער לשם דער רעוואָלוציע. רעדנערס האָבן נאָך גערעדט אין מײַלן־לאַנגע רעדעס, מ׳האָט גערופן און געשיקט אַנדערע אויפן פראָנט — און אַליין זענען זיי געבליבן זיצן אין די וואַרעמע היימען.

אויפן פראָנט, אין די זעמליאַנקעס און אין די אָקאָפּעס, וואו אהרקען איז אויסגעקומען צו זײַן, האָט ער קיין איינציקן פון יענע שיין־רעדנערס נישט געטראָפן. אפילו דאָס וואָס די סאָלדאַטן האָבן קיין שטיקל העמד אויף איבערצובײַטן נישט געהאַט איז — לויט די ידיעות — נישט דערמאָנט געוואָרן בײַ זייערע בעלער און אין זייערע רעדעס.

אהרקע אַליין, כאָטש אַ סעקרעטאַר, אַ דעה־זאָגער איבער מלבושים־מאַגאַזינען, איז געווען אין דער זעלבער לאַגע. ווען נישט זײַן זעלטענע קרייקע וואָלט ער פאַרלייזיקט און פאַרפוילט געוואָרן.

בײַ אַזעלכע אומשטענדן איז געווען מאָראַליש אַן אומרעכט, און פּאָליטיש אַ סקאַנדאַליעזער אַקט, אָנצוהאַלטן די מלחמה. די שטימונג איז געווען זייער אַ געפאַלענע. דערצו האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגעלאָזט ידיעות, וואָס זענען געווען נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, אַז אין די דערפער צעטיילט מען שוין די פּריצישע ערד און אַז יענע וואָס וועלן בלײַבן אין די אָקאָפּעס, אָדער אין דער אַרמיי, וועלן פאַרשפּעטיקן. זיי וועלן בלײַבן מיט גאָרנישט. דאָס האָט זיך געלאָזט פילן אומעטום, אין אַלע אַרמיי־איינהייטן, סײַ אויפן פראָנט, סײַ אין הינטערלאַנד.

אהרקע איז אַרומגעגאַנגען אַ מבולבלער. אַלע זײַנע האָפע־נונגען האָט ער געלייגט אויף דער „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע", ס׳הייסט, די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. דאָרטן, ווען די דעפּוטאַטן פון גאַנצן לאַנד וועלן זיך צונויפקומען, וועט מען שוין אַלץ ברענגען אין אָרדענונג. זיי וועלן שוין צופירן צו אַ טאָלק. די צרה איז נאָר געווען דאָס וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין איין אָפּלייגן און אָפּשלעפּן די וואַלן.

וואָס איז געווען דער אָפּהאַלט? קיין ענטפער אויף דעם האָט אַהרקע נישט געקאָנט קריגן פון קיינעם.

איינמאָל זענען מאַסן סאָלדאַטן געקומען צום קאָמיטעט מיט קולות און סטראַשונקעס:

— מיר קאָנען לענגער נישט וואַרטן!

— ס׳מוז נעמען אַ סוף!

אַהרקע און די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט האָבן זיי ווי ס׳איז באַרואיקט, אָבער זיי גופא, די קאָמיטעט־לייט, האָבן זיך געפילט ווי אויף הייסע קוילן. די גאַל האָט ביי זיי געהאַלטן ביים פּלאַצן. רייד אַליין זענען נישט געווען גענוג. עפּעס ממשותדיקס האָט מען געמוזט טאָן כדי צו צעקלאַפּן די ליגנערישע פּראָפּאַגאַנדע פון די באָלשעוויקעס.

אַז די „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע" איז, ענדלעך, אויסגעקליבן געוואָרן, איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. אין מיטן דער נאַכט האָט מען אַהרקען און זיינע קאָמיטעט־חברים אויפגעוועקט פון שלאָף און זיי אָנגעזאָגט די פינצטערע בשורה:

— די באָלשעוויקעס, מיט לענין און טראָצקי בראש, האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט. זיי האָבן צעטריבן די אויסדערוויילטע דעפּוטאַטן און אַ סך פון זיי אַרעסטירט...

דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ מהומה אין די מוחות פון די קאָמיטעט־לייט. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן און געפרעגט אין דערשלאָגנקייט:

— וואָס טוט מען אַצינד?

— וואָס ענטפערט מען אַצינד די אויפגעברויזטע סאָלדאַטן?

אונטער דער ווירקונג פון דעם קאָמיטעט זענען פאַרגעקומען פאַרזאַמלונגען, מ׳האָט אָנגענומען רעזאָלוציעס. אויף איינער אַ גאָר גרויסער פאַרזאַמלונג, וואו אַלע אָפּטיילונגען פון פּאָלק זענען געווען פאַרטראָטן דורך זייערע פאָרשטייערס, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע קעגן די באָלשעוויקעס פאַר זייערע נישט־דעמאָקראַטישע האַנדלונגען. מיט אָט דעם מאַנדאַט איז אַהרקע געשיקט געוואָרן צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די דעלעגאַטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט אַלע סאָרטן מיליטער־איינהייטן פון דער גאַנצער צוועלפטער אַרמיי.

ביי דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז אויך געווען וויקטאָר טשערנאָוו, דער מיניסטער פון אַגריקולטור אין קערענסקיס רעגירונג. ער איז געקומען צו לויפן פון פּעטראָגראַד. אין אַ פּריוואַטן געשפּרעך מיט אים האָט אַהרקע געבעטן, טשערנאָוו זאָל אים דערקלערן וואָס אייגנטלעך איז פאַרגעקומען דאָרט אין דער הויפּטשטאָט. הלמאַי איז די פּראָוויזאָרישע רעגירונג געפאַלן אַזוי גרינג. זיין ענטפער איז געווען שאַרף און בילדעריש:

— קערענסקי איז אַן אמתע באַבאַ... נאַסטאַיאַשטשאַיאַ באַבאַ... איינער דרודלט אים אַן איין זאַך, טוט ער עס. קומט אַ צווייטער און סטראַיעט אים אַן אויף פאַרקערט, דרייט ער זיך צוריק. מילוקאָוו רעדט צו אים אין איין אויער, און סאַווינקאָוו — אין צווייטן. טוט ער אַ מאָל וואָס מילוקאָוו הייסט, און אַ מאָל וואָס סאַווינקאָוו וויל... אָט אַזוי איז אַרויסגעקומען אַ מישמאַש.

טשערנאָווס דערקלערונג האָט אַהרקען געטראָפן ווי אַ דונער. זיין „גאָט" קערענסקי איז צעשמעטערט געוואָרן ווי אַ ליימענע געטשקע. ער האָט געהאַט אַזוי פיל גלויבן אין אָט דעם מענטש, געטאָן אַזוי פיל אַרבעט כדי אויך אַנדערע, הונדערטער סאָלדאַטן, זאָלן זען אין אים דעם „משיח" פון רוסלאַנד, און דאָ גאָר — ער איז אַ באַבאַ... אַ „נאַסטאַיאַשטשאַיאַ באַבאַ"...

ביי דער פאַרזאַמלונג האָט אַהרקע אַלע מאָל געשטימט מיט דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. ער האָט זיך געפילט נענטער צו זיי, איידער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דער הויפּט פון זיין גרופּע איז געווען דער אָפיצער סמירנאָוו, אַ הויך געבילדעטער מענטש מיט די פיינסטע מאַניערן. ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז געווען קוטשין, אויך אַן איידעלער מענטש. די לעטישע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין זאַל פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, האָבן געהאַלטן אין איין זידלען די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. זיי האָבן גערופן די אָנהענגערס פון ביידע פּאַרטייען מיט די מיאוסטע נעמען. אָפט האָבן זיי אַרויסגעכאַפּט זייערע באַגנעטן און, ווי אמתע רוצחים, גענומען מיט זיי דראָען. אויף וויקטאָר טשערנאָוון, דעם רוסישן אַריסטאָקראַט און אמתן הומאַניסט, האָט אַ באָלשעוויק אָנגעשטעלט זיין ביקס מיט אַ וואָרענונג אים צו דערשיסן אין אָנוועזנהייט פון אַלע דעלעגאַטן. טשערנאָוו, מיט זיין שיינעם לייבנקאָפּ, האָט

אַפילו קיין פינטל נישט געטאָן מיט זיינע קלוגע טרויעריקע אויגן. ער האָט זיך אָװעקגעשטעלט מיט זיין גאַנצער הייך פון זיין מאַיעס־טעטישער פיגור און געוואַרט...

— שיט... — האָט ער געשעפּטשעט.

דער רוצחישער באָלשעוויק האָט אַראָפּגעלאָזט די ביקס. ביידע פּאַרטייען — די ס.־ר. און ס.־ד. — האָבן פריי̆ער אָפּגעאָטעמט.

סיוווי, נישט געקוקט אויף די גלענצנדיקע און האַרציקע רעדעס פון טשערנאָוון, סמירנאָוון, קוטשין און אַנדערע האָבן ביידע פּאַרטייען פאַרלוירן.

די באָלשעוויקעס — מיט זייער דעמאַגאָגישער פּראָפּאַגאַנדע און כיטרע, נישט־זויבערע שטוקעס — זענען אַרויס די זיגערס. און די צוועלפטע אַרמיי איז אַריבער אויף זייער זייט.

אַהרקע האָט מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן אין דעם קאָמיטעט. ער איז געוואָרן אויס סעקרעטאַר. די באָלשעוויקעס האָבן אים אַרומגערינגלט און פאַרגעלייגט, ער זאָל בלייבן אין קאָמיטעט אויף ווייטער, ער זאָל אָננעמען דעם אַמט פון קאָסירער. דאָס האָבן זיי געטאָן אָן כיטרע שטוקעס. זיי האָבן אין אים געשעצט זיין ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט צו דער רעוואָלוציע. און אפשר האָבן זיי געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט ער אַריבער צו זיי? יעדנ־פאַלס, אַהרקע האָט זיך מיט פעסטקייט אָפּגעזאָגט פון זייער אָנ־באָט. ער האָט נישט געוואָלט, און נישט געקאָנט, מאַכן קיין פשרות מיט זיינע איבערצייגונגען. אַרבעטן אין קאָמיטעט, אָן חילוק פון וועלכן אַמט ער וואָלט געהאַט, האָט געמיינט דירעקט צי אומדירעקט העלפן די באָלשעוויקעס אין זייערע פּלענער. חוץ דעם האָט ער באַיין אופן נישט געקאָנט זיי פאַרגעבן פאַר צעטרייבן די אויסדערוויילטע פאָרשטייערס פון פאָלק. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט ער געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו דערקענען זייערע פּרצופים, זייער גראָב באַנעמען זיך צום מיטמענטש, זייער שפּייען אין פּנים פון זייערע ערלעכע און שטילע קעגנערס. ער, אַהרקע, האָט נישט איינגעשטימט מיט זייער דאָגמע, אַז דער ציל כשרט די מיטלען. אויפן סמך פון דעם קאָן מען דאָך אָפּטאָן אַלערליי אומריינע שטיק און דאָך זיך אָנרופן צדיקים, מחמת דער סוף אין דער ווייטער צוקונפט איז הייליק... דעם יחיד קאָן מען דערווייל שטיקן און צעשיסן. אַזוי־

אנאָך, הייסט עס, וועט דער יחיד קיין מאָל נישט דערלעבן די צוקונפט־ליכט פון סאָציאַליזם.

אהרקע האָט דערפילט, אַז די רעוואָלוציע, וואָס האָט געזאָלט געבן מאַכט צום פאָלק, איז פאַרשוועכט געוואָרן פון דער באָלשע־וויסטישער רעוואָלוציע, וואָס אַנשטאָט האָבן אַ צאַר איבערן פאָלק, האָט זי אויף דער שטול פון הערשאַפט ארויפגעזעצט די דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט, וואָס דאָס מיינט דעם הויפּטפירער פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס.

אויף אַ זיצונג פון די ס. ר.־דעלעגאַטן האָט סמירנאָוו מיט ייאוש אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז מ'וועט מוזן קעמפן קעגן די באָלשעוויקעס פון אונטער דער ערד, פונקט אַזוי ווי מ'האָט עס געטאָן קעגן דעם צאַר. אהרקע, ווי אַ דעלעגאַט, האָט געשוויגן. וואָס האָט ער שוין געהאַט צו זאָגן נאָך דעם ווי די אמתע פאָלקס־רעוואָלוציע איז צעשמעטערט געוואָרן? ער איז גייסטיק און עמאָציאָנעל געווען אַזוי פאַרוואונדעט, אַז ס'איז אים נישט געבליבן געניג נאַאיוויטעט, אָדער נשמה־גאַנצקייט, כדי ער זאָל קאָנען אָנהייבן פונדאַסניי, ווי סמירנאָוו האָט פאָרגעשלאָגן. ער האָט געפילט, אַז זיין פרייוויליקער צוריקקער אין אירקוטסק צו דער אַרמיי איז איצט געווען אַ פול־שטענדיקער טעות, אַ דורכפאַל.

אָנגעקומען צוריק צו זיין קאָמאַנדע האָט ער זיך גלייך געמאָלדן ביים דאָקטער און באַקלאָגט זיך אויף זיין גייסטיקן מעמד.

— איך פיל — האָט ער געזאָגט דעם דאָקטער — ווי אַ ליאַדע מינוט וועל איך אָוועקפאַלן פון אַ נערוון־צוזאַמענברוך. פאַר מיינע אויגן שווינדלט... מיין קאָפּ דרייט זיך ווי אַ ראָד... אַלץ אין מיר ציטערט...

דער דאָקטער האָט איינגעזען די ריכטיקייט און אים גלייך אָוועקגעשיקט אין דעם מיליטערישן שפּיטאָל.

נאָך צוויי וואָכן האַלטן אים דאָרט האָט אַ קאָמיסיע פון דאָקטוירים אים געגעבן דריי חדשים אורלויב.

די דערלויבעניש איז שוין, אַגב, נישט נייטיק געווען. די גאַנצע אַרמיי איז זיך סיי ווי צעפאַלן. מאַסן סאָלדאַטן האָבן געלאָזט אַלץ מיטאַנאַנד און זענען אָוועק אַהיים. קיינער האָט זיי נישט געשטערט.

אַלץ איז געגאַנגען צום גרונט. יעדער האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט און ווי ער האָט באַגערט.

אַהרקע האָט זיך מיט גרויס אָנשטרענג קוים-קוים אַריינגעפּאַקט אין אַ באַן-וואַגאָן. דאָס געדרענג אינעווייניק איז געווען אַזוי דריקנדיק, אַז ס'איז געווען שווער צו אָטעמען. סאָלדאַטן זענען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. און נישט נאָר אין די וואַגאָנען. אויך אויף די דעכער איז געווען געפּאַקט מיט סאָלדאַטן וואָס זענען אַוועק אַהיים.

דאָס קלאַפּן פון די רעדער האָט געהאַלטן אין איין זאָגן און איבערזאָגן:

— אַהיים, אַהיים, אַהיים — — — —

און דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו האָט פאַר אַהרקען געמיינט ווי אַ דעפּעשע, וואָס האָט זיינע טאַטע-מאַמע געלאָזט וויסן מיט אומגעוויינלעכער פרייד:

— אַהרקע קומט אַהיים... אייער זון אַהרקע קומט אַהיים פון מיליטער... ער קומט אַהיים און ער וועט מער נישט צוריקגיין... גרייט צו אַ פייערלעכן קבלת-פּנים... גרייט צו — — — —

## 92.

# דאָס נייע לולין

אויך אין דער לופט פון דעם שטעטעלע לולין און פון די אַרומיקע דערפער האָט דער דוך פון די באָלשעוויקעס אַרומגעפלאָטערט און גערופן:

— סוואָבאָדאַ! פרייהייט! נעמט אַלץ וואָס מ'האָט ביי אייך געגנבעט! נעמט אַלץ וואָס איז אייערס...

די ערשטע וואָס האָבן געענטפערט דעם רוף זענען געווען די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און זיך אַריינגעריסן אין אַגאַרקאָווס קאַנטאָר, וואו מ'האָט געפירט גרויסע געשעפטן מיט קויפן און פאַרקויפן וועלדער, און זיי האָבן צעראַבירט אַלץ. די אַרבעט דאָרטן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. און די געלעגנהייט וואָס צענדליקער אַרבעטסלייט און האָלצהעקערס האָבן

געהאַט ביים אַראָפּלאָזן ביימער אין די וועלדער, איז אַוועק מיטן צושליסן די חורבה וואָס איז געווען אַ קאָנטאָר.

ס'איז געוואָרן אַ צערודערונג, אַ מיש־מאַש, אַ תוהו־ובוהו. קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען אין דער גאַס און האָבן געקנייטשט די שטערנס:

— עפּעס אַ מאַכט מוז דאָך אַריינקומען...

— מ'וועט דאָך נישט לאָזן אויף הפקר אַ שטאָט און דעם אַרום...

— עפּעס אַ שד מוז דאָך געוועלטיקן איבער דיר...

ביי אַהרקען אין הויז איז געווען שאַ־שטיל. ס'איז גאָרנישט געווען צו דערקענען אין דער שטוב דעם קאָכלעפל וואָס זי איז אַלעמאָל געווען.

די מוטער האָט צוגעגרייט די טעגלעכע מאָלצייטן, אָבער בלויז פאַר דעם אייגענעם הויזגעזינד. און געגעסן האָט מען באַהאַלטענער־הייט, בחדרי־חדרים, ווייט פון פרעמדע אויגן, ס'זאָל נישט גורם זיין קיין עין־הרע.

אַהרקע האָט קיין מאָל נישט ליב געהאַט צו עסן אין דער „רשות־הרבים" שטוב. וואו זייער אָפּט איז זיין יעדער ביסן, און אויך פון דער משפחה, ביז אין שלונג אַריין באַגלייט געווען פון הונגעריקע אויגן, פון פויערים וואָס זענען געזעסן אויף די בענק קעגנאיבער דעם גרויסן עס־טיש. אַפילו ווען זיי זענען נישט געווען הונגעריק האָט מען געקאָנט זען ווי די סלינע איז ביי זיי גערונען, ווען זיי האָבן דער־שמעקט די ריחות פון די יידישע פּאַטראַוועס. דער פאָטער זיינער, אַהרקעס, האָט גראָד קיין מאָל נישט פאַרפעלט זיי פאַרבעטן צום טיש, ווי דער מינהג איז געווען:

— פּראָסים אישטשי...

און זייער ענטפער איז אַלע מאָל געווען:

ספּאַסיבאַ...

אָדער:

בלאַגאָדאַרים...

ביי אַהרקען האָט דאָס אויסגעקוקט קאָמיש. דער „פּראָסים אישטשי", ס'הייסט, קומט עסן, איז שטענדיק געזאָגט געוואָרן מיט דער אויסרעכענונג, אַז די פאַרבעטענע וועלן זיך אָפּזאָגן. ווי וואָלט

אָבער געווען, ווען אַנשטאָט זאָגן „ספּאַסיבאָ“ צי „בלאַגאָדאַרים“, ס׳הייסט, אַ דאַנק, וואָלטן זיך די פּויערימלעך געמאַכט תמעוואַטע און יאַ צוגעזעצט זיך צום טיש?

נאָך דער מהומה האָט מען אָבער געגעסן בחדרי־חדרים, כדי נישט אַרויסצורופן ביי מענטשן קיין קינאה וואָס האָבן דאָס נישט. און אַזעלכע זענען געווען לרוב.

איין מאָל, שבת נאָך שלש־סעודות, האָבן שכנים זיך אַריינ־געריסן אין הויז מיט אַ טרעוואָגע, אַז פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פאַרזאַמלען זיך אין שטאָט צו גיין ראַבירן זעליק סינגאַלאָווסקים הויז. יעדער אין הויז האָט מיט שרעק אַ פרעג געטאָן:

— זעליקס הויז?

— זעליק סינגאַלאָווסקים?

— ביים פאַרוואַלטער פון אַגאַרקאָווס קאַנטאָר?

אַהרקע האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות. ער האָט זיך אָנגעטאָן די סאָלדאַטסקע מלבושים, וואָס זענען שוין געווען אָוועק־געפּעקלט, און איז אַוועק באַגעגענען דעם המון.

אויפן וועג צו זעליק סינגאַלאָווסקים הויז האָט ער אין זיין קאָפּ צוגעגרייט אַ „דרשה“, וואָס ער האָט גערעכנט צו האַלטן פאַר די פּויערים. ס׳איז געווען אַ ווענדונג, פול מיט געבעט, אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן ווי אָנשטענדיקע פרייע בירגערס. ס׳איז נישט די צייט פון צעשטערן, נאָר פון בויען. סיווי וועט דאָך אַלץ באַלאַנגען צו זיי. טאָ צוליב וואָס איז דאָס ברעכן און שטעכן?

אין זיינע אויגן האָט עס אויסגעזען ווי אַ פיינע רעדע. אַז ער איז צוגעקומען צו סינגאַלאָווסקים הויז, איז אים אָבער נישט גוט געוואָרן.

ביים הויז האָט ער באַגעגנט אַ גוט־אָרגאַניזירטע מחנה פון פּויערים און פּויערטעס. זיי האָבן געטראָגן פלעקער אין זייערע הענט, און די פּנימער זענען געווען פול מיט רציחה. די דאָזיקע מחנה, אַלע ווי איינער, האָט זיך גענומען רוקן גלייך קעגן אַהרקען.

דאָס לשון האָט ביי אים אָפּגענומען. זיינע שיינע, לאָגישע מחשבות זענען גיך, ווי אַ בליץ, אַוועק פון זיין קאָפּ. אַנשטאָט עפענען די ליפּן און פּרובירן עפּעס זאָגן, האָט ער זיך אויסגעמישט מיט דער מאַסע און גענומען מיטגיין מיט די פּאָגראָמשטשיקעס גלייך אין

זעליק סינגאַלאָווסקיס הויז — מיט דער כוונה, אויב עפּעס ווערטפּול וועט אַריינפאַלן צו אים אין די הענט, וועט ער עס דערנאָך אומקערן צום הויז־באַלעבאָס.

ווי ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן האָט סינגאַלאָווסקי דער־וואַרט דאָס רויבעריי, באַגלייט פון אַ פּאָגראָם, וואָרעם אַחוץ מעבל האָט ער גאָרנישט איבערגעלאָזט. די פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך געשלאָגן איינע מיט די אַנדערע פאַר יעדן טיש, בעט און באַנק.

— זאָל עס זיין אַ כפּרה פאַר זעליק סינגאַלאָווסקיס נפש...

— האָט אהרקע געטראַכט בעת ער האָט זיך צוגעקוקט צו דעם פּאָגראָם. ס׳איז אים אָבער געווען איבלדיק צו זען ווי די פרייע בירגערס פון רוסלאַנד באַנעמען זיך.

ווען ער איז געקומען אַהיים איז שוין געווען נאָך הבדלה. די מוטער איז געשטאַנען אין קיך און האָט געשטעלט טעפּ מיט וואַסער אויף דעם ברענענדיקן אויוון.

— כ׳וועל זיי אָפּפאַרען ווי חזרים... — האָט זיין מוטער גערעדט מיט כעס. און זי האָט געמיינט וואָס זי האָט גערעדט.

זיין מוטער, ווי אַ האָרעפּאַשנע פרוי, איז נישט געווען פון די אָפּגעשראָקענע. נישט איין מאָל האָט זי געפּאַטשט אַ מוזשיק, ווען זי האָט אים געכאַפּט ביים גנבענען עפּעס אין דער קראָם. און גנבים זענען געווען אַ סך. זיי האָבן זיך געקוואַפּעט אַפילו אויף שוה־פּרוטה, אַבי גנבענען.

דעם זעלבן שבת זענען געהאַט אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז נאָכן פּאַרטיק ווערן מיט זעליק סינגאַלאָווסקיס הויז וועלן זיך די פּויערים־געזינדן נעמען צו אַלע יידישע הייזער פון דעם שטעטל. אהרקעס מוטערס קעגן־אַקציע איז געווען — זודיק וואַסער. פאַר אהרקען האָט דאָס אויסגעזען נאַאיוו.

— קאָנסטו נישט זען, מאַמע, — האָט אהרקע צו איר געזאָגט, — ווי שוואַך מיר זענען, אַפילו מיט קאָכעדיק וואַסער, קעגן אַ צעיושעטער פינצטערער מאַסע?

— איז וואָס דען דערוואַרטסטו זאָל איך טאָן? — האָט זי נישט געפרעגט קיין עצה ביי אים, נאָר געשריען מיט ביטול. — זאָל איך זיי אויפנעמען מיט אָפענע אַרעמס און נאָך דערלאַנגען זיי אַלץ מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן?

אָפּגעהאַלטן דעם צעווילדעוועטן עולם פון זייער פלאַן האָט דער גלח פון שטעטל. ער, שוין אַן עלטערער מענטש, איז געווען אַ גוטער ביי דער נאַטור, און כמעט אַן אוהב־ישראל. אין קלויסטער האָט ער אַלעמאָל געפּריידיקט שלום. און אין אַלגעמיין זענען גויים און יידן געווען אין גוטע באַציאונגען, אַ דאַנק אים, דעם גייסטיקן פירער זייערן. אויך די גלחטע איז געווען אַ גוטע. אָפט האָט זי צוגעשאַרט פּרנסה צו יידישע אָרעמעלייט. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן זייער טאָכטער, וואָס איז, אַגב, געווען אַ יפת־תואר. און זייער זון, מישאַ, האָט זיך געליבט מיט אַ יידיש מיידל.

אָבער לאַנג וואַרטן ביז עפּעס אַ טייוול וועט נעמען געוועלטיקן איבער דעם שטעטל האָט מען נישט געדאַרפט. צוזאַמען מיט דער גאַנצער געגנט האָבן די דייטשן פאַרנומען אויך דאָס שטעטל לולין. זיי האָבן זיך צעלייגט אין דער לענג און ברייט, ווי ביי זייער טאַטן אין ווייַנגאָרטן. זיי האָבן געבאַלעבאַטעוועט ווי דאָס לאַנד וואָלט געהערט צו זיי פון דורות און דורות. זייערע שטאָלענע לאַפּעס האָבן מיט רוגזה געשטיקט די באַפעלקערונג. זיי האָבן רעקוויזירט בהמות, חזירים, לעדער, שניט־סחורות, האָבער, מעל, און אַלץ וואָס איז געקומען אין זייערע הענט. זיי האָבן זיך גאַרנישט גערעכנט מיט די נויטן פון דעם פאָלק. און צוגענומען האָבן זיי דאָס אַלץ נישט אומזיסט... חלילה! זיי האָבן דעם באַעוולטן אַרויסגעגעבן אַ פאַר־מעלע קבלה, מיט אַ חתימה פון דעם קאָמענדאַנט. דאָס הייסט, אַנשטאָט מזומן האָט מען געקראָגן אין האַנט אַ שטיקל פּאַפּיר, וואו ס׳איז בפירוש געשטאַנען פאַרשריבן, אַז דיר קומט אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר דיין האָב־און־גוטס, וואָס דו האָסט פאַרקויפט פאַר אַזאַ און אַזאַ מקח. ביים דייטש איז נישטאָ קיין קונקל־מונקל געשעפטן. אַלץ איז לעגאַל. אַלץ ווערט געטאָן כדת והדין־דייטש. אין שפּאַס און אין ערנסט האָבן יידן די קבלות גערופן: „אשר־יצר־פּאַפּיר...” און זיי זענען דאָס טאַקע געווען.

יידן און גויים האָבן באַהאַלטן טיף אין דער ערד אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט. ס׳האָט זיי אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן. די דייטשן האָבן עס דערשמעקט. ווי הייזעריקן זענען זיי באַפאַלן דאָס באַגראָ־בענע און האָבן צוגענומען דאָס איבערבלייבעכץ. און דאָס מאָל, אַן צערעמאָניעס. זיי האָבן זיך אַפילו נישט מטריח געווען אַרויסצוגעבן

קוויטלעך מיט עפּעס אַן אונטערשריפט. צו וואָס פּטרן פּאַפּיר? ס'איז געוועז לית דין ולית דיין.

## 93.

# הונגער און טויט

פּאַר טעג און טעג איז אַהרקע, מיט אַ שווערער פאַרקילונג, געלעגן אין בעט. מ'האָט אים געגעבן אַלערליי רפואות — און די פאַרקילונג האָט זיך אַלץ נישט גערירט. די איינציקע האָפענונג איז געווען — ליגן אין בעט, נישט צולאָזן קיין ווינטל און פון דער וואַרעמקייט וועט אים מוזן בעסער ווערן.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר פון אַהרקעס שלאָפחדר געעפנט — און פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען דאָס פּרצוף פון אַ דייטשן סאָלדאַט, מיטן באַגנעט פון זיין ביקס אָנגעשטעלט אויף אים, און אַ ווילדע שטים האָט זיך צעשריען:

— ראוס! ראוס!

דער פאָטער און די מוטער זענען אַריינגעלאָפן, גענומען אים זאָגן וועגן אַהרקעס קרענק, געבעטן זיך ביי אים, ער זאָל אויפהערן צושטיין מיט זיין באַפעל. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. אַלע איינוואוינערס, יונג און אַלט, פרויען און מענער, אַלע האָבן זיך געמוזט פאַרזאַמלען פאַר דעם רעגירונג-הויז אין שטעטל און הערן דעם קאָמענדאַנט בכבודו ובעצמו וועגן די געזעצן פון דער נייער מאַכט. און אַהרקע, כאָטש אַ שוואַכער, האָט אויך געמוזט אויספאָלגן די פאַראָרדענונג.

מיט גאָרנישט קיין גרינג האַרץ זענען די עלטערן און אַהרקע אַרויס אין גאַס צו הערן דעם קאָמענדאַנט. אַז דער קאָמענדאַנט איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע „רעגעלן", וואָס די באַפעלקערונג וועט אומבאַדינגט מוזן אויספאָלגן, האָט זיך אַהרקע מיט זיינע עלטערן צוריקגעקערט אַהיים און זיי האָבן אָפּגעדעכעט:

— אויב עפּעס דאַרף געשען אַהרקען זאָל עס געשען דעם קאָמענדאַנט, — האָט די מוטער געזאָגט.

— ער זאָל זיך דאַרפן אַזוי שלעפּן אַלע זיינע יאָרן ווי אַהרקע שלעפּט זיך אַצינד, — האָט דער פאָטער צוגעגעבן.

— וואָס איז דאָ צו רעדן?... האָט אַהרקע געברומט. — אַז דער איינצלנער מענטש מיינט גאָרנישט. אַלץ איז די מלוכה. נאָר די מלוכה... דער נייער אָפּגאָט...

די עלטערנס „ברכות״ האָבן דעם קאָמענדאַנט נישט געשאַט. דערצו איז צו זיי אין עטלעכע טעג אַרום געשען אַן אומדערוואַרטע זאַך. אַ גרויסער וואָגן מיט פיל חפצים איז פאָרפאָרן פאַר זייער הויז — און עטלעכע דייטשע סאָלדאַטן האָבן אָנגעזאָגט אַ פינצטערע בשורה:

— דער קאָמענדאַנט גייט וואוינען אין אייער הויז.

— אין אייער הויז וועט אים זיין באַקוועם.

— איר געדענקט מיר זענען דאָ געווען צו „באַשויען״ די צימערן?

— יעצונד קומט ער דאָ וואוינען.

— אין די שענסטע צימערן וועט ער זיך איינריכטן.

ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג און די משפחה האָט זיך אַרומגעזען, אַז מ׳וועט דערשטיקט ווערן אין הויז. ווי ענג די פאַמיליע האָט זיך נישט צונויפגערוקט איז אַלץ נישט געווען וואו אַ פוס צו שטעלן.

פאַר אַהרקען איז דאָס קיין עסק נישט געווען. ער האָט זיך באַשטימט אַוועקצולאָזן זיך קיין קיעוו, וואו זיין שוועסטער איטקע האָט געוואוינט. ווי קאָן ער זיך אָבער אַ ריר טאָן, אַז מען מוז האָבן אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג? ס׳איז געשען אַ „נס״. דער פאָטער איז געגאַנגען צום קאָמענדאַנט, גענומען „שפּרעכן דויטש״ גאַנץ „פליסיק״ און ער האָט געקראָגן דעם חסד פאַר זיין „קנאַבע״.

אין קיעוו האָט אַהרקע באַשלאָסן — איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנטשעפּען אויף זיין פּערזענלעכקייט עפּעס אַ מין שילד מיט אַ נאָמען פון אַ פאַך. ער האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין אַ שולע פאַר קאָמערץ — און אין דריי חדשים שפּעטער האָט ער געקראָגן אַ דיפּלאָם אויף בוכהאַלטעריי. מיט דעם אין דער קעשענע האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַ שטעלע.

אין קיעוו האָט ער געהאַט אַ קוזין, יהושע. ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער כשרער וואורשט־אינדוסטריע. האָט ער רעקאָמענדירט אַהרקען צו אַ קצב אויף בראַטסקער גאַס. ביים קצב האָט

אַהרקע נישט געדאַרפט זיך באַניצן מיט דער קענטשאַפט פון בוכ־האַלטעריע. ער האָט נישט געדאַרפט וויסן קיין סך ווי צו חשבונען. סיידי האָט ער דאָרטן לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. צום ביסל רעכענען האָט ער אויך געדאַרפט זיין אַ קצב. און דאָס איז געווען איינס פון די פאַכן, וואָס ער וואָלט זיך קיין מאָל נישט געקאָנט אויס־לערנען.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט יהושע מיט נאָך דריי שותפים געעפנט אַ וואורשט־פאַבריק. האָבן זיי אים אָנגעשטעלט אַלס אַ בוכ־האַלטער. און דאָ וואָלט ער זיך אויף אַן אמת געקאָנט צופּאַסן. אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אויסטשוכען פון דעם פריער־דיקן אַרומלויפן זוכן אַ שטעלע, מאַכן הכנות אויף אויסצוניצן זיינע ידיעות אין בוכהאַלטעריע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קייט פון צרות, פורעניות און מגפות.

נאָך דעם ווי די דייטשן זענען בחיפזון אַוועק פון די פאַר־נומענע געביטן האָבן זיך רעגירונגען געביטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. און יעדע פון זיי האָט מיטגעבראַכט חרב, רעב ודבר. יעדע האָט מיטגעשלעפּט הונגער, טיפוס און אַנדערע חולאתן, וואָס קיין רפואות פאַר זיי האָט מען נישט געקאָנט קריגן. אַחוץ זיי האָבן יידן געהאַט אַ צוגאָב: פּאָגראָמען.

דעניקינס און פּעטלורעס האָרדעס האָבן אויפגעבראָכן קראָמען, אַרויסגענומען אַלץ וואָס איז געווען אינעווייניק. זיי האָבן געפּייניקט יידן, געשאָכטן זיי און פאַרגוואַלדיקט זייערע פרויען און טעכטער. אין דעם דאָזיקן גיהנום האָט אַהרקע געזען אַ צעוויטיקטן ייד, אַ פאָטער. דער ייד איז געשטאַנען אין מיטן גאַס און האָט אַריינגעקליבן אין אַ נאָזטיכל שטיקלעך צעשמעטערטן מאַרך פון זיין בן־יחיד.

צו גאַנצע נעכט האָבן זיך אין די גאַסן געהערט קולות און געוואַלדן פון יידישע פרויען און קינדער אין הייזער. אויך האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן אין טעפּ און טאַצן, כדי צו פאַרטרייבן די פּאָגראָמ־שטשיקעס. אין דער זעלבער צייט איז עס אויך געווען אַ הילף־געשריי צו דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט נאָך שוץ.

אַהרקעס דירה איז געווען אין אַן ערשט־קלאַסיק הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גוטער געגנט פון שטאָט. אין דעם זעלבן הויז האָט זיך אַריינגעקליבן דעניקינס אַ גענעראַל. אַהרקע האָט געהאַט

אַ שמועס מיטן הויז־באַלעבאָס, אַ ייד, און באַלד נאָכן שמועס איז דער באַלעבאָס אַריין צום גענעראַל און ער האָט זיך געווענדט צו אים מיט אַ בקשה:

— כ׳וויל אייך עפּעס בעטן, גאַספּאַדין נאַבעלער גענעראַל... זייט נישט אָנגעשטויסן אויף מיר פאַר דער בקשה... טוט מיר אַ געפעליקייט און שטעלט אָפּ די מערדערייען...

דער גענעראַל האָט לאַנג געקוקט אויפן הויז־באַלעבאָס און אומגערן געזאָגט:

— דאָס וואָס כ׳זאָג אייך, כאַזיאַאין, איז אַן שטוקעס... איך האָב נישט די מאַכט אָפּצושטעלן וואָס עס קומט פאָר... פון דער העכסטער פירערשאַפט האָט מען געגעבן די מאַסן אַ פרייע האַנט צו טאָן מיט די יידן וואָס זיי באַגערן...

אַ דערשלאָגענער האָט זיך דער הויז־באַלעבאָס צוריקגעקערט פון דעם גענעראַל און פאַר אַ לענגערער צייט זיינע ליפּן נישט געעפנט. אַהרקע האָט אָבער שוין סיווי תופס געווען וואָס זיין שווייגן באַדייט.

פאַר דריי פולע טעג און נעכט זענען די יידן איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון די גזלנים און רוצחים — און דער גענעראַל האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. באשר בכן, אַ באַפעל פון אויבן. און אַ באַפעל מוז מען אויספאָלגן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז די שטאָט געבליבן אין גאַנצן אָן אַ רעגירונג. די דעניקין־מאַכט איז אַוועק, און קיין נייע איז נישט אַריינגעקומען. די יידן האָבן נישט געבענקט נאָך קיינעם פון זיי, אָבער געשיצט פון די קיעווער גזלנים און רוצחים זענען זיי נישט געווען. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און די יידישע פּאַרטייען האָבן זיך צונויפגערעדט און צונויפגעשטעלט אַן אייגענעם פּאַטרול צו היטן די יידישע לעבנס און זייער האָב־און־גוטס.

אַהרקע איז אַריין אין דעם פּאַטרול. פאַר אים איז עס געווען אַ כבוד און אַ פּערזענלעכע פליכט צו זיין אַ שומר אויף די פּוסטע קיעווער גאַסן. זיין פאַרהאַסטע ביקס איז ווידער געווען אויף זיינע פּלייצעס. צום גליק האָט ער, אַהרקע, נישט לאַנג געדאַרפט ניצן דאָס געווער. נאָכן פאַרטרייבן די פּוילישע אַרמיי אין אַ ניי־אויסגעבראָכענער מלחמה, האָבן די באָלשעוויקעס זיך באַפעסטיקט אין קיעוו און גענומען איינפירן זייערע פּאַראַנדקעס.

אהרקע האָט ביי זיי געקראָגן אַרבעט אין דער ווירטשאַפט־לעבער אַפּטיילונג, וואָס מ'האָט גערופן „סאָוונאַרכאָז". פּאַקטיש האָבן די באָלשעוויקעס געקאָנט אויסקומען אָן אים. אַז זיי האָבן אָבער געהערט, אַז ער מוז טאָן עפּעס כדי צו האָבן אַ שטיקל ברויט, האָבן זיי אים אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין דער קאַנצעלאַריע. דער אויסגאַנג איז נאָכדעם געווען אַ ביטערער. זיי האָבן אים געצאָלט נאָך ווייניקער פון ווייניק. פאַר אַהרקען איז עס געווען — נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן. ווען נישט זיין שוועסטער איטקע, וואָס האָט אויפן פרייען מאַרק פאַרקויפט אַ מאָל אַ ליילעך, אַ מאָל אַ טוך, אָדער האַנטעכער; און ווען נישט זיינע קוזינען יהושע און זיין פרוי, וואָס ביי די לעצטע האָט ער אַמאָל געקראָגן אָן אומזיסטן „מאָלצייט", וואָלט מיט אים געווען זייער שלעכט.

די דאָרפישע לייט האָבן נישט געוואוסט פון קיין הונגער. זיי האָבן געהאָט אייער, מילך, פּוטער, עופות, ברויט. זיי זענען געווען שטאַרק להוט צו מאַכן געשעפטן. קיין געלט האָבן זיי אָבער נישט געוואָלט נעמען אין דער האַנט אריין. וואָס זיי האָבן באַגערט איז געווען: זאַלץ און צוקער. אָבער פון וואַנען האָט מען געזאָלט נעמען זאַלץ און צוקער? שוואַכע מענטשן און אַלטע לייט — אָן אַן איי, אָן עוף און אָן מילך — האָבן טאַקע לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. מאַסנ־ווייז זענען זיי אַוועק אויפן עולם־האמת.

## .94
## דער ברית

איבער מאַנגל אין געלט און אויך איבער הונגער האָט אַהרקע געמוזט אַוועק פון דער לייטישער דירה אויף דער עלעגאַנטער גאַס און זיך אַריבערציען צו זיין שוועסטער איטקע, וואָס האָט געוואוינט אויף קוזנעטשנע גאַס.

בשכנות האָט געוואוינט זיין קוזין משה מיט זיין פרוי רחל. דאָס איז געווען דער זעלבער משה, וואָס איז געהאַט געווען פאַרשיקט קיין סיביר, און וואָס אַהרקע האָט אים באַגעגנט אין אירקוטסק.

משה איז געווען אַ פאַנאַטיש־פרומער סאָציאַליסט. זיין פרוי

רחל איז אויך געווען אַ סאָציאַליסטקע, אָבער אַ פּאַרעווע, אַזוי צו זאָגן. ווען מ׳האָט געדאַרפט, האָט מען געקאָנט עפּעס אַראָפּדינגען ביי איר. משה האָט אָבער נישט געוואוסט פון קיין פּשרות, האַק און בראַק — וועסט אין זיין „תורה״ קיין פינטעלע נישט קאָנען רירן.

אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט איז ביי אַט דעם פּאָרפאָלק, משה און רחל, געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע. ווי ס׳פירט זיך ביי ייִדן, זינט אברהם אבינוס צייטן, האָט מען געגומען רעדן וועגן מלע זיין דאָס זונדעלע. משה האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם.

— דאָס איז קעגן מיינע פּרינציפּן! — האָט ער געשריען. — דאָס איז אויך קעגן די געזעצן פון דער רעגירונג. כ׳וויל מיין קינד נישט געבן קיין צייכן וואָס מאַכט אים אַנדערש פון אַ גוי... דאָס איז נאַציאָנאַלער שאָוויניזם... דאָס איז אויך באַרבאַריזם...

ביי רחלען האָט דאָס אויסגעקוקט פריקרע. וואָס הייסט נישט מלע זיין איר קינד? די משפחה וועט דאָך אים רופן: „דער ערל!״ און זיי וועלן זיין גערעכט. זי איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן — דורכצופירן דעם ברית אָן משהן, ווען ער איז ביי דער אַרבעט. אַז זי איז אַוועק באַשטעלן אַ מוהל, האָט זי אָבער אויסגעפונען, אַז קיין מוהל וועט נישט מלע זיין אָן דער דערלויבעניש פון דער מאַכט. און ביי די באָלשעוויקעס איז דאָך תורת־משה געווען טריף! דערצו האָט משה אַליין געדאַרפט גיין צו דער רעגירונג און בעטן אַ דערלויבעניש. אָבער משה — אַ נעכטיקער טאָג. ער איז געווען איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל.

אַז רחל האָט געזען, זי קאָן גאָרנישט פּועלן ביי איר מאַן, האָט זי זיך אַ קער געטאָן אַ פאַרצווייפלטע צו אַהרקען:

— טו מיר אַ טובה, אַהרקע... דו זעסט דאָך אין וואָס פאַר אַ קלעם כ׳געפין זיך... זאָל עס הייסן, אַז דו ביסט דער טאַטע פון דעם ניי־געבוירן קינד... פאַרשטייסט וואָס כ׳מיין? גיי וואוהין מ׳דאַרף און שרייב אונטער משהס נאָמען. בלויז אַזוי וועסטו קאָנען אַרויס־קריגן פאַר מיר די ריכטיקע פּאַפּירן...

דאָס האַרץ האָט ביי אַהרקען גענומען קלאַפּן האַסטיקער. אָבער ער איז אַוועק. אין דער קאַנצעלאַריע האָט ער זיך שיר־נישט פאַרפּלאָנטערט אין זיינע ענטפערס. און דאָס, ווייל ער האָט זיך פריער נישט געהאַט צוגעגרייט מיט די נייטיקע ידיעות וועגן משהס

און רחלס חתונה און אויך וועגן דער געבוירן-דאַטע פון זייער מיידעלע, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט לאַנג פאַרן ברודערל. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז מ׳וועט אים שטעלן אַזוי פיל אומוויכטיקע שאלות.

געזען, אַז ער קאָן מאַכן ערגער פאַר רחלען, אויב ער וועט שטאַמלען, האָט ער גענומען געבן דאַטעס פון דער ״הפטורה, גערעדט מיט דער זיכערקייט פון דעם אמתן חתונה-געהאַטן מאַן און פון דעם טאַטן פון דעם ניי-געבוירן קינד, אַזוי לאַנג און ברייט, ביז ער האָט געקראָגן דאָס, נאָך וואָס ער איז געקומען.

אויפן סמך פון דער רעגירונגס דערלויבעניש-פּאַפּיר איז געקומען אַ מוהל און ער האָט מלע געווען דאָס ייִנגעלע, ווען דער אמתער פאָטער, משה, איז נישט געווען דערביי.

אַהרקע האָט פאַרטראָטן זיין סאָציאַליסטישן קוזין. ער איז געווען דער טאַטע, דער מאַן פון רחלען — און ס׳איז געפּראַוועט געוואָרן אַ ברית מילה מיט אַלע פּיטשעווקעס.

ווען דער קוזין משה איז געקומען אַהיים פון דער אַרבעט און האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם „פאַרברעך״, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין זיין שטוב, האָט ער זיך אַ שליידער אָפּ געטאָן פון יעדן איינעם און ער האָט געהאַלטן זיין מויל פאַרשלאָסן אין פאַרלויף פון אַ סך טעג. ער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט צו קיינעם.

שפּעטער האָבן זיך אויף זיין פּנים גענומען ווייזן סימנים פון אַ בלייכגעוואָרענעם ברוגז, וואָס צעדריוולט זיך, ווערט ווייכער. אין דעם ״האָט, אָן ספק, געהאַט אַ גרויס חלק זיין פרוי רחל. זי איז אים אונטערגעקומען מיט איידעלע רייד, מיט ליבשאַפט-בליקן, מיט אַ צענעמענדיקן שמייכל אויף אירע ליפּן. און דער אמת איז, אַז ווען ער וואָלט נישט געווען דער איבערגעגעבענער משפחה-מאַן, דער פאַר־ליבטער אין זיין פרוי, וואָלט קיינער אים נישט געקאָנט אָפּקילן.

— דו, אַהרקע, ביסט ווערט די תליה... — האָט ער מיט געמאַכטן פאַרדראָס געזאָגט צום קוזין. — און ווען כ׳דאַלאַזשע דאָס צו דער רעגירונג, וואָלט זי דיך צוגעשטעלט צום ווענטל און אין דיר אַריינגעהאַקט אַ זאַלפּ פון אַ ראָטע זעלנער. דו ביסט דאָך אַן אָפּנאַרער!

אַהרקע האָט געשמייכלט. אויב ער וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — האָט ער געטראַכט — קומען אויף יענער וועלט מיט

אַזעלכע עבירות ווי די וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זיין קוזין משה, איז ער זיכער, אַז מ׳וועט אים נישט אָפּשיקן אין גיהנום אריין, נאָר גאָר מאַכן פאַר אים אַ פּאַראַדנע פּלאַץ לעבן די אָבות, אברהם, יצחק און יעקב. און די צווייטע עבירה זיינע וועט מסתמא זיין די חופּה וקידושין, וואָס ער האָט געגעבן דעם סאָלדאַט און זיין — פאַר דער חתונה פאַרשוואונגערטער — ווערקאַשקאַ אין אירקוטסק. נו, ווען נאָר יידישקייט וועט האָבן וועלכן־ס׳איז נוצן פון אַזעלכע פאַרברעכנס ווי די, וואָס ער איז באַגאַנגען, וועט ער קיינמאָל נישט אַנטלויפן פון אַריינלאָזן זיך אין אַזעלכע „אָפּנאַרערייען״.

## .95

# מיטן שטראָם קיין אַמעריקע

אין מיטן דערינען האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין וואַרשע קריגן יידן וויזעס און זיי פאָרן קיין אַמעריקע.

ביי אַהרקען אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק: פאָרן אַהיים קיין לולין, וואַרטן דאָרט ביז די פּאָליאַקן וועלן איבערנעמען דעם שטח פון די באָלשעוויקעס, נאָכדעם גלייך זיך לאָזן קיין וואַרשע נאָך אַ וויזע און פאַרנעמען זיך צו זיין ברודער אליהו, וואָס איז שוין אַ לאַנגע צייט געווען אין אַמעריקע.

דאָס ערשטע וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן כדי דורכצופירן זיין פּלאַן, איז קריגן אַ קאָמאַנדיראָווקע, דאָס הייסט, אַז ער ווערט אָוועק־געשיקט צו אַן אַנדערער שטאָט איינצוקויפן פּראָדוקטן, וואָס זענען נייטיק פאַר דער רעגירונג. דאָס איז געווען דער איינציקער וועג ווי זיך אַרויסצוכאַפּן פון קיעוו. ווי אַזוי קריגט מען אָבער אַזאַ קאָמאַנ־דיראָווקע?

זיין קוזין יהושע האָט געהאַט אַ פּלימעניק, וואָס איז געווען אַ גאַנצער מאַכער ביי די וואָרשט־אַרבעטערס. זיין נאָמען איז געווען: יאָסעלע „סמאַרק״. דאָס צונעמעניש האָבן מענטשן אים געגעבן, ווייל ס׳האָט ביי אים אָלעמאָל געראַנען פון זיין נאָז. יאָסעלע איז געווען אַ גוטמוטיקער מענטש. ער איז אָלעמאָל גרייט געווען צו טאָן מענטשן טובות. אַז יהושע האָט מיט אים געהאַט אַ שמועס וועגן אַהרקעס

בקשה, האָט יאָסעלע, אָן טענות־ומענות, ארויסגעגעבן אהרקען די קאָמאַנדיראָווקע — צו פאָרן קיין מאָזיר מכלומרשט איינקויפן קיש־קעס אויף צו מאַכן וואורשט.

אַהרקע איז געווען אין זיבעטן הימל. ווי ווייט איז דען פון מאָזיר קיין לולין? אַ קאַצן־שפרונג... אָבער אַ שטיקל שטערונג איז געווען.

אויף אַלע וועגן און שטעגן האָבן געבושעוועט אַטאַמאַן סטרוקס באַנדעס. פאַר אַ ייִד איז געווען אַ גרויסע סכנה צו לאָזן זיך אין וועג אַריין. אַהרקע האָט וועגן דעם לאַנג געטראַכט. צום סוף האָט עס אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן. וואָס האָט ער צו פאַרלירן? ער איז סייווי אָן אַ היינט און אָן אַ מאָרגן. זיין איינציקע האָפענונג איז געבליבן — אַמעריקע.

וואָלט ער געווען אַ מענטש אָן פרינציפּן און זיך איבערגעקוליעט צו דער צווייטער זייט, ס׳הייסט צו די באָלשעוויקעס, אַנגענומען זייערע דאָגמעס, געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דער עיקר דעמאָלט, ווען ער איז נאָך געווען אויפן פראָנט, וואו זיין ווירקונג אויף די מאַסן איז געווען גרויס, מיט אָט דעם אַלעם וואָלט ער אפשר מיט דער צייט דערגרייכט אַ הויכע פּאָזיציע ביי דער רעגירונג, און ער וואָלט נישט געדאַרפט זוכן קיין נייע גליקן אין אַמעריקע. ער האָט אָבער נישט געקאָנט בייטן זיין פעל, ווי אַ סך אַנדערע האָבן געביטן זייערע שקורעס, אַבי כאַטש קאָנען קלייבן קרישקעס אונטער די טישן פון די קאָמוניסטישע גדולים. ער האָט דערפאַר קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט ווי נאָר צו אַנטלויפן פון זייער גן־עדן.

איידער ער איז אַוועק פון קיעוו האָט ער זיך געזעגנט מיט זיינער אַ קוזינקע. איר נאָמען איז געווען: שפרה. זי איז געווען זיין מומעביילעס מיזינקע, אַ מיידל פון אַ יאָר 16—15, אַ שיינקייט. דאָס געזעגענען זיך מיט איר איז נישט געווען פון דעם געוויינלעכן שניט.

זינט ער איז געקומען קיין קיעוו, דער עיקר זינט ער האָט זיך אַריינגעצויגן צו זיין שוועסטער איטקע אין איר דירה, האָט ער פון צייט צו צייט געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען דאָס יונגע פאַרכישופנ־דיקע מיידל. זי האָט געוואוינט מיט איר מאַמען אין זעלבן הויז, וואו אַהרקעס שוועסטער איטקע. אָפט זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען איינס

דאָס אַנדערע אין קאָרידאָר, געוואָרפֿן שעמעוודיקע בליקן און אָן חשק געגאַנגען ווייטער. דאָס זעלבע איז געשען, ווען ער, אַהרקע, האָט באַזוכט זיין מומע ביילע אין איר שטוב. שפרה האָט זייטיק געכאַפּט אַ קוק אויף אים, און ער — אויף איר. זיי האָבן כמעט קיין מאָל נישט גערעדט צווישן זיך. זי האָט נישט גערעדט צו אים פאַר מורא, אַז זי וועט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט. זי איז דאָך פאַרט נישט מער ווי אַ יונגיטשקע. און וואָס קאָן זי רעדן צו אַ בחור פון דרייסיק יאָר? און ער האָט נישט געהאַט גענוג מוט צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס, ווייל ער האָט זיך געשראָקן פאַר זיינע הייסע געפילן, וואָס וועלן אַרויסקומען אין זיינע ווערטער צו איר.

איינמאָל, גייענדיק אין קאָרידאָר צו זיין וואוינונג, איז אים אַקעגנגעקומען שפרה. זי איז געווען אויפן וועג אַרויס פון הויז. ווי אָן זיין באַגער האָט ער זי אָפּגעשטעלט און גענומען רעדן. ס'איז געווען אַ רעדן אָן אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די ווערטער. סתם רייד. און זי איז געוואָרן רויט אין איר שמאָל פּנים און האָט אויך עפּעס געזאָגט. אָבער אויך אין אירע ווערטער איז נישט געווען קיין פאַרבינדונג. מיטאַמאָל זענען זיי אַ פאַל צו געטאָן איינס צום צווייטן — און אַ פייער האָט גענומען צונויפגליען זייערע ליפּן.

דערנאָך האָבן זיי אויסגעמאַרקירט צו באַגעגענען זיך אָפט. און ווען נאָר דאָס איז געשען, האָבן זיי אַ סך גערעדט וועגן זייערע געפילן צו איינאַנדער און ווידער זיך פונאַנדערגעגאַנגען אויף אַ קורצער צייט. פאַרגעקומען זענען די באַגעגענישן טאַקע אין דעם זעלבן קאָרי־דאָר, ווייל קיין בעסער פּלאַץ אין יענער צערודערטער צייט איז נישט געווען בנימצא.

לכתחילה האָט אַהרקע דאָס געהאַלטן פאַר אַ צייט־פאַרטרייב. דער אונטערשיד אין זייערביידנס עלטער איז געווען צו גרויס אַז ער זאָל טראַכטן ערנסט וועגן אַ מעגלעכקייט פון אַ שידוך. אָבער דאָס קושן און האַלדזן זיך, וואָס איז געשען ווי אַ לאַווע־אויסברוך פון אַ קאָכעדיקן פייער־באַרג, און די שפּעטערדיקע באַגעגענישן און שמועסן, דאָס אַלץ האָט פאַרטריבן זיינע ספקות און אויסגעלייגט אַ וועג פאַר זייער ביידנס צוקונפטיקער חתונה.

איצט איז ער, אַהרקע, געווען ביי זיין מומע ביילען אין שטוב

און ער האָט געקוקט מיט גליענדיקע אויגן אויף דער יונגער שיינקייט, שפרה.

— מיינע הכנות צו קאָנען פאָרן קיין אַמעריקע, שפרה — האָט ער מיט הייסן אָטעם אין זיינע רייד געזאָגט, — זענען נישט בלויז פאַר מיין מאָרגן, נאָר אויך פאַר דיינעם... כ'מיין פאַר אונדזער ביידנס צוקונפט. ווי נאָר איך וועל אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד, וועל איך גלייך אָנהייבן מאַכן פּלענער דיך אַריבערצוברענגען. מיר וועלן לאַנג נישט זיין צעשיידט...

שפרה האָט אַרויפגעטאָן איר פּנים אויף זיין אַקסל און טרערן זענען געפלאָסן פון אירע אויגן.

## .96

# יציאַת־מצרים

נאָך לאַנגע טעג און נעכט שלעפּעניש מיט וועגענער און אויסגעמאַטערטקייט פון הונגער און שלאָפלאָזיקייט, און נאָך אַ סך האַרצקלאַפּעניש, אָט, אָט קומט מען רעוווידירן זיין קאָמאַנדיראָווקע, און אָט, אָט קומט אָן סטרוק מיט זיין רוצחישער באַנדע, איז אַהרקע אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַנציע מיקאַשעוויטש, וואָס איז אַכצן וויאָרסט פון לולין.

אויף דער סטאַנציע האָבן געוויינלעך אַלעמאָל געוואַרט אויף פּאַסאַזשירן די לולינער באַלעגאָלעס. דאָס מאָל איז קיינער פון זיי נישט געקומען מקבל־פּנים זיין דעם צוג. מסתמא אוים מורא פאַר די פאַרשידענע באַנדעס, וואָס האָבן געבושעוועט אַרום און אַרום.

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה האָט אַהרקע געמוזט נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און דורכמאַכן די שטרעקע פון 18 וויאָרסט. ביי אַנדערע אומשטענדן, ס'הייסט, ווען מ'איז זאַט און נישט אויסגעמוטשעט, איז עס נישט קיין שווערע עבודה „דורכצושפּאַצירן״ זיך דעם מהלך, וואָס פירט דורך שיינע, שטילע וועלדער. אַז מען איז אָבער אין אַן אויסגעמאַטערטן צושטאַנד, איז אַזאַ „שפּאַציר״ אַ גרויס אָפּקומעניש.

ווי ער האָט דערוואַרט זענען אין גיכן די פּאָליאַקן טאַקע גע־

וואָרן די באַלעבאַטים פון לולין. זייער ערשטער אַריינפאָר איז אָבער געווען זייער אַ מיאוסער. זיי האָבן זיך געטשעפּעט צו יידישע בערד.

איינמאָל האָבן די בלוטן ביי אַהרקען שטאַרק אויפגעברויזט. ער איז געשטאַנען אין גאַס און מיט זיינע אייגענע אויגן האָט ער אַ שווייגנדיקער געמוזט זיך צוקוקן ווי אַ פּוילישער זעלנער האָט ביי זיין פאָטער, אַהרקעס, געריסן און געשניטן די באָרד. אַזאַ שפיכות־דמים איז פאַר אים געווען שווער אַריבערצוטראָגן. נאָר גיי און בריה זיך... וואָס האָט ער געקאָנט טאָן קעגן אַ באַוואָפנטן אַנטיסעמיטישן אויסוואורף? ס׳איז געווען אַ הפקר־וועלט — אַ וועלט פאַר כולי־גאַנעם. יעדער בולוואַן, יעדער ווערעמדיקער שייגעץ האָט זיך איז־דיעקעוועט איבער יידן — אָן בושה פאַר דער וועלט. דאָס איז געווען אין יאָר 1920.

דאָס יונגוואַרג פון שטעטל איז געווען שטאַרק אומרואיק. אַז זיי האָבן דערהערט וועגן אַהרקעס קלייבן זיך קיין אַמעריקע, זענען אַ סך פון זיי צו אים צוגעשטאַנען. צווישן זיי זענען אויך געווען זיין ברודער נחמן, די שוועסטער צירל, אויך איר געליבטער, אליהו ברעסלער, און אויך זיינע קוזינען, חיים, רחל און ניסל. אייגנטלעך האָט יעדער אין שטעטל געוואָלט אַוועק אין דער וועלט אַריין. נישט אַלע האָבן אָבער געהאַט די זכיה צו האָבן אין אַמעריקע אַ נאָענטן קרוב, ווי אַ ברודער, אַ שוועסטער, אָדער, לכל הפחות, אַ פעטער, אַ מומע, וואָס וואָלטן געקאָנט אַרויסהעלפן מיט געלט און „אַפידייוויטס”.

אַהרקע און זיינע קרובים זענען אַוועק צו דער פּוילישער שטעטל־רעגירונג און זיי האָבן געקראָגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן ביז לולינעץ, דאָס זיצפּלאַץ פון דער וואָיעוואָדעשאַפט. דאָרטן — האָבן זיי געהאָפט — צו קריגן אַ פּשעפּוסטקע צו פאָרן ביז פינסק.

פאַר אַ הויכן פרייז האָבן אַהרקע און די כאַליאַסטרע געדונגען גויים פון שטעטל, זיי זאָלן מיט זייערע פערד און וועגענער נעמען די אויסוואַנדערערס ביז לולינעץ. יידישע באַלעגאָלעס האָבן מורא געהאַט צו לאָזן זיך אין אַ וויטן וועג — איבער דער געפאַר פון די באַלאַ־כאָוויצעס־באַנדעס, וואָס האָבן געראַבירט און געמאָרדעוועט יידן. אַהרקע און די כאַליאַסטרע, וואָס איז באַשטאַנען פון פופצן אירע, האָבן שוין לאַנג געהאַט אָפּגעזאָגט דעם פסוק פון אסתר המלכה: „כאשר אָבדתי אָבדתי”, ס׳הייסט, וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין. מען

מוז זיך רייסן פאַרויס צום לעבן און פאַרגעסן אין די סכנות, וואָס לויערן אויף דיר פון אַלע זייטן.

די לעצטע נאַכט פאַרן אַוועקפאָרן איז אַהרקע, מיט פאַרמאַכטע אויגן, געלעגן אויף זיין געלעגער אין די עלטערנס הויז און ער האָט פּרובירט איינשלאָפן. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט ווי עמעצער קושט אים און באַנעצט זיין פּנים מיט טרערן. ווער איז דאָס? אַז ער האָט געעפנט זיינע אויגן, האָט ער דערזען זיין מוטער.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין דרייסיק יאָר לעבן וואָס זיין מוטער האָט אים געקושט. זי האָט זיך, נעבעך, געשעמט דאָס צו טאָן ווען ס׳איז געווען ליכטיק. מענטשן וואָלטן עס דאָך באַמערקט... דאָס קושן אים און פאַרגיסן טרערן אויף זיין פּנים האָט בולט אַרויסגעבראַכט די שטענדיק־פאַרשטיקטע ליבשאַפט־גע־פילן פון זיין אָרעמער מאַמע, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן אַוועקגעגעבן אויף האָרעוואַניע, נישט וויסנדיק פאַר וואָס און פאַר ווען. זי האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט צערטלען אירע קינדער און פאַרזוכן דעם טעם פון כאָטש האָבן אַ ביסל נחת פון זיי.

פאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן דער „יציאת־מצרים״. די גאַנצע עדה יידן פון שטעטל האָט באַגלייט אַהרקען און די גרופּע ווייט־ווייט אויפן שליאַך אַרויס. טייכן טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן. שטיינער האָבן געקאָנט צעשמאָלצן ווערן.

אַהרקעס האַרץ האָט געבלוטיקט איבערצולאָזן אויף הפקר טאַטע־מאַמע, די משפחה, פריינד, באַקאַנטע, און דאָס גאַנצע שטעטל, זיין געבוירן־שטעטל, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט.

מערסטנס זענען אַהרקע און די גרופּע געגאַנגען צופוס, ווייל די וועגענער זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט שטויסן בעטגעוואַנט. דאָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר אַמעריקע, גלייך ווי דאָרט וואָלט געווען אַ דוחק אויף דעם, און אויך ווי דאָרט וואָלט מען געשלאָפן אויף האַרטע בענק.

ווען ס׳וואָלט זיך געווענדט אין אַהרקען, וואָלט ער זיין חלק בעטגעוואַנט נישט מיטגעפירט. ער איז געווען אַ פאַרשוין, וואָס האָט שוין געפּאַקט און געמאַזלט. ער וואָלט גענומען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט, אויך אַ טאַרבעלע עסנוואַרג אויף די פּלייצעס און — היידאַ. זיין ברודער און שוועסטער, נחמן און צירל, האָבן זיך אָבער

איינגעשפּאַרט, אַז זיי, און אויך ער, אַהרקע, מוזן מיטנעמען בעט־געוואַנט. נחמן האָט אַפילו געשלעפּט זיין שעפּסענעם פּעלץ. נו, האָבן זיי אַלע געהאַט פּעק צו שלעפּן און שלעפּן.

ווען זיינע טאַטע־מאַמע און די עדה יידן האָבן זיך צוריק־געקערט אין שטעטל אַריין, און אַהרקע מיט דער גרופּע איז געבליבן אַליין, נאָכגייענדיק די וועגענער פון הינטן, האָט זיך איינער פון די פערד־אַנטרייבערס, אַן עטלעכע־און־צוואַנציק־יעריקער שייגעץ, זייטיק א זאָג געטאָן צו אַהרקען:

— איר, יידן, פאָרט טאַקע אוועק אויף שטענדיק?

אַהרקע האָט געקוקט אויפן שייגעץ, געשוויגן א ווײַלע און א ברום געטאָן:

— יאָ... וואָס איז דען?

— איך וואָלט קיין מאָל נישט געקאָנט איבערלאָזן מיין ערד, אָט דאָס זאַמד, און זיך אַוועקלאָזן אין דער פרעמד... — האָט דער שייגעץ גערדרייט מיטן קאָפּ און געהויבן מיט די אַקסלען. — איר, יידן, זענט א משודנע פאָלק...

— יאָ, — האָט אַהרקע, אַן חשק, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — מיר זענען אַנדערש...

ער האָט אויך געוואָלט צוגעבן, אַז יידן זענען אַנדערש איבער — און צוליב — א סך סיבות, אָבער זיין קאָפּ און האַרץ זענען איצט, נאָכן צעשיידן זיך מיט טאַטע־מאַמע, מיט דער עדה יידן, נישט געווען מסוגל אַריינצולאָזן זיך אין א לאַנגן שמועס. ער האָט געשוויגן און איז, צוזאַמען מיט דער גרופּע, נאָכגעגאַנגען די וועגענער פון הינטן.

